# לייענט אין צענטן נומער

די פאַרזעצונג פון אוראַם קאהאנס ראָמאַן **„פארברעכן און געוויסן“.**

■

דרײַ ניט־פארעפנטלעכטע **לידער פון** איציק פעפער; מוישע טייפס, מענדל ליפשיצס, מייער כאראצס **לידער; איבערזעצונגען פון די לידער פון** יעווגעני יעווטושענקאָ, אלעקסאנדער מעזשי־ראָוו, סערגיי נאראָווטשאטאָוו, באָריס סלוצקי.

אין צענטן נומער ווערט אויך געגעבן אן אָפּטייל **„נײַע שטימען“:** **דערציילונגען פון** ה. באראז, מ. כאיעט, יא. רוביאן, **לידער פון** ב. סינעלניקאָווא, א. שעכטמאן, נ. ראָם, י. קאַלטעניוק.

■

**די לייענער וועלן זיך מיט אינטערעס באקענען מיטן פראגמענט פון** זעגאַן קאַסידאָווסקיס **בוך וועגן דער ביבל.**

■

אינעם אָפּטייל **„טריבונע פון לעבן“** דרוקט זיך די ארבעט פון דאָוויד דיַאמאנט וועגן ייִדן, אָפּשטאמיקע פון סאָוועטנפאר־באנד, — אַנטיילנעמער פונעם פראנצויזישן ווידערשטאנד קעגן די היטלעריסטישע אָקופּאנטן.

■

אינעם אָפּטייל **„ליטעראטור און קונסט“** ווערן געדרוקט די ארטיקלען פון י. סערעבריאני וועגן דעם דיכטער שמועל האלקין, פון כ. לויצקער און מ. מײַדאנסקי — וועגן דעם געלערנטן עליע ספּיוואק. אין דער נײַער רובריקע **„מיינונ־גען, געדאנקען, באמערקונגען...“** טרעטן ארויס די קריטיקער מוישע נאָטאָוויטש און יעשוע ליובאָמירסקי.

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

9

סענטיאַבער

1965

# אינהאַלט

זײַט

## ווערק פון אונדזערע פרײַנט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראטור און קונסט



כאיִם סלאָוועס

# באָרוך פון אמסטערדאם

דראמע אין פיר אקטן (צוועלף בילדער)

פערזאָנען:

| | | |
|---|---|---|
| באָרוך. | אויזיעל. | ערשטער פּארנעס[1]. |
| מאַנועלאַ. | וואַן־קיפּער. | צווייטער פּארנעס. |
| ראָכל. | יאָהאַנעס. | דריטער פּארנעס. |
| גאַווריִעל. | יאַן. | פערטער פּארנעס. |
| ראַבי יעהוישוע. | יעטיע. | ערשטער גאַסט. |
| ראַבי אַזאַריאַ. | קאַטרין. | צווייטער גאַסט. |
| ענריקעז. | נאַכטוועכטער. | דריטער גאַסט. |

## ערשטער אקט

### בילד איינס

פאַרן פאָרהאנג. מוזיק. פונוויַיטן דערטראָגט זיך אן איינטאָניקער רוף. דאָס איז דער נאַכט־וועכטער. ער באַוויַיזט זיך באַלד, גייט פּאַמעלעך, גיט א קלאַפּ פון ציַיט צו ציַיט מיט א מין הילצערנעם קלאַפּער און רופט אין א שטילן, קימאַט איינטאָניקן רעטשיטאַטיוו.

נ א כ ט װ ע כ ט ע ר (רעטשיטאַטיוו). **נאָך פינף דער זייגער! דער זייגער נאָך פינף! נאָך פינף! נאָך פינף!** (ער גענעצט הויך און לאַנג, ציט זיך, בייַט דעם טאָן.) **א קאַרגע שאָ נאָך און — אהיים! ציַיט אויסרוען די ביינער, כ'לעבן!** (גענעצט.) **א שיינער טאָג וועט זיַין היַינט! א שיינער און א הייסער!** (אין רעטשיטאַטיוו.) **נאָך פינף דער זייגער! דער זייגער נאָך פינף!**

ב אָ ר ו ך (קומט אריַין). **גוט־מאָרגן, נאַכטוועכטער!**

נ א כ ט װ ע כ ט ע ר (גוטמוטיק). **ווידער דו?! גוט־מאָרגן, גוט־יאָר! ווערסט אן אָפטער אריַינ־גייער בא מיר צו דער ארבעט!** (ער לאַכט.) **אזוי פרי אופגעשטאַנען?!**

---

„באָרוך פון אמסטערדאם" איז א ניַיער וואַריאַנט פון דער דראמע, וועלכן דער באַוווסטער ייִדישער שריַיבער כאיִם סלאָוועס (פראַנקריַיך) האָט צוגעשיקט ספּעציעל פאַר אונדזער זשורנאַל.

[1] א גאַבע, א קאָהאַל־טוער.

ב אָ ר ו ך. נאָך ניט געלייגט זיך.

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. א נעכטיקער, הייסט עס! (ער לאכט.) כ'קאָן שווערן: ניט צוגעטאָן קיין אויג און אַלץ געלייענט.

ב אָ ר ו ך (שמייכלט). יאָ, ביכער זײַנען טײַער און שווער צו באַקומען. באַרגט מען עפּעס, ווילט זיך ענדיקן וואָס שנעלער.



כאַים סלאַוועס

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. איך זע צומאָל, ווי דו לייענסט. א נאַכטוועכטער, קוים באַמערקט ער נאָר ליכט דורך א לאָדן, מוז ער גלײַך וואַרפן א בליק. מ'איז ניט אויסן קיין שלעכטס, כאַסוועשאָלעם! נאָר, ווייסט ניט, אַף וואָס דען האָט גאָט געגעבן אויגן?! (ער לאכט.) לעצאָנעס אין א זײַט — מיר, באַנאַכטיקע, האַלטן דאַפקע מער פֿון הערן, ווי פון זען! ס'ווײַזט זיך דיר אויס: שטיל, האַ?! אַנו, אַדעראַבעֿ, פּרוּוו צוליגן גוט אָן אויער! האָסט קיין אַנונג ניט, מיט וויפל קלאַנגען עס איז פול די שטילקײַט פון א שלאָפנדיקער שטאָט! מע זאָגט: א זיפץ, א קרעכץ... ווייס איך! ס'זײַנען פאַראַן הונדערטער מינים זיפצן, טויזנטער מינים קרעכצן! ווּעסט קוים גלייבן: כ'קאָן דיר אָנציילן צענדליקער מינים שנאַרכערײַ! אָט, ווי דו קוקסט מיך אָן, פון א מײַל די ווײַט וועל איך דיר זאָגן: דאָרט שנאַרכט איינער, וואָס איז שיי־קער, ווי א שפּאַנישער אייזל! באַם צווייטן שנאַרכער איז דער בויך פול, ניט אויסצוהאַלטן! און דער דריטער, נעבעך, האָט זיך געלייגט מיט א ניכטערן מאָגן! (ער לאכט צופרידן.) אָדער נעם, אַשטייגער, די גאַסן. יעדע גאַס האָט זיך איר געמורמל. דאָ בא אײַך, לעמאָשל, אין דער יידישער געגנט, אין אײַער יאָדנבורט, איז אַלץ לעגאַמרע אַנדערש, ווי, לאָמיר זאָגן, אין צאָפּן־פלאָענבורג. אַפילע די קליינע קינדער, וואָס כאַפּן זיך אוף אין באַנאַכט פון שלאָף, וויינען מיט א גאָר באַזונדערן געוויין! זיי ריידן ניט קיין האָלענדיש, אײַער קליינוואַרג?

ב אָ ר ו ך. ניין.

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. וואָס פאַר א שפּראַך רעדט איר דען צווישן זיך?

ב אָ ר ו ך. שפּאַניש... פּאָרטוגעזיש...

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. אָדער גאָר — איר האָט זיך אײַער אייגענעם ניגן באַם לייענען באַנאַכט. א ביסל ענלעך צו מײַנעם אַף אויסרופן די שאָען, נאָר עפּעס מער אומעטיקלעך. און דערבײַ שאָקלט איר זיך — קוק! (ער ווײַזט.) פון פאָרנט אַף הינטן און פון הינטן אַף פאָרנט. ניט עמעס?! (ער לאכט.) דו זעסט, איך ווייס אַלץ. אַגעוו־אורכע, שוין לאַנג ניט געהערט דיך לייענען אַף א קאָל. דו לייענסט ניט מער די זעלבע ביכער, צי וואָס?

ב אָ ר ו ך. ניין. ניט די זעלבע.

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. און פאַרוואָס?

ב אָ ר ו ך (אויסמײַדנדיק). מע ענדערט זיך...

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר (לאכט). גיי שוין!.. וואָס מער מע ענדערט זיך, אַלץ מערער בלײַבט עס אַלץ באַם אַלטן! גלייב מיר, כ'בין א מענטש מיט דערפאַרונג! פון זינט דער ריבוינע־שעל־אוילעם האָט אײַנגעשלעפּערט אָדעם־האַרישענען, קעדיי אַרויסנעמען בא אים א ריפּ, — געדענקסט, צו וואָס? — אַף באַשאַפן די מוטער כאַווע, מיר זאָלן פאַרזוכן דעם טאַם פון צאָרעס אַף דער וועלט! — פון זינט דאַן אָן זײַנען די מענטשן אומעטום, אַף גאָר דער ערד, פאַרזונקען איבעם זעלבן שלאָף! איך ווייס, וואָס איך רייד: דער שלאָף פונעם מענטשן האָט זיך ניט געביטן אַף וואָס א האָר איז ווערט!

ב אָ ר ו ך (שטיל). דער שלאָף, עפּשער... אָבער — די דערוואַכונג?

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר. דערוואַכונג?! (צעלאַכט זיך.) פרעג מיך א גרינגערע זאַך! וואָס א וועלט טוט נאָכן אויסשלאָפן זיך, איז מיר א קנאָפּע דײַגע! איך בין א נאַכטוועכטער! (ער לאכט און — איבערגייענדיק אין רעטשיטאַטיוו.) נאָך פינף דער זייגער! דער זייגער נאָך פינף! (בײַ דעם טאָן.) האָב מיר א גוטן־טאָג, באָכער! (ער פאַרנעמט זיך פאַמעלעך אַף רעכטס, צום אַרויסגאַנג.)

ב אָ ר ו ך. נאַכטוועכטער!

נ א כ ט וו ע כ ט ע ר (פאַרהאַלט זיך). יאָ?

ב אָ ר ו ך. אײַער לאַמטערן!

נ אַ כ ט װ ע כ ט ע ר (באַטראַכט). װאָס איז דען?!

ב אָ ר ו ך. די זון שטייט שוין אױפֿן הימל, און בײַ אײַך צאַנקט נאָך אַלץ דאָס קלײנע כײלע־װענע ליכטל.

נ אַ כ ט װ ע כ ט ע ר. גערעכט! (ער לאַכט.) אַן אַלטע געװױנהײַט פֿון אַ באַהיטער פֿון שלאָף. (ער גיט אַן ענערגישן שפּײַ, פֿאַרלעשט דאָס ליכטל און — אין רעטשיטאַטיװ.) האַלב זעקס דער זײגער!.. דער זײגער האַלב זעקס!.. האַלב זעקס!.. (ער דערנעענטערט זיך צום אַרױסגאַנג.)

דאָס ליכט גײט אױס פּאַמעלעך.

בילד צװײ

א פּלאַץ אין יאָדנבורט — אין דער יִדישער געגנט פֿון אַמסטערדאַם. רעכטס — די בעסדן־שטוב, צו װעלכער עס פֿירן אַ דרײַ־פֿיר טרעפּלעך. פֿון בײדע זײַטן טרעפּלעך — אַן אָפֿענער גאַנעק, װאָס דינט גלײַכצײַטיק פֿאַר אַ באַנק. פֿון לינקס קומען אָן מיט אַ געזעצטן טראָט און שמועסנדיק געמיטלעך פֿיר פּ אַ ר נ י י ס י ם.

ע ר שׁ ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. קײן אײַנהאָרע, סעניאָרן! קײן אײַנהאָרע! שוין לאַנג אַזאַ בירזשע ניט געזען, װי הײַנט!

צ װ ײ ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. אַמסטערדאַם װאַקסט, מיט גאָטס הילף!

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. זעגלען אין פּאָרט — מאַמעש ניט אָפּצוציילן! סכוירעס, קוינים — פֿון אַרבע פּינות עולם![1]

צ װ ײ ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. און אױף דער בירזשע — אונדזערע ברידער, װי זאַמד אױפֿן ברעג פֿונעם ים! (זײ לאַכן צופֿרידן.)

ע ר שׁ ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. געלױבט האַשעם־ייִסבאָרעך, אַן עיר װאָם[2] געװאָרן אַמסטערדאַם!

צ װ ײ ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. נײַ־ירושאָלאַיִם, אױף לאַנגע יאָרן!

דער ערשטער און צװײטער פּאַרנעס גײען אַרײַן אין בעסדן־שטוב; דער דריטער פּאַרנעס, נאָך זײ, גײט אַרױף אױף די טרעפּלעך; דער פֿערטער פּאַרנעס, װאָס האָט די גאַנצע צײַט געשװיגן, נעמט אים אָן פֿאַרן אָרעם.

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. אײן רעגע, סעניאָר!

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. בעסדן װאַרט!

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. בלױז אײן רעגע. (ער פֿירט אים אָפּ אין אַ זײַט און — שטילער.) סעניאָר, מיכאַעל איז די נאַכט מיר געקומען צו כאָלעם.

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. מיכאַעל?!

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. מיכאַעל דעספּינאָזאַ, אָלעװ־האַשאָלעם. ער איז אַרײַן צו מיר, װי לעבעדיק, לאַנג געשטאַנען, אָן אַ װאָרט, בלױז טרױעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און טרערן האָבן אָן אױפֿהער זיך געגאָסן פֿון די אױגן זײַנע. לעסאָף האָט ער אַרױסגעמורמלט, אָבער אַזױ שטיל, קוים צו הערן: ייִצכאָק, האָב ראַכמאָנעס אױף מײַן קינד, האָב ראַכמאָנעס אױף מײַן קאַדעש!

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס (שאַרף, מיט סינע). באָרוך האָט אַפֿילע קײן קאַדיש ניט געזאָגט נאָכן פֿאָטער!

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. ער האָט יאָ געזאָגט, סעניאָר! ניט קײן גאַנץ יאָר עפּשער, ניט אַלע טאָג, אָבער קאַדיש געזאָגט האָט ער יאָ. און מיכאַעל האָט אַזױ זיך געבעטן: האָב ראַכמאָנעס אױף מײַן קינד, ייִצכאָק! (פּױזע.)

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס (װאָס האָט זיך אַ װײַלע געװאַקלט). מיר זײַנען פּאַרנייסים פֿון דער קהילה קדושה[3] אין אַמסטערדאַם, סעניאָר! אױך מיכאַעל איז אַ פּאַרנעס געװען! און אַן ערלעכער מאַן! און אַן ערלעכער ייִד! אױף אונדזער אָרט װאָלט ער ניט אַנדערש געטאָן!

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. באָרוך איז נאָך אַזױ יונג!

ד ר י ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. אָבער גענוג רישעס אָפּגעטאָן, איבערגענוג שוין פֿאַר זײַן עלטער!

פֿ ע ר ט ע ר פּ אַ ר נ ע ס. װער װאָלט זיך עס געקאָנט ריכטן?! באָרוך! אַ קינד פֿון אַמסטער־דאַמער יאָדנבורט, אַ זון פֿון אַ פּאַרנעס, אױפֿגעצױגן אין גאָטספֿאָרכטיקײַט! פֿון קלײנװײַז אָן די הײליקע טױרע געלערנט, שפּעטער געמאָרע, בײַ אונדזערע ראַבאָנים און כאַכאָמים, און באַלד אַלײן אַזױ פֿרײַ אַרומגעשװומען אין די טיפֿסטע װאַסערן פֿון טאַלמוד, אַז ס׳איז ניט געבליבן פֿאַר אים קײן שום פֿאַרבאָרגענע זאַך אין אונדזערע הײליקע ספֿאָרים!

---

[1] אַרבאַ־פּינױס־אױלאָם — פֿון אַלע פֿיר עקן װעלט; [2] איר־װעיים — אַ גרױסע שטאָט; [3] קעהילע־קדױשע — הײליקער געמײנדע.

דריטער פארנעס. א שלאנג א גיפטיקע האָבן מיר אופגעהאָדעוועט אף אונדזער ברוסט! קומט, סעניאָר! ס׳איז דאָ א העסקעם פון גאנצן בעסדן.

פערטער פארנעס. פון גאנצן בעסדן? נו, און ראבי יעהוישוע?! (דער דריטער פארנעס ענטפערט ניט, ציט מיט די אקסלען.) אזעלכע טאלמידע־כאכאָמים, ווי ראבי יעהוישוע, זיי־נען ניט פאראן קיין סאך אין אונדזער דאָר!

דריטער פארנעס. איך לייקן ניט, כאָלילע. ראבי יעהוישוע איז א גדול בתורה[1]. אָבער באָרוך איז יאָרנלאנג געווען זיין ליבלינג, דער בעסטער טאלמיד זיינער, און אויך, אז אָך־און־וויי — קימאט אן אייגענער, דער כאָסן פון אן אייניקל...

פערטער פארנעס. גייט עס טאקע אויך וועגן א יידישער טאָכטער, א יעסוימע!

דריטער פארנעס. ראבי יעהוישוע האָט לאנג שוין די טנאָים אָפגעשיקט, נאָך ווען מיכאעל האָט געלעבט!

פערטער פארנעס. מע שמועסט אָבער, כאָסן־קאלע טרעפן זיך ווייטער באהאל־טענערהייט...

דריטער פארנעס. הייסט עס, ער פארפירט נאָך א יעסוימע אויך?! גלייבט מיר...

פערטער פארנעס (רייסט אים איבער). פאָרזיכט, סעניאָר! זעט, ווער עס גייט!

ס׳קומט אריין ראבי יעהוישוע מיט ראָכלען.

יעהוישוע (צו ראָכלען). אָנגעקומען שוין. א דאנק, מיין קינד.

פערטער פארנעס (מיט גרויס דרעכערעץ). גאָט־העלף, ראבי יעהוישוע!

דריטער פארנעס (דאָס זעלבע). גאָט־העלף, רעבע!

יעהוישוע. גוט־מאָרגן, סעניאָרן! (צו ראָכלען.) קאָנסט גיין אהיים!

ס׳עפנט זיך די טיר פון בעסדן־שטוב און ס׳באווייזט זיך ענריקעז, דער בעסדן־שאמעס.

ענריקעז (מיט א פארנייג). קאָהאָל וואַרט, סעניאָרן!

יעהוישוע (צו ראָכלען). גיי אין פרידן, קינד מיינס!

ראָכל. א גוטן־טאָג, זיידע!

ראבי יעהוישוע גייט אריין אין בעסדן־שטוב; נאָך אים — די צוויי פארנייסים און ענריקעז.

ראָכל (בלייבט א ווײַלע אליין, פארנעמט זיך פאמעלעך רעכטס, ארויסצוגיין; פון דער צווייטער זייט קומט אָן באָרוך).

באָרוך. ראָכל!

ראָכל (דערשראָקן). באָרוך?!

באָרוך. גוט־מאָרגן, ראָכל!

ראָכל. מע טאָר ניט זען אונדז צוזאמען!

באָרוך (שמייכלט). ווער איז דען צוזאמען?! איך בין פארבייגעגאנגען, דו ביסט פארבייגע־גאנגען, יעדערער איז געגאנגען זיין וועג.

ראָכל. כ׳מוז אהיים!

באָרוך. איך אויך. (מאכט א באוועגונג, ווי ער וואָלט וועלן גיין מיט איר.)

ראָכל. ניין, באגלייט מיך ניט!

באָרוך. (קוקט זי אָן). ווי אומעטיק דו ביסט, ראָכל! פארוואָס ביסטו אזוי אומעטיק?

ראָכל. און דו — ביסט פריידיק היינט, גאָרניט ווי דיין שטייגער. פארוואָס ביסטו אזוי פריידיק?

באָרוך. כ׳האָב נאָרוואָס גערעדט מיט אונדזער שאָכן, דעם מייסטער רעמבראנדט.

ראָכל. הא?!

באָרוך. ער איז געשטאנען באם פענצטער. א שווייגנדיקער, ווי טאָמיד, א פארטראכטער. כ׳האָב זיך באגריסט מיט אים, און ער האָט מיך דערקענט. „דאָס ביסטו, וואָס האָסט אנומלטן געבראכט מיר ווייזן צייכענונגען דיינע?" — „יאָ, מייסטער, דאָס בין איך, כ׳ווין דאָ דערנעבן". ער האָט מיך אָנגעקוקט א רעגע, שמייכלענדיק. „קוק, האָט ער געזאָגט, באטראכט גוט דאָס דאָ־זיקע ליכט! זע, ווי דער גאנצער טרויער, די גאנצע אָרעמקייט פון אונדזערע אלטע געסלעך האָבן פלוצלינג אופגעשטראלט פון פרייד און גליק! ס׳איז פונעם ליכט. ליכט — דאָס איז דער איקער". (א פויזע; ער רעדט פאמעלעך, פארטראכט.) ליכט — פון דער זון, פון מענטשלעכן סייכל...

ראָכל (שטיל). א גוטן־טאָג, באָרוך.

באָרוך. איין רעגע, ראָכל... (ער וואקלט זיך.)

---

1 גאָדל־בעטוירע — א גרויסער לערנער, א גרויסער קענער.

ראָכל. יאָ?

באָרוך. ווילסט... איך זאָל מאָלן דײַן פּאָרטרעט?

ראָכל. מײַן פּאָרטרעט?!

באָרוך. אין ביבלישן טראַכט! ווי באַם מײַסטער רעמבראַנדט! ווייסט גאָר וואָס?! אין געשטאַלט פון דער מוטער ראָכל! בייס יאַנקעוו האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל! עס שטייט געשריבן: און עס האָט זיך באַוויזן ראָכל, מיט די טשערעדעס פון איר פאָטער, ווײַל זי איז געווען אַ פּאַסטעך. כ׳וועל דיך מאָלן ווי אַ פּאַסטעך! מיט שרײַיִק־בונטע קלײדער, מיט אוירינגלעך, מיט בראַסלעטן! (ער איז אַלץ מער באַלעבט, גייט אַרום איר, באַטראַכט זי פון אַלע זײַטן.) ס׳פאַלט מיר אײַן: וועסט אָנטאָן אַפן נאָז אַ גרויסן רונג פון ריינעם גינגאָלד! (צעלאַכט זיך פריידיק.)

ראָכל (מיט פאָרוואורף). באָרוך!

באָרוך. ניין, זײַ ניט בייז!

ראָכל. עמעץ קומט פון בעסדן־שטוב! (זי לויפט אַרויס; באָרוך נאָך איר.)

די טיר פון בעסדן־שטוב עפנט זיך, ס׳קומט אַרויס ענריקעז; ער גייט פּאַמעלעך אַראָפּ פון די טרעפּלעך, זיפצט.

ענריקעז. נו, אַ וועלט, אַ וועלט געוואָרן! מיכאל דעספּינאָזאס זון! דוכט זיך, אַזאַ ווײַל יינגל געווען! שטיל און גוט און אַ מאַסמיד און אַ באַל־דערעכערעץ! הײַנט גיי פאַרשטיי! (ער זעצט זיך, טראַכט אַ ווײַלע, שאָקלט מיטן קאָפּ.) צוריק גערעדט, אָפּגעהיט זאָל מען ווערן פאַר אומגערעכטיקײַט! איידער צו זײַן אַן אָרעמאַן, איז גלײַכער שוין טאַקע אינגאַנצן ניט געבוירן ווערן! עמעס, מע פרעגט ניט באַ קיינעם קיין דייע, צי יאָ קומען אַף דער וועלט, אָדער ניט... (קרעכצט.) כ׳וואָלט אַדעראַבע אַ באַלן געוואָלט צו וויסן, צי מע וואָלט עס געמאַכט אַזאַ ראַש וועגן כייפעץ פון סעניאָר לעאָן דע פינעדאַ, אָדער גאָר־גאָר וועגן די טאַכשיטים פון סעניאָר אַבאַרבאַנעל... אײַ, ריבוינע־דעאָלמעי[1], שוין צײַט, מאָשיעך זאָל קומען, שוין די העכסטע צײַט!

עס קומט אַרײַן דער האָלענדישער זשאַנדאַרם וואַן־קיפּער.

וואַן־קיפּער (פונווײַטן נאָך, פרײַנטלעך). מינהער ענריקעז!

ענריקעז (גייט אים אַנטקעגן). מינהער וואַן־קיפּער! אַ גאַסט, אַ גאַסט! (זיי באַגריסן זיך.) שוין לאַנג ניט געווען אין אונדזערע מעקוימעס!

וואַן־קיפּער. ניט אויסגעקומען אַלץ. ווי גייט עס, ענריקעז? נאָך אַלץ זשאַנדאַרם באַ די מינהערן? ראַבאָנים?

ענריקעז (לאַכט). אָט, ווי איר זעט! און איר?

וואַן־קיפּער. ווי געוויינלעך — זשאַנדאַרם באַ די מינהערן רעגענטן פון דער שטאָט אַמסטערדאַם! ניט פאַר אונדזערע יאָרן אַרופּציִען אַ נײַע הויט אַף זיך! אַ ביסל שפּעט שוין! קאָלעגן זײַנען מיר געווען, און קאָלעגן וועלן מיר אַזוי מיסטאָמע פאַרבלײַבן ביזן סאָף! (ער לאַכט.) איך ברענג אַ בריוו צו אײַער הויפּט־ראַבי, מינהער מאָרטײראָ, פונעם שטאָטראַט. באַפוילן: איבערגעבן מינהער מאָרטײראָן אין די הענט און וואַרטן אַף אַן ענטפער.

ענריקעז. ראַבי מאָרטײראָ איז איצט פאַרנומען.

וואַן־קיפּער. נו, מײלע, מיר וויסן דאָך ביידע פון סאָד: אַ זשאַנדאַרם האָט שטענדיק צײַט... (ער זעצט זיך, ענריקעז לעבן אים.) אָט אַ היץ! (ער ווישט זיך דעם שוויס.) זאָגט מיר, ענריקעז, אין שטאָט האַלט מען אין איין שמועסן וועגן מאָשיעך אײַערן. ס׳איז טאַקע עמעס — ער קומט אײַנגיכן?!

ענריקעז. עמעס! מע ווייסט שוין אַפילע גענוי, ווען ער קומט! אינעם יאָר פון די דרײַ זעקסן — אין 1666!

וואַן־קיפּער. אַזוי?! און ווידער (טראַכט אַ ווײַלע), ס׳לייגט זיך טאַקע אַפן זין. די הייליקע עוואַנגעליע זאָגט: „און זײַן צאָל איז זעקס הונדערט זעקס און זעכציק”. דרײַ זעקסן — עס שטימט!

ענריקעז. אָט־אָט! פונקט אין צען יאָר אַרום, ווײַל האַיאָר איז, מיט גאָטס הילף, דאָס יאָר 1656! שוין נעענטער ווי ווײַטער, וואָס?! (ער לאַכט.) קאָנט איר טאַקע זאָגן דעם יעדיד אײַערן ענריקעזן (ווײַזט אַף זיך), אַז אויב ער וויל דערלעבן צו שויפער־שעל־מאָשיעך, דאַרף ער דערשלעפּן דאָס אַלטע זעקל ביינער נאָך צען יאָר צײַט! עלע, ווען ניט, וועט ער, זאָל ער מיר מויכל זײַן, שטאַרבן ווי אַ נאַר! (לאַכט.) עמעס, מאָשיעך וועט קומען, וועט מען אופשטיין טכיאַס־האַמייסים. איז אָבער, ריישיס, גלײַכער צו פאַרשפּאָרן זיך איבעריקע טירכע... וועהאַשיינים, איז עס עפשער זיכערער אויך — ווי מיינט איר?! (זיי לאַכן ביידע.) און צען יאָר לעבן — וואָס איז צען יאָר באַם ריבוינע־שעל־אוילעם?! אַפילע ניט קיין פינטל מיטן אויג! (געלעכטער.)

[1] געמיינט: גאָט.

װאַן־קיפּער. אַט דאָס הייסט אַ בסורע! (ער קלאַפּט אים גוטברודעריש אין פּלייצע.) ס׳טוט מיר האַנאָע פאַר אײַך, ענריקעז, ס׳טוט מיר העכסט האַנאָע! אין צען יאָר, װי נאָר אײַער מאַשיִעך טוט קומען, הייבט זיך אָן דאָס עמעסע הימלישע קיניגרײַך אױף דער ערד, און דאָס הייסט, אַז אַלע מענטשן — און די ייִדן אין דער ערשטער ריי — װעלן זיך באַקערן צום קריסטלעכן גלױבן!

ענריקעז (דערשטױנט). האַ?!

װאַן־קיפּער. זיכער, װאָס זיכער הייסט!

ענריקעז (אַ ביסל פאַרלױרן). כאַלילע, כאַלילע! נעמט ניט פאַר אומגוט, אָבער עפּעס שטימט דאָ ניט אין כעזשבן! (און שױן זיכערער, מיט אַ שמייכל.) ס׳קאָן ניט זײַן, װאַן־קיפּער! איר זײַט זיך טױע!

װאַן־קיפּער (אומצופרידן). איך בין זיך טױע?!

ענריקעז. זעט, אַדראַבע, אַליין: אױב ס׳װאָלט געװען באַשערט, אַז ייִדן זאָלן זיך שמאַדן, טאָ צו װאָס װאָלט מען געדאַרפט דאָס לאַנגע װאַרטן, איך בעט אײַך זייער — גאַנצע טױזנט מיט זעקס הונדערט מיט זעקס און זעכציק יאָר?! װאָלט דאָך שױן גלײַכער געװען אָפּצוטױװלען זיך באַצײַטנס, באַם סאַמע אָנהײב, כ׳מײן — מיט אײַער ישו¹ אײנינעם?!

װאַן־קיפּער. אװאַדע װאָלט גלײַכער געװען! גלײַכער פאַר אײַך און גלײַכער פאַר דער גאַנצער װעלט, איר מעגט מיר זיכער טרױען!

ענריקעז. איז עס אָבער ניט געטאָן געװאָרן, װאַן־קיפּער! און פאַרװאָס, מײנט איר?! סטאַם אַזױ?! װײַל דער אײבערשטער האָט עס ניט געװאָלט! און ער װיל עס איצט אױך ניט, װאַן־קיפּער! װעהאַרײַע — אַט זײַנען מיר דאָך, קיין אײַנהאָרע, אַלץ דאָ, מיט אונדזער קאָהאָל, מיט די סעניאָרן ראַבאָנים און דאַיאָנים אונדזערע! איז אַ סימען, מײַן פרײַנט, אַז אײנס פון די בײדע: אָדער אַז מאַשיִעך װעט קומען, װעט קיין שום שמאַד ניט זײַן און ייִדן װעלן, אים־ייִרצע־האַשעם, בלײַבן ייִדן עד סוף העולם², אָדער, כאַס־װעכאַלילע, דער מאַשיִעך װעט קיין מאַשיִעך ניט זײַן — ס׳הייסט, ניט דער עמעסער מאַשיִעך!

װאַן־קיפּער (שױן אױפגעבראַכט). פּאַװאָליע, פּאַװאָליע, ענריקעז! ניט דער עמעסער מאַשיִעך?! װאָס דען, הייסט עס — אַ פאַלשער מאַשיִעך עפּשער?! די הײליקע עװאַנגעליע זאָגט יאָ, קומט איר זאָגן ניין?! איר פאַרגעסט, אָפּאָנעם, גוטער־ברודער, אַז איין מאָל האָט איר שױן געמאַכט אַזאַ מין קונץ: באַשולדיקט אין פאַלשע נעװיִעס עמעצן, װאָס איז... װאָס פאַרנעמט אַ גאָר הױכגעשטעלטן פּלאַץ אָט דאָרטן... (ער װײַזט אױפן הימל, שמייכלט.) און מיט װאָס דאָס האָט זיך פאַרענדיקט, װײסט איר שױן אַליין. עפּעס קלײַבט איר זיך מיר איבערכאַזערן די זעלבע שפּיל, האַ?!

ענריקעז. גאָט באַהיט! איר קאָנט זײַן אינגאַנצן רויק, װאַן־קיפּער! די זאַך איז דאָך, פאַרשטייט איר מיך, אַזאַ: אײַער מאַשיִעך איז דאָך שױן לאַנג געקומען, ניט עמעס?! גײט עס דאָך איצט אין אונדזער גױעל?! אױ, גאָטעניו, דאַרפן מיר אים מאַמעש נײטיק, װי דאָס לעבן! אָבער — לױט אונדזער געשמאַק! און אױב, כאַלילע, ער זאָל דאַפקע זיך װעלן פאַראַק־שענען, אַז... איר פאַרשטייט יענע מײַסע, איז — מױכל! זאָל ער בעסער זיצן זיך דערװײַל געזונט־טערהייט, פונװאַנען ער דאַרף קומען. ס׳איז ניט קיין געװאַל! ייִדן זײַנען געװױנט צו װאַרטן, װעט מען װאַרטן נאָך אַ ביסל!

װאַן־קיפּער. הם! (טראַכט אַ װײַלע, צעלאַכט זיך הילכיק.) אײַ, ענריקעז, ענריקעז! װײסט אײַך דאָרט דער גוטער־יאָר, עפּעס הייבט איר מיר אָן ריידן גאָר װי אַן אפּיקורעס. (ער לאַכט, װערט פּלוצלינג ערנסט, קוקט אָן ענריקעזן שאַרף און פאַרשנדיק.) באַ גאָט, דאָס זײַט איר עפּשער, האַ?!

ענריקעז. איך?! װאָס איך?!

װאַן־קיפּער. דער אַפּיקורעס!

ענריקעז. װעלכער אַפּיקורעס?!

װאַן־קיפּער. מע װײסט, ענריקעז, מע װײסט! באַ אײַך אין יאָדנבורט גײען אױך אום אַפּיקאָרסים! אָט דאָ אין בריװ — איר זעט? (ער װײַזט דעם בריװ.) אָט דאָ רעדט זיך טאַקע װעגן אַפּיקאָרסים אײַערע!

ענריקעז. אין בריװ פון שטאַטראַט?!

װאַן־קיפּער. יאָ, ענריקעז!

ענריקעז. דער קריסטלעכער שטאַטראַט פון אַמסטערדאַם קימערט זיך װעגן ייִדישע אַפּיקאָרסים?!

װאַן־קיפּער. װי ס׳איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל.

---

¹ יעישו — יעזוס קריסטוס; ² אַד סוף האָוילאָם — ביז סאָף װעלט.

ע נ ר י ק ע ז (א ווײַלע ווי געפּלעפּט). וואָס האָב איך אײַך געזאָגט, וואַן־קיפּער: מאָשיעך־צײַטן! א בלינדער קאָן שוין זען — ס'איז מאָשיעך־צײַטן!

וואַן־קיפּער (מיט טריומף). אהא, הייסט עס, איר זײַט מאסקים מיט דער הייליקער עוואַנגעליע!

ע נ ר י ק ע ז. מאסקים — וואָס הייסט מאסקים?! אז מאָשיעך זאָל קומען אין צען יאָר אַרום?! כ'מיין — איך קאָן באשטיין אף פריער אויך. אָבער (ער לאכט) וואָס שײַעך... יענע זאַך — לאָו! שלאָגט זיך עס ארויס פון קאָפּ, וואַן־קיפּער! דאָס טויף־וואסער זײַנען מיר אײַך מוילכל! מוילכל, וואַן־קיפּער! במחילה גמורה[2] — מוילכל!

פ אַ ר ה א נ ג

ב י ל ד  ד ר ײַ

בא מאנועלאן. א באשיידן צימער. א סאך ביכער. אָפּטישע אינסטרומענטן. מ א נ ו ע ל א, א פּרוי אין די זעכציקער, מיט ניט־פאַרוועלקטע סימאָנים פון גרויסער שיינקייט, שטייט בא דער טיר, וואָס איז צעעפנט, און שרײַט ארויס צו עמעצן.

מ א נ ו ע ל א. און דײַן פוס זאָל דאָ מער ניט שטיין, הערסט?! מײַן הויז איז זײַן הויז! ער וועט דאָ וויינען אזוי לאַנג, ווי ער וועט וועלן! ניט דו וועסט מיך לערנען! איך בין מאנועלא! מאנועלא אַליווײַראַ דע גאָמעץ! באַרוך איז מײַן בלוט! און ער האָט קיינעם ניט אף דער וועלט! ווײַל איידער אזא שוועסטער, ווי דו, איז שוין גלײַכער — א שטיין! (זי פארקלאפּט ראשיק די טיר, מורמלט.) קלייניקע נעשאָמעס, אײַנגעשרומפּענע, פארדארטע, ווי אלטע סקאָרינקעס! זי ציטערט, א קוינע זאָל איר אמאָל ניט אָפּקומען צוליב באַרוכן! זי קאָן זיך ניט שענקען, אויב זי וועט צוליבן ברודער פארלירן די קלענסטע קופערנע מאַטבייע! און דאָס שוואָגערל קאַסערעס ציטערט פאר זײַן כסא־הרבנות[3], פאר די פאַרנייסים! (זי לאכט מיט כויזעק, קוקט זיך ארום, איר בליק פאלט אף א געמאָלטן פּאָרטרעט, וואָס הענגט אף דער וואנט; זי גייט צו נעענטער, בא־טראכט אים א ווײַלע, מורמלט.) וואָס זי קאָן אויסטראכטן — א רויבער! מארשאַס! (עמעצער, הינטער דער בינע, ווײַל עפנען די טיר; מאנועלא לאָזט זיך לויפן מיט רעציכע.) וואָס איז ווי־דער?! כ'האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, זאָלסט זיך ניט דערוועגן! (זי רײַסט אוף די טיר; עס באווײַזט זיך ראָכל, א דערשראָקענע; מאנועלא קוקט זי אָן א רעגע דערשטוינט, כאפּט זי באלד ארום און דריקט צו צו זיך.) ראָכל?! דו גאָר, טײַבעלע מײַנס?! זײַ מיר מוילכל, קינד! כ'האָב געמיינט, ס'איז די מארשאס רעוועקא. נאָרוואָס זי ארויסגעוואָרפן. נו, קום, קום ארײַן! (זי פארמאכט הינטער איר די טיר; ראָכל הייבט אָן וויינען.) און אָן טרערן, טײַבעלע מײַנס! אָן טרערן, איך בעט דיך.

ר אָ כ ל (וויינענדיק). סעניאָרא! סעניאָרא מאנועלא!..

מ א נ ו ע ל א (שטרענג). נו, הער אוף צו וויינען, זאָג איך דיר! וואָס האָט איר דאָ אלע פאר א מידע אזויפיל טרערן צו פארגיסן?!

ר אָ כ ל. איבערמאָרגן, סעניאָרא... איבערמאָרגן... (קאָן ניט פארענדיקן.)

מ א נ ו ע ל א. וואָס איבערמאָרגן?! רייד!

ר אָ כ ל. דער כײַרעם! דער כײַרעם, סעניאָרא!

מ א נ ו ע ל א. אז ניט דערלעבן וועלן עס אונדזערע סאָנים! ניט איין איבערמאָרגן געווען שוין באשטימט, הארץ מײַנס! האָסט פארגעסן?!

ר אָ כ ל. דאָס מאָל... גאנץ בעסדן... אלע פאַרנייסים... צוזאמען באשלאָסן...

מ א נ ו ע ל א. מע האָט באָטל געמאכט ניט איין באשלוס שוין! נו, גענוג געוויינט! דו קאָנסט ראק וויינען, טײַבעלע מײַנס. דאָס איז ניט קיין קונץ! אז מע האָט באַרוכן גערופן צום בעסדן — האָסטו געוויינט. אז דײַן זיידע האָט באַרוכן אָפּגעשיקט די טנאָים — האָסטו ווידער געוויינט. געוויינט און אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ר אָ כ ל. וואָס האָב איך דען געקאָנט טאָן, סעניאָרא?!

מ א נ ו ע ל א. וואָס דו האָסט געקאָנט טאָן! (זי לאכט, קוקט אף ראָכלען מיט ביטל און ראכ־מאָנעס גלײַכצײַטיק.) דער גוטער־יאָר ווייסט אײַך, ס'ארא דאר איר זײַט דאָ אופגעוואקסן, אין דעם נידערלאנד! וואָס, אייגנטלעך, פליסט בא אײַך אין די אָדערן — זאָג! — רויט בלוט אָדער מוטנע וואסער פונעם אמסטל־טײַך?! וואָס דו וואָלסט געקאָנט טאָן! ווען עס טרעפט אף מיר — קוק מיך אָן, הארץ מײַנס! — איך וואָלט געוווּסט שוין, וואָס צו טאָן! ביז בלוט וואָלט איך זיך געשלאָגן! א וועלט איבערגעקערט! און כ'וואָלט אויסגעפירט מײַנס!

---

[1] לוי — ניין; [2] בימכילע־גמורע — פולשטענדיק; [3] קיסיי־האראבאנעס — שטעלע פון א ראוו.

ר אָ כ ל. העלפט אונדז, סעניאָרא! אויב ס'זאָל, כאָלילע, דערגיין צום כיירעם, וועל איך עס ניט איבערלעבן!

מ א נ ו ע ל א. נאַרישקייטן! ס'רעדט זיך אַזוי לײַכט — ניט איבערלעבן... ס'איז ניט אַזוי פּאַשעט. מע זאָגט, דער מענטש איז די קרוין פון דער באַשאַפונג. ווייסט פאַרוואָס? ווײַל קיין שום לעבעדיקער נעפעש קאָן ניט אַריבערטראָגן אַזויפיל, וויפל עס פאַרטראָגט דער מענטש. אָט נעם מיך, אַשטייגער: וויפל האָב איך שוין אין מײַן לעבן ניט דורכגעמאַכט, וואָס ניט צוגעזען — טויט, יעסורים, פאַרצווייפלונג, אַנטוישונג! וויפל מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן — אָן עק, מער לײַדן איז ניט מעגלעך, דאָס האַרץ וועט מער ניט אויסהאַלטן! און דו זעסט — ס'האַלט אויס! (פּויזע, זי בײַט דעם טאָן.) וואָס איז דאָרט געווען בא זיי, אַף דער אַסיפע? דער זיידע האָט דיר עפּעס דערציילט? וועגן וואָס האָט מען גערעדט?!

ר אָ כ ל. אַלץ דאָס זעלבע. מאַלאָכים... יענע־וועלט...

מ א נ ו ע ל א. מעשוגע, מעשוגע זײַנען זיי אַלע! מאַלאָכים, יענע־וועלט — צוליב דעם גייט מען אַרײַנוואַרפן אַ מענטשן אין כיירעם! און באָרוך איז אויך ניט באַם גאַנצן זינען! וואָס פאַר אַ כילעק איז אים, צי ס'זײַנען יאָ דאָ מאַלאָכים, צי ניט, צי ס'איז פאַראַן אַ יענע־וועלט, צי ניט?! רייד, רייד, פּוסטע רייד! פאַרשפּילן אַ לעבן צוליב רייד! אין מײַנע צײַטן, בא אונדז, אַז מע פלעגט שטעלן דאָס לעבן אין קאָן, האָט מען כאַטש געוווּסט, פאַר וואָס, — פאַר ערע, פאַר ליבע (שטי־לער, פאַרטרוימט), פאַרן בליק פון אַ פרוי... (פּויזע.) און דאָ — צוליב ווערטער! פאַרוואָס פירט מען אַזויפיל וויקוכים אין אײַער אַמסטערדאַם?! וואָס פאַר אַ מעשוגענע אײַנגעליבטקייט האָבן זיי דאָ אַלע אין רייד?! (זי צעלאַכט זיך מיט כויזעק, בלײַבט אַ ווײַלע שטיל.) וואָס האָבן זיי דאָרט באַשלאָסן, דער בעסדן זייערער?

ר אָ כ ל. אויב באָרוך וועט ניט טשוווע טאָן... אויב ער וועט ניט, פאַר גאַנץ קאָהאָל, אָפּרופן ביז איבערמאָרגן...

מ א נ ו ע ל א. ער וועט אָפּרופן! דו מוזט זען, ער זאָל עס טאָן!

ר אָ כ ל. איך, סעניאָרא?!

מ א נ ו ע ל א. דו, טײַבעלע מײַנס, דו! ניטאָ אַזוינס אַף דער וועלט, וואָס אַ יונגפרוי זאָל ניט קאָנען פּויעלן בא דעם, וואָס האָט זי ליב!

ר אָ כ ל. סעניאָרא מאַנועלא, איך ווייס ניט, צי באָרוך האָט מיך נאָך ליב. ער איז אַזוי מאָדנע געוואָרן. טאָמיד פאַרטראַכט, פאַרטראָגן.

מ א נ ו ע ל א. זײַ אים ניט כוישעד, ראָכל. אים איז שווער אַפן האַרצן.

ר אָ כ ל. ווער ווייסט, עפּשער האָט ער צווישן די נײַע פרײַנט זײַנע, די קריסטן, געפונען עמעצן, וואָס איז געלערנטער פאַר מיר, שענער פאַר מיר...

מ א נ ו ע ל א. קינדערײַען! באָרוך איז ערלעך און ריין, ווי קרישטאָל, און דו ביסט שיין, ווי אַ באַסמאַלקע! ניט מער (קוקט זי אָן אַ ווײַלע, שמייכלענדיק), גיי ווייס אײַך, קינדער פון אַמסטערדאַמער יאַדנבורט! ווײַז די אויגן דײַנע, האַרץ מײַנס! (זי הייבט איר אויף דעם קאָפּ, קוקט אַרײַן אין די אויגן, מיט אַ שמייכל.) אויגן האָסטו — ווי צוויי ליכטיקע שטערן! גרויסע, קלאָרע, פינקלענדיקע! אָבער אין אַזעלכע אויגן פלעגט בא אונדז, אַמאָל, גליִען אין דער טיף אַ מין פלעמל אַ רויטלעכס, און בא אײַך, אין אַמסטערדאַם, — איז דאָס פלעמל אויסעק. (זי לאַכט.) מע דאַרף ווייסן, ווי צו באַגיין זיך מיט אַ כאָסן, טײַבעלע מײַנס!

ר אָ כ ל. סעניאָרא... (זי פאַרהאַקט זיך.) איך האָב פאַר באָרוכן מוירע!

מ א נ ו ע ל א. ניט גוט, טײַבעלע! זייער ניט גוט! דאָס וואָלט ער פאַר דיר געדאַרפט מוירע האָבן!

ר אָ כ ל. איך בעט אײַך, סעניאָרא, לערנט מיך אויס עפּעס אַ שפּרוך! אָדער עפּשער ווייסט איר — אַ גראָז, אַ געוויקס, אַ ליבע־געטראַנק, האַ?!

מ א נ ו ע ל א. ניין, האַרץ מײַנס. איך קען ניט קיין שפּרוכן און ווייס ניט פון קיין גראָזן. אַ ליבע־געטראַנק, זאָגט מען, איז אַפילע יאָ פאַראַן, אָבער צו וואָס דאַרפסטו עס?! אַמשטאַרקסטן באַטרינקט דער מיידלשער כיין, וואָס איז אַ מאַטאָנע פון גאָט. און דו ביסט פול מיט כיין.

ר אָ כ ל. סעניאָרא, האָט איר אַליין טאַקע... קיינמאָל ניט?! בעעמעס?! קיין שום שפּרוך?!

מ א נ ו ע ל א. קיינמאָל ניט, ראָכל, קיינמאָל ניט! (זי פאַרטראַכט זיך.) און אין מײַנע יונגע יאָרן, ווייסט איין גאָט, ווי מע האָט זיך געליבט אין מיר... אוי, האָט מען זיך געליבט אין מיר, האַרץ מײַנס! (צעלאַכט זיך לאַנג.) אַפילע אַ פּירשט האָט זיך פאַרליבט! (לאַכט נאָך שטאַר־קער.) אָן שפּרוכן, אָן גרעזער, אָן געטראַנקען! אַפילע קיין פאַרב איז קיינמאָל אַף מײַן געזיכט ניט געקומען! און קיינמאָל ניט קיין צירונג — בלויז דער פעכער אין האַנט! (זי נעמט פון שענקל אַ פעכער.) זעסט, טײַבעלע מײַנס? (טוט אַ צעעפן דעם פעכער, איין מאָל, אַ צווייט מאָל, לאָזט זיך פּאַמעלעך איבער דער בינע, ווי אין אַ טאַנץ, און לאַכט, לאַכט אָן אויפהער; מיטאַמאָל ווערט

זי שטיל, ווי אויסגעלאָשן, פאַרמאַכט פאַמעלעך דעם פענצטער.) יאָ, האַרץ מײַנס, א סאַך יאָרן זײַנען שוין פאַרלאָפן זינט דער צײַט... א סאַך יאָרן... (פויזע; און פּלוצלינג.) באָרוך גייט!

ס׳עפנט זיך די טיר, און ס׳קומט אַרײַן באָרוך.

באָרוך. ראָכל? דו ביסט דאָ?! (ער נעמט זי אָן צאַרט פאַר א האַנט.) גוטן־אָוונט דיר, ראָכל! (און צו מאַנועלאַן.) גוטן־אָוונט, מאַנועלאַ!

מאַנועלאַ (מיט א שמייכל). גוטן־אָוונט, באָרוך!

באָרוך. סאַראַ וווּנדערלעכער אָוונט! זעט, ווי די זון פאַרגייט! (אַלע דרײַ קוקן אַרויס.) בא אַזאַ ליכט ווערט מען א מאָלער, אַפילו ניט ווילנדיק דערפון... ראָכל! (ער שמייכלט.)

ראָכל. יאָ?

באָרוך. עפשער גאָר אָנהייבן דײַן פּאָרטרעט?!

ראָכל. ניין... ניט איצטער...

באָרוך. איך בעט דיך, ראָכל!

ראָכל. ניט הײַנט!

באָרוך. פאַרוואָס ניט?! כ׳וועל דיך ניט האַלטן לאַנג! בלויז עטלעכע סקיצן מיט קוילן־שטיפט!

ראָכל. ניין, בעעמעס...

מאַנועלאַ. זאָל ער, טײַבעלע מײַנס! זעסט דאָך, ס׳קינד כאַלעשט א שפּיל טאָן זיך אין מאָלערײַ! לאָז זיך ניט בעטן אַזוי!

ראָכל. אָבער, סעניאָראַ...

מאַנועלאַ. נו, גענוג! זאָג יאָ, מאַלעך מײַנער!

באָרוך. זאָג יאָ, ראָכל! זאָג יאָ!

ראָכל. (שטיל). אויב דו באַשטייסט דאָפקע...

באָרוך. א דאַנק. קום, זעץ זיך דאָ. אין דעם פאָטעל. (ער פירט זי צו, זעצט זי אַוועק.) איצט וועל איך זיך צוגרייטן. (ער שטעלט זיך הינטער א מאָלבערט, נעמט בויגנס פּאַפּיר, קוילן־שטיפט, באַטראַכט ראָכלען מיט גרויס אויפמערקזאַמקײַט.) א ביסל מער אַף רעכטס, ראָכל! (ער גייט צו צו איר, זעצט זי אײַן.) נאָך א קליין ביסל! אָט אַזוי! ווונדערבאַר! (ער גייט צוריק הינטער דעם מאָלבערט.) מעגסט זיצן ניט אַזוי שטײַף, קאָנסט זיך באַוועגן. עס שטערט מיר ניט. (ער צייכנט און רעדט גלײַכצײַטיק.) זעסט, מאַנועלאַ, אָט דער פאָטעל — שטעל זיך פאָר — איז... א ברונעם!

מאַנועלאַ. א ברונעם?!

באָרוך. דער ברונעם פון דער מוטער ראָכל! (מאַנועלאַ קוקט אים אָן שפּאַסיק־פאַרוווּנדערט.) בא דעם דאָזיקן ברונעם האָט אונדזער פאָטער יאַנקעוו דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט זײַן באַשערטע.

מאַנועלאַ (לאַכט). אונדזער ראָכל איז, הייסט עס, די מוטער ראָכל?

באָרוך. געטראָפן.

מאַנועלאַ. און דו ביסט, נאַטירלעך...

באָרוך. יעקב אבינו![1] (געלעכטער; ער צייכנט און רעדט.) פאַראַן אין כומעש א פּאָסעק א ביסל אַן אויסטערלישער. ס׳שטייט געשריבן: און יאַנקעוו האָט געקושט ראָכלען און האָט אויפגעהויבן זײַן קאָל און האָט געוויינט... פאַרוואָס, אייגנטלעך, האָט ער זיך צעוויינט אַזוי, גלײַך בא דער ערשטער באַגעגעניש, האַ? (און, בײַטנדיק דעם טאָן, צו מאַנועלאַן.) ניין, ניין, מאַנועלאַ, איך בעט דיך! קוק ניט! נאָך ניט דערווײַל!

מאַנועלאַ. זאָל זײַן אַזוי! סײַווי זע איך, כ׳בין דאָ אַן איבעריקע. גלײַכער אײַך לאָזן אַליין. (זי גייט שטיל אַרויס, שמייכלענדיק.)

באָרוך. ניין, בעעמעס — פאַרוואָס האָט ער געוויינט?! (א פויזע; ער צייכנט און רעדט פאַמעלעך. פאַרטראַכט.) יאַנקעוו, פאָטער יאַנקעוו, פאַרוואָס האָסטו געוויינט?.. זאָל זײַן — האָסט דערפילט, אַז פאַר דעם פאַסטעך וועסטו דאַרפן באַצאָלן מיט פערצן יאָר פון דײַן לעבן?! (ער רײַסט איבער דאָס צייכענען, גייט צו צו ראָכלען.) ביסט שיין, ראָכל, ווייסט עס? ביסט זייער שיין! און עפשער איז גאָר פערצן יאָר לעבן ניט אַזאַ הויכע פרײַז! (ער גלעט צאַרט איר געזיכט.) נאָך א ביסל מער רעכטס! אָט אַזוי! גוט! (זיי קוקן זיך ביידע אָן א לאַנגע ווײַלע, שמייכלענדיק; באָרוך גייט צוריק צום מאָלבערט, נעמט צייכענען, רעדט פאַמעלעך.) איז פאַרוואָס זשע פאָרט האָסטו אַזוי געוויינט, האַ, פאָטער יאַנקעוו? עפשער גאָר — א פאָרגעפיל אַזאַ, פּלוצלינג, פון דער נאַכט, ווען דיר וועט אויסקומען מילכאָמע צו האַלטן, איינער אַליין, קעגן גאָט און דערקענען די בײַ־

---

[1] יאַנקעוו־אָווינו — דער אורפאָטער יאַנקעוו.

טערניש פֿון ניצאָכן און דעם טרויער פֿון איינזאַמקייט?! און עפּשער אויך... (ער רײַסט איבער, ווײַל ער באַמערקט, אַז ראָכל וויינט.) האָסט אַ טאָעס, פּאַסטעך! דאָס האָט ניט די מוטער ראָכל, נאָר יאַנקעוו געוויינט! (ער גייט צו צו איר.) וואָס איז, ראָכל? (זי ענטפֿערט ניט, ווישט די טרערן.) וואָס איז דיר?

ר אָ כ ל. באָרוך... (זי קאָן ניט ענדיקן.)

ב אָ ר ו ך. וואָס איז געשען?!

ר אָ כ ל. באָרוך... דער קיירעם...

ב אָ ר ו ך. וואָס?!

ר אָ כ ל. דער קיירעם... איבערמאָרגן...

ב אָ ר ו ך. ס׳איז ניט מעגלעך! ביסט זיך טויע?! ראָכל!

ר אָ כ ל. איבערמאָרגן!

ב אָ ר ו ך. עמעס?!

ר אָ כ ל. יאָ.

ב אָ ר ו ך. אָבער פֿאַר וואָס?! פֿאַר וואָס?!! וויפֿל מאָל כ׳בין צו בעסדן געלאָפֿן געוואָרן, בין איך געגאַנגען! איטלעכס מאָל אופֿגעקלערט: כ׳בין אומשולדיק! ס׳האָט בעסדן אַליין מײַן אומשולד אָנערקענט!

ר אָ כ ל. ניין. קיינמאָל ניט.

ב אָ ר ו ך. אָבער איך בין אומשולדיק! (ער שרײַט קימאַט.) מײַן געוויסן איז ריין! ס׳קומט מיר ניט קיין קיירעם! (פּויזע; ראָכל שלוכצט.) ראָכל! וויין ניט, ראָכל! איך פֿיל מיך אַזוי אומגליקלעך, ווען איך זע דײַנע טרערן.

ר אָ כ ל. וואָס וועט זײַן מיט אונדז, באָרוך?! כ׳האָב דיר געזאָגט — כ׳בין גרייט מיט דיר אין עק וועלט צו גיין. כ׳בין גרייט כאַסענע צו האָבן, אַפֿילע קעגן דעם ווילן פֿון זיידן. האָסטו ניט געוואָלט. האָסט אַלץ געגלייבט, דער זיידע וועט לעסאָף געבן זײַן האַסקאָמע. און איצטער?!

ב אָ ר ו ך. נו, וואָס זאָל איך טאָן? וואָס קאָן איך טאָן?! (קימאַט פֿאַרצווייפֿלט.) ראָכל! וואָס דאַרף איך טאָן, ראָכל?! (ער זעצט זיך, ווי צוזאַמענגעבראָכן.) ווען איך וואָלט געקאָנט בלויז רויִק באַטראַכטן זיך, ערנסט זיך באַדענקען! ווען איך וואָלט מעסוגל געווען ענדגילטיק זיך צו באַשליסן! מײַן געדאַנק איז ווי אַ פֿישער־שיפֿל אויפֿן יאַם, בייס אַ שטורעם. די כוואַליעס שלײַדערן עס פֿון אַלע זײַטן, די זעגלען זײַנען צעריסן, דער רודער איז צעבראָכן. באַלד וועט דאָס שיפֿל פֿאַרזינקען אין טהאָם! (פּויזע.) ראָכל, צי מוז דער וועג פֿון עמעס דורכקרייצן דאָס לעבן מײַנס און צעברעכן עס און אָפּרײַסן מיך פֿון אַלעם דעם, וואָס איז ביז איצט געווען מײַן גאַנצע וועלט, אַלע מײַנע האָפֿענונגען, טרוימען און באַגערן?! צי מוז דער גאַנג צו פֿאַרנונפֿט דאַפֿקע זײַן דער גאַנג צו איינזאַמקייט?! איך האָב מוירע, איך האָב אַזוי מוירע פֿאַר איינזאַמקייט! (ער נעמט אַרום ראָכלען, דריקט זי צו צו זיך; זי וויינט שטיל.) מײַן נעשאָמע איז מיט טויזנטער פֿעדעם באַהעפֿט צום אַמסטערדאַמער יאָדנבורט. די שמאָלע געסלעך פֿון יאָדנבורט, דאָס טרויעריקע געזאַנג פֿון די מאַמעס בײַ די וויגן, דער פֿײַכטער בליק פֿון ייִדישע אויגן — דאָס בין איך! דער ניגן פֿון יעשיווע־לערנען, דאָס טאָג־און־נאַכטיקע פֿיבערהאַפֿטע נישטערן אין די ספֿאָרים, קעדיי צו שטילן דעם ברענענדיקן צווייפֿל, קעדיי אויסצוגעפֿינען דעם עמעס, וואָס באַפֿרײַט, — דאָס בין ווידער איך! און דו, ראָכל, דו ביסט אויך — יאָדנבורט און ווידער — איך, אַ קײַלעך פֿון מײַן נעשאָמע! מײַן ליבע צו דיר איז ווי אַ פֿלאַם, וואָס ברענט דורך מײַן גאַנץ וועזן, מאַכט עס לויכטנדיק און העל! דאַרף איך באַדעקן זיך אַליין מיט אַש, אויסלעשן דאָס אייגענע האַרץ?! ווייס איך דען, צי עס איז ערגעץ פֿאַראַן אַ קוואַל פֿון גרעסערער לײַטזעליקייט, פֿון העכערער פֿרייד, פֿון מער לויטערן גליק?! איך האָב געטרוימט צו ברענגען ליכט און פֿרײַהייט אין יאָדנבורט, צו די ברידער מײַנע! דאָ איז מײַן אָרט! איך טאָר פֿונדאַנען ניט אוועקגעריסן ווערן! (פּויזע.)

ר אָ כ ל (שטיל). ביסט גערעכט, באָרוך. עס טאָר קיין קיירעם ניט זײַן! דער זיידע האָט געזאָגט: אויב דו וועסט טאָן, וואָס דיר ווערט געהייסן, אויב דו וועסט אָפּרופֿן...

ב אָ ר ו ך. אָבער וואָס האָב איך דען אָפּצורופֿן?! כ׳האָב עפּעס־וואָס פֿאַרעפֿנטלעכט אין שריפֿט? אָדער פֿאַרשפּרייט ווען אין קסאַוויאַד?! ערגעץ־ווו געפּריידיקט?! וויקוכים געפֿירט?!

ר אָ כ ל. אַלציינס! (האַרט.) וועסט גיין צום בעסדן און זאָגן, אַז דו טוסט טשווע! וועסט גיין, איאָ?

ב אָ ר ו ך. טשווע?! (ער קוקט זי אָן, ווי ניט פֿאַרשטייענדיק.) מיט וואָס?! וויִאַזוי?! וואָס רעדסטו, קינד?! איך קאָן קיין ליגן ניט זאָגן! אַפֿילע ווען איך וואָלט וועלן, קאָן איך עס ניט!

ר אָ כ ל (האָט זיך אופֿגעשטעלט; איר בליק איז פֿינצטער). פֿרעג מיך ניט מער! סײַווי זע איך: דײַן אַקשאָנעס איז ניט אײַנצוברעכן! ביסט האַרט און אומבאַראַכמאָנעסדיק, ווי אַ פֿעלדז!

באָרוך. אָבער, ראָכל!..

ראָכל. יאָ, ווי אַ פעלדז! איז טו, ווי דיר געפעלט! (זי לויפט שנעל צום ארויסגאַנג.)

באָרוך. ראָכל! ראָכל! (ער פאַרהאַלט זי, אָבער זי רײַסט זיך ארויס פון זײַנע הענט און פאַרשווינדט; פויזע; באָרוך בלײַבט אליין, שטאַרק אנטמוטיקט.) אָ, ווען איך וואָלט געקאָנט רויִק זיך באַדענקען! בלויז רויִק זיך באַדענקען... (ער מאַכט עטלעכע טריט, פאַרהאַלט זיך לעבן פאַר־טרעט אויף דער וואַנט, קוקט זיך צו צו אים לאַנג, אָן איין וואָרט; ס׳קומט שטיל אַרײַן מאַנועלאַ.)

מאַנועלאַ. ראָכל איז אַוועק?

באָרוך. יאָ, מאַנועלאַ.

מאַנועלאַ. וואָלסט געדאַרפט האָבן מער מיטלײַד צו איר. זי איז אַ טײַער קינד און וועט דיר טרײַ זײַן ביזן קייווער. וואָלסט געדאַרפט זיך צוהערן צו דעם, וואָס זי בעט דיך... (אַזוי ווי באָרוך ענטפערט ניט, רופט זי העכער.) באָרוך! (ער ענטפערט אַלץ ניט; זי רופט נאָך העכער.) באָרוך!

באָרוך (ווי אופגעוועקט). יאָ, מאַנועלאַ?

מאַנועלאַ. הערסט ווידער ניט, וואָס איך רייד צו דיר! אַלץ פאַרטאָן אין דײַנע מאַכשאָ־וועס. פירסט שוין אַ שמועס מיטן פאָרטרעט דײַנעם, וואָס? (זי לאַכט.) דו פרעגסט, ער ענטפערט, עס שיטן זיך קאַשעס און טשוּוועס, ווי אין די צײַטן, ווען דו האָסט געלערנט אין דער ישיבה עץ־חיים[1]. (זי גייט צו צו אים, נעמט אים צערטלעך אַרום פאַר די אַקסלען; זיי שטייען בײדע אַנטקעגן פאָרטרעט.) אײַ, באָרוך, באָרוך! און פאַרוואָס האָסטו מיך ניט געפאָלגט? פאַרוואָס ביסטו ניט געוואָרן גלײַכער אַ מאָלער, אײדער אַ ביכער־וואָרעם?! זע, ווי גלענצנדיק עס איז דער פאָרטרעט, וואָס דו האָסט אויסגעמאָלט! ווי עכלעך! ווי וווּנדערבאַר עס שפּילן די פאַרבן! כ׳בין זיכער, וואָלסט אָפּטער אַרײַן צו אונדזער שאָכן, דעם מײַסטער רעמבראַנדט, וואָלסט אים געוויזן דײַנע מאָלערײַען, צייכענונגען, — וואָלט ער דיך גענומען פאַר אַ טאַלמיד. ס׳וואָלט אויס־געוואַקסן פון דיר אַ גרויסער קינסטלער, באָרוך, אַ באַרימטער אין גאָר דער וועלט! האָסטו מיך ניט געהערט און אַרײַנגעלאָזט זיך גאָר אין ספאָרים, ספאָרים, פאַרגעלטע שיימעס! דאָ איז שיינקייט, ציטער פון לעבן, הויך פון אײביקייט, און באַ דיר, אין די שיימעס דאָרט, — ווערטער, ווערטער, וואָס פאַרגייען מיטן ווינט! (זי לאַכט, ווערט באַלד ערנסט.) באָרוך, שוין לאַנג געוואָלט דיך פרעגן: פאַרוואָס האָסטו זיך אויסגעמאָלט דאָ (זי ווײַזט אויפן פאָרטרעט) אין אַ פּישער־טראַכט, מיט אַ בעץ אויפן אָרעם, אין דער פּאָזע פון אָט דעם... נעאַפּאָליטאַנער... ווי הייסט ער דאָרט?..

באָרוך (שטיל). מאַס־אַנדזשעלאָ...

מאַנועלאַ. פאַרוואָס האָסטו זיך אויסגעמאָלט אין דער טראַכט פון מאַס־אַנדזשעלאָ?

באָרוך (פאַמעלעך). כ׳ווייס אַליין ניט, מאַנועלאַ... געוויס, אַ ייִנגלשקייט געווען פון מיר... (פויזע.)

מאַנועלאַ. באָרוך!

באָרוך. יאָ?

מאַנועלאַ. דײַן שוועסטער איז דאָ פריִער געווען.

באָרוך. געקומען בעטן, זאָלסט מיך ארויסוואַרפן?

מאַנועלאַ. וועמ הערט זי! איך בין דײַנע אַ מומע בלויז, אָבער אַלץ, וואָס געפינט זיך דאָ, געהערט צו דיר. באָרוך, זי האָט געזאָגט — אָט דער... מאַס־אַנדזשעלאָ איז אומגעקומען אָפּן עשאַפאָט. איז עס עמעס?!

באָרוך. יאָ, ס׳איז עמעס.

מאַנועלאַ (דערשיטערט). באָרוך, איז עס טאַקע עמעס אויך, אַז ער איז געווען... אַ יאַם־רויבער — אין נעאַפּאָל?!

באָרוך (פאַמעלעך). ניין, מאַנועלאַ. דאָס איז פאַלש. מאַס־אַנדזשעלאָ איז געווען — אַן אופשטענדלער... אַ שלאַכטמאַן... ער האָט געקעמפט און איז געשטאָרבן — פאַר דער פרײַהײַט פון זײַן פאָלק...

רײדנדיק אַזוי, איז באָרוך צוגעגאַנגען צום מאָלבערט; ער באַטראַכט די אָנגעהויבענע צייכענונגען; מאַנועלאַ גייט צו, באַטראַכט זיי אויך.

מאַנועלאַ. זייער געלונגענע, די סקיצן!

באָרוך. בעעמעס?.. דער פאַסטעך אָבער איז אַנטלאָפן...

מאַנועלאַ. זי וועט קומען צוריק! זאָרג ניט, זי וועט קומען!

---

[1] יעשיווע אייץ־כאַים — אַ נאָמען פון אַ יעשיווע (יעשיווע — אַ ייִדישע רעליגיעזע הויכשול; אייץ־כאַים — דער בוים פון לעבן).

ב אָ ר ו ך. עפּשער... (ער נעמט א קוילן־שטיפט, הייבט ווידער אָן צייכענען און, ווי פריִער.) און יאַנקעוו האָט געקושט ראָכלען און האָט אופגעהויבן זײַן קאָל און האָט געוויינט... (פּויזע; ער צייכנט.)

מ א נ ו ע ל א. באָרוך.

ב אָ ר ו ך. יאָ?

מ א נ ו ע ל א. ניט דער עמעס איז דער איקער, באָרוך! דער איקער איז — דאָס מענטשלעכע גליק! אַלע וויקוכים אײַערע זײַנען ניט ווערט, אז ראָכל זאָל צוליב זיי איין טרער פאַרלירן!

ב אָ ר ו ך (שטיל). ניין, מאַנועלאַ! ס׳קאָן ניט זײַן קיין גליק, וואָס איז געבויט אָף שעקער! (פּויזע.) ער האָט אופגעהויבן זײַן קאָל און האָט געוויינט... (ער צייכנט; דאָס ליכט גייט אויס פּאַמעלעך.)

פ אָ ר ה א נ ג

# צווייטער אקט

## בילד איינס

בא ראַבי יעהוישוע. ר אָ כ ל זיצט אליין, טרויעריק. זי האַלט א גיטאַרע אין האַנט, באַרירט פון צײַט צו צײַט די סטרונעס, זינגט שטיל, אין האַלב־געמורמל.

איז אוועק אין דער ווײַט און פאַרגאַנגען
אין ליכטיקע, לויטערע טעג...

זי רײַסט איבער דאָס זינגען, לייגט אָפּ אין א זײַט די גיטאַרע, נעמט א פּעכער, פּרוּווט נאָכמאַכן די באַוועגונגען, וואָס זי האָט געזען בא מאַנועלאַן, ס׳באַקומט זיך אָבער ניט; זי שמייכלט אומעטיק, נעמט ווידער די גיטאַרע, שפּילט עטלעכע אַקאָרדן און זינגט פּאַמעלעך.

איז אוועק אין דער ווײַט...
איז אוועק אין דער ווײַט און פאַרגאַנגען...

זי בלײַבט ווידער שטיל, פאַרטראַכט זיך; די טיר עפנט זיך פּאַמעלעך, ס׳קומט אַרײַן ג א ו ו ר י ע ל.

ג א ו ו ר י ע ל. גאָט־העלף, סעניאָריטע! שטער איך?

ר אָ כ ל (הייבט זיך האַסטיק אוף און זאָגט קאַלט). דער זיידע איז ניטאָ אין דער היים, סעניאָר גאַווריִעל!

ג א ו ו ר י ע ל. ניטאָ? געוויס, סעניאָריטע, איז ער ניטאָ! איך האָב ספּעציִעל געוואַרט, ביז ראַבי יעהוישוע איז אַרײַן אין בעסדן־הויז. צו אײַך קום איך, סעניאָריטע, ניט צו קיינעם, נאָר צו אײַך! און איר ווייסט עס!

ר אָ כ ל. איך ווייס ניט און וויל עס ניט וויסן! פאַרצײַעט, סעניאָר גאַווריִעל, איר האָט ניט וואָס צו טאָן איצט בא מיר! (זי דרייט זיך אויס צו אים מיטן רוקן.)

ג א ו ו ר י ע ל. איר זײַט בייז. איר וואַרפט מיך אַרויס. כ׳וועל אָבער ניט גיין. (שאַרף.) כ׳וועל ניט גיין! (און שטילער.) זײַט ניט בייז, סעניאָריטע! איך בין באָרוכן ניט קיין סוינע! אַדעראַבע, איך האָב אים ליב! כ׳האָב אים ליב, ווי אַן אייגענעם ברודער. זײַנען מיר דען ניט געזעסן צוזאַמען יאָרנלאַנג אָף איין באַנק אין דער יעשיווע עיץ־כאַיִם?! אָבער ליבער פון אים, ליבער פון זיך, ליבער פון אַלץ אין דער וועלט — איר הערט?! ליבער פון אַלץ! — האָב איך... די קנעסעס־יִסראָעל! כ׳האָב זויכע געוועזן צו זען א זעוונג, סעניאָריטע! די קנעסעס־יִסראָעל האָט זיך צו מיר באַוויזן אין געשטאַלט פון א שניי־ווײַסער טויב! „גאַווריִעל, — האָט זי געזאָגט, און רויטע טראָפּנס בלוט האָבן געטריפט פון אירע אויגן, — גאַווריִעל, ראַטעווע מיך פון א סאַקאָנע, זײַ מיך מאַצל פון א טויט־געפאַר! באָרוך האָט זיך פאַרמאָסטן מיך אומצוברענגען!“ — „וועלכער באָרוך?“ — האָב איך אויסגעפּליסטערט, האַגאַם איך האָב גוט געוווסט, ווער דאָס איז, און די האָר אָף מײַן קאָפּ האָבן זיך אופגעשטעלט פאַר פּאַכעד. — „דײַן כאַווער באָרוך, — האָט די טויב טרויעריק געענטפערט. — באָרוך בען מיכאָעל, באָרוך פון אַמסטערדאַם! ראַטעווע מיך, גאַווריִעל, ראַטעווע מיך!“ די טויב איז פאַרשוווּנדן, און איך בין געבליבן א באַגאָסענער מיט קאַלטן שווייס. סעניאָריטע, איך האָב א הייליקע שליכעס צו דערפילן! כ׳בין דער שאַליִעך פון דער קנעסעס־יִסראָעל!

ר אָ כ ל (מיט פאַראַכטונג). איר זײַט א מאָסער, סעניאָר גאַווריִעל!

ג א ו ו ר י ע ל (פאַרביטערט). א מאָסער! איר זאָלט אזוינס זאָגן! איר, אַן אייניקל פון ראַבי יעהוישוע! פאַר וועמען האָב איך דען גערעדט — פאַר גאַיִם?! צו די סעניאָרן ראַבאָנים געגאַנגען, צום הייליקן בעסדן, דעם עמעס דערציילט, געבעטן ראַכמים פאַר דער אומשולדיקער טויב, דער קנעסעס־יִסראָעל! (און פּלוצלינג לײַדנשאַפטלעך.) באָרוך איז ניט קיין ייִד, סעניאָריטע! ער איז

מער ניט קיין ייִד! פאַרוואָס איז ער אוועק פון בעסמעדרעש?! פאַרוואָס פאַרקערט ער ראַק מיט גאָיִם?! פאַרוואָס לערנט ער די גאַלאָכים־שפּראַך?! פאַרוואָס שטעקט ער אָן אופהער אין זייערע טרייפענע ספאָרים?! איך האָב פערציק טעג געפאַסט — פערציק טעג! — קעדייִ דער אייבער־שטער זאָל זיך אָף מיר מעראַכעם זײַן און אויסמעקן פון מײַן זיקאָרן די שפּראַך פון רוים, וואָס מע האָט, צו מײַן גרויסן אומגליק, געהאַט אַרײַנגעהאַקט אין מײַן קינדערשן מויעך! און ער — ער לערנט פלײַסיק דאָס לאָשן פון דער טומע!

ראָכל. פיל סעניאָרן ראַבאָנים ריידן און שרײַבן לאַטײַן!

גאַווריִעל. איז עס טאַקע אַן אוולע! אַן אווייִרע! זיי אָבער האָבן כאָטש די שפּראַך געלערנט אַמאָל. הײַנט איז עפּעס אַנדערש! הײַנט איז די צײַט פון ביִאַת־המשיח![1] די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז מאָשיִעך איז נאָענט! מיר זײַנען שוין דער לעצטער גאָלעס־דאָר, דער לעצטער! דאַרפן מיר ראָע זײַן צום גרויסן נעס! (און האַכנאָעדיק.) אויך אײַך וויל איך מאַצל זײַן, סעניאָריטע.

ראָכל. מיך?! (זי צעלאַכט זיך.) קאָן מען וויסן — פון וועמען?! פון וואָס?!

גאַווריִעל. פון גענעם! פון שמאַד, כאָלילע! ווייסט איר, סעניאָריטע, אַז איר זײַט די מאַלקע־שאַבעס, מײַן מאַלקע־שאַבעס?!

ראָכל (שטרענג). סעניאָר גאַווריִעל, איך האָב אײַך פריִער שוין געזאָגט און זאָג אײַך נאָך־אַמאָל: בלײַבט ניט מער דאָ!

גאַווריִעל. איך וועל בלײַבן! איך מוז בלײַבן! איר מוזט עס וויסן! מײַן מאַלקע־שאַבעס זײַט איר, ראָכל! אין דער הייליקער שטאָט צפאַס, בייס איך פלעג פריִיטיק פאַרנאַכט, מיט אַלע טאַלמידים צוגלײַך, אַרויס אָפן פעלד מקבל שבת[2] זײַן מיט פרייד און געזאַנג און ס׳פלעגט אונדז קומען אַנטקעגן די מאַלקע־שאַבעס, אויסגעצירט אין גאָלד, מיט אַ ליכטנדיקער קרוין פון זונען־שטראַלן אַרום קאָפּ, האָט זי טאָמיד געהאַט אײַער געשטאַלט, ראָכל, אײַער געזיכט!

ראָכל. איר זײַט אַראָפּ פון זינען, גאַווריִעל! איך פאַרבאָט אײַך צו ריידן אַזוי!

גאַווריִעל. איר זײַט עס געווען! איך שווער בא מײַן לעבן — צו אײַך האָב איך גע־שטרעקט מײַנע אָרעמס! צו אײַך האָב איך געזונגען: לכה דודי לקראת כלה![3]

ראָכל. שווײַגט, גאַווריִעל! איך וויל אײַך מער ניט זען! כ׳וויל אײַך מער ניט הערן!

גאַווריִעל (לײַדנשאַפטלעך). פאַרוואָס האָט איר זיך פאַרקנאַסט צו באָרוכן?! וואָס פאַר אַ קישעף האָט ער אײַך אָפּגעטאָן?! פאַר מײַן אוועקפאָרן קיין צפאַס פלעגט איר טאָמיד מיך באַגע־גענען מיט לײַטזעליקײַט, ווען איך פלעג קומען צו ראַבי יעהוישוע. אַלע טאַלמידים פון ראַבי יעהוישוע האָבן געוווּסט, אַז איר זײַט מײַן באַשערטע, און האָבן מיר מעקאַנע געווען. אויך איר האָט עס געוווּסט!

ראָכל. ס׳איז ניט עמעס! איר זאָגט ליגן!

גאַווריִעל. פאַרוואָס האָט איר מיך פאַרגעסן, ראָכל?! איז דאָס דער סכאַר פאַר פּאָרן טויזנט לערנען קיין ערעץ־ייִסראָעל, פאַרן טרינקען פונעם קוואַל פון דער הייליקער קבלה?![4] ראַבי יעהוישוע האָט באָרוכן די טנאָיִם אָפּגעשיקט. איר וועט באָרוכן אַרויסרײַסן פון אײַער האַרץ! איר וועט אים פאַרטרײַבן, פאַרשילטן, פאַרשפײַען אים! מיינט איר טאַקע, ער ליבט אײַך עפּעס?!

ראָכל (שאַרף). דאָס גייט אָן בלויז מיך און ניט קיינעם!

גאַווריִעל. ליבע איז — קאָרבן! קאָרבן פון גוף און נעשאָמע! און ער — וואָס?! ניט זיך, נאָר אײַך וויל ער מאַקריוו זײַן! ער האָט אײַך פאַרנאַרט אין זײַן נעץ מיט קישעף, מיט טומע־דיקער שוואַרץ־קינצלערײַ! איך וועל אײַך אַרויסרײַסן פון דער נעץ! ראָכל, איך קען השבעות,[5] וואָס זייער מאַכט איז אומבאַשרײַבלעך! איך קען צירופים,[5] וואָס זײַנען בעקויִעך כאָרעוו צו מאַכן די וועלט!

ראָכל (קוקט אים אָן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן). גאַווריִעל!

גאַווריִעל. איר זײַט מײַן מאַלקע־שאַבעס, ראָכל! אונדזערע ביידנס נעשאָמעס זײַנען צוויי כאַלאָקים פון איין אייביקער גאַנצקײַט, באַשטימט צו באַהעפטן זיך פון אַלע אייביקײַטן און אָף אַלע אייביקײַטן! אין צפאַס נאָך האָב איך אין כאַלעם געזען: אין אַלע פריִערדיקע גילגולים אונדזערע זײַנען מיר טאָמיד געווען מאַן און ווײַב, צונויפגעשמאָלצענע אין ליבע, ווי אין פײַער! איר זײַט מײַן באַשערטע, ראָכל!

ראָכל (אַ דערשיטערטע). וואָס ווילט איר פון מיר?! פאַרוואָס מאַטערט איר מיך?! גייט אוועק פונדאַנען!

---

[1] ביִאַס־האַמאָשיִעך — פון מאָשיִעכס קומען; [2] מעקאַבל־שאַבעס זײַן — באַגעגענען שאַבעס; [3] לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלע — אַ פראַזע פון אַ שאַבעס־טפילע; [4] קאַבאָלע — מיסטישע לערע; [5] האַשבאָעס, צירופים — מיס־טישע אויסדרוקן אין זין פון שוואַרץ־קינצלערײַ.

גאוריִעל. מײַן באַשערטע, יאָ! אַזוי איז, פון עולם ועד[1], אין די מאַזאַלעס פאַרשריבן! אין אַלע אײבערשטע גלגלים![2] ניט איר, ניט איך קאָנען זיך קעגנשטעלן! ראָכל, אַף געטלעכער ליבע רוט די וועלט! מיט אונדזער באַהעפטונג גרייכן מיר צו די יסודי־עולם[3] און פאַרקערן מיט דער שכינה[4] אַליין! איר טאָרט מיך ניט אָפּשטויסן, ראָכל! (ער שטעלט זיך פאַר איר אַף די קני.) אַט, אַרום אײַער קאָפּ זע איך אופלויכטן אַ קרוין! דאָס איז די קרוין פון מאַלקע־שאַבעס!

ראָכל (ציט זיך צוריק, פליסטערט מיט פּאַכעד). הערט אוף! הערט אוף!

גאוריִעל. די גאָלדענע שטראַלן פון ליבע! דער אָפּגלאַנץ פון כּבֿיכול[4] אַליין!

ראָכל. איך בעט אײַך! גייט אַרויס!

גאוריִעל (שטיל). שטויסט מיך ניט אָפּ, ראָכל!

די טיר האָט זיך פּאַמעלעך געעפנט; ס'באַווײַזט זיך ראַבי יעהוישוע; ער בלײַבט אַ ווײַלע שטיין פאַרגאַפט; ראָכל באַמערקט אים פּלוצלינג און שרײַט אויס.

ראָכל. זיידע!

גאוריִעל (שטעלט זיך אוף און — מיט האַכנאָע). רעבע!

יעהוישוע (צו ראָכלען). גיי, קינד, גיי אַרײַן צו דיר אין כיידער.

ראָכל. כ'גיי, זיידע. (זי גייט שנעל אַרויס.)

גאוריִעל (מיט אַ ציטערדיק קאָל). רעבע... איך בעט אײַך מעכילע, רעבע...

יעהוישוע (ניט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט, זעצט זיך באַם טיש, עפנט אַ סייפער).

גאוריִעל. רעבע, איך האָב ראָכלען ליב! מיט דער לויטערער ליבע פון אונדזערע אָוועס! איך וויל ראָכלען פאַר אַ ווײַב! כ'וויל זי אַרויסרײַסן פון די נעגל פון דער טומע! (און אַזויווי ראַבי יעהוישוע שווײַגט קעסיידער, ווי פאַרטיפט אין סייפער, שרײַט ער אויס.) דער רעבע האָט פון טאָמיד אָן באָרוכן ליבער געהאַט פאַר מיר! איצט זעט שוין דער רעבע, צו וואָס דאָס האָט געבראַכט! (ער באַהערשט זיך און — שוין מיט האַכנאָע.) איך בעט מעכילע, רעבע... פאַר אופּהייבן דאָס קאָל... איך בעט מעכילע... (פּויזע.)

יעהוישוע (פּאַמעלעך). און צוליב דעם, גאוריִעל, צוליב דעם האָסטו עס אַזוי געײַפערט אין דײַן אײדעס־זאָגן קעגן באָרוכן?

גאוריִעל. רעבע, איך שווער בא גאָט: אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט, איז קאָשער עמעס! גלייבט דער רעבע ניט מײַן שוווּע?!

יעהוישוע. איך גלייב, גאוריִעל... איך גלייב.

גאוריִעל. די סטרא אחרא[5] איז ער! אַשמעדײַ אַליין! ער וועט זיך שמאַדן, רעבע! און אויב מע וועט ניט אַכטונג געבן, וועט ער, כאָלילע, צום אומגליק ברענגען נאָך אַ נעפעש! אַן אומשולדיקע ייִדישע טאָכטער וועט ער פירן צום שמאַד! זאָל דער רעבע געדענקען מײַנע רייד!

יעהוישוע (שטרענג). וואָס מייַנט עס צו זאָגן, גאוריִעל?!

גאוריִעל. זיי טרעפן זיך, רעבע! נאָך הײַנט באַטאָג איז ראָכל בא אים געוועזן.

יעהוישוע. פונוואַנען ווייסטו עס?!

גאוריִעל. כ'בין אַף דער וואַך, רעבע! איך פאָלג אים נאָך, ווי אַ שאָטן. כיירעם איז ווייניק פאַר אים!

יעהוישוע (שטיל). גיי, גאוריִעל, גיי מיט גאָט. מיר וועלן זען.

גאוריִעל. איך גיי, רעבע. זאָל דער רעבע מיר מויכל זײַן. אַ גוטן־טאָג, רעבע. (גייט אַרוים.)

יעהוישוע (אַליין). זיי טרעפן זיך... וועט מען אויסרופן דעם כיירעם — ווייסט איין גאָט, וואָס זי וועט טאָן... (פּויזע.) אוי, שווער איז דער אָל פונעם פאַסטעך, שווער! צו וואָס זײַנען מיר דען געגליכן? צו אַ סטאַדע שאָף, וואָס בייזע וועלף זוכן צו פאַרצוקן. יעדעס שעפעלע איז טײַער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אָבער ווען איינס ווערט, נעבעך, שלאָף און אַ מאַגייפע דראָעט דער גאַנצער טשערעדע, וואָס איז דאַן דער כיווו פונעם גוטן פאַסטעך, פונעם ראַכמימדיקן פאַסטעך? אַפילע ווען דאָס קראַנקע שעפעלע איז זײַן ליבסט קינד? (ער פאַרטראַכט זיך, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ.)

פּויזע; ס'עפנט זיך די טיר; באָרוך באַווײַזט זיך און בלײַבט שטיין.

באָרוך (שטיל). רעבע!

יעהוישוע (הייבט ראש אוף דעם קאָפּ). באָרוך?! וואָס טוסטו דאָ, באָרוך?!

באָרוך (האַכנאָעדיק). אויב דער רעבע וועט ניט געבן קיין רעשוס, וועל איך אַרויסגיין...

---

[1] אוילאָם וואָעד — פון אייביקע צײַטן; [2] גאַלגאַלים — הימל־קופּאָלן; [3] יעסוידוי־אוילאָם — די זײַלן פון דער וועלט; [4] שכינע, קאַוואיאָכל — גאָט; [5] סיטרע אכרע — יענע זײַט, די הערשאַפט פון טײַוול.

יעהוישוע (וואקלט זיך א רעגע). בלײַב, באָרוך! בלײַב. קום נעענטער. (באָרוך גייט צו.) זעץ זיך, באָרוך!

באָרוך. א דאנק, רעבע. איך וועל שטיין.

יעהוישוע. האָסט מיר עפּעס וואָס צו זאָגן? רייד!

באָרוך. רעבע, פארוואָס וויל מען מיך פארשטויסן פון יִדישקײַט?! פארוואָס גייט מען איבערמאָרגן מיך מחרים[1] זײַן?! איך בין אומשולדיק, רעבע!

יעהוישוע (שטיל). פונקט ווי הויך עס איז די בכינע פונעם באַל־טשווע, באָרוך, אזוי ביטער איז צום פאראקשנטן באַל־אווירע, וואָס וויל ניט זען אפילע די לאסט פון זײַנע זינד. דו ביסט געווען מײַן טאַלמיד, באָרוך. מײַן ליבסטער טאַלמיד. כ'האָב געהאָפט, וועסט אויסוואקסן א גדול בישראל[2]. וועסט זײַן דער שטאָלץ פון דער קעהילע אמסטערדאם... און דער מאן פון מײַן קינדס יעסוימע... מײַן אייגן קינד... (פויזע; ער שטעלט זיך ראש אוף און מיט א הארב קאָל.) איז מיט וואָס האָסטו מיר אָפּגעדאנקט, באָרוך?! מיט בושע אַף מײַן אלטן קאָפּ?! גייסט זיך שמאדן?!

באָרוך (דערשיטערט). רעבע! ס'איז א בילבל! א בילבל!

יעהוישוע (קוקט אים א לאנגע ווײַלע אין די אויגן ארײַן). זאָגסט עמעס, באָרוך?

באָרוך. באם זיקאָרן פון מײַנע עלטערן, אלייעם־האשאָלעם, שווער איך אײַך, רעבע: קיינמאָל, קיינמאָל איז אזוינס מיר אפילע אפן ראַיען ניט געקומען!

יעהוישוע. און וועט, כאָלילע, ניט קומען?

באָרוך. קיינמאָל, רעבע! זאָל מיר צוגעקלעפּט ווערן די צונג צום גומען, אויב איך זאָג ליגן!

יעהוישוע (זעצט זיך צוריק, א ביסל באַרוּיקט; מורמלט). איידעס האָבן אופגעוויזן: האָסט אפּיקאָרסישע מאכשאָוועס...

באָרוך. רעבע, איז דען ניט דער דין — שטראָפן זאָל מען פאר מײַסים בלויז און ניט פאר מאכשאָוועס?! זעט, רעבע, דאָס פאָלק, צווישן וועלכן מיר לעבן: ניט בלויז דער דענקער, נײַערט יעדער פּאָשעטער מענטש פון האמוין קאָן זוכן דעם עמעס אַף זײַן אויפן! און אפילע אויב עס קרייצן זיך געדאנקען, ווי די שווערדן, הערט מען דען אוף צו זײַן קינדער פון איין פאָלק?!

יעהוישוע (שמייכלט). ביסט טאָמיד דער זעלבער, באָרוך: פרעגסט, פרעגסט און פרעגסט... קעסיידער אין אומופהערלעכן ברען. מיינסט, דער מענטשלעכער געדאנק קאָן זיך אופהייבן העכער ווי דער הימל...

באָרוך. העכער, רעבע! אין יעדן אופבליץ פון מענטשלעכער מאכשאָווע איז גאָט פאראנען!

יעהוישוע (טרויעריק). נישט בלויז מאכשאָוועס ווערן דיר פאָרגעוואָרפן, אויך מײַסים.

באָרוך. וועלכע, רעבע?!

יעהוישוע. פירסט זיך ניט ווי א ייִד. ביסט ניט פרום.

באָרוך. רעבע, צי דען האָט איר אליין מיך ניט געלערנט, אז דער הייליקסטער פון אלע געטלעכע געבאָטן איז: זאָלסט ליב האָבן דײַן כאווער, ווי זיך אליין, און נאָך מער ווי זיך אליין?! איך פאָלג דעם געבאָט, רעבע! מײַן נעשאָמע איז פול מיט ליבע צו גאָט און צו מענטשן! דאָס איז עמעסע פרומקײַט, רעבע, ערלעכע, פונעם טיפן הארצן.

יעהוישוע (נאָך א קורצער פויזע). ס'ווערט דיר פאָרגעוואָרפן נאָך — כאווערסט זיך צופיל מיט קריסטן.

באָרוך. עמעס, רעבע, איך האָב קריסטלעכע פרײַנט. אָבער צי כאווערן זיך ניט מיט קריסטן אויך אנדערע אין יאָדנבורט?! און דאפקע ווער — די סעניאָרן פארנייסים פאראָ, דע פינעדאָ, אבארבאנעל, און וויפל נאָך?!

יעהוישוע. דו ווייסט וויל, אז דאָס איז ניט מער, ווי פרײַנטשאפט פון מיסכער, פון שוטפעסדיקע געשעפטן.

באָרוך. הייסט עס, רעבע, מײַן אײנציקער כעט איז, וואָס, בייס די סעניאָרן פארנייסים ריידן מיט זייערע פרײַנט די שפראך פון מיסכער און גאָלד, רייד איך מיט מײַנע פרײַנט די שפּראך פון עמעס און פרײַהײַט?! דערפאר — און בלויז דערפאר — קומט מיר כיירעם?!

יעהוישוע (שמייכלט אומעטיק). צי דו לערנסט נאָך א בלאט געמאָרע יעדן טאָג, וועל איך ניט אָרעוו זײַן, אָבער ווי צו פארענטפערן א שײַלע מיט א צווייטער שײַלע — האָסטו, זע איך, דערווײַל ניט פארגעסן. (ערנסט.) עס גייט אָבער ניט אין א וויקועך וועגן „אמר אביי"[3], באָרוך, ס'גייט וועגן דיר, וועגן דײַן גוירל!

באָרוך. רעבע, מײַנע קריסטלעכע פרײַנט זײַנען ערלעכע, גאָטספאָרכטיקע לײַט! דאָס זײַנען מענטשן, וואָס שטרעבן צום עמעס מיטן גאנצן נעפעש און זײַנען גרייט פארן עמעס און

---

[1] מאכרים זײַן — ארײַנוואַרפן אין כיירעם; [2] א גאָדל־בעיִסראָעל — א גרויסער מענטש בא ייִדן; [3] אָמאר אבײַע — א פראזע פון טאַלמוד (געמאָרע).

פאַר דער פרייַהייַט זיך מאַקריוו צו זייַן! איז ניט רעכט צו פירן פרייַנטשאַפט מיט אַזעלכע?! צי־האָט איר ניט אַליין געלערנט, רעבע: די ליבע צו דייַן כאַווער שפרייט אויס אַף יעדן בען־אָדאָם, אַפן גאַנצן מענטשלעכן מין, קעדיי ס׳זאָל אָפּגעווישט ווערן די מעכיצע צווישן מענטש און מענטש?!

יעהוישוע. ביסט יונג, באָרוך. באַנעמסט נאָך אַ סאַך זאַכן ניט. און ביסט ווי פאַרשיקערט פון פרעמדע טוירעס.

באָרוך. פאַרוואָס פרעמדע, רעבע?! פאַרוואָס זאָלן מעגן זייער און ציכטן די קערנער פון פאַרנונפט אַלע אומעס — אויסער אונדז?! איך בין יונג, עמעס. אָבער ס׳איז איצט יונג אַף דער וועלט, רעבע! עס יוירט און עס ברויזט און עס שפּראָצט אומעטום די מענטשלעכע מאַכשאָווע! זאָלן מיר אַליין בלויז בלייבן אייַנגעשלאָסן און פאַרגליווערט אין דער האַרטער, טרוקענער קאָרע פון דוירעס?!

יעהוישוע. מיר זייַנען אַן אַלט פאָלק, באָרוך. בייס אַ סאַך פון די הייַנטיקע אומות העולם[1] האָבן נאָך אַף ביימער געקלעטערט, געגליכן צו כייעס־ראָאָס, האָבן מיר שוין געזאָגט: „לא תרצח“[2].

באָרוך. רעבע, דער עלטסטער דעמב, אַז עס קומט דער פרילינג, צעבליט ער זיך און גיט אַרויס יונגע קנאָספּן. אויב ניט — איז ער טויט! איז דען אַ זינד צו וועלן ברענגען אין יאַדנבורט דעם אָטעם פון פרילינג?! איז דען, כאַלילע, פאַראַן אַ סטירע צווישן פרילינג און יידישקייַט?! זעט, רעבע, כ׳בין זיך מיסוואַדע פאַר אייַך, ווי פאַר אַן אייגענעם פאָטער. און אפילע פאַר מייַן פאָטער, אַלעוו־האַשאָלעם, האָב איך קיינמאָל אַזוי ניט געעפנט דאָס האַרץ. מע טאָר מיך ניט פאַרשטויסן, רעבע! אפילע אויב איר האַלט, אַז מייַנע דראָכים זייַנען פאַלש, דאַרפט איר וויסן, אַז מייַנע קאַוואָנעס זייַנען ריינע. איך בין אַ קינד פון יאַדנבורט! מיטן גאַנצן וועזן פיל איך זיך געבונדן צו מייַן שטאַם. אָפּגעריסן, כאַלילע, פון מייַן שטאַם, וועל איך זייַן ווי אַן אייווער אָן אַ גוף. רעבע, זעט, מע זאָל מיך ניט פאַרשטויסן! דערלאָזט ניט צום כיירעם, רעבע, דערלאָזט ניט!

יעהוישוע (נאָך אַ פויזע). בעסדן וויל אַ סימען־כאַראָטע.

באָרוך. וואָס, רעבע?! וואָס דאַרף איך טאָן?! זאָגט, כ׳וועל אייַך פאָלגן!

יעהוישוע (טראַכט אַ ווייַלע). אויב דו וועסט אַלע טאָג — אַלע טאָג! — קומען אין שול...

באָרוך (רייַסט אים איבער). ניין, רעבע! זאָל דער רעבע מיר מויכל זייַן — ס׳איז ניט מעגלעך! דאָס וואָלט געוועזן צוויִעס — און איך פאַרטראָג ניט קיין צוויִעס! (שטילער.) איך קאָן קומען פון צייַט צו צייַט... כ׳בין דאָך ניט לאַנג צוריק אויך געווען אין שול, רעבע. אפילע אָן אַליִע געהאַט און מענאַדער געווען.

יעהוישוע (מיט אַ שמייכל). ניט לאַנג הייסט עס באַ דיר! ס׳איז געווען שאַבעס־כאַנעקע, איך געדענק גוט. און הייַנט האָבן מיר שוין באַלד טישעבאָוו.

באָרוך. כ׳וועל קומען אָפּטער, רעבע.

יעהוישוע. ניין. ס׳איז ניט גענוג. (ער טראַכט.) וועסט מוזן מעוואַטער זייַן אַף דייַנע קריסטלעכע פרייַנט.

באָרוך. וואָס הייסט, רעבע?!

יעהוישוע. וועסט מוזן צוזאָגן מער ניט צו טרעפן זיך מיט דייַנע קריסטלעכע פרייַנט, ניט האָבן מיט זיי קיין שום מאַגע־אומאַסע.

באָרוך. רעבע, דאָס איז אויך ניט מעגלעך!

יעהוישוע (שטעלט זיך אויף). דאָס אויך ניט?! הייסט עס, דו ווילסט זייַן אין אַלץ דער גערעכטער — קעגן בעסדן און קעגן קאָהאָל?! בלייַבסט פאַראַקשנט, ווי געווען?! מיך בעטסטו דיך מאַצל זייַן און אַליין ווילסטו אַף גאָרניט פאַרבייגן?! זאָגסט, דו וועסט מיך פאָלגן און אַף אַלץ ענטפערסטו ניין?! פאַרגעסט, אַז דו שטייסט באַם סאַמע ראַנד פון אָפּגרונט?! אָדער עפשער ווילסטו, איך זאָל דיך אויך פאַרשילטן?!

באָרוך (פאַרלוירן). רעבע... זייַט מיר מויכל, רעבע... איך ווייס ניט, וואָס צו טאָן... איך ווייס ניט, וואָס איך רייד... (פויזע; יעהוישוע האָט זיך צוריקגעזעצט.) רעבע, אויב איך זאָל צוזאָגן ניט צו טרעפן זיך מער מיט מייַנע פרייַנט... אַף ווי לאַנג וואָלט איך געדאַרפט...?

יעהוישוע (שטיל). פרעג ניט, ווי לאַנג. איך פרעג דיך אויך ניט.

באָרוך. אויב אַזוי... זאָג איך צו, רעבע! איך זאָג צו!

יעהוישוע. קאָן איך, אין דייַן נאָמען, מוידיע זייַן, אַז דו גיסט דייַן וואָרט?

באָרוך. יאָ, רעבע. איך גיב מייַן וואָרט.

---

[1] אומעס־האָוילאָם — פעלקער פון דער וועלט; [2] לוי סירצאַך — אַ פראַזע פון די אַסערעס־האַדיבערעס (צען געבאָטן גאָטס). דער טייַטש: זאָלסט ניט הארגענען קיין מענטשן.

י ע ה ו י ש ו ע. ווער עס איבערכאזערן פארן בעסדן?

ב אָ ר ו ך. יאָ, רעבע, כ׳וועל איבערכאזערן.

י ע ה ו י ש ו ע. גיי איך גלײַך צו ראבי שאָולן. דו לויף אין בעסדן.

ב אָ ר ו ך. א דאנק, ר׳עבע. א גוטן־טאָג, רעבע. א דאנק. (ער גייט צום ארויסגאנג.)

י ע ה ו י ש ו ע. באָרוך!

ב אָ ר ו ך (שטעלט זיך אָפּ). יאָ, רעבע?

י ע ה ו י ש ו ע. טרעפסט זיך מיט ראָכלען, באָרוך? (באָרוך לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ, שווײַגט.) זי איז היינט בא דיר געוועזן?

ב אָ ר ו ך (שטיל). יאָ, רעבע. זי איז געוועזן צוגאסט בא סעניאָרא מאנועלא.

י ע ה ו י ש ו ע. איז ווי האלטסטו, באָרוך? ס׳איז רעכט אזוי? איך האָב דיר אָפּגעשיקט די טנאָים, און דו טרעפסט זיך מיט איר, אָן מײַן וויסן? פײַן אזוי?

ב אָ ר ו ך. כ׳ווייס ניט, רעבע... זאָל מיר דער רעבע פארצײַען...

י ע ה ו י ש ו ע. און ניט צו טרעפן זיך מיט ראָכלען — קאָנסטו מיר צוזאָגן? (באָרוך שווײַגט, מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.) ווערסט צוזאָגן, באָרוך? (ער שווײַגט אלץ.) זאָל איך באפוילן, דו זאָלסט מיר געבן דײַן וואָרט, הא?! ענטפער, באָרוך!

ב אָ ר ו ך (שטיל). ווי דער רעבע וועט הייסן. (פויזע.) א גוטן־טאָג, רעבע! (ער גייט ארויס.)

ר אָ כ ל (קומט ארײַן). זיידע!

י ע ה ו י ש ו ע. יאָ, מײַן קינד?

ר אָ כ ל. מיך באשולדיק! מיך אליין! באָרוך זאָגט עמעס! ער איז ערלעך, ווי דער טאָג! ניט ער איז מיר נאָכגעלאָפן! האָט ער געדארפט עפשער מיך ארויסטרײַבן, ווען איך קום צו סעניאָרא מאנועלא?! זיידע, באָרוך איז אומשולדיק! איך האָב אים ליב! דו האָסט די טנאָים אָפּגעשיקט, זיידע, אָבער איך האָב אים ליב! אויב ער וועט ווען, איך זאָל מיט אים כאסענע האָבן, וועל איך טאָן זײַן ווילן! אויב מע וועט אים מאכרים זײַן, וועל איך גיין מיט אים צוזאמען! און אויב עמעץ וועט וועלן מיר שטערן...

י ע ה ו י ש ו ע (קוקט זי אָן, פארוואונדערט). אָבער, קינד מײַנס...

ר אָ כ ל (צעוויינט זיך). כ׳וועל זיך דאָס לעבן נעמען! איך... איך — וועל זיך שמאדן!.. (זי אנטלויפט, שלוכצענדיק.)

י ע ה ו י ש ו ע (אליין). גאָט אין הימל! ניט בלויז די קעהילע־קדוישע ניט אײַנגעהיט, נאָר אפילע ניט דאָס אייגענע הויז... האָב ראכמאָנעס, ריבוינע־שעל־אוילעם, האָב ראכמאָנעס!..

פ אָ ר ה א נ ג

ב י ל ד צ ו ו י י

אין בעסדן־שטוב. ע נ ר י ק ע ז און ב אָ ר ו ך.

ע נ ר י ק ע ז (קוקנדיק אין די קוליסן). זיי באראטן זיך נאָך אלץ! דאָס הייסט א יִשעוו־הא־דאס!.. (צו באָרוכן.) עס ציט לאנג זיך דיר די צײַט, וואָס?!

ב אָ ר ו ך. יאָ, סעניאָר ענריקעז, זייער לאנג.

ע נ ר י ק ע ז. כ׳מיין, די זאך איז ניט אזוי פאָשעט! (ער שאָקלט מיטן קאָפּ.) אײַ, באָרוך, באָרוך! וויאזוי גאָר האָסטו געקאָנט דערפירן צו דעם, פרעג איך דיך!

ב אָ ר ו ך. איר אויך האָט אף מיר פאריבל, סעניאָר ענריקעז?

ע נ ר י ק ע ז. צי איך האָב פאריבל?! אוודע האָב איך פאריבל! אלע האָבן פאריבל! און די, וואָס האָבן נישט פאריבל, האָט מען טאקע אף זיי פאריבל — לעמײַ זיי האָבן קיין פאריבל ניט! א שײַלע א ביסל — צי איך האָב פאריבל!.. (ער ברומט עפעס.) ווילסט וויסן דעם עמעס, באָרוך? דיר האָט זיך דער קאָפּ פארדרייט! צופיל שוואָכים אָנגעהערט זיך! האָסט פארגעסן, אף וואָס פאר א וועלט דו ביסט! און דאָס איז די ערגסטע צאָרע! נעם מיך, אשטייגער, — איך האלט קאָפּ! ווער בין איך — א גאבע, א פארנעס?! א בעסדן־שאמעס בין איך — אָט ווער איך בין!.. (ער ציט מיט די אקסלען.) פאריבל, זאָגט ער! (ער ברומט עפעס.) ווען דו וואָלסט אָבער געקומען צו די סעניאָרן ראבאָנים מיט עמעסער אונטערטעניקײַט, מיט א געבויגענעם קאָפּ...

ב אָ ר ו ך. איך קום דאָך מיט א געבויגענעם קאָפּ, סעניאָר ענריקעז!

ע נ ר י ק ע ז. ווען — איצט?! שפּעט שוין! זייער שפּעט! צו שפּעט עפשער! עמעס, בעסער שפּעטער, איידער קיינמאָל ניט. (ער קוקט ווידער אין די קוליסן.) שוין, דוכט זיך. יאָ, פארענדיקט. אָט גייט ראבי אזאריאָ מיט צווי פארנייסים. (ער רופט אויס פײַערלעך.) די סעניאָרן פון בעסדן!

ס׳קומט אַרײַן ר א ב י  א ז א ר י אָ, נאָך אים גייען  צ ו ו י  פ א ר נ י י ס י ם; באָרוך האָט זיך אופגעשטעלט.

א ז א ר י אָ. אַ לאַנגער יִשעוו געווען בײַ בעסדן. צו קיין החלטה[1] איז נאָך ניט דערגאַנגען. פיל זאַכן, האַלט מען, זײַנען ניט אינגאַנצן קלאָר. מיר קומען דעריבער עטלעכע פראַגן דיר שטעלן, באָרוך.

ב אָ ר ו ך. איך וועל ענטפערן אָפנהאַרציק און מיט דערעכערעץ, מאָנסיניאָר!

א ז א ר י אָ. מיר ווילן דיך אויסהערן מיט לײַטזעליקײַט. (צו די פּאַרנייסים.) זעצט זיך, ביטע, סעניאָרן. (זיי זעצן זיך אַלע דרײַ צו ענריקעזן.) איר זײַט פרײַ, ענריקעז!

ע נ ר י ק ע ז (פאַרנייגט זיך און גייט אַרויס).

א ז א ר י אָ. ראַבי יעהוישוע האָט געבראַכט פאַר בעסדן אַ יעדיִע, וואָס האָט ביז גאָר דער־פרייט אונדזערע הערצער. דו ביסט מאַסקים, האָט ער געזאָגט, איבערצורײַסן מיט דײַנע קריסט־לעכע פרײַנט און ניט האָבן מיט זיי מער קיין שום מאַגע־מאַסע. אַזוי איז עס, ניט עמעס?

ב אָ ר ו ך (וואַקלט זיך). יאָ, מאָנסיניאָר... דאָס הייסט...

א ז א ר י אָ (רײַסט אים איבער, שאַרף). ס׳איז, הייסט עס, ניט אַזוי?! ראַבי יעהוישוע האָט זיך טויע געווען?! ער האָט דיך שלעכט פאַרשטאַנען?!

ב אָ ר ו ך. ניין, מאָנסיניאָר. ראַבי יעהוישוע האָט מיך גוט פאַרשטאַנען. איך בין בעעמעס גרייט... ניט צו טרעפן זיך... מיט מײַנע קריסטלעכע פרײַנט...

א ז א ר י אָ. וואָס מיינט עס?! ניט טרעפן זיך בלויז — אָדער איבערײַסן ענדגילטיק?! (באָרוך סאָפּעקט.) דו ענטפערסט ניט! גלײַכער, אַז דו שווײַגסט! אַ סימען כאָטש פון אופריכטיקײַט! ביסט, הייסט עס, גרייט צו באַגעגענען זיך זעלטענער אָדער צײַטווײַליק ביכלאַל זיך ניט באַגע־גענען מיט דײַנע פרײַנט?

ב אָ ר ו ך. יאָ, מאָנסיניאָר! יאָ, איך זאָג עס צו!

א ז א ר י אָ. דו זאָגסט צו!.. איך צווייפל ניט אינעם וואָרט פון דעם צוזאָג. בעלי־סאָפּעק איז ער אַ שריט צו כאַראָטע. איין שריט! דער ערשטער! צי האַלטסטו אָבער, אַז דאָס איז גענוג?! (אַ פּויזע; באָרוך שווײַגט.) ראַבי יעהוישוע איז זייער לײַטזעליק צו דיר. ער איז געווען דײַן רעבע. אויך איך בין דײַן רעבע געווען! האָסט עס נאָך, האָפנטלעך, ניט פאַרגעסן?..

ב אָ ר ו ך. כאָלילע, מאָנסיניאָר! (און שטילער.) כאָלילע, רעבע...

א ז א ר י אָ. בײַ מיר האָסטו געלערנט — הלכה![2] דאָס, וואָס איז דערלויבט, און דאָס, וואָס איז פאַרבאָטן. די אַמאָליקע רוימער פלעגן זאָגן: דאָס געזעץ איז שטרענג, אָבער ס׳איז געזעץ! עמעס, אונדזער געזעץ איז געבויט אויף לויטער ראַכמים. עס שטייט פונדעסטוועגן געשריבן: כרחם אב על בנים[3] — ראַכמימדיק ווי אַ פאָטער צו זײַנע קינדער... ווי אַ פאָטער, און ניט ווי אַ מוטער! ווײַל, ווי פויל עס זאָל ניט זײַן מיט ראַכמאָנעס אַ פאָטערס האַרץ — מוז ער שטראָפן! אויב ניט, איז ער ניט ראָיע צו זײַן אַ פאָטער! דו טײַנעסט: ביסט אומשולדיק.

ב אָ ר ו ך. יאָ, מאָנסיניאָר! איך בין אומשולדיק! כ׳זאָג עס פון טיפן האַרצן!

א ז א ר י אָ. אַנטשולדיק! דאָס דאָזיקע וואָרט האָט ניט קיין זינען! אומשולדיק — אין וואָס?! לעגאַבע וואָס?! לעגאַבע וועמען?! אַגעוו, דער, וואָס האַלט זיך פאַר אומשולדיק, קאָן דען אויף אַן עמעס כאַראָטע האָבן, טשוווע טאָן?! און דאָס דאַרפסטו דאָך וויסן: ס׳איז ניט פאַראַן קיין מער אָפּ־שטויסנדיקער נעפעש, פאַר גאָט און פאַר לײַט, ווי אַ פאַלשער באַל־כאַראָטע, ווי אַ פאַרשטעלטער באַל־טשוווע.

ב אָ ר ו ך. מאָנסיניאָר... איך וועל טאָן אַלץ... אַלץ... קעדיי ס׳זאָל קיין כיירעם ניט זײַן!..

א ז א ר י אָ. דאָס געדולד פון בעסדן איז געווען אומענדלעך! מיר האָבן געהאַט אָן אַ שיר באַווײַזן פון דײַן אַפּיקאָרסעס, אָן אַ שיר באַווײַזן פון דײַנע לעסטערונגען! לעסטערונגען קעגן גאָט, קעגן זײַן הייליקער טוירע, קעגן זײַן אויסדערווײלטן פאָלק! מע האָט דיך ניט געשטראָפט. בעסדן האָט זיך באַנוגנט מיט וואָרענונגען, מיט האַסראָעס אין זכוס פון דײַן פאָטער, אָלאָוו־האַשאָלעם, מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג און דו וועסט אַרויף אויפן דערעך־האַיאָ־שאָר. ס׳איז געווען אַ טאָעס, אַ פאַלשער כעזשבן! אונדזער אייגענע שולד אויך! ניט בלויז איז קיין פאַרבעסערונג ניט געקומען, נאָר דאָס בייז איז געוואָרן נאָך גרעסער, נאָך געפערלעכער! די פאַרדאָרבנקײַט דײַנע פרוווסטו פאַרשפרייטן אַרום זיך!..

ב אָ ר ו ך. מאָנסיניאָר...

א ז א ר י אָ (רײַסט אים איבער, שאַרף). ווועסט ענטפערן, ווען מע וועט דיך בעטן! (אַ פּויזע.) אומשולדיק! דו סאָפּעקסט אין אַלץ! אַלץ פרעגסטו אָפּ! וואָלט עס נאָך עפּשער ניט דאָס ערגסטע

---

[1] האַכלאָטע — באַשלוס; [2] האַלאָכע — דינים (טעאָרעטישער טייל פון טאַלמוד); [3] קעראַכעים אָוו אַל באָנים.

געוועז! גרעסטערע פאר דיר האָבן דאָס זעלבע געטאָן. קיין שום שײַלע איז ניט פארווערט דורך דער הייליקער טוירע! מיט איין טנאַי אָבער: אז די טשוועס זאָלן געזוכט און געפונען ווערן — אין דער טוירע גופע! אַלץ קאָן מען פרעגן, וועגן אַלץ זיך מתוכח[1] זײַן, אָבער — אין אונדזער אייגענעם געצעלט! בלויז אינערהאַלב — דו הערסט?! דו אָבער ביסט אריבערגעטראָטן די שוועל. דײַנע קאַשעס ביסטו געגאַנגען פארענטפערן — ערגעץ אנדערש! מער נאָך, האָסט געפרוווט מיטשלעפּן אין קאַפּעקאַל אומשולדיקע נעפאַשעס. דער קאָס איז לאַנג שוין געווען איבערפולט. איצט איז צוגעקומען דער לעצטער טראָפּן. (פויזע.) וואָס זײַנען עס פארא אסיפעס פון קריסטן, ווו דו קומסט? ענטפער!

ב אָ ר ו ך. צונויפטרעפן פון ערלעכע לײַט, מאָנסיניאָר! פון מענער גלייביקע, פרומע! מע לייענט צוזאַמען — די ביבל. יעדער מענטש, פון יעדער עמונע, ווערט דאָרט אופגענומען ווי א ברודער.

א ז א ר י אָ. אָבער ווער גייט אהין?! בלויז קריסטן־אפיקאָרסים — און דו! אין בעסמעדרעש, ווו דײַנע ברידער זיצן און לערנען, קומט דײַן פוס ניט ארײַן, דערפאר אָבער לויפסטו אף יענע אסיפעס. די ביבל! א פּאַרשע כומעש ווערסטו ניט באַנעמען אנדערש, ווי מיט קריסטן אינײנעם! צום ריכטיקן פּשאַט פון אונדזערע הייליקע ספאָרים קאָנסטו דערגיין בלויז צוזאַמען מיט קריסטן! און וועגן וואָס דאַרשנט מען דאָרט אזוי שיין?..

ב אָ ר ו ך. יעדערער באַמיט זיך דעם עמעס דערגרייכן, מאָנסיניאָר...

א ז א ר י אָ. שיגאָען! וואָס פאר אן עמעס?! ס'איז פאראַן דער עמעס פון דער הייליקער טוירע, דער עמעס, וואָס איז אונדז אנטפּלעקט געוואָרן, אף אלע אייביקײַטן, אפן בארג סינײַ — דער געטלעכער עמעס! און ס'איז אויך פאראַן — דער אנדערער, דער עמעס פון טײַוול, פון אשמעדײַ! דער עמעס, וואָס דינט צו ווארפן אונדז אף די שײַטערהויפנס! אָט צו דעם דאָזיקן עמעס — פון אונדזערע סאָנים! — ציט עס דיך!..

ב אָ ר ו ך. גאָט באַהיט, מאָנסיניאָר! דער איינציקער עמעס, צו וועלכן איך שטרעב מיט מײַן גאַנצן וועזן, איז דער, וואָס וועט זיך אנטפּלעקן און וועלכן ס'וועלן דערקענען אמאָל אלע מענטשן, פון אלע עמונעס, פון אלע פעלקער, אף גאָר דער ערד!

א ז א ר י אָ. אמאָל!.. באחרית הימים[2], וואָס?! אמאָל וועט א וואָלף הויזן מיט א שעפּס און א לעמפּערט מיט א ציגעלע וועט הויערן! דערווײַל אָבער זײַנען פאראַן וועלף און לעמפּערטן — און ס'איז פאראַן דאָס ציגעלע, וואָס ווערט פארצוקט! (פויזע.) ניט גענוג, וואָס דו גייסט אליין אף די אפיקאָרסישע אסיפעס, האָסטו נאָך מיטגענומען אהין, עטלעכע מאָל, צוויי פון דײַנע אמאָליקע כאַווײרים פון דער יעשיווע „אייץ־כאַים“. איז עס עמעס?

ב אָ ר ו ך. יאָ, מאָנסיניאָר.

א ז א ר י אָ. ביידע באָכערים, אַגעוו, האָבן זיך אין אַלץ מוידע געווען. ובכן[3] — צו וואָס האָסטו עס געטאָן?! צו וואָס האָסטו געפרוווט פארדארבן און אראָפּפירן פון וועג צוויי אומשולדיקע נעשאָמעס?! קלער מיר, אדעראַבע, אוף!

ב אָ ר ו ך. מאָנסיניאָר, איך האָב ניט בעדייע געהאַט קיינעם אראָפּפירן פון וועג! איך דערלויב זיך צו זאָגן, איך בעט רעשוס צו זאָגן, מאָנסיניאָר, אז דער פרײַער גאַנג פון דער מענטשלעכער מאַכשאָווע — וואָס איז א נאַטירלעך רעכט און בעמיילע א געטלעך רעכט — קאָן קיינעם און קיין זאַך ניט פארדארבן! איך דערלויב זיך צו זאָגן, אז דער מענטשלעכער סייכל איז די שענסטע פון אלע מאַטאָנעס, וואָס מיר האָבן פון גאָט. איך האַלט... אז דאָס ליכט פון פארנונפט — וואָס איז געטלעך ליכט — דאַרף דערגרייכן אויך צו אונדז. אונדזער יאָדנבורט איז צופיל אײַנגעהילט אין פינצטערניש, מאָנסיניאָר!.. ער איז אײַנגעשלאָסן אין זיך, ווי אן אויסטערן אין זײַנע מושלען! אופוועקן דעם יאָדנבורט דאַרף מען!.. מיר לעבן אין נידערלאַנד, מאָנסיניאָר!..

א ז א ר י אָ (ברעכט אוים). מעשוגאַס!.. שווײַג!.. שווײַג, בן סורר ומורה![4] (א פויזע; ער באַהערשט זיך.) אין נידערלאַנד לעבן מיר, זאָגסטו?! ניין, מיר לעבן ניט אין נידערלאַנד! מיר געפינען זיך אין נידערלאַנד, מיר וווינען אין נידערלאַנד, די דאָזיקע ערד וועלן מיר בענטשן ביז אונדזער לעצטן אָטעם, אָבער דאָסווירקלעכע לעבן אונדזערס — איז ערגעץ אנדערש! מיר לעבן אין א ייִדישער קעהילע־קדוישע, — פון אמסטערדאַם, פון רוים, צי פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, — מיר לעבן אין דער הייליקער בית־ישראל![5] אָ, איך ווייס, דאָס דאָזיקע הויז איז ניט קיין באַקוועם הויז! ס'איז א פעסטונג, א באַלאַגערטע פון אלע זײַטן, א געשטורעמטע אָן אופהער, א פארהונגערטע, א פארסאַרפּעטע, מיט ווענט, פארגאָסענע פון בלוט, — אָבער א פעסטונג, וואָס

[1] מיסוואַקייעך זײַן — פירן א וויקועך; [2] בעאַכרים האַיאָמים — געמיינט: אין מאָשיעכס צײַטן; [3] אוווע־כיין — דעריבער; [4] בען־סוירער־אומוירע — ווידערשפּעניקער זון; [5] בייס־יִסראָעל — געמיינט: צווישן ייִדן.

גיט זיך ניט אונטער! ס׳איז א שיף אן אלטע, אף א ברויזנדיקן יאם, אלע ווינטן שמײַסן ווילד, אלע שטורעמס רײַסן שטיקער, יעדע רעגע קאָן זיך דוכטן: זי גייט אונטער, די שיף, אָבער ניין — זי האלט זיך אלץ אפן וואסער־פלאך! זיכער, איך אנערקען: ס׳איז ניט לײַכט און ניט פריילעך בא אונדז, אין אונדזער הויז. קאָן מען עס פארלאָזן! א סאך זײַנען שוין אוועק. דו קאָנסט נאָכטאָן זייער בײַשפּיל, באָרוך! צו שטארק ציט דיך צום דרויסן. דו האלטסט אין איין פארופן זיך אף געזעצן, וואס זײַנען ניט אונדזערע געזעצן, אף מינהאָגים, וואס זײַנען ניט אונדזערע מינהאָגים. ביסט שוין ניט מער מיט אונדז! די לאַסט פון אונדזער גוירל איז צו שווער פאר דיר. איז עפּשער גאָר לײַכטער, דו זאָלסט אליין, מיטן אייגענעם ווילן, פארלאָזן דאָס אלטע, פארבלוטיקטע הויז.

באָרוך (מיט א ציטערנדיק קאָל). דאָס דאָזיקע הויז איז מײַנס, מאָנסיניאָר...

אזאריאָ. אויב אזוי, דארף מען עס אכטן, באָרוך, מע דארף עס ליב האָבן, פארטיידיקן עס! מע דארף טראכטן ניט וועגן רעכט, נאָר וועגן פליכטן! אזא איז דער גוירל אונדזערער: קוידעם־קאָל און דעריקער — פליכטן! דו האָסט געזאָגט: דער יאָדנבורט פון אמסטערדאם איז אײַנגע־שלאָסן אין זיך, ווי אן אויסטערן אין זײַנע מושלען. וואס געשעט אָבער דעם אויסטערן, ווען מע רײַסט די מושלען אוף?! ער שטארבט! באָרוך, מיר ווילן דיך ראטעווען, אָבער אונדזער אכרײַעס איז גרויס. דער, וואס האלט אין זײַן האנט דעם גוירל פון איין קעהילע־קדוישע, איז גלײַך ווי ער וואָלט אין האנט געהאלטן דעם גוירל פון אונדזער גאנצן פאָלק. אף אונדזער אָרט — און מיט גאָטס הילף וועסטו נאָך זײַן אמאָל אף אונדזער אָרט — וואָלסטו אנדערש ניט גערעדט און ניט געטאָן. ווען א פארברעכער צי א וואנזיניקער פאראקשנט זיך און וויל דאפקע גראָבן אונטער דער פעסטונג אן אונטערערדישן דורכגאנג, קעדיי אויסצוגעבן אים דעם סוינע, אָדער גאָר אונטערזעגן די מאסטביימער פון דער שיף, וואס ראנגלט זיך מיט אלע קויכעס קעגן שטורעם, — דארף מען אים, מוז מען אים צעטרעטן אָן ראכמאָנעס! אזא וועט ווערן פארשאָלטן און אויסגעמעקט פון אונדזער פאָלק אף אלע אייביקײַטן!

באָרוך. מאָנסיניאָר!.. ניין!.. נאָר קיין כיירעם ניט!..

אזאריאָ. טאָ האָב כאראָטע אופריכטיק, עמעסדיק! פון טיפן הארצן!!!

באָרוך (מורמלט). יאָ... יאָ...

אזאריאָ. די טוירע איז דער איינציקער קוואַל, דער איינציקער יעסאָד פון אונדזער לעבן! אויסער איר בלײַבט אונדז גאָרנישט! אלץ אין איר איז הייליק — אָדער קיין זאך אירע איז ניט הייליק! אלץ אין איר איז עמעס — אָדער קיין זאך איז אין איר ניט עמעס! יעדערער דארף פאר זיך באשטימען, אויסוויילן, ענדגילטיק קלאָר זיך מאכן! דו, באָרוך, האָסט דײַן אויסוואל געמאכט?!

באָרוך (מיט א ציטערדיק קאָל). יאָ, מאָנסיניאָר. אלץ איז הייליק!.. אלץ איז עמעס!.. גאָט וווינט אין די הימלען!.. ער זיצט אף א גאָלדענעם טראָן!.. ער גייט, ער שטייט, ער איז אייפּער־זיכטיק...

אזאריאָ. אפילע אויב דו גלייבסט נאָך ניט אין דעם אינגאנצן, רייד און טו, פונקט ווי דו וואָלסט געגלייבט! דאָס, וואס דו טוסט, איז פיל וויכטיקער פון דעם, וואָס דו דענקסט! דאָס בלויזע וואָרט איז א שריט צו עמונע. כאזער איבער, כאזער איבער נאָכאנאנד, און סאָפּקאָלסאָף וועסטו גלייבן אף אן עמעס! כאזער איבער, באָרוך!

באָרוך (ווי פריִער). דער הימל איז פול מיט מאלאָכים און סראָפים! די ערד ווימלט מיט שיידים און רוכעס! מיט מאכשייפעס, מיט גילגולים...

אזאריאָ. גוט.

באָרוך (ווי פריִער, אָבער אלץ שוואכער). דער מענטשלעכער סייכל איז הבל הבלים![1] ס׳איז אומזיניק צו פרעגן, צו זוכן, צו פאָרשן, צו דענקען... (פויזע.)

אזאריאָ. געלויבט איז גאָט! ס׳איז הויך, איין לעשײַער, די מאדרייגע פון אן עמעסן באַל־טשווּוע! און איצטער, באָרוך, פון טיפן הארצן און ערלעך — זײַ זיך מוידע! זײַ זיך מוידע אין דײַנע שטרויכלונגען! זײַ זיך מוידע אין דײַנע פאלשקײַטן! זײַ זיך מוידע אין דײַנע אײַנריידע־נישן, אין דײַן מעשוגאס! זײַ זיך מוידע אין דײַנע זינד, אין דײַנע פארברעכנס!

באָרוך (זײַן קאָפּ בייגט זיך אלץ טיפער, זײַן קאָל ווערט אלץ שוואכער). **יאָ... יאָ... יאָ...** (א פויזע; ער רײַסט זיך פּלוצלינג אוף פון אָרט, שרײַט מיט אלע קויכעס.) **איך בין זיך מוידע אין אלץ!!!** (ער פאלט צוריק אוועק און, זייער שטיל, קוים דערהערבאר.) **אין אלץ...**

פ אָ ר ה א נ ג

---

[1] האוויל האוואלים — גאָרנישט מיט גאָרנישט.

## בילד דריַי

פארן פאָרהאנג: ס׳קומט אריַין גאוורִיעל. נאָך אים — ענריקעז.

ענריקעז. איך בעט איַיך, סעניאָר גאוורִיעל! איך בעט איַיך!

גאוורִיעל. א סאַף, ענריקעז! הערט אוף!

ענריקעז. אופוועקן מיך איגמיטן נאכט! שלעפּן צו אַלדי רוכעס — אין א נעסט פון אויסגעלאסנקייט! שעמען וואָלט איר זיך געדארפט, סעניאָר גאוורִיעל! פאר מיַינע גראָווע האָר זיך שעמען!

גאוורִיעל. אפּן מעשומעד וועט די כארפּע פאַלן, אפּן אשמעדיַי! און אף אַלע די, וואָס שטעלן זיך פאר אים איַין!

ענריקעז. אפילע באנאכט קאָנט איר אים ניט לאָזן צורו!..

גאוורִיעל. אהא! איר פארטיידיקט אים אויך!

ענריקעז. כאס־וועשאָלעם!

גאוורִיעל. דאָס מאָל וועל איך אים כאפּן! כ׳האָב אַליין געזען, מיט מיַינע אויגן געזען, ווי ער איז אריַין אין דעם וויַינשענק „דער גילדערנער הירש״! דאָ קומען זיך צונויף די ערגסטע אפּיקאָרסים, די גרעסטע אויסוואורפן פון גאנץ אמסטערדאם! ער איז דאָ! מער וועט ער זיך ניט ארויסדרייען! איר וועט זיַין אן איידעס, סעניאָר ענריקעז! און איר וועט ברענגען א צווייטן איידעס! כ׳דארף צוויי פאר בעסדן!

ענריקעז. ווו וועל איך איַיך נעמען אן איידעס, אזוי שפּעט באנאכט?!

גאוורִיעל. איר וועט געפינען! איר מוזט געפינען! איר הערט! און טייקעף־אומיאַד! איך שטיי אף דער וואך פארן „גילדערנעם הירש״! גייט שנעל! שנעלער, ענריקעז!

ענריקעז. איַי, ריבוינע־שעל־אוילעם!.. (צו גאוורִיעלן.) אן אוולע פון איַיך, סעניאָר גאוורִיעל! (ער שאָקלט מיטן קאָפּ.) אן אוולע.

זיי גייען ביידע ארויס.

## בילד פיר

אין וויַינשענק „דער גילדערנער הירש״. א פריילעך געפּילדער. בא טישן זיצן געסט און טרינקען. יאַן, דער שענקער, צאפּט ביר פון א פאס. יעטיע, די יונגע שענקערן, שוועבט ארום צווישן בענק און שטולן. בא א זיַיטיקן טיש זיצט באַרוך אַליין.

יאַן (לעצאַנעסדיק). נאָר רויִק, קאמראדן, ניט געלאָפּן!.. לאָזט די צאדיקים אין גנעם שלאָפן!..

די געסט (קלאפּן פריילעך אין די טישן.) א ליד, יאַן! אהער א ליד!

יאַן. ס׳וועט זיַין א ליד אויך, נאָר שטילער, אָן געוואימל!.. די רעשאָים אין גאניידן כאפּן איצט א דרימל!.. (געלעכטער.)

ערשטער גאסט. יעטיע! היי, יעטיע! אויסגיין פון דאָרשט וועלן מיר צוליב איר! א קרוג ביר, יעטיע!

אנדערע געסט. צוויי קרוגן! דריַי! לעבעדיקער!

יעטיע (פריילעך). אָט־אָ שוין, מינהערן! גלַייך באקומט איר ביר! פרישן און שוימענדיקן!

א גאסט. מער שוים, ווי ביר, נאטירלעך!

יעטיע. ווי געוויינלעך, מינהערן, ווי געוויינלעך! (אלגעמיינער געלעכטער.)

צווייטער גאסט. בורגונדער, יעטיע! רויטן בורגונדער!

דריטער גאסט. אָבער עפּעס רעכטס! פונעם אַלטן רויטוויַין!

יעטיע. גלַייך, מינהערן! איין רעגע גערולד! ס׳וועט יעדערן געטאָן ווערן לויט זיַין פאר־לאַנג!

יאַן (אין טאָן פון א קירכן־טפילע). אָמיין!.. (געלעכטער.)

פערטער גאסט (שטארק שיקער). יעטיע! הער נאָר אויס, טיַיבעלע מיַינס!

יעטיע (באדינענדיק די געסט). איך הער, איך הער, עקסעלענץ!

פערטער גאסט. ביין, אָן עקסעלענץ! פאָשעט, גוטברודעריש! און קום נעענטער א ביסל, זיַי א ווילינקע! קום אהער, יעטיע!

יעטיע. ניטאָ קיין ציַיט, מינהער! און איַיער קאָל קלינגט וואונדערבאר, אפילע פונוויַיטן!

פ ע ר ט ע ר  ג א ס ט. איאָ, עמעס?! (לאכט צופרידן.) איז הער מיך אויס, יעטיע, אָבער מיט קאָפּ. כ׳האָב אַן אײַנפֿאַל, אַן אויסגעצייכנטן! פאַרוואָס זאָל אָט דײַן ווײַנשענק הייסן „דער גילדער־נער הירש״?! ס׳וואָלט א סאך גלײַכער ,געווען אים אָנצורופן „די גילדערנע הירשלעך״! און ווייסטו פאַרוואָס, טײַבעלע מײַנס?! ווײַל אָט זע איך דאָ, אָט דאָ, אָט דאָ... (הייבט זיך אוף שווער־לעך, דערנעענטערט זיך צו יעטיען און ווײַזט אָן אַף איר בוזעם.) איך זע דאָ צאַפּלען צוויי יונגע הירשעלעך פון עכטן גינגאָלד!.. (גרויס געלעכטער.)

י ע ט י ע (קלוימערשט א באַליידיקטע). יאַן, דו הערסט, יאַן?! מע באַליידיקט דײַן איין־איינ־ציקע פרוי!

י א ן (קלוימערשט אופגעבראכט). צו אַלדי רוכעס, פלאַם־און־פײַער! ווען דאָ איז דאָס לעבן ניט טײַער?! נאָך איין וואָרט א שלעכטס מע זאָל זאָגן — טו איך יענעם גלײַך צום טויט דערשלאָגן!

פ ע ר ט ע ר  ג א ס ט. אָבער... וואָס פאלט דיר אײַן, יאַן?!.. כ׳בין גאָרניט אויסן געווען!..

י א ן (צו יעטיען). הערסט, אויצער מײַנער?! ער איז דאָך גאָרניט אויסן געווען! ער האָט גאָר געהאלטן אינמיטן פאָסעק שיר־האשירים — ניט עמעס, גוטער־ברודער?! (און אין טאָן פון קירכן־טפילע.) „דײַנע בריסט, ווי צוויי הירשעלעך, וואָס פיטערן זיך צווישן די ליליען...״ (גע־לעכטער.)

ע ר ש ט ע ר  ג א ס ט. יעטיע, זאָל פון מיר ווערן א שפּאַנישער אייזל, אויב דו ביסט ניט די שענסטע שענקערין פון דער גאנצער נידערלענדישער רעפובליק! (וויל זי אָנעמען פאַר דער טאליע).

י ע ט י ע (דרייט זיך פלינק ארויס). פאַרזיכטיק, מינהער! די נידערלענדישע רעפובליק גיט איבער די הענט יעדערן, וואָס האָט צו לאנגע פינגער! (גיט אים א פּאטש איבער דער האנט.)

ש ט י מ ע ן. בראוואָ, יעטיע!.. רעכט אַף אים!.. (אלגעמיין געלעכטער.)

צ ו ו י י ט ע ר  ג א ס ט. יעטיעלע, זאָל מען מיר אָפּהאקן דעם קאָפּ פון די פּלייצעס, אויב דו ביסט ניט בעפּיירעש א מאלעך פון הימל!.. (וויל זי ארומנעמען.)

י ע ט י ע (שטויסט אים אָפּ, לאכנדיק). אײַער קאָפּ בלײַבט גאנץ אַף די אקסלען, מינהער! איר האָט פונקט געטראָפן! אָט, מײַן כאָשעווער געמאל וועט עס מיט פאַרגעניגן באשטעטיקן. יאַן, ניט עמעס, אז איך בין א מאלעך פון הימל?!

י א ן. צי דאָס איז עמעס?! נאָך ווי עמעס! דער גאנצער גענעם טײַוולאָנים ביסטו, יעטיע! דער פײַער־פלאַם פון שאול־תחתיהי ביסטו! (אלגעמיין געלעכטער.)

ש ט י מ ע ן. ביר, יעטיע! ווײַן! רויטווײַן! (מע קלאפּט אין די טישן; יעטיע און יאַן גייען ארום צווישן די געסט, טראָגן פאנאנדער געטראנקען; אלע זינגען):

אונדזער מלכות השמים[2]
אַף דער ערד וועט זײַן — ניט העכער!
טרינקט, קאמראדן, טרינקט לעכאַיִם!
ביזן דנאָ קערט אויס די בעכער!

עס עפנט זיך די טיר, און ס׳באווײַזט זיך א יונגערמאן — י אָ ה א נ ע ס; ער קוקט זיך ארום א ווײַלע, באמערקט באָרוכן, דערנעענטערט זיך צו אים און זייער פרײַנטלעך.

י אָ ה א נ ע ס. גוטן־אָוונט, דעספּינאָזאַ!

ב אָ ר ו ך (ציטערט אוף פון אומדערוואַרטקײַט). יאָהאנעס?! גוטן־אָוונט! קוים דערוואַרט זיך! שוין מוירע געקריגן, איר וועט ניט קומען ביכלאַל...

י אָ ה א נ ע ס. מײַן שאַליִעך האָט אײַך ניט איבערגעגעבן?..

ב אָ ר ו ך. יאָ, אז איר וועט דאָ זײַן.

י אָ ה א נ ע ס. איך האָב ניט פאַרשפּעטיקט.

ב אָ ר ו ך. מעגלעך. דאָס בין איך, אפּאָנעם, געקומען צו פרי. יאָהאנעס... (ער וואקלט זיך.) איך קאָן דאָ ניט בלײַבן! עפּשער האָב איך ביכלאַל ניט געדאַרפט קומען אהער! איר פאַרשטייט... (ער קאָן ניט ענדיקן.)

י אָ ה א נ ע ס (פאַרווונדערט). וואָס איז, דעספּינאָזאַ? (ער קוקט אים אָן.) ס׳איז עפּעס געשען?!

ב אָ ר ו ך. יאָהאנעס... (ער סאָפּעקט א ווײַלע.) כ׳בין געקומען זיך זעגענען מיט אײַך!

י אָ ה א נ ע ס. איר פאָרט אוועק?! (באָרוך ענטפערט ניט.) וווהין פאָרט איר?!

ב אָ ר ו ך. אין ערגעץ ניט.

---

[1] שעויל־טאכטיִאַ — דער גענעם אַף דער־וועלט; [2] מאלכוס האשאָמאַיִם — קיניגרײַך פון הימל (גאָטס קיניגרײַך).

י אָ ה א נ ע ס. איז וואָס זשע?!

ב אָ ר ו ך. כ׳דאַרף זיך זעגענען מיט אײַך, יאָהאַנעס! מיט אײַך און מיט אַלע פֿרײַנט. (פּויזע.) איך טאָר זיך מער ניט טרעפֿן מיט קיינעם.

י אָ ה א נ ע ס (הייבט אָן פֿאַרשטיין). האַ?!

ב אָ ר ו ך. מיט קיינעם! מיט קיין שום קריסטן! כ׳האָב געגעבן מײַן וואָרט.

י אָ ה א נ ע ס (נעמט אים אָן פֿאַר אַ האַנט). מײַן ליבער פֿרײַנט!

ב אָ ר ו ך (ציט די האַנט צוריק). ניין! ניט קיין מיטלײַד! כ׳בין עס ניט ווערט! איר קענט מיך: איך רוף אָן זאַכן מיט זייער נאָמען. ס׳איז פּאַכדאָנעס! יאָ, פּאַכדאָנעס! כ׳האָב געהאַנדלט ווי אַ פּאַכדן! אַנדערש אָבער האָב איך ניט געקאָנט. איר האָט אַמאָל געזען אַ כײַע אַ פֿאַרפּאָלגטע?! אָדער גאָר — אַ קרעציקן?! מע רוקט זיך אָפּ פֿון מיר, מע אַנטלויפֿט פֿאַר מיר! ווו נאָר־איך באַווײַז זיך, ווערט טייקעף אַ פּוסטקײַט אַרום מיר! די פּוסטקײַט פֿאַרפּאָלגט מיך, ווי אַ קאָשמאַר! ס׳איז געווען אַ צײַט, ווען איך האָב זיך באַנוגנט בלויז מיט ביכער. דאָס איינציק ווענטלעכע אויף דער וועלט איז געווען פֿאַר מיר — דער עמעס. ס׳איז ניט גענוג מער! ס׳זײַנען פֿאַראַנען אויך — די מענטשן! דער געדאַנק וועגן איינזאַמקײַט פּילט מיך אָן מיט גרויל, מיט שוידער! (פּויזע.)

י אָ ה א נ ע ס (שטיל). און אַלע פֿרײַנט אײַערע, וואָס שעצן אײַך אַזוי און ליבן, און איך אַליין, דעספּינאָזאַ, — באַטײַטן מיר גאָרנישט פֿאַר אײַך?

ב אָ ר ו ך. אָ, יאָ! יאָ, געוויס!

י אָ ה א נ ע ס. איז דען פֿאַראַן אויף דער וועלט עפּעס שענערס, עפּעס מער דערהויבנס, ווי אַ פֿרײַנטשאַפֿט, וואָס קומט אויף פֿון געמיינזאַמען דורשט נאָך עמעס און פֿרײַהײַט?!

ב אָ ר ו ך. יאָהאַנעס... ס׳איז מיר פּלוצלינג קלאָר געוואָרן אַ שרעקלעכע זאַך... די דאָזיקע ערד, אויף וועלכער כ׳בין געבוירן און וועלכע כ׳האָב דאָך ליב אַזוי, — איך האָב אויף איר ניט געלעבט אויף אָן עמעס! אָט די שטאָט, וואָס איז דאָך מײַן שטאָט און וואָס כ׳האָב זי קיינמאָל ניט פֿאַרלאָזן, — איך קען זי קימאַט ניט! בלויז עטלעכע שמאָלע געסלעך זײַנען מײַנע, בלויז איין אָרעמע פֿאָרשטאָט — די ייִדישע געגנט! באַזײַט פֿון יאָדנבורט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, ליגט אַ גרויסע, ברייטע וועלט, צו וועלכער איך באַלאַנג ניט. געוויס, כ׳האָב אײַך, יאָהאַנעס, און נאָך עטלעכע פֿרײַנט און, זיכער, כ׳פֿיל זיך גליקלעך דערמיט. אָבער, איר ווייסט דאָך אַליין... (ער וואַקלט זיך אַ ווײַלע.) אַפֿילע די שפּראַך אײַערע, פֿלעמיש, קען איך קוים, און איר פֿאַרשטייט אינגאַנצן ניט די שפּראַך פֿון מײַן היים. בייס מיר דאַרפֿן ריידן וועגן איניאָנים פֿון גײַסט, גייען מיר איבער אויף לאַטײַן, וואָס איז ניט מײַן לאָשן און ניט אײַערער, און וואָס, פֿון אַלע לעבנס־זאַפֿטן, פֿאַרמאָגט ער בלויז איינעם — דעם קאַלטן זאַפֿט פֿון ריינעם פֿאַרנונפֿט. אַזוי איז עס, יאָהאַנעס! אַ שמאָלע בריק פֿאַרבינדט אונדז, אַ שוואַכע בריק פֿאַרוואָרפֿן איבער אַ טהאָם! מײַן לעבן, דאָס גאַנצע לעבן מײַנס, געפֿינט זיך פֿון יענער זײַט טהאָם, וואָס איז פֿול מיט דוירעס בלוט און טרערן... (אַ פּויזע.)

י אָ ה א נ ע ס (זײַן קאָל ציטערט). פֿרײַנט מײַנער, האָבן מיר עס דען דעם טהאָם אויסגעגראָבן?!

ב אָ ר ו ך. ניין, געוויס! ניין!

י אָ ה א נ ע ס. פֿרײַנט מײַנער, איז עס דען ניט אונדזער כויוו אָט דעם טהאָם צו פֿאַרשיטן?!

ב אָ ר ו ך (פֿאַמעלעך). אַזוי האָב איך געטראַכט אַמאָל...

י אָ ה א נ ע ס. און איר טראַכט איצט אויך אַזוי! און איר וועט טאָמיד אַזוי טראַכטן! פֿאַרוואָס, צו וואָס אַליין זיך פֿאַרלייקענען?! אויב דוירעס גאַנצע האָבן אָנגעזאַמלט בייז און שלעכטס, איז דען ניט דער כויוו פֿון די אַנדערע דוירעס דאָס בייז צו פֿאַריכטן, דאָס שלעכטס צו באַזײַטיקן?! דערמאָנט זיך אין די נאַכטיקע שפּאַצירן אונדזערע, לענגאויס די אַמסטערדאַמער קאַנאַלן, דערמאָנט זיך אין אונדזערע הייסע וויקוכים! איז דען ניט אונדזער אויספֿיר שטענדיק געווען דער זעלבער?! די וועלט וועט זײַן געבויט אויף ברידערלעכקײַט און אויף ליבע!

ב אָ ר ו ך (שטיל). ס׳זײַנען פֿאַראַן באַהעפֿטונגען פֿון מוירעדיקער קראַפֿט, יאָהאַנעס! פֿלייש פֿונעם פֿלייש און בלוט פֿונעם בלוט! ס׳איז פּונקט ווי דער נאָפּל־שנור, וואָס בינדט צו דאָס קינד צו דער מוטערס טראַכט. שנײַדט מען אים איבער — און ס׳קומט דער טויט!

י אָ ה א נ ע ס. פֿאַראַן אָבער אַ צײַט, ווען מע מוז דעם שנור איבערשנײַדן, מאַכמעס ס׳קומט דאָס געבורט! נו איז וואָס, אַז פֿון ווײַטן אָוואַר, ווי פֿון דער טיף פֿון אַ נאַכט אָן אומענדלעכער, שפּרייטן זיך טונקעלע שאָטנס, נעפּלען געדיכטע און דראָענדיקע?! וועלן זיי אונדז פֿאַרשטעלן דעם קאַיאָר, וואָס צעשטראַלט זיך, דעם נײַעם טאָג, וואָס גייט אויף?! געוויס, דער וועג צום עמעס איז, ווי דער וועג צו גאָט, — אַ לאַנגער און פּײַנפֿולער. מע בייגט זיך אונטער דער לאַסט, מע פֿאַלט, מע הייבט זיך אויף, מע פֿאַלט ווײַטער, און מע הייבט זיך ווידער אויף. און אויב מע וואַרפֿט

אין אײַך שטיינער, וואָס פּאַרוואַנדיקן ביז בלוט, ווישט מען אָפּ דאָס בלוט און מע גייט ווײַטער דעם וועג. איר זײַט געפֿאַלן. איר וועט זיך אופֿהייבן.

באָרוך. ניין יאָהאַנעס. איך שטעל אָפּ מײַן גאַנג! (און מיט א טרויעריקן שמייכל.) ראַבי אזאַריאָ פּאַרזיכערט, אַז די טוירע דערלויבט צו שטעלן קאָל־האָמינים פראַגן, אונטער איין באַדינג: אַז זי אַליין זאָל די פראַגן פאַרענטפערן. וועל איך זיך אָפּגעבן מיט שרײַבן שאלות ותשובות[1], א פּײַרעש איבערן טאַלמוד, נאָך איין פּײַרעש, איינעם פון די אָנצאָליקע פּיירושים, וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן זינט יאָרהונדערטער. עפּשער וועל איך נאָך ווערן אַמאָל א ראָוו, ס׳קאָן זײַן, און — ווער ווייסט?! — א ראָוו־האַקוילעל אפילו!

יאָהאַנעס. עס קאָן ניט זײַן און וועט ניט זײַן, דעספּינאָזאַ! איך קען אײַך צו גוט! וויפל מאָל האָט איר אַליין דערוויזן: דער מענטשלעכער גײַסט איז אומבאַזיגבאַר.

באָרוך (אין א געמורמל). דער מענטשלעכער גײַסט... יאָ, זיכער... (פּויזע.) אָבער — דער מענטש?! דער מענטש גופֿע, יאָהאַנעס?! זעט, ווי לײַכט מע קאָן אים צעברעכן, פאַרוואַנדלען אים אין זאַמד און שטויב...

יאָהאַנעס. לײַכט, אויב ער דערלאָזט עס!

באָרוך. מישפּעט מיך ניט שטרענג! דער קאַמף איז געווען א צו אומגלײַכער! אויב איך זאָל פאַרשטויסן ווערן פון ייִדישקײַט — ווער און וואָס וועל איך זײַן?! ניט קיין ייִד און ניט קיין קריסט, ווײַל צו קריסטנטום וועל איך קיינמאָל ניט אריבער. וווּ וועט זײַן מײַן אָרט?!

יאָהאַנעס. און מײַן אָרט וווּ וועט זײַן, אויב די קאַלוויניש קירך וועט מיך ארײַנוואַרפן אין כיירעם?!

באָרוך. די קריסטלעכע וועלט איז גענוג גרויס, ביכדיי צו שענקען א מקום־מקלט[2] אפילו פאַר א פאַרשטויסענעם. איך אָבער וועל זיך געפינען אפן ראַנד פון יעטווידער געזעלשאַפט.

יאָהאַנעס. איז דען ניט אונדזער געמיינזאַמער גורל — צו לעבן אפן ראַנד?! וויכטיק איז איינס בלויז: וויסן די ריכטונג פונעם ראַנד. שטורעם־זעגל אָדער אַנקער?! פאַרויסמאַרש אָדער צוריקגאַנג?! דאָס איז די עמעסע, די איינציקע פראַגע. נעמט ניט פאַר אומגוט מײַן צודרינגלעכקײַט. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז אײַער באַשלוס זאָל זײַן אַן ענדגילטיקער. כ׳קאָן ניט גלייבן, אַז דער דאָזיקער וועג איז מעסוגל צו ברענגען אײַך גליק.

באָרוך. כ׳וועל זײַן דער אומגליקלעכסטער פון אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן.

יאָהאַנעס. צו וואָס זשע דער קאָרבן?! וועמען דאַרף ער ברענגען דערלייזונג?! איר קאָנט ניט שטעלן אין קאָן דאָס גאַנצע לעבן צוליב א פאַרבײַגייענדיקער רעגע פון פאַרצווייפלונג. פאַלן אין שלאַכט — עפּשער; אָבער אונטערגעבן זיך אָן קאַמף?! צי איז דען ניט מעגלעך מער קיין שום ווידערשטאַנד?!

באָרוך (וואַקלט זיך). כ׳ווייס ניט... ניין, כ׳ווייס ניט...

יאָהאַנעס. איר האָט דאָך פונדעסטוועגן נאָך פרײַנט אין יאָדנבורט! זײַט איר זיכער, אַז אַלץ, לאַכלוטן אַלץ, איז געטאָן געוואָרן, קעדיי ניט צו דערלאָזן צום כיירעם?!

באָרוך (מיט אַנגסט). כ׳ווייס ניט... בעעמעס, איך ווייס שוין מער גאָרניט...

ס׳ווערט פלוצלינג א טומל, א געלעכטער, א קלאַפּערײַ אין די טישן.

די געסט. א ליד, יאַן! אהער א ליד!

יאַן. נו, גוט, קאַמראַדן! אָבער שטיל, אָן געפילדער! אַז איר ווילט דאַפקע און בעט מיך אַזוי שיין און איידל, וועל איך אײַך פירזאָגן א ליד מײַנע.

שטימען. זאָג אונדז „ווער וויל"! אהער „ווער וויל"!

יאַן. גוט, קאַמראַדן, זאָל זײַן „ווער וויל". אָבער רויק! (ס׳ווערט שטיל, ער שטעלט זיך אף א פעסל און דעקלאַמירט.)

ווער וויל פאַרוואַנדלען אונדז אין קנעכט,
באַרויבן קאָוועד, פרײַהײַט, רעכט?!
מיט שײַטער, טאַליען, בלוט און מאָרד —
ווער וויל אונדז ווידער שוין באַגליקן?

אַלע (אין א פרייל עכן אויסגעשריי). די רוימישע קאַטאָליקן! (געלעכטער.)

יאַן.

ווער מאַכט באַ אונדז צו שאַנד און שפּאָט
דאָס וואָרט פון גאָט און זײַן געבאָט?!
מיט קלאָלע, סינע, ליגן, פלוך —
ווער מאַכט פאַר אונדז גאָטס קירך דערווידער?!

---

[1] שײַלעס־אוטשוווס — פראַגן און ענטפערן; [2] מאָקעם־מיקלעט — אזיל.

א ל ע (פרייליכער אויסגעשריי). די קאַלוויניסטן־ברידער! (געלעכטער.)
י אַ ן.

> ווער איז פון צוויִעס הײַנט־צו־טאָג
> באַ אונדז אין לאַנד די ערגסטע פּלאָג?!
> פון העפקער, זנוס, פון פרעס און טרונק —
> ווער איז דער טרײַסטער אונטערטאַנער?

א ל ע (פרייליכער אויסגעשריי). דער פרומער לוטעראַנער! (געלעכטער.)

ש ט י מ ע ן. בראַוואָ, יאַן! בראַוואָ!

י אָ ה א נ ע ס. דעספּינאָזאַ, איר פרעגט מיך גאָרניט, צוליב וואָס כ׳האָב אײַך געשיקט דעם שאַליִעך?

ב אָ ר ו ך. אַנטשולדיקט. כ׳בין געווען אַזוי דערשיטערט...

י אָ ה א נ ע ס. אַדריִאַן ווערט געשטעלט פאַרן געריכט.

ב אָ ר ו ך. וואָס?!

י אָ ה א נ ע ס. מער נאָך — עס דראָעט אים טייקעפּדיקע טפיסע!

ב אָ ר ו ך. (קוקט אים אָן א ווײַלע). איך פאַרשטיי ניט...

י אָ ה א נ ע ס. די שטאָט־רעגענטן פון אַמסטערדאַם האָבן נאָכגעגעבן. דער קאַמף, ווי איר ווייסט, ציט זיך שוין לאַנג, אָבער הײַנט האָבן זיי נאָכגעגעבן. די קירך האָט אָפּגעהאַלטן איר גרויסן, איר לאַנג־דערוואַרטן ניצחון. פאַר גאָטלעסטערונג און אַפּיקאָרסעס ווערט אַדריִאַן געשטעלט פאַרן געריכט.

ב אָ ר ו ך. מאַמעש אומגלייבלעך!

י אָ ה א נ ע ס. נאָך גוט, וואָס עטלעכע שטאָט־רעגענטן האָבן אונדז באַצײַטנס אָנגעזאָגט. הײַנט באַנאַכט פאַרלאָזט אַדריִאַן אַמסטערדאַם. ער האָט מיך געבעטן איבערגעבן, אַז ער וואָלט וועלן מיט אײַך זיך זעגענען.

ב אָ ר ו ך (רײַסט זיך אויף פון אָרט). ווו איז ער?!

י אָ ה א נ ע ס. צו פרי נאָך דערווײַל, כ׳האָב מיט אים זיך אָפּגערעדט אַף שפּעטער. זעצט זיך א רעגע, כ׳האָב אײַך מיטצוטיילן נאָך עפּעס, און זייער וויכטיקס פאַר אײַך גופע.

ב אָ ר ו ך (זעצט זיך). איז עפּעס נאָך געשען?

י אָ ה א נ ע ס. אין אַמסטערדאַמער שטאָטראַט איז הײַנט גערעדט געוואָרן אויך — וועגן אײַך!

ב אָ ר ו ך (דערשטוינט). וועגן מיר?!

י אָ ה א נ ע ס. וועגן אײַך. וועגן באָרוך דעספּינאָזאַ. וועגן יִדישן גאָטלעסטערער, וועגן געפערלעכן אַפּיקוירעס פון ריִנסבורג — באָרוך דעספּינאָזאַ!

ב אָ ר ו ך. איר זײַט זיך ניט טויע?! ווי קומט דער קריסטלעך־קאַלוויניסער שטאָטראַט פון אַמסטערדאַם צו...?!

י אָ ה א נ ע ס. איר זעט דאָך — ער קומט! ריכטיקער — מע קומט צו אים. מע איז צו אים געקומען. אײַערע ראַבאָנים זײַנען געקומען! באַקלאָגן זיך אַף אײַך! איר גראָבט אונטער די יעסוידעס פון דער עמונע אין יאָדנבורט.

ב אָ ר ו ך (קוקט אים אָן א ווײַלע). יאָהאַנעס, יאָהאַנעס! ס׳איז ניט קיין שפּאַס?!

י אָ ה א נ ע ס. ניין, מײַן פרײַנט. ס׳איז זייער ערנסט. די אַמסטערדאַמער שטאָט־רעגענטן האַלטן זיך ניט פאַר געגנוג באַהאַוונט אין הילכעס יִדישע עמונע, האָבן זיי אָפּגעשיקט די ראַבאָנים צו די קירכן־ראַטן. און דער סינאָד פון די קירכן־ראַטן האָט מיטגעשיקט מיט די ראַבאָנים צוויי גאָטספּאָרכטיקע קאַלוויניסע פּריידיקער, וואָס האָבן פאַר די שטאָט־פּאָטערס באַשטעטיקט, אין נאָמען פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס, אַז דער יִיד באָרוך דעספּינאָזאַ איז א סאַקאָנע אויך פאַר דער קריסטלעכער עמונע, ווײַל ער לעסטערט די הייליקײַט פון אַלטן טעסטאַמענט. מע גיט איבער, ס׳איז רירנדיק געווען צו זען, ווי דער אַלטער און נײַער גלויבן האָבן זיך די הענט געגעבן, ווי צוויי לײַבלעכע ברידער.

ב אָ ר ו ך (מיט א טרוקענעם האַלדז). נו?! און ווײַטער?!

י אָ ה א נ ע ס. אויך די ראַבאָנים, פּונקט ווי די קירכן־ראַטן, האָבן הײַנט אָפּגעהאַלטן א ניצאָכן. די שטאָט־רעגענטן האָבן באַשלאָסן, אין פאַל, ווען איר וועט ניט טשוווע טאָן און דער כיירעם וועט ווערן אויסגערופן, — אַרויסצושיקן אײַך פון אַמסטערדאַם.

ב אָ ר ו ך (דערשיטערט). ס׳קאָן ניט זײַן!

י אָ ה א נ ע ס. די זעלבע שטאָט־רעגענטן, וואָס האָבן אונדז אָנגעזאָגט וועגן אַדריִאַנען, האָבן איבערגעגעבן אויך וועגן אײַך.

באָרוך. די ראַבאָנים — צוזאמען מיט די קירכן־ראַטן?! דאָס איז אַזוי מעשונעדיק, יאָהאַ־נעס, מעשונעדיק אומגלייבלעך!

ס׳ווערט ווידער א געפּילדער, א פריילעכער טומל.

שטימען. יעטיע!.. יעטיע!.. זינג א ליד!..
— מיט דער גיטאַרע, יעטיע!.. א ליד!..
יעטיע. אויב איר ווילט, איך זאָל זינגען, — זייט שטיל!

ס׳ווערט טייקעף שטיל; יעטיע פּרעלודירט אף איר גיטאַרע און הייבט אָן זינגען אַן אַלט־האָלענדישע פאָלקס־ליד.

יאָהאַנעס. זייט ניט באַזאָרגט, דעספּינאָזא. איר וועט אַרויספאָרן קיין אָוועקערק. ס׳איז ניט ווייט פון אַמסטערדאַם, און מיר האָבן דאָרט א סאַך פריינט. זיי וועלן אייך אויפנעמען, ווי אַן אייגענעם.

באָרוך. כ׳בין ניט באַזאָרגט. עס האָט זיך בלויז אָפּגעטאָן פון מיר דאָס געפיל פון מאַמאָ־שעסדיקייט. ס׳קומט מיר אויס, ווי איך וואָלט געלעבט אין א מין קאָשמאַר. איר פאַרשטייט, איר פאַרשטייט... (ער טראַכט א ווײַלע.) אָט ערשט ניט לאַנג, מיט קוים עטלעכע שאָ צוריק, האָט מען מיט מיר גערעדט וועגן א פעסטונג א באַלאַגערטע, וואָס מע שטורעמט זי אָן אויפהער, אין בלוטיקן שטורעם... די סעניאָרן ראַבאָנים האָבן, הייסט עס, אַזוי לייכט געקאָנט אַריבערשפּרינגען איבערן טהאָם פון בלוט?!

ס׳רייסט זיך ראַש אוף די אַרײַנגאַנג־טיר, און ס׳באַווייזט זיך גאַוורִיעל; הינטער אים גייען ענריקעז און נאָך א מאַן; גאַוורִיעל קוקט זיך אַרום, דערזעט באָרוכן, מאַכט עטלעכע טריט אין זיין ריכטונג און, אָנווייזנדיק אף אים, שרייט אויס הויך, צו זיינע צוויי באַגלייטער.

גאַוורִיעל. סעניאָרן, זייט איידעס! זייט איידעס, ווי ער האַלט וואָרט!
באָרוך (רייסט זיך אוף פון אָרט). דו, מאָסער נידערטרעכטיקער!..

ער וויל זיך וואַרפן אף גאַוורִיעלן, באַרעכנט זיך אָבער גלייך, זעצט זיך צוריק; ס׳איז דערווייל געוואָרן א טומל.

שטימען. וואָס איז דאָרט?!
— שטילער!
— אָדער געזעצט זיך, אָדער — אַרויס!
גאַוורִיעל (צו זיינע באַגלייטער). קומט, סעניאָרן! לאָמיר ניט שטערן די אַדעליקע לייט.

זיי גייען אַרויס, דער טומל שטילט זיך איין.

שטימען. ווייטער, יעטיע! זינג!
יעטיע (פּרעלודירט פּאַמעלעך אף דער גיטאַרע).
יאָהאַנעס (אין א געמורמל). ווער איז עס?!
באָרוך. איינער פון די, וואָס גלייבן, אַז מע קאָן דעם עמעס דערשטיקן, דערהאַרגענען אים — מיט סינע!
שטימען. ששש!.. שטילער!..
באָרוך (שטיל, מיט א שמייכל). ניין, יאָהאַנעס, קיינער און קיין זאַך אף דער וועלט וועט ניט אָפּשטעלן דעם פאָרויסגאַנג פון דער מענטשלעכער מאַכשאָווע!
יאָהאַנעס (נעמט אים אָן בא דער האַנט). און אויך ניט דעם שוווּנג צו מענטשלעכער ברידערלעכקייט, צו ברידערלעכקייט אף גאָר דער ערד!
יעטיע (זינגט שטיל די פאָלקסליד).

פאָרהאַנג

## דריטער אַקט

בילד איינס

א צימער אין בעסדן־הויז. ראַבי אַזאַריאָ און ענריקעז.

אַזאַריאָ (שאַרף). וואָס?! ווי זאָגט איר?! פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם?! וואָס איז דאָ — א מאַסקן־באַל?!
ענריקעז. מיט א געדיכטן שלייער פאַרשטעלט, סעניאָר.
אַזאַריאָ. און זי וויל ניט זאָגן איר נאָמען?!

ע נ ר י ק ע ז. ניין, סעניאָר. זי שווײַגט. אירע אײנציקע ווערטער זײַנען: זי וועט זיך פון אָרט ניט רירן, ביז איר וועט זי ניט אופנעמען.

א ז א ר י אָ. הם!.. (טראַכט א ווײַלע.) גוט, הייסט ארײַנגיין!

ע נ ר י ק ע ז גייט ארויס; באַלד קומט ארײַן א פ ר ו י און בלײַבט שטיין, דאָס געזיכט פארדעקט.

א ז א ר י אָ (שטרענג). סעניאָרא, זײַט איר זיכער, אז איר האָט זיך ניט טויע געווען?! דאָ איז דער בעסדן פון אמסטערדאַם! וואָס פארלאַנגט איר, אייגנטלעך?! וועמען דארפט איר?!

ד י פ ר ו י (שטיל). אײַך, רעבע. (פאַמעלעך, מיט א פײַערלעך־טעאַטראַלער באַוועגונג, הייבט זי אויף דעם שלייער; דאָס איז מאַנועלאַ; זי פארנייגט זיך טיף.) איך בין געקומען אײַך גוט־מאָרגן־ביטן, סעניאָר אזאַריאָ.

א ז א ר י אָ (מיט דער פריִערדיקער שטרענגקײַט). סעניאָרא! (ער רײַסט אָבער טייקעף איבער, קוקט אָן מאַנועלאַן מיט וואַקסנדיקער שטוינונג, הייבט זיך אויף פון אָרט, גייט צו נעענטער, באַטראַכט זי, ווי ניט גלייבנדיק זײַנע אויגן, און פליסטערט.) מאַנועלאַ?!

מ א נ ו ע ל א. יאָ, מאַנועלאַ! מאַנועלאַ אָליווייראָ דע גאָמעץ! איר האָט מיך דערקענט, הייסט עס, סעניאָר אזאַריאָ?! אבי איך האָב געמיינט, נאָך אזויפיל יאָרן...

א ז א ר י אָ (א ביסל אין פארלעגנהײַט). זיצט, מאַנועלאַ... זיצט, סעניאָרא...

מ א נ ו ע ל א (זי זעצט זיך, און מיט א שמייכל). לאַנג שוין ניט געהאַט דעם קאָוועד מיט אײַך צו אונטערהאַלטן זיך, איאָ, סעניאָר?! אָ, איך ווייס, איר האָט זיכער די יאָרן ניט געציילט! איך — מאָלט אײַך — יאָ. אויב איר זײַט נײַגעריק צו וויסן, וועל איך קיין סאָד דערפון ניט מאַכן: באַלד צוויי און פערציק יאָר!

א ז א ר י אָ. צוויי און פערציק! ווי עס לויפט די צײַט! (ער ווערט שטיל, זעצט זיך, פארזינקט א ווײַלע אין מאַכשאָוועס.) דאָס גאַנצע לעבן איז ניט מער ווי א כאָלעם...

מ א נ ו ע ל א. ס׳ווענדט זיך בלויז, וואָס פאר א כאָלעם, סעניאָר! עס זײַנען דאָ כאַלוימעס גילדערנע, לײַטזעליקע — ווי דאָס געזאַנג פון א נאַכטיגאַל. פאַראַן אָבער כאַלוימעס, וואָס לייגן זיך ווי א שווערער שטיין אפן געמיט, וואָס דריקן און וואָרגן ביז דערשטיקט צו ווערן!

א ז א ר י אָ (שטיל). איך האָף, מאַנועלאַ, דאָס לעבן איז ניט געווען גרויזאַם צו אײַך...

מ א נ ו ע ל א. וואָס פאר א כילעק! ניט וועגן מײַן לעבן גייט עס איצט, ראַבי אזאַריאָ! בין איך דען אמאָל צו אײַך געקומען באַקלאָגן זיך אָדער, כאָלילע, עפּעס בעטן?! כ׳האָב זיך צוגעקוקט פונווײַטן, ווי איר גייט באַרג־ארויף, שטײַגט אַלץ העכער און העכער, געקוקט און באַוווּנדערט אײַך... (זי לאַכט, מיט ביטערקײַט.) איר זײַט געוואָרן א גאָט־געלערנטער, א פריידיקער, א ראָוו... איך הער אָפּט אײַערע דראָשעס, ראַבי אזאַריאָ. איר זײַט זיכער דער בעסטער פריידיקער פון אמסטערדאַם! בלויז א שטיין קאָן זיך באַהערשן און ניט צעגיין פון אײַערע רייד! אָבער דערפאַר איז עס דאָך — א שטיין! (זי לאַכט ווידער.) ווען איר שילדערט אזוי געטרײַ, מיט אַלע פּראָטים די שרעקלעכע אינויִם, וואָס די זינדיקע שטייען אויס אין גענעם, בעעמעס — איר וועט מיר גלייבן, אויב איר ווילט, נאָר ס׳פארגייט דער כיישעק צו שטאַרבן...

א ז א ר י אָ (א ביסל פארלוירן). סעניאָרא...

מ א נ ו ע ל א (ווערט טייקעף ערנסט). אנטשולדיקט, ראַבי אזאַריאָ, כ׳האָב א ווײַלע פאַרגעסן, מיט וועמען איך רייד. זײַט מיר מויכל! איר זײַט זיכער שטאַרק פארנומען. כ׳וועל מער ניט צונעמען אײַער צײַט. (זי בײַט דעם טאָן.) אזאַריאָ, איך בין געקומען — צום ערשטן מאָל נאָך צוויי און פערציק יאָר — בעטן אײַך א טויווע.

א ז א ר י אָ (הייס). אַלץ, וואָס איז נאָר אין מײַנע קויכעס, מאַנועלאַ, וועל איך טאָן פאר אײַך! אַלץ!

מ א נ ו ע ל א (שטיל). כ׳בין געקומען בעטן — פאר באָרוכן...

א ז א ר י אָ (ווערט טייקעף ווי איבערגעביטן; מיט סינע). פאר דעספּינאָזאַ?!

מ א נ ו ע ל א. ער איז מיר ווי אן אייגן קינד, אזאַריאָ! דאָס אײנציקע קינד מײַנס האָט גאָט מיר צוגענומען. איז ער מיר פארבליבן — דער זון פון מײַן שוועסטערס טאָכטער! בלויז אים פארמאָג איך אף גאָטס וועלט!

א ז א ר י אָ. ס׳טוט מיר לייד, מאַנועלאַ. איך באַדויער אײַך פון גאַנצן האַרצן. אזא קרויווע־שאַפט איז בלויז כאַרפּע און אומגליק!

מ א נ ו ע ל א. אזאַריאָ, רוידעפט אים ניט אזוי אומבעראַכמאָנעסדיק! ער איז נאָך יונג, באָרוך! אויב אפילע ער איז אין עפּעס־וואָס שולדיק, וועט ער סאָפּקאָלסאָף אַליין זיך ארומזען! לאָזט אים כאָטש צײַט אף כאַראָטע!

א ז א ר י אָ. האָט מען אים דען ניט גענוג צײַט געלאָזט?! צוויי יאָר קימאַט! און וווּ איז זײַן כאַראָטע?! וווּ איז זײַן טשוווע?! א כאָצוף, אן אזעס־פּאָנעם, פול דורך און דורך מיט צוויִעס! נעכטן,

ערשט נעכטן, האָט ער פאר גאנץ בעסדן געמאכט דעם אָנשטעל פון א באַל־טשוווע, זיך מוידע געווען אין אלע פארברעכנס, געגעבן א וואָרט ניט צו טרעפן זיך מער מיט זײַנע קריסטלעכע כאווירים! און גלײַך דעם זעלבן אָוונט זיך מיט זיי פארזאמלט אין א ווײַנשענק, אין א נעסט פון אויסגעלאסנקײַט און גאָטלעסטערונג! ער האָט כויזעק געמאכט פון ראבי יעהוישוע, כויזעק גע־מאכט פון מיר, כויזעק געמאכט פון בעסדן! די קעהילע וועט אים אויסשפײַען, פארטרײַבן פון זיך, ווי א קרעציקן, אויסמעקן זײַן נאָמען, אז ס׳זאָל פון אים קיין זייכער ניט בלײַבן אף דער ערד!

מ א נ ו ע ל א. אזאריאַ, צוליב מיר טוט עס! איך בעט אײַך ראכמים פאר אים!

א ז א ר י אָ. ניטאָ קיין ראכמים פאר אן אפיקוירעס! ניטאָ קיין ראכמים פאר אזא, וואָס לעס־טערט דעם נאָמען פון גאָט און פון דער הייליקער טוירע!

מ א נ ו ע ל א. אזאריאָ, איך שווער אײַך — ער לעסטערט ניט!

א ז א ר י אָ. ער לעסטערט! יעדעס וואָרט פון דער טוירע איז הייליק! יעדער אָס! איגעם קלענסטן פינטל ליגן פארבאָרגן די טיפסטע סוידעס פונעם וועלט־באשאף! ווער עס רירט זיך צו צו איין אָס בלויז פון דער הייליקער טוירע, איז גלײַך ווי ער פארמעסט זיך די וועלט אומצוברענ־גען! אזא איז חייב מיתה![1] כיירעם — וואָס איז דען כיירעם?! ניט גענוג פאר אים כיירעם! סקילה[2] קומט אים! חנק[2] קומט אים! אלע ארבא־מיסעס!

מ א נ ו ע ל א (קוקט אים אָן א לאנגע ווײַלע). אזאריאָ! ווי ענלעך איר זײַט איצט צו פרא אנטאָניאָ! איר געדענקט אים, ראבי אזאריאָ, איר געדענקט נאָך דעם דאָמיניקאנער פרא אנטאָ־ניאָ?! יעדע וואָך קימאט פלעגט ער קומען אין הויז צו אונדז — און צו אײַך אויך, אזאריאָ, — מיט א פרײַנטשאפט־באזוך, אין הארציקער שעליכעס... פון דער הייליקער אינקוויזיציע! דער זעלבער בליק, די זעלבע ציטערדיקע קין, דאָס זעלבע קאָל און קימאט די זעלבע ווערטער. (און שארף.) ראבי אזאריאָ, פארוואָס נעמט איר ניט אין האנט א שווארצע קעצער־ליכט און, מיט קאפּיטלעך טהילים אף די ליפּן, פארוואָס פירט איר ניט דעם אפיקוירעס צום שײַטערהויפן, קעדיי צו פארברענען אים לעבעדיקערהייט, צום לויב פון אלמעכטיקן גאָט?!

א ז א ר י אָ. מאנועלא!!! ווי וואגט איר, מאנועלא?!

מ א נ ו ע ל א. איך וואג, אזאריאָ! איך וואג, ווײַל איך האָב א גוטן זיקאָרן, איך געדענק אלץ, אזאריאָ! כ׳געדענק אפילע נאָך, מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק, א נעסיִע אפן יאם... א רײַזע פון בארסעלאָנע קיין אמסטערדאם...

א ז א ר י אָ (זעצט זיך, פארשטעלט די אויגן, מורמלט). מאנועלא!..

מ א נ ו ע ל א. א לאנגע נעסיִע! טעג און וואָכן! געדענקט איר עפשער, אזאריאָ, וואָס עס איז דאן געווען פאר אײַך דאָס הייליקסטע בוך אין דער וועלט?! די טוירע?! ניין, אזאריאָ, ניין! די דיאַלאָגן וועגן ליבע, פון לעאָ העברעאָ! פון פרימאָרגן ביז זון־פארגאנג געלייענט זיי צוזאמען, אפן שיף־דעק. פארענדיקט און אָנגעהויבן פונדאָסנײַ, ווי פארקישעפטע. איך בין געווען סאָפיא און איר — פילאָן. איר געדענקט? „סאָפיא, כ׳קום בעטן בא דיר א היילונג פאר די ווונדן פון מײַן הארץ...“ (זי פארמאכט די אויגן, שאָקלט מיטן קאָפּ.) צוויי און פערציק יאָר! נארישקײַטן בלײַבן אין זיקאָרן...

א ז א ר י אָ. מע דארף פארגעסן, מאנועלא! דאָס מענטשלעכע לעבן וואָלט געווען א גענעם, ווען ניט די בראָכע פון פארגעסן. דאָס, וואָס עס פארדעקט די צײַט, איז גלײַך ווי די ערד וואָלט עס פארדעקט.

מ א נ ו ע ל א. און דעם שטורעם דערמאָנט איר זיך? אונדזער שיף האָט געהאלטן זיך באם טרינקען, מיר האָבן מיספּאלעל געווען, גערופן צו גאָט... און ווען ס׳האָט אויסגעוויזן, אז אלץ איז פארלוירן, אז קיין שום רעטונג איז ניטאָ מער, צו וועמען האָט איר טפילע געטאָן, וועמעס נאָמען האָט איר דאן גערופן, ראבי אזאריאָ, איר געדענקט?! וועמעס נאָמען?!

א ז א ר י אָ. שווײַגט, מאנועלא! שווײַגט, איך בעט אײַך!

מ א נ ו ע ל א. דעם נאָמען פון נוצרי[3] האָט איר גערופן!

א ז א ר י אָ. ניין! ס׳איז שעקער!

מ א נ ו ע ל א. ס׳איז עמעס, ראבי אזאריאָ! איר ווייסט אויסגעצייכנט, אז ס׳איז עמעס! פונקט ווי ס׳איז עמעס אויך, אז אײַער האנט האָט דאן פיבערדיק געצייכנט — דעם צייכן פון קרייץ!

א ז א ר י אָ. אום גאָטעס ווילן — שווײַגט! איך באשווער אײַך — שווײַגט! (פּויזע.) צו וואָס דערמאָנען עס, מאנועלא?! א גאנצע אייביקײַט איז פון דער צײַט פארלאָפן. מיר זײַנען נאָך דאן ניט געווען קיין עמעסע ייִדן... ניט ווײַט געהאָט אוועק פון דער קירך...

מ א נ ו ע ל א. ניין, אזאריאָ! הײַנט זײַט איר נעענטער צו דער קירך, ווי אמאָל! הײַנט זײַט

---

[1] כײַעוו מיסע — קומט טויט־שטראָף; [2] סקילע, כענעק — פארשטיינען, דערשטיקן (פאָרמען פון טויט־שטראָפן לויט די אלטע רעליגיעזע דינים); [3] נויצרי — יעזוס קריסטוס.

איר וויניקער ייִדן! מיט צוויי און פֿערציק יאָר צוריק זײַט איר געווען א פֿאַרפֿאָלגטער, פֿול מיט ליבע פֿאַר גערעכטיקײַט און פֿרײַהײַט, פֿול מיט ליבע צו מענטשן. איצט זײַט איר אַליין — אַן אינקוויזיטאָר, ווי פֿראַ אַנטאָניאָ! (זי בײַט דעם טאָן.) דאָס זײַט איר געגאַנגען, צוזאַמען מיט ראַבי מאַרטיירא, צום אַמסטערדאַמער שטאָטראַט, בעטן, מע זאָל באַרוכן פֿאַרטרײַבן פֿון שטאָט?! (ער ענטפֿערט ניט.) איר שווײַגט?! ס'איז, הייסט עס, עמעס?!

אַ ז אַ ר י אַ (מורמלט). באַרוך טאָר דאָ ניט פֿאַרבלײַבן! ס'איז אַ סאַקאַנע פֿאַר דער יוגנט... אַ סאַקאַנע פֿאַר דער קעהילע... ס'גייט אין אַנזען פֿון אַלעמען... און איך בין דאָך געווען ניט מער ווי אַ שאַליעך אין נאָמען פֿון בעסדן, פֿון די סעניאָרן פֿאַרנייסים...

מ אַ נ ו ע ל אַ. די סעניאָרן פֿאַרנייסים! וועלכע?! אַבאַרבאַנעל, עפּשער?! אין איינס האָט איר זיך ניט געביטן פֿאַר די גאַנצע יאָרן, דאָוויד אַזאַריאַ — איר בייגט זיך טאָמיד פֿאַרן גאָלדענעם קאַלב! ווען דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן פֿון מײַן מישפּאָכע וואָלט ניט אומגעקומען אין שיפֿברוך, וואָלט עפּשער אײַער וואָרט געבליבן וואָרט?! איר וואָלט עפּשער ניט אָפּגעשטויסן מאַנועלאַ אַליווייראַ דע גאַמעץ?!

אַ ז אַ ר י אַ (מורמלט). ס'איז מיסטאָמע ניט געווען באַשערט...

מ אַ נ ו ע ל אַ. באַשערט! (זי לאַכט.) ס'איז לײַכט אַרופֿצושרײַבן אויפֿן כעזשבן פֿון באַשערט־קײַט אַלע מיִעסקײַטן פֿון דער אייגענער נעשאָמע!

אַ ז אַ ר י אַ. מאַנועלאַ... זײַט גרויסמוטיק!

מ אַ נ ו ע ל אַ (לײַדנשאַפֿטלעך). און פֿאַרוואָס זאָל איך עס זײַן?! זײַט איר עפּשער געווען עס, אַזאַריאַ?! אָט, ווען איך וואָלט דאַן געהאַט אַ ברודער, וואָס זאָל נעקאָמע נעמען, — מיט אײַער בלוט וואָלט איר באַצאָלט פֿאַר דער אַוולע! בין איך אָבער געווען אַליין און האָב געקאָנט בלויז פֿאַרבײַסן די ליפּן, קיינער זאָל מײַן ווונד ניט זען. אָבער דער כעזשבן איז ניט געסילעקט, ניין! און איצט, נאָך צוויי און פֿערציק יאָר, קום איך מאָנען מײַן כויוו, דאָוויד אַזאַריאַ! עס טאָר קיין כיירעם ניט זײַן!

אַ ז אַ ר י אַ. מאַנועלאַ, מאַנועלאַ! מיר זײַנען ביידע אַלטע לײַט!

מ אַ נ ו ע ל אַ. עס טאָר קיין כיירעם ניט זײַן — איר הערט?!

אַ ז אַ ר י אַ. אַפֿילע אויב איך וואָלט וועלן עפּעס טאָן, איז עס שוין ניט מעגלעך. אַלץ איז גרייט אויף מאָרגן. איך בין אָנמעכטיק, מאַנועלאַ.

מ אַ נ ו ע ל אַ. ניט עמעס! איר קאָנט אַלץ, אויב נאָר איר וועט וועלן! אַזאַריאַ, אַזאַריאַ, איך באַשווער אײַך!

אַ ז אַ ר י אַ (נאָך אַ קורצער פּויזע). ס'איז דאָ עפּשער איין אויסוועג, מאַנועלאַ. בלויז איינער!

מ אַ נ ו ע ל אַ. וואָס?!

אַ ז אַ ר י אַ. זאָל ער פֿאַרלאָזן נידערלאַנד! זאָל ער אַוועקפֿאָרן.

מ אַ נ ו ע ל אַ. זויאַזוי?! וווהין?!

אַ ז אַ ר י אַ. וווהין ער וועט וועלן! אַבי ניט בלײַבן דאָ! קאָהאָל וועט געבן אויף הויצאָעס! איך בין אָרעוו! זאָל ער פֿאָרן קיין בראַזיל! זאָל ער פֿאָרן אין דער אָטאָמאַנישער[1] מעדינע! זאָל ער פֿאָרן קיין צפֿאַס צי קיין יערושאָלאַיִם, זאָל ער פֿאָרן אין עק וועלט, אַבי אונדזערע אויגן זאָלן אים מער ניט אָנזען!

מ אַ נ ו ע ל אַ. אַזאַריאַ... באַרוך איז אַ כאָסן געווען...

אַ ז אַ ר י אַ. איך ווייס. כ'וועל ריידן מיט ראַבי יעהושוע. אויב ער וועט מאַסקים זײַן, וועט מען שטעלן כופּע. קאָהאָל וועט געבן אויף הויצאָעס פֿאַר כאָסן־קאַלע.

מ אַ נ ו ע ל אַ (פֿאַרלוירן). אָבער... ביז מאָרגן?!..

אַ ז אַ ר י אַ. מע וועט אָפּלייגן. איך זאָג אײַך צו. גייט טייקעף ריידן מיט אים! זאָל ער פֿאָרן! ס'וועט זײַן גלײַכער פֿאַר אַלעמען! מ'וועט פֿאַרמײַדן אַ כאַרפּע פֿאַר דער גאַנצער קעהילע. גייט, גייט, מאַנועלאַ, און זײַט מאַצליִעך!

מ אַ נ ו ע ל אַ (הייבט זיך אויף). אַ דאַנק אײַך, ראַבי אַזאַריאַ, אַ דאַנק! (זי פֿאַרדעקט ווידער דאָס פּאָנעם און גייט צום אַרויסגאַנג.)

אַ ז אַ ר י אַ. מאַנועלאַ!

מ אַ נ ו ע ל אַ. יאָ? (זי שטעלט זיך אָפּ, הייבט אויף דעם שלייער.)

אַ ז אַ ר י אַ. איר האָט געזאָגט — באַרוך איז פֿאַר אײַך ווי אַן אייגן קינד?

מ אַ נ ו ע ל אַ. יאָ, ראַבי אַזאַריאַ.

אַ ז אַ ר י אַ. אויב איר ווילט, פֿאָרט מיט אים צוזאַמען... (און נאָך אַ ווײַלע.) איך וועל געבן אויף הויצאָעס.

---

[1] טערקײַ.

**מאנועלא.** (קוקט אים אָן לאַנג). ראַבי אזאַריאָ, אײַער גאַנץ לעבן איז אײן לאַנגע קייט פֿון לויטער מיצוועס! איז עס אײַך אַלץ ניט גענוג?! איר ווילט אײַנהאַנדלען איצט נאָך אַ מיצווע און אַפּן כּעזשבן פֿון וועמען?! פֿון מאַנועלאַ אַליווײראַ דע גאַמעץ?

**אזאַריאָ** (שטיל). איר וועט מיר טאַקע קיינמאָל ניט מויכל זײַן, מאַנועלאַ?!

**מאנועלא.** מויכל זײַן?! צו וואָס דאַרפֿט איר מײַן מעכילע, ראַבי אזאַריאָ?! זי וועגט ניט אַפֿילע קיין האַלב לויט גאָלד!.. (זי צעלאַכט זיך, פֿאַרדעקט דאָס געזיכט און לאָזט זיך פּאַמעלעך צום אַרויסגאַנג.)

פֿאָרהאַנג

בילד צוויי

באַ מאַנועלאַן. דאָס זעלבע צימער, ווי אין צווייטן בילד פֿון ערשטן אַקט. **באָרוך** איז אַלײן.

**באָרוך.** וואָס קומט אָן שווערער — די טאַט צי דער אויסוואַל פֿון טאַט? דער אַקט גופֿע צי דער באַשלוס? (ער טראַכט אַ ווײַלע, שמייכלט אומעטיק.) פּונקט ווי אַ כּוילע־מעסוקן, וואָס וויל ראַטעווען זײַן לעבן, פּרוּווט אויס קאָלערליי רעפֿועס, אַפֿילע די סאַמע אומוואַרשײַנ־לעכסטע, — אַזוי האָב איך געפּרוּווט אַף אַלע אויפֿאַנים אויסצומײַדן די אַנטשיידונג, אָדער לעכאָל־האַפּאָכעס אָפּשטופּן זי, דערווײַטערן, געווינען אַ כוידעש, אַ וואָך, אַ טאָג... עס זײַנען אָבער דאָ רעפֿועס, וואָס נישט בלויז זיי ברענגען ניט קיין גענעזונג, נאָר קאַפּויר, זיי שטויסן פּאַמעלעך אין די אָרעמס פֿון טויט. מע מוז זיך אַנטשליסן! (ער גייט צו צום פּאָרטרעט, בלײַבט שטיין אַ ווײַלע און מיט אַן אומעטיק־איראָנישן שמייכל.) באַפֿרײַער פֿון יאָדנבורט! קעמפֿער פֿאַר דער פֿרײַהײַט פֿונעם פֿאָלק! (פּויזע.)

עס עפֿנט זיך די טיר, און ס'קומט אַרײַן **ראַבי יעהוישוע.**

**יעהוישוע.** באָרוך!

**באָרוך** (דערשטוינט). איר — דאָ, רעבע?! (ער טראָגט אים אונטער אַ שטול.)

**יעהוישוע.** איך קום פֿון פּאָרט. ס'איז דאָ אַ שיף, וואָס גייט אָפּ אין צוויי טעג אַרום קיין לעוואַנט, אין דער אָטאָמאַן־מעדינע. אַ גוטע שיף, פֿעסט געבויט און ריין געהאַלטן. באָרוך, מאָרגן, אין אַ מאַזלדיקער שאָ, וועט מען שטעלן כופּע, און איבערמאָרגן, אים־ייִרצע־האַשעם, וועט איר, מיטן אייבערשטנס הילף, אָפּפֿאָרן. (באָרוך שווײַגט.) באָרוך, הערסט, וואָס איך רייד?!

**באָרוך** (פּאַמעלעך). יאָ, רעבע... איך הער...

**יעהוישוע.** נו, און וואָס?!

**באָרוך** (שטיל). ניין, רעבע.

**יעהוישוע.** ניין?! (ער קוקט אים אָן שטרענג.) וואָס מיינט עס, באָרוך?!

**באָרוך.** איך בעט מעכילע, רעבע! פֿון גאַנצן האַרצן בעט איך מעכילע! אויב דעם רעבנס ווילן איז, אַז מאָרגן זאָל זײַן כופּע, וועט זיכער קיין גליקלעכערער כאָסן אַף דער וועלט ניט זײַן. אָבער אָפּפֿאָרן איבערמאָרגן — וועל איך ניט!

**יעהוישוע.** ווילסט אַ שפּעטערדיקע שיף?

**באָרוך.** ניין, רעבע. קיין שפּעטערדיקע אויך ניט. איך וויל ניט פֿאַרלאָזן נידערלאַנד, רעבע!

**יעהוישוע** (דערשיטערט). באָרוך, האָסט דאָך מאַסקים געווען!

**באָרוך.** דאָס טאַקע וואַרף איך מיר פֿאָר, רעבע, — די צוזאָגן מײַנע, די וואַקלעניש. איצט אָבער איז עס געענדיקט. דאָ איז מײַן היים! האָלאַנד איז מײַן פֿאָטערלאַנד, רעבע!

**יעהוישוע.** קינד! דײַנע עלטערן, אַלייהעם־האַשאָלעם, האָבן אויך געהאַט אַ פֿאָטער־לאַנד! איך האָב אויך געהאַט אַ פֿאָטערלאַנד!

**באָרוך.** דאָס איז געווען ניט מער, ווי געבוירן־לאַנד, רעבע, און דערצו נאָך — אַ לאַנד פֿון אונטערדריקונג! מיר אָבער איז באַשערט געווען דאָס גליק צו שטעלן מײַנע ערשטע טריט אַף דער ערד פֿון פֿרײַהײַט — און בלויז אין פֿרײַהײַט ווערט פֿונעם געבוירן־לאַנד אַ פֿאָטערלאַנד!

**יעהוישוע.** באָרוך, ס'איז אונדזער לעצטע האָפֿענונג! קום באַקומען די האַסקאָמע פֿון קאָהאָל! דערצאָרן ניט נאָך מער די סעניאָרן פּאַרנייסים! דערצאָרן ניט דעם בעסדן! מיט די איי־גענע הענט רײַסטו איבער, כאָלילע, דײַן בונד מיטן ייִדישן קלאָל!

**באָרוך.** ניט איך רײַס איבער, רעבע! און קיינער האָט ניט קיין רעכט עס צו טאָן! און זיכער ניט די, וואָס זײַנען געגאַנגען צו די קאַלוויניסטישע קירכן־ראַטן זיך מישטאַדל זײַן, מע זאָל מיך פֿאַרטרײַבן פֿון שטאָט!

י ע ה ו י ש ו ע (שטיל). מיר האָט מען וועגן דעם ניט דערציילט.

ב אָ ר ו ך. איך ווייס, רעבע. ס׳איז געווען א סאָד. און עפשער טאַקע האָבן די שטאַדלאָנים מיר די אויגן געעפנט. ס׳איז מער ניטאָ קיין אָפּגעזונדערטער יאָדנבורט, רעבע! איבער דעם הייד־מאַרק און די עלנטע געסלעך פון פלאָענבורג האָבן די ראָשע־בעסדן פון דער קעהילע־קדוישע אמסטערדאם די הענט זיך געגעבן מיט די קריסטלעכע סינאָדן פון די נידערלענדער־פּראָווינצן. און אויך איך, רעבע, האָב מײַן האַנט געגעבן! כ׳האָב געגעבן מײַן האַנט די אַלע קריסטלעכע פרײַנט מײַנע, וואָס זוכן דעם עמעס, ווי איך, וואָס דאָרשטן נאָך פרײַהײַט, ווי איך, און וועמעס קאַמף — איז מײַן קאַמף, און וועמעס גוירל — מײַן אייגענער גוירל!

י ע ה ו י ש ו ע. ניטאָ בא דיר אין הארצן קיין אהבת־ישראל[1], באָרוך!

ב אָ ר ו ך. איך קען עפּעס העכערס, ווי אהאוואס־ייִסראָעל, רעבע, — דאָס איז אהבת־אלהים, אהבת־האמת![2] קאָן דען די ברענענדיקסטע ליבע פאַרוואַנדלען פאַלש אין וואָרהײַט?! קאָן מען דען שטילן דעם דאָרשט נאָך עמעס — מיט טויטע אויסיעס, מיט אַלטע שיימעס, מיט פאַרגעלבטן פּאַרמעט, וואָס איז פול מיט סטירעס און דערצו נאָך אָפּט געפעלשט?!

י ע ה ו י ש ו ע (רײַסט זיך אוף פון אָרט). באָרוך, דער, וואָס אין הימל, זאָל זיך אָף דיר מעראַכעם זײַן! כ׳האָב ניט געוווּסט, אז דו ביסט אוועק שוין אזוי ווײַט. (פויזע; ער זעצט זיך צוריק.) בייג דעם קאָפּ, באָרוך! דערמאָן זיך: פאַר אָט דעם פאַרגעלבטן פּאַרמעט, פאַר אָט די שיימעס האָבן הונדערטער טויזנטער ייִדן אויסגעהויכט זייערע נעשאָמעס אָף די שײַטערהויפנס, זײַנען אומגעקומען אָף קידוש־האשעם! איז דאָס אַלץ געווען אומזיסט?! זינלאָז?! אומזיניק?!

ב אָ ר ו ך. רעבע, די קדוישים האָבן געהייליקט ניט דעם פּאַרמעט, ניט די שיימעס — נאָר די געבאָטן פון געטלעכקײַט, דעם פרײַען מענטשלעכן גײַסט, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום אינוים! און גענוג שוין האָבן מיר געברענט אָף שײַטערהויפנס, רעבע! גענוג געווען א פאָלק פון קדוישים! ניט אזא קדושע וויל גאָט! פאַרלאָשן דאַרפן ווערן די שײַטערהויפנס, אַלע שײַטער־הויפנס אָף דער ערד — דורך דער מענטשלעכער מאַכשאָווע, רעבע, דורכן עמעס, דורך דער פרײַהײַט!

י ע ה ו י ש ו ע (שטיל). און עפשער באשטייט אין דעם טאַקע אונדזער אויסדערוויילטקײַט — צו זײַן, פאַר די אומעס־האָוילאָם, ווי דער סנה[3], וואָס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט?!

ב אָ ר ו ך. אָבער מיר ווערן דאָך יאָ פאַרברענט, רעבע! וויפל אש פון אונדזער פאָלק האָבן שוין די ווינטן צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון דער ערד! און — זאָל דער רעבע פאַרצײַען — ס׳איז קיין שום אויסדערוויילטקײַט ניטאָ! קיינער האָט אונדז קיינמאָל ניט אויסדערוויילט — ניט אָף געדײַען אין לײַטזעליקײַט, ניט אָף אומצוקומען אין יעסורים.

י ע ה ו י ש ו ע. וואָס?! דו לייקנסט אין דער בחירה?![4]

ב אָ ר ו ך. איך לייקן, רעבע! ס׳איז אן אײַנרייִדעניש! מערער — א כילעל־האשעם! מיר זײַנען ניט בעסער און ניט ערגער פון די אומעס־האָוילאָם! און מיט אַלע פעלקער גלײַך דאַרפן מיר זײַן — אָדער מיר ווען אינגאַנצן ניט זײַן!

י ע ה ו י ש ו ע. אינגאַנצן ניט?! באָרוך, דו גיסט זיך אָפּ א כעזשבן, וואָס דו זאָגסט?! דו דער־לאָזט די מאַכשאָווע — אַליין די מאַכשאָווע אפילע! — אז מיר וועלן, כאָלילע, אינגאַנצן ניט זײַן?! אז דער שוץ־מויער, וואָס לאַנגע דוירעס האָבן אופגעבויט, קעדיי צו באשיצן אונדזער אומע, — וועט אײַנפאַלן?!

ב אָ ר ו ך. בלויז גאָט איז אייביק, רעבע. בלויז די נאַטור איז אייביק, און אייביק זײַנען די געזעצן אירע. ווײַטער איז אַלץ — פאַרגענגלעך. זונען, פּלאַנעטעס, אימפּעריעס, פעלקער, מענטשן — אַלץ קומט אוף און אַלץ פאַרגייט!

י ע ה ו י ש ו ע (נאָך א ווײַלע שווײַגן). ס׳קאָן זײַן, כ׳וואָלט געדאַרפט זיך אופהייבן און אוועק־גיין, אָבער — איך בין פאַר ראָכלען א פאָטער, באָרוך, און עפשער... פאַר דיר אויך... איך וויל דיך ראַטעווען פון כורבן! לאָז מיך דיך ראַטעווען! דו זעסט ניט, וואָס עס טוט זיך אָף דער וועלט?! נאָך קיינמאָל האָט זיך ייִדיש בלוט אזויפיל ניט געגאָסן, ווי אין אונדזערע טעג! נאָך זײַנען די שײַטערהויפנס ניט פאַרלאָשן אין מאַדריד, אין ליסאַבאָן און אין רוים, ווי א העליש פײַער האָט זיך אָנגעצונדן אין מלכות־פּוילן![5] הונדערטער בלײַענדיקע ייִשוווים זײַנען חרוב ונחרב[6] געוואָרן, הונדערטער טויזנטער נעפאַשעס זײַנען פאַרשניטן געוואָרן אַל קידוש־האשעם! האָסט דאָך געזען

---

[1] אהאוואס ייִסראָעל — ליבשאַפט צו ייִדן; [2] אהאוואס עלאָים, אהאוואס האָעמעס — ליבשאַפט צו גאָט, ליבשאַפט צום עמעס; [3] סנע — א דאָרן; [4] בכירע — אויסדערוויילטקײַט; [5] מאַלכוס פּוילן — אין דער מעלוכע פּוילן; [6] כאָרעוו־ווענעכרעוו — פאַרוויסט.

באַ אונדז, אין אַמסטערדאַם, די אומגליקלעכע פּליטים, וואָס זײַנען קוים ניצל געוואָרן פון די ראָצכים.

באָרוך. יאָ, רעבע.

יעהושוע. און ווי מיינסטו — דאָס איז אַלץ אומזיסט?! אומזיסט האָט די פינצטערע מעמשאָלע פון סמאַל[1] אַזוי אויסגעשפּרייט אירע שוואַרצע פליגל איבער דער וועלט?! אומזיסט איז די ערד אַזוי דורכגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט, אַז ס׳קאָן זיך אויסדוכטן — ס׳איז, כאָלילע, אַ סאָף צום פאָלק ייִסראָעל?! קיין זאַך איז ניט אומזיסט! די חבלי־משיח[2] זײַנען עס! ס׳איז נאָענט דער קץ![3] מיר שטייען ערב גאולה![4] דער הייליקער זהר[5] האָט נעוויִעס געזאָגט, אַז אין יאָר 1648 וועט קומען אונדזער דערלייזונג. האָט זיך גראַד דאַן די תוכחה[6] אַ גאָס געטאָן, ווי נאָך קיינמאָל, אָף אונדזערע קעפּ, און מענטשן פון שוואַכן גלויבן האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון די הייליקע ווערטער. אָבער די נעוווּע איז מעקוּיעם געוואָרן! באָרוך, איך טאָר ניט מגלה סוד[7] זײַן, אָבער ס׳איז פּקוח נפש![8] שווער מיר, שווער באַ אַלץ, וואָס דיר איז טײַער, אַז דו וועסט וועגן דעם סאָד קיין וואָרט אָף די ליפּן ניט ברענגען, ביז ס׳וועט קומען די צײַט. שווער מיר, באָרוך!

באָרוך. איך שווער אײַך, רעבע.

יעהושוע (נאָך אַ ווײַלע שווײַגן). באָרוך, אונדזער לאַנג־אויסגעוואַרטער גואל[9] איז שוין דאָ! מאָשיִעך איז שוין געקומען!

באָרוך (קוקט אים אָן דערשטוינט). רעבע, וואָס רעדט איר, רעבע?!

יעהושוע. יאָ, באָרוך, יאָ! געקומען שוין מאָשיִעך! געקומען מאָשיִעך! זײַן נאָמען איז שאַבסײַ, פון הייליקן טאָג שאַבעס, ווײַל כולו שבת[10] וועט ווידער ווערן דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק! בלויז יעכידע־סגולע ווייסן דערווײַל פונעם סאָד. מאָשיִעך וויל נאָך ניט ניסגאָלע ווערן. מיט טאַנייסים און סגופים[11] פּײַניקט ער זײַן לײַב און שטאַרקט זײַן נעשאָמע. אין דער מוסולמענישער מעדינע לעבט ער, ניט ווײַט פון די טויערן פון יערושאָלאַיִם. באַלד וועט אויסשלאָגן די שאָ, באָרוך! איך בין אַלט און כ׳ווייס ניט, צי כ׳וועל זוכע זײַן צו זען עס מיט מײַנע אויגן. אָבער דו וועסט עס זען, באָרוך! אַ סאָף וועט נעמען צום ביטערן גאָלעס! אַ סאָף צו אַלע לײַדן, צו אַלע אינוים! קיינער וועט אונדז מער ניט טרעטן מיט די פיס! קיינער וועט מער ניט פאַרגיסן אונדזער בלוט! אויס אינקוויזיציע, אויס גיירושים, אויס שכיטעס! מאָשיִעך, מאָשיִעך איז געקומען! (ער צעוויינט זיך.)

באָרוך (דערשיטערט, פּליסטערט). רעבע... רעבע...

יעהושוע. פאַר צו אונדזער דערלייזער, באָרוך! פאַר צו אונדזער מעלעך האַמאָשיִעך! איך וועל דיר מיטגעבן בריוו צו זײַנע מעקוראָווים, וועסט ווערן אַ שוטעף צו דער געולע! וועסט ווערן אַ גאָדל־בעייִסראָעל! פאָר, באָרוך, פאָר!

באָרוך (ביסלעכווײַז געקומען צו־זיך). רעבע... וויאַזוי... פונוואַנען ווייסט מען עס?!

יעהושוע. שליכים זײַנען געקומען! געהיימע שליכים פון די קעהילעס פון טערקײַ!

באָרוך. כ׳מיין, רעבע... פונוואַנען ווייסט מען עס, אַז אָט דער... דער שאַבסײַ איז... מאָשיִעך?! אָפן סמאַך פון וואָס?!

יעהושוע. קלאָרע סימאָנים זײַנען פאַראַן! גדוילע־האַדאָר האָבן כאַלוימעס געזען! שאַבסײַ אַליין האָט געוויזן ווונדער!

באָרוך. רעבע... זאָל מיר דער רעבע מויכל זײַן... איך גלייב ניט אין כאַלוימעס! איך גלייב ניט אין ווונדער!

יעהושוע. גאָט איז מיט דיר, באָרוך! דו גלייבסט ניט אין ביאת המשיח?![12]

באָרוך. כאָלילע, רעבע! איך גלייב! כ׳גלייב אָבער גלײַכצײַטיק און בעעמונע שליימע, אַז די געולע וועט קומען ניט פון ניסים און כאַלוימעס, נאָר פון מענטשלעכן סייכל, פון מענטשלעכן גײַסט!

---

[1] סאַמאַייל — אַזוי הייסט באַ די רעליגיעזע ייִדן דער אַזויגערופענער סאָטן און מאַלעך־האַמאָוועס; [2] כעוולייי־מאָשיִעך — די מאָשיִעך־לײַדן. רעליגיעזע ייִדן האַלטן, אַז פאַר מאָשיִעכס קומען וועלן די מענטשן אויסשטיין שווערע לײַדן פון דערוואַרטונג (מ אָ ש יִ ע ך — גאָטס געזאַלבטער, וואָס וועט קלוימערשט באַפרײַען די ייִדן פון גאָלעס); [3] קעץ — סאָף (דאָ געמיינט: דער סאָף פון גאָלעס); [4] ערעוו־געולע — ערעוו דער אויסלייזונג, געמיינט: דעם סאָף פון גאָלעס; [5] זויהאַר — נאָמען פונעם קלאַסישן קאַבאָלע־בוך; [6] טויכעכע — די פּאַרשע פון קלאָלעס אין די כומאָשים וואַיִקראָ און דוואָרים (אַ באַצייכענונג פון אומגעריכטע אומגליקן); [7] מעגאַלע־סאָד זײַן — אַנטפּלעקן אַ סאָד; [8] פּיקועך־נעפעש — אַ לעבנס־רעטונג; [9] גויעל — אויסלייזער (געמיינט: מאָשיִעך); [10] קולוי־שאַבעס — דורכויס שאַבעס; [11] סיגופים — פּײַניקונגען; [12] ביִאַס האַמאָשיִעך — מאָשיִעכס קומען.

יעהוישוע. און דערוויַל — וואָס?! דערוויַל — ביז דער מענטשלעכער סייכל, וואָס דו מאַכסט פון אים אַן אוווידע־זאַרע, וועט אופהערן בלינד צו זיַין און טאַפּן אין דער פינצטער און געשטרויכלט ווערן איבערן קלענסטן מיכשל?! ביז דער גייַסט פונעם מענטש וועט ווערן מענטשלעך בעעמעס?! זאָל אונדזער פאָלק דערוויַל אויסגיין אין בלוט?! ווער וועט אונדז אויסלייזן, אויב ניט מאַשיִעך?! ניט בלויז, וואָס דיר פעלט עמונע, נאָר דו לייקנסט, דו לייקנסט בעפּירעש אין נצח־ישראל?![1]

באָרוך (שטיל, אָבער פעסט). אויב נעצעאַך־ייִסראָעל דאַרף קומען בלויז פון אַ נעס, וועט קיין נעצעאַך־ייִסראָעל ניט זיַין!

יעהוישוע (הייבט זיך אוף). גאָט איז מיַין אײדעס, איך האָב געטאָן אַלץ, וואָס כ'האָב געקאָנט. איצט בלייַבט מיר איינס — בלויז קריִע רייַסן! באָרוך, ביסט ניט מער קיין ייִד!

באָרוך. רעבע! זאָל דער רעבע מיר פאַרצייַען פאַר אַלע אַגמעס־נעפעש, וואָס איך האָב אים פאַרשאַפט — ניט וועלנדיק קיינמאָל, איך שווער! כ'בין עפּשער אַן אַנדער מין ייִד, ווי דער רעבע... אָבער כ'בין אַ ייִד!.. אַ ייִד, רעבע!.. (יעהוישוע, אָן איין וואָרט, גייט צום ארויסגאַנג.) רעבע, איך בעט מעכילע!..

> יעהוישוע איז אַרויס; באָרוך בלייַבט אַליין; ער מאַכט עטלעכע טריט, ווי אין האַלב־באַ־וווסטזייַן, זעצט זיך, פאַמעלעך און שווער, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ; אַ פּויזע; ס'לויפט אַריַין האַסטיק ראָכל, אירע אויגן פינקלען פון צאָרן.

ראָכל. דער זיידע האָט מיר אַלץ דערציילט! וואָס באַטייַט עס?!

באָרוך (שטיל). ראָכל...

ראָכל. מאָרגן האָט געזאָלט זיַין כאַסענע באַ אונדז!

באָרוך (ווי פריִער). יאָ, מאָרגן...

ראָכל. און ווידער, ניט פרעגנדיק באַ מיר אפילע, האָסטו אַלץ צונישט געמאַכט!

באָרוך (שטיל). ניין!..

ראָכל (שאַרף). ווער ביסטו, זאָג, ווער ביסטו?! וואָס איז עס פאַר אַן אומבעראַכמאָנעסדיקער קויעך, וואָס האָט אַזוי דיך באַוועלטיקט, וואָס ציינדט אַלע בריקן אַרום דיר, וואָס רייַסט אַרויס דעם לעצטן אָנשפּאַר פון אונטער דייַנע טריט?! ס'איז דאָך אומעגלעך, אַז דאָס זאָל זיַין — דו!.. אָט די אַקשאָנעס, וואָס דערגייט ביז מעשוגאַס, — דו ביסט דאָך אַזאַ פאַרנונפטיקער, אַ צאַרטער! אָט די פאַרביסנקייַט, וואָס אַלץ צעבראָכט זי און צעטרעט און טוט ראַק שלעכטס, — דו ביסט דאָך אַ גוטהאַרציקער! ווי אַ וואַנזיניקער ביסטו געוואָרן, וואָס לויפט צו אַן אָפענעם אָפּגרונט און קיינער אין דער וועלט איז שוין מער ניט מעסוגל אים אייַנצוהאַלטן!

באָרוך (הייבט זיך אוף, גייט פאַמעלעך צו ראָכלען און — שטיל). איך קאָן ניט לעבן אין שעקער, ראָכל... איך קאָן ניט לעבן אין נאַכט... (ער נעמט זי אָן פאַר אַ האַנט און — בעטנדיק.) העלף מיר, ראָכל!..

ראָכל (רייַסט אַרויס איר האַנט). האָסט מיך אויסגעשטעלט צו שאַנד! האָסט באַדעקט מיט שאַנד דעם ערלעכן נאָמען פון זיידן! איך אַליין בין געלאָפן בעטן — באַ די סעניאָרן ראַבאָנים געוועזן, באַ די סעניאָרן פּאַרנייסים! צו די פיס געפאַלן, מיט טרערן זיך באַוואַשן! פאַרבויגן מייַן שטאָלץ, פאַרבויגן די מיידלשע בושע! ניין, קיינער, קיינמאָל, האָט מיך אַזוי ניט באַליידיקט, ניט דערנידעריקט, אַזויפיל ווי ניט פאַרשאַפן! (זי מאַכט אַן אָנשטרענגונג, קעדיי זיך ניט פאַנאַנדערוויינען.)

באָרוך. זיַי מיר מויכל... איך בין ניט שולדיק...

ראָכל. ווער זשע איז שולדיק — איך עפּשער?! איבעריקס, ס'איז ניט קיין כילעק. איינס איז קלאָר פאַר מיר, באַשייַמפּערלעך: דו ליבסט מיך ניט מער.

באָרוך. ראָכל, איך שווער דיר: מע קאָן ניט ליב האָבן אַ מענטשלעך וועזן מער, ווי איך האָב דיך ליב!

ראָכל (איר צאָרן פאַרגייט ביסלעכווייַז). אַמאָל ביסטו געוועזן גוט צו מיר צערטלעך, ווי אַ כאָסן דאַרף זיַין צו אַ קאַלע. לעצטנס אָבער באַמערקסטו מיך קוים! עפּשער גיסטו זיך ניט אָפּ קיין כעזשבן גאָר, אָבער דייַן געדאַנק איז אַלץ מער און מער פאַרנומען מיט דייַנע פרייַנט, די קריסטן, מיט די וויקוכים אייַערע — וועגן סייכל, וועגן מאַכשאָווע! און דאָס האַרץ דייַנס ווו איז?! ס'טרעפט, איך פרעג זיך אַליין: צי ביסטו ניט אַמאָל בלויז טרוקענער סייכל?! צי האָסטו ביכלאַל אַ האַרץ?!

באָרוך (שטיל). מייַן האַרץ איז איין גרויסע בלוטיקע וווּנד! מייַן נעשאָמע ווערט צעריסן פון פּייַן! אַלץ אָפטער טראַכט איך: עפּשער איז גלייַכער אינגאַנצן ניט־זיַין...

---

[1] נעצעאַך־ייִסראָעל — אייביקייַט פונעם פאָלק ייִסראָעל.

ר אָ כ ל (נעמט אים אָן פאַר די הענט; וויין). באָרוך, איך וויל ניט, מיר זאָלן פאַרשפּילן אונדזער גליק! איך וויל ניט, מיר זאָלן צעברעכן אונדזער לעבן!

ב אָ ר ו ך (כאַזערט מיד). כ׳קאָן ניט לעבן אין שעקער... כ׳קאָן ניט לעבן אין כוישעך... איך קאָן ניט — דו פאַרשטייסט?!.. און אַפילע אויב כיירעם, אויב טפיסע, אויב יעסורים, אויב שײַטערהויפן (ער שרײַט, מיט פאַרצווייפלונג.) — ווער וועט מיך איבערצײַגן, אַז טאָג איז דאָס זעלבע, וואָס נאַכט, אַז אַ קערפּער איז אומענדלעך, בייס איך זע בעפיירעש זײַנע גרענעצן?!

(פּויזע.)

ר אָ כ ל. וואָס וועלן מיר טאָן?!

ב אָ ר ו ך. ניט איין מאָל האָבן זיי שוין נאָכגעגעבן! זיי וועלן נאָכגעבן אויך איצט.

ר אָ כ ל (שטיל). אַזוי שטאַרק פילסטו זיך — צו זײַן אַן איינזאַמער שווימער אינמיטן געווירבל?!

ב אָ ר ו ך. איך פיל זיך שוואַך. לאָז ניט אָפּ מײַן האַנט, קעדיי כ׳זאָל ניט דערטרונקען ווערן! לאָז ניט אָפּ מײַן האַנט, ראָכל!

פ אַ ר ה א נ ג

בילד דרײַ

נ א כ ט־ו ו ע כ ט ע ר (פאַרן פאַרהאַנג; אין זײַן רעטשיטאַטיוו). נאָך עלף דער זייגער! דער זייגער נאָך עלף! נאָך עלף! (ער גיט אַ קלאַפּ אין זײַן הילצערנעם קלאַפּער.) דער זייגער נאָך עלף!.. (ער גייט פּאַמעלעך אַרויס.)

דער פאַרהאַנג גייט אויף. בײַנאַכט. אַ פּלאַץ אין אַמסטערדאַם. העלע לעוואָנע־ליכט. די בינע איז ליידיק; פון הינטער דער בינע דערגייט שטיל דאָס קאָל פונעם נאַכט־וועכטער.

נ א כ ט־ו ו ע כ ט ע ר (הינטער דער בינע). נאָך עלף דער זייגער! נאָך עלף!

ס׳קומען אַרײַן מ א נ ו ע ל א און ר אָ כ ל, די געזיכטער פאַרשטעלט מיט שאַלן.

מ א נ ו ע ל א. נו, וואָס ציטערסטו אַזוי, נעשאָמע מײַנע?! דאָס האַרץ דײַנס קלאַפּט העכער, ווי דער קלאַפּער פונעם נאַכט־וועכטער! וועסט באַלד אויפוועקן די גאַנצע שטאָט! פאַרוואָס האָסטו מוירע?! ביסט דאָך מיט מיר!

ר אָ כ ל. איך האָב ניט מוירע, סעניאָרא... איך האָב ניט מוירע...

מ א נ ו ע ל א. אַוואַדע! האָסט ניט מוירע — און טרייסלסט זיך אינגאַנצן! (זי לאַכט.)

ר אָ כ ל. סעניאָרא, עמעץ גייט דאָרט! איז עס ניט באָרוך?

מ א נ ו ע ל א (קוקט זיך אַיַן). ס׳האָט זיך דיר אויסגעדוכט. די ערשטע נאַכט־טרעפונג בײַ דיר, איאָ, נעשאָמע מײַנע?

ר אָ כ ל. די ערשטע, סעניאָרא.

מ א נ ו ע ל א. דאָ זינגט מען ניט קיין סערענאַדעס — אַ שאָד! אַן אומעטיק לאַנד! אָט, ווען דו וואָלסט געוווּסט, וואָס דאָס הייסט: געזאַנג אין דער נאַכט — געווענדט צו דיר, בלויז צו דיר! ס׳צענעמט דאָס האַרץ, ווי שטאַרקער ווײַן. (זי טראַכט אַ ווײַלע און צעלאַכט זיך.) איך שטעל מיך פאָר, ווי באָרוך וואָלט געזונגען... אַ סערענאַדע... (לאַכט נאָך שטאַרקער.)

ר אָ כ ל (אומדרייסט). סעניאָרא, מע קאָן נאָך דערהערן...

מ א נ ו ע ל א. ביסט גערעכט! איך רייד צו הויך, איך לאַך צו הויך, עפּעס ווי דער קאָפּ וואָלט זיך מיר געדרייט פון שיקרעס. שוין לאַנג ניט געווען אויף אַ טרעפונג בײַנאַכט! עמעס, די טרעפונג איז ניט פאַר מיר, די שטערן זײַנען ניט אַזעלכע ליכטיקע, ווי אין מײַנע יונגע יאָרן, דער הימל ניט אַזוי טיף — אָבער די שטילקייט איז קימאַט די זעלבע און די זעלבע סוידעסדיקייט פון דער נאַכט. באָרוך איז גערעכט, האַרץ מײַנס: יוגנט דאַרף זײַן דרייסט, גיין איר אייגענעם וועג, ניט פאָלגן, וואָס גוטע און פרומע לײַט הייסן! פאַרוואָגלט ווערן אין דער פרעמד?! פרעג מיך דעם טאַם דערפון! קיין סוינע ניט צו ווינטשן! איר זײַט יונג! מע דאַרף זײַן מוטיק!

ר אָ כ ל. סעניאָרא, האָבן מיר זיך אַמאָל ניט טויע געווען אין אָרט?! ס׳איז שוין שפּעט, און באָרוך איז ניטאָ. קומט, לאָמיר אַ קוק טאָן דאָ אַרום!

מ א נ ו ע ל א. קום, נעשאָמע מײַנע, קום! (גייען ביידע אַרויס.)

אַ ווײַלע בלײַבט די בינע ליידיק; באַלד שלײַכט זיך אַרײַן זייער פאָרזיכטיק ג א ו ו ר י ע ל.

גאווריעל. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: ראָכלען דראָעט א סאַקאָנע! ער וויל זי פאַרפירן, פאַרנאַרן צום שמאַד! די אַלטע מאַנועלאַ איז די שאַליעכטע פון גענעם! ריבוינע־שעל־אוילעם, גיב מיר קויעך בײַצושטיין די סיטרע־אַכרע! גיב מיר קויעך!

ער וויל אַרויסגיין אין דער זעלבער ריכטונג, ווי ראָכל און מאַנועלאַ, אָבער עס דערטראָגן זיך שטימען פון הינטער דער בינע; ער ציט זיך שנעל צוריק און פאַרשווינדט אין דער קעגנדיקער זײַט; ס׳קומט אַרײַן דער נאַכט־וועכטער מיט באָרוכן.

נאַכט־וועכטער. דאָס, פאַרשטיי איך, איז א נאַכט! ליכטיק — כאָטש נעם זיך לייענען א מייסע־ביכל בא דער שײַן פון דער לעוואָנע! פריש און וואַרעם — א מעכײַע! מע גייט שפּאַצירן?

באָרוך. יאָ.

נאַכט־וועכטער. צופיל נאַכט־גייער ביסטו עפּעס לעצטנס מיר געוואָרן! קלײַבסט זיך ניט אַמאָל אַראָפּכאַפּן א ביסל שטערן פונעם הימל?! (ער לאַכט.) אָדער — גרייטסט עפּשער גאָר זיך פאַרנעמען מײַן פּלאַץ?! וואָלט געווען א יוישער, זאָלסט באַצאָלן רעבע־געלט. (ער לאַכט און — אין רעטשיטאַטיוו.) נאָך עלף דער זייגער!.. דער זייגער נאָך עלף!.. נאָך עלף!.. (ער וויל אַרויסגיין.)

באָרוך. נאַכט־וועכטער!

נאַכט־וועכטער (פאַרהאַלט זיך). יאָ?

באָרוך. אַנטשולדיקט. האָט איר ניט געפרעגט אַמאָל בא זיך אַליין: וואָס, אייגנטלעך, באַוואַך איך אַזוינס?!

נאַכט־וועכטער. וואָס איך באַוואַך?! א שײַלע א ביסל! די נאַכט! (צעלאַכט זיך הילכיק.)

באָרוך (שטיל). איר מיינט — די שאָען, וואָס פאַרגייען, די צײַט, וואָס פאַרשווינדט?! אָט דאָס באַוואַכט איר, נאַכט־וועכטער?

נאַכט־וועכטער. ווייסט דער גוטער־יאָר, וואָס דו ווילסט! (ער לאַכט.) לייענסט צופיל! און וואָס צופיל, איז, קעיאָדוע, אומגעזונט! נו, האָב מיר א גוטע נאַכט! (ער וויל אַרויסגיין.)

באָרוך. נאַכט־וועכטער, נעמט ניט פאַר אומגוט!

נאַכט־וועכטער (פאַרהאַלט זיך, גוטמוטיק). וואָס נאָך?!

באָרוך. און דער קלאַפּער אײַערער?!

נאַכט־וועכטער. עפּעס האָסטו צו אים?!

באָרוך. ער וועקט ניט אויף די מענטשן באַנאַכט?

נאַכט־וועכטער. אַדעראַבע! ער שלעפערט זיי אײַן! אַז א מענטש כאַפּט זיך אויף אינמיטן דער נאַכט, — דערשרעקט ער זיך. די נאַכט איז פינצטער! די נאַכט איז שטיל! ער דערשרעקט זיך פאַר דער שוואַרצער שטילקײַט! ער איז אַליין — אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט!

באָרוך (שטיל). יאָ... ער איז אַליין...

נאַכט־וועכטער. ס׳איז פּונקט ווי אַן אייפעלע, וואָס כאַפּט זיך אויף אין וויג. וואָס פאַרלאַנגט עס?! א ליבלעך קאָל צו הערן, א שפּילכל! דער קלאַפּער מײַנער, זעסטו, איז ווי יענץ שפּילכל. ער צעטרײַסט די שטילקײַט. און דער מענטש באַנאַכט, א באַרויִקטער, ווי ס׳קינד אין וויג, שלאָפט ווידער אײַן. אָט האָסטו — איך באַוואַך די רו פון מענטשן! (ער לאַכט.)

באָרוך (שטיל). זײַן איינזאַמקײַט באַוואַכט איר, נאַכט־וועכטער...

נאַכט־וועכטער. נו, מיילע, זאָל זײַן ווי דו זאָגסט... א גוטע נאַכט! און זאָלן זיך דיר כאָלעמען כאַלוימעס זיסע!.. (אין רעטשיטאַטיוו.) נאָך עלף דער זייגער! נאָך עלף! (ער גייט אַרויס.)

באָרוך (אַליין). זיסע כאַלוימעס! א שפּילכל פאַרן אייפעלע, וואָס שלאָפט אין וויג! ווען וועט דער מענטש ענדלעך גוויוער זײַן דעם פאַכעד פאַר דער נאַכט?! אַמסטערדאַם, שטאָט פון ליכט און וויסן! פון אַלע עקן ערד ציִען צו דיר הונדערטער, הונדערטער מענטשן פון גײַסט! אַמסטערדאַם, שטאָט פון בריקן אומצאָליקע! ווי לײַכט עס איז, איבער טײַכן און קאַנאַלן, איבער גרענעצן, וואָס טיילן פאַנאַנדער, צו פאַרבינדן איין יאַבאָשע־ברעג מיט א צווייטן! איז דען אַזוי שווער, דורך א בריק פון ברידערלעכקײַט און איבער אַלץ, וואָס צעטיילט, צו פאַרבינדן איין מענטש מיט א צווייטן, איין פאָלק מיט א צווייט פאָלק?!

ס׳קומען אַרײַן מאַנועלאַ און ראָכל.

מאַנועלאַ. זעסט, כ׳האָב דיר געזאָגט — ער איז דאָ!

באָרוך (גייט שנעל צו זיי). ראָכל! (ער נעמט זי אָן פאַר די הענט.)

מ א נ ו ע ל א. שנעל, טײַבעלעך מײַנע, שנעל! קיין סאך צײַט איז אונדז שוין ניט געבליבן. איך וועל וואכן איבער אײַך. (זי גייט ארויס.)

ב אָ ר ו ך. ראָכל, האָסטו צוטרוי צו מיר, גלייבסטו אין מײַן ערלעכקײַט?

ר אָ כ ל. מיטן גאנצן הארצן, באָרוך.

ב אָ ר ו ך. איך האָב געמיינט: ס'איז מעגלעך צו בויען א נײַ לעבן, ניט ברעכנדיק דאָס אלטע, ניט ענדערנדיק דעם גאנצן לויף פון טאָגטעגלעכן שטייגער. כ'האָב זיך טויע געווען. ס'איז ניט מעגלעך! מע מוז אויסקלײַבן! מע מוז אָפּזאָגן זיך — אָדער פונעם נײַעם, אָדער פונעם אלטן! און מיט אָט דעם אויסוואל שטעלן אין קאָן אלץ, דאָס גאנצע לעבן! איך האָב מײַן אויסוואל געמאכט. כ'האָב אויסגעווײלט — באַנײַונג!

ר אָ כ ל. באָרוך!.. (זי קוקט אים אָן א ווײַלע אין די אויגן.) ליבע הייסט — קאָרבן, ניט עמעס?!

ב אָ ר ו ך. יאָ, ראָכל. ס'איז אָפּט אזוי.

ר אָ כ ל. איז וואָס פאר א קאָרבן ביסטו גרייט — ביסטו ווען-ניט-איז גרייט געווען — פאר מיר צו ברענגען?! זאָגסט, האָסט דײַן אויסוואל געמאכט. איך פארשטיי עס. אָבער דײַן וועג האָסטו אויסגעווײלט — פאר זיך בלויז, צי אויך פאר מיר?

ב אָ ר ו ך. פאר אונדז ביידן.

ר אָ כ ל. דו ווייסט גוט, איך האָב מוירע פאר מאכלויקעס, פאר צאנקערײַען! מײַן טרוים איז — א פרידלעכע נעסט! ווו עס זאָל ניט זײַן! אין עק וועלט אפילע! לאָמיר אוועקפאָרן פונדאנען! (ער שווײַגט.) לאָמיר אוועקפאָרן, באָרוך!

ב אָ ר ו ך. ניין! דאָ וועלן מיר בויען אונדזער נעסט. דאָ קלאָפּט הײַנט דער פולס פון דער פרײַהייט, דער פולס פון דער וועלט!

ר אָ כ ל. דארף ווידער דער קאָרבן זײַן — מײַנער?!

ב אָ ר ו ך. ראָכל, איך קאָן ניט פארלאָזן דאָס לאנד! (לײַדנשאפטלעך.) איך וויל זיך ניט אונטערגעבן! צווינג מיך ניט דערצו, איך בעט דיך! (און שטילער.) לאָז מיך ניט אליין! (פויזע.) און דו, ראָכל, פארוואָס גאָר זאָלסטו וועלן זיך שיידן מיטן אָרט, ווו יעדער שטיין איז דיר נאָענט און אייגן?! קאָן דען זײַן ערגעץ-ווו אף דער ערד נאָך א שטאָט פון אזא שיינקײַט, ווי אונדזער אמסטערדאם?! ווילסט זיך שיידן מיט אָט די גאסן, מיט די בריקן, מיט די קאנאלן, מיטן מילדן ליכט פון אמסטערדאמער הימל?!

ר אָ כ ל. איך וויל זיך שיידן — מיט אומגליק, באָרוך! זיי וועלן דיך מאכרים זײַן!

ב אָ ר ו ך. זיי האָבן ניט קיין רעכט! כ'האָב צוגעגרייט אן אויספירלעכע שריפט פארן בעסדן. איך ווײַז אוף, מיט די גרינטלעכסטע סוואָרעס פון דין און פון סייכל, אז זיי האָבן ניט קיין רעכט!

ר אָ כ ל. מיינסטו, דײַנע גרינטלעכע סוואָרעס וועלן בעסדן איבערצײַגן?

ב אָ ר ו ך. איך ווייס ניט, וואָס בעסדן וועט טאָן. כ'ווייס אָבער, וואָס איך דארף טאָן. ריכטיקער, איך ווייס, וואָס כ'דארף ניט טאָן, וואָס איך קאָן ניט, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט טאָן! (א פויזע.) ראָכל! (ער נעמט זי ארום.) האָב ניט קיין מוירע! אויב דו וועסט ניט אָפּלאָזן מײַן האנט, וועט קיין שום בייז אונדז ניט געשען!

ר אָ כ ל. איך וועל ניט אָפּלאָזן דײַן האנט...

ב אָ ר ו ך. לאָמיר פאָלגן מאנועלאָן! צו בעסדן וועל איך מאָרגן ניט גיין. און אויך ניט וואַרטן, מע זאָל מיך פארשיקן פון שטאָט. גלײַך באַגינען וועל איך ארויספאָרן קיין אָוווערקערק. דער אַלטער אויזיַעל, וואָס איז אופזעער פון יידישן בעסוילעם, קען מיך נאָך פון קינדווײַז אָן. בא אים וועל איך מיך אופהאלטן. צו די ראבאָנים וועל איך שיקן מײַן צוגעגרייטע שריפט. דו וועסט ארויספאָרן קיין אָוווערקערק, מיט מאנועלאָן, מיטיק-צײַט. וועסט איבערלאָזן א בריוו דעם זיידן, אז דו פאָרסט צו מיר, ווײַל מע האָט מיך פארטריבן פון שטאָט. זיי וועלן דעם כיירעם ניט אויסרופן — אויב ניט צוליב מיר און די רײַעס פון מײַן שריפט, איז צוליב דײַן זיידן. און אין אָוווערקערק וועלן מיר כאסענע האָבן. (זי שווײַגט.) ראָכל, דו ענטפערסט ניט?!

ר אָ כ ל (פאמעלעך). כ'האָב מוירע, באָרוך! אויך פאר דיר האָב איך מוירע! אָפּט ווײַזט זיך מיר אויס — איך קען דיך גאָרניט! כ'קוק דיך אָן — ביסט געוואָרן אזא ווײַטער, פונקט ווי דו וואָלסט געלעבט אין אן אנדער וועלט! באָרוך! (זי נעמט אים ארום הייס.) דו ווילסט בעעמעס — בעעמעס?! — איך זאָל קומען מאָרגן קיין אָוווערקערק?!

ב אָ ר ו ך. פארוואָס פרעגסטו, ראָכל?!

ר אָ כ ל. איך ווייס פארוואָס! באָרוך, איך בעט דיך, באטראכט זיך גוט! קוק ארײַן טיף אין דײַן הארצן! אויב דו ביסט ניט זיכער, זאָג עס מיר! אויב דו האָסט א סאָפעק, פארבאהאלט עס ניט אויס! גלייבסטו טאקע, אז דער וועג, וואָס דו האָסט אויסגעווײלט, קאָן זײַן אויך מײַן וועג? און עפשער ביסטו זיך טויע?! עפשער וועל איך גאָר זײַן א לאַסט פאר דיר, א שווערע לאַסט, וואָס

וועט באַלד דיר ווערן אומדערטרעגלעך?! מײַן גאַנץ לעבן שטייט דאָך אין קאָן! באַ דײַן ערלעכ־קייַט, באָרוך, באַ דער ריינקייַט פון דײַן נעשאָמע שווער מיר — דו ווילסט, איך זאָל קומען צו דיר?! איך זאָל אוועק פון שטוב, פאַרשעמען די עלטער פון זיידן — און קומען צו דיר?!

באָרוך (שטיל). יאָ, ראָכל, איך וויל עס! כ׳פּיל — אָן דיר בין איך פאַרלוירן!

ראָכל. מיטן גאַנצן האַרצן באַגערסטו עס, מיט דײַן גאַנצן נעפעש — שטאַרקער און מע־רער, ווי אַלץ אין דער וועלט?!

באָרוך (הייס). מיט מײַן גאַנצן האַרצן, ראָכל, מיט מײַן גאַנצן נעפעש! פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי איך באַגער די וואָרהייַט צו דערגרייכן, פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי איך באַגער צו דערקענען גאָט!

ראָכל (פליסטערנדיק). וועל איך קומען...

באָרוך. מאָרגן באַטאָג, מיט מאַנועלאָן!.. אַזויאַרום וועלן מיר צום כיירעם ניט דערלאָזן!.. זיי וועלן ניט וואַגן!..

ראָכל. האַלעווייַ! אָבער, באָרוך... (זי נעמט אים אָן פאַר אַ האַנט און — אומדרייסט.) געדענק: וועסט מיך ניט ברענגען — צו שמאַד?!

באָרוך (ציטערט אויף). דו אויך?! ראָכל! דו אויך?! פּונקט ווי זיי אַלע?! איך — צו שמאַד?!..

פון לינקס באַווייַזט זיך פּלוצלינג גאַוורִיעל.

גאַוורִיעל. יאָ, צו שמאַד! אַשמעדייַ! (ער לויפט צו באָרוכן.)

ראָכל (דערשראָקן). גאַוורִיעל!

באָרוך. לויערסט באַנאַכט אויך, דו מאָסער?!

גאַוורִיעל. מיינסט, האָסט שוין אויסגעפּירט דייַנס?! אַ ייִדישע טאָכטער מיט קישעף פאַרנאַרט, אָף איבערגעבן זי דעם שר[1] פון דער טומע?! אין גענעם צוריק, סאַמאַיל! צו די סמאַ־לע־פלאַמען, פונוואַנען דו ביסט אָף דער וועלט געקומען! פייגער, ווי אַ הונט! (ער כאַפּט אַרויס אַ קינזשאַל, וואַרפט זיך אָף באָרוכן.)

באָרוך. אַ מעסער?!

ראָכל. גאַוורִיעל! (וואַרפט זיך צו אים.)

באָרוך (כאַפּט אָן גאַוורִיעלן פאַר דער האַנט). געשיקט דיך, דו זאָלסט מיך דערהאַרגענען, וואָס?! כיירעם איז ניט גענוג — בלוט דאַרפן זיי נאָך?!

ראָכל (פּרוּווט זיי צעשיידן). גאַוורִיעל! באָרוך!

גאַוורִיעל. אין גענעם וועט ער גיין! (זיי ראַנגלען זיך.)

ראָכל (שרייַט). סעניאָרא מאַנועלאַ! סעניאָרא מאַנועלאַ!

מאַנועלאַ (באַווייַזט זיך טייקעף). וואָס איז געשען?! (זי אָריענטירט זיך שנעל, לויפט צו גאַוורִיעלן, רייַסט אַרויס באַ אים דעם קינזשאַל, שלייַדערט אים אוועק און צעלאַכט זיך.) הידאַלגאָס! ווי אין די אַלטע, גוטע צייַטן!

ראָכל (דערשראָקן). סעניאָרא מאַנועלאַ...

מאַנועלאַ. אַבי איך האָב געמיינט, אַמסטל־וואַסער פליסט אין זייערע אָדערן... (זי רייַסט אָפּ גאַוורִיעלן פון באָרוכן.) נו, גענוג! גענוג, קאַבאַליעראָס!

באָרוך (אָטעמט שווער). דורכגעשטאָכן מיר דאָס העמד!

ראָכל. פאַרוואונדעט?!

גאַוורִיעל. איך מוז אים טייטן! איך וועל אים טייטן! (וואַרפט זיך ווידער אָף באָרוכן.)

מאַנועלאַ. מעשוגע!

ראָכל. גאַוורִיעל!

מאַנועלאַ. דער נאַכט־וועכטער גייט! מער פעלט ניט, ער זאָל אונדז דאָ אַזוי טרעפן. פאַרשווינדט! שנעל! (זי שטופּט זיי אַרויס, יעדן אין אַנדער זייַט.)

גאַוורִיעל. איך וועל אים!..

מאַנועלאַ. שטיל!

גאַוורִיעל גייט אַרויס; מאַנועלאַ מיט ראָכלען שנעל נאָך אים.

נאַכט־וועכטער (באַווייַזט זיך, גייט פאַמעלעך דורך דער בינע און — אין געוויינלעכן רעטשיטאַטיוו). באַלד צוועלף דער זייגער! דער זייגער באַלד צוועלף! באַלד צוועלף! (ער קלאַפּט אַ מאָל — צוויי אין זייַן קלאַפּער און כאָזערט שטיל, ווי אין האַלב־שלאָף.) דער זייגער באַלד צוועלף! באַלד צוועלף! באַלד צוועלף!

[1] סאַר — האַר (מאַלעך).

פאָרהאַנג

# פערטער אקט

## בילד איינס

פארן פאַרהאַנג. ס׳קומט אריַין דער זשאנדארם ו א ן־ק י פ ע ר און מיט אים, א פארטרויערטער, ע נ ר י ק ע ז. וואן־קיפער האלט אינמיטן דערציילן עפּעס, קאַנטיק מיט גרויס האַנאָע.

ו א ן־ק י פ ע ר. זאָג איך אים: פּע, זאָג איך, טיגעלש! וואָלסט זיך געמעגט שעמען, זאָג איך, טיגעלש! ווי פּאַסט עס פאר אזא ערנסטן מאַן, פאר אזא כאַשעוון מויכער־ספאָרים, ווי דו, ארויס־צושטעלן אזא מין שילד איבערן געוועלב?! ס׳איז דאָך, זאָג איך, א כילעל־האַשעם! מאכט ער זיך צוערשט אינגאַנצן קעלעיאָדע! וואָס, זאָגט ער, וואן־קיפער, וואָס ווארפסטו עס אזוי פאָר מיַין שילד?! איך האָב אף אים געלאָזט אויסמאָלן, מיטן שענסטן גאָטישן שריפט, העכסט גאָטספאָרכ־טיקע ווערטער: אז גאָט איז גאָט, גלייב איך — ניט אויסגעטראכט איז גאָט. ווער איך שוין אין קאַס! טיגעלש, זאָג איך, פון וועמען מאכסטו כויזעק, טיגעלש?! גאַנץ אמסטערדאם קומט דאָך לייענען דיַין שילד און מע לייענט בעפּיירעש: אז גאָט איז גאָט, גלייב איך ניט — אויסגעטראכט איז גאָט! געהערט א ביסל, ענריקעז, האַ? אויסגעטראכט איז גאָט?

ע נ ר י ק ע ז (זיפצט). איַי־איַי־איַי!

ו א ן־ק י פ ע ר. מאכט ער, דער טיגעלש: עס ווענדט זיך, מאכט ער! אלץ ווענדט זיך פונעם אָפּשטעל־צייכן! האקסטו אריַין, זאָגט ער, א קאָמע נאָך „גלייב איך”, איז גאָט אומבאדינגט א גאָט! קומט אָבער בא דיר די קאָמע א וואָרט וויַיטער — איז אף דיר די אוויירע! קוק איך אים אָן, ווי מעשוגע! טיגעלש, זאָג איך, צי גאָט איז יאָ א גאָט, צי ניט — איז גאָר בא דיר אָפּהענגיק פון א קאָמע?! און אגעוו, זאָג איך, וואָס מיר קאָמע, ווער מיר קאָמע, האָסט דאָך ביכלאַל אף דיַין שילד קיין קאָמע ניט געשטעלט! טוט ער ניט קיין פינטל מיטן אויג. נאַטירלעך, מאכט ער, האָב איך ניט געשטעלט! האָלאַנד איז א פריַיע מעדינע, יעדערער קאָן שטעלן די קאָמע — ווו ער וויל! נו, גיי איך שוין ארויס פון די קיילים! מיר, זאָג איך, טיגעלש, דערצייל ניט קיין מיַיסע וועגן פריַיהיַיט! אף דערוף, זאָג איך, בין איך א זשאנדארם, איך זאָל וויסן, וואָס פריַיהיַיט איז! שיין זעען מיר אויס, האַ, ענריקעז?!

ע נ ר י ק ע ז (זיפצט, ווי פריִער). איַי־איַי־איַי!

ו א ן־ק י פ ע ר. איר פארשטייט?! אז גאָט איז גאָט, גלייב איך — קאָמע! — ניט אויסגע־טראכט איז גאָט! אָבער אז גאָט איז גאָט, גלייב איך ניט — קאָמע! — אויסגעטראכט איז גאָט! קומט אויס, דער גאַנצער סאָד פון דער גאָטהיַיט ליגט גאָר אין א קאָמע! די וועלט איז באשאַפן געוואָרן — דורך א קאָמע! דאָס לעבן איז — א קאָמע! דער מענטש איז — א קאָמע! שאַט, אפילע דער זשאנדארם וואן־קיפער איז שוין עפּשער באַלד אויך ניט מער ווי א פּאַשעטע גראַבע קאָמע! (ער קיַיכט פאר געלעכטער, קוקט זיך ארום, אז ענריקעז איז קעסיידער פארטרויערט.) וואָס איז, ענריקעז?! וואָס זיַיט איר עפּעס אזוי מאָרעשכוירעדיק היַינט?! די שיפן זיַינען איַיך אונטערגע־גאַנגען?! איַיערע פראכטן פון וועסט־אינדיע זיַינען דערטרונקען געוואָרן אין יאַם?!

ע נ ר י ק ע ז. איַי, מינהער וואן־קיפער, אַן אָרעמאַן — איז שוין גליַיכער, אז ער ווערט ניט געבוירן!

ו א ן־ק י פ ע ר. אנטקעגן וועמען זאָגט איר עס?! ניט וועגן איַיך?!

ע נ ר י ק ע ז. עט, איך! איך האָב מיַינע יאָרן שוין אָפּגעלעבט. (ער שאָקלט מיטן קאָפּ.) הערט מיַינע רייד, וואן־קיפער: ס׳איז מאָשיִעך־ציַיטן!

ו א ן־ק י פ ע ר. וואָס?! שוין ווידער מאָשיִעך?! (און פּלוצלינג צעלאכט ער זיך.) שאַט, ענרי־קעז, און עפּשער איז גאָר איַיער מאָשיִעך אויך ניט מער ווי א קאָמע, האַ?!

ע נ ר י ק ע ז. בײַסט זיך גליַיכער אָפּ די צונג!

ו א ן־ק י פ ע ר. און פונוואנען ווייסט איר, אז ניט?! אויב גאָט קאָן זיַין א קאָמע, דער גאַ־ניידן — א קאָמע, דער גענעם — א קאָמע, טאָ פארוואָס ניט איַיער מאָשיִעך?! (ער לאכט מיט א מעכטיק געלעכטער.) כאַפּט דער רועך אלע אפּיקאָרסים און אלע אָפּשטעל־צייכנס!

ע נ ר י ק ע ז. איַי־איַי־איַי!

ו א ן־ק י פ ע ר. נו, מיילע, נעמט זיך עס ווידער ניט אזוי צום הארצן! ווייסט איר וואָס, ענריקעז?! לאָמיר גאָר זיך אריַינכאַפּן טרינקען א קריגל ביר! עמעס, איך דארף גיין איבערגעבן, אין יאָדנבורט בא איַיך, צו עפּעס אַן אפּיקוירעס דאָרט, א באַפעל פון שטאָטראַט צו פארלאָזן אמסטערדאם. אָבער נישקאָשע, דער אפּיקוירעס וועט ניט אנטלויפן! ס׳איז ניט קיין מעכאַשייפע, וואָס פליט ריַיטנדיק אף א בעזעם! קומט כאַפּן א טרונק! וועט מען אגעוו זען באשיַימפערלעך, איינמאָל פאר אלעמאָל, וואָס מיר זיַינען: זשאנדארמען צי קאָמעס?! וויַיל, וואָס ווי וואָס, גוטער־

ברודער, — און מעגן די אפיקאָרסים זיך שטעלן אפן קאָפּ און דערטראכטן זיך צו די ערגסטע טײַוולאָנישע שטיק, — איין זאך אָבער וועלן זיי א קרענק אויסטראכטן: א קאָמע, וואָס זאָל טרינקען ברוינעם אמסטערדאמער ביר! קומט, ענריקעז, קומט! איך באצאָל! (ער לאכט, גייט פאמעלעך; ענריקעז, אן אומעטיקער, גייט אים נאָך.)

ד אָ ס ל י כ ט ג י י ט א ו י ס.

בילד צוויי

אין אָווערקערק, א דערפל בא אמסטערדאם. דער גרעסטער טייל פון דער בינע שטעלט פאָר א ייִדישן בעסוילעם, מיטביימער און גרינס. וו־ניט־ווו הייבט זיך ארויס א מאציייווע. רעכטס — א פארקן מיט אן ארײַנגאנג־טויערל. פארבײַ דעם פארקן, שוין אויסערן בעסוילעם, ציט זיך א וועג, וואָס פירט צום דאָרף. ס׳איז א ליכטנדיקער זומער־פארנאכט.

א ו י ז ז ע ל, דער אלטער בעסוילעם־אופזעער, גייט ארום צווישן די קוואָרים, באגיסט בלומען און שמועסט פרידלעך מיט ב אָ ר ו כ ן, וואָס זיצט אף א באנק, אַנגעשפּארט אין פארקן.

א ו י ז ז ע ל (מיט א מילדן שמייכל). קאָנסט זיך זאָגן, וואָס דו ווילסט, באָרוך, אָבער אז מע קומט אף קייווער־אָוועס, טאָר מען זיך ניט איַילן!

ב אָ ר ו ך. איך איַיל זיך ניט, סעניאָר אויזיזעל.

א ו י ז ז ע ל. מיינסט, איך זע ניט! איך זע, איך זע, באָרוך! ראק דו קוקסט אהער, קוקסט אהין, דרייסט זיך, נעבעך, אף דער באנק, ווי ס׳וואָלט עפּעס געברענט אונטער דיר... (ער לאכט.) האלטסט קעסיידער אין איין פרעגן בא דער זון — ווי שפּעט איז איצט! וואָס ווילסטו, זי זאָל דיר ענטפערן, די זון!? זי גייט איר וועג! אָט, באלד וועט זי זיך זעצן, וועט זײַן פארגאנגען נאָך א טאָג.

ב אָ ר ו ך. מע האָט געדארפט קומען צו מיר אהער, סעניאָר אויזיזעל, בין איך א ביסל אומגעדולדיק.

א ו י ז ז ע ל. אויך אומגעדולדיק דארף מען דאָ ניט זײַן! ווי הייסט בא אונדז דאָס הייליקע אָרט, הא, באָרוך, — ביסט דאָך א געלערנטער?! בית החיים[1], דאָס הויז פון אייביק לעבן! ניטאָ דאָ קיין געיַיל, ניטאָ קיין אומגעדולד — ס׳איז אייביק!

ב אָ ר ו ך. סעניאָר אויזיזעל, שוין לאנג ווי איר וווינט אזוי דאָ, אפן בייס־האקוואָרעס?

א ו י ז ז ע ל. איך?! (ער צעלאכט זיך.) ביסט נאָך, באָרוך, אף דער וועלט ניט געווען, בייס איך האָב שוין דאָ געוווינט. אָט, טאקע אינעם זעלבן היַיזל. (ער וויַיזט אפן הינטערגרונט.) נאָך פון די ציַיטן פון דיַין זיידן אָלעוו־האשאָלעם. האָסט ניט געקענט דעם זיידן דיַינעם, וואָס?

ב אָ ר ו ך. ניין, סעניאָר. כ׳האָב אים ניט געקענט.

א ו י ז ז ע ל. נו, געוויס! ניט פאר דיַינע יאָרן! אייגנטלעך, ווי אלט ביסטו, באָרוך?

ב אָ ר ו ך. פיר און צוואנציק יאָר.

א ו י ז ז ע ל. יאָ, יאָ... און דיַין זיידע, דיר צו לאנגע יאָר, איז אפן עולם־האמת[2] שוין באלד א יאָר דריַיסיק. א שאָד, וואָס דו האָסט אים ניט געקענט! אן אדעליקער געווען! קימאט א לאנדסמאן מיַינער, פון דער זעלבער געגנט. אין איין ציַיט געקומען קיין נידערלאנד, פון פּאָרטוגאל. דאָס האָט טאקע דער זיידע דיַינער מיך דאָ אריַינגענומען. ער איז געווען פארנעס און גאבע פון בייס־האקוואָרעס. א שטאָלצער מאן, אָבער א יוישערדיקער! ניט פארטראָגן קיין שום אוולעס — אפילע ניט בענעגייע אשקענאזים! און שטענדיק — סעניאָר! גוט־מאָרגן, סעניאָר אויזיזעל, גאָט־העלף, סעניאָר אויזיזעל, קיינמאָל סעניאָר ניט פארפעלט! יאָ, אן עמעסער אדלמאן! אָט דאָרט ליגט ער! (וויַיזט אפן הינטערגרונט.) ניט וויַיט פון דיַין פאָטער אָלעוו־האשאָלעם. דאָ רוט דיַין גאנצע מישפּאָכע, באָרוך, — די מוטער, די ברידער, די שוועסטער... און דו וועסט דאָ אויך רוען, איבער הונדערט און צוואנציק יאָר, ווען ס׳וועט קומען דיַין שאָ. די מוטער דיַינע, אָלעאָ־האשאָלעם, געדענקסטו נאָך?

ב אָ ר ו ך. יאָ, סעניאָר. כ׳געדענק זי גוט.

א ו י ז ז ע ל. א צדקניות[3] געווען! און א פארשוין, א פארשוין! שוואך אין געזונט — צו פרי אוועק פון דער וועלט!

ב אָ ר ו ך. סעניאָר אויזיזעל, איר לעבט דאָ — אינגאנצן אליין?

א ו י ז ז ע ל. יאָ, אליין.

ב אָ ר ו ך. שוין לאנג אזוי?

א ו י ז ז ע ל. הם... א יאָר צען! פון זינט מיַין אלטע איז אוועק אין איר אייביקער רו.

---

[1] בייס־האכאיִם; [2] אוילאָם־האָעמעס — יענע־וועלט; [3] צידקאָניעס — זייער א פרומע.

באָרוך. און ס'איז ניט שווער... ס'איז אײַך ניט אומעטיק — צו לעבן אײנזאַם?

אויזיִעל. אײנזאַם! פאַרוואָס אײנזאַם?! (ער לאַכט.) רעדסט, זײַ מוילכל, ווי א קינד! אז מע איז יונג און די אַקסלען זײַנען ניט באַלאָדן מיט דער לאַסט פון יאָרן, איז מען ווי א קלעטער־פּלאַנץ, וואָס זוכט אַנשפּאַר, אָנהאַלט אין זײַטיקע. אָבער אז עס זעצט זיך אַף דיר די מאַסע פון א לאַנג לעבן, ווערט מען ווי א בוים, וואָס ציט זײַן כעיונע פון דער טיף, מיט די אײגענע וואָרצלען. און ווער רעדט נאָך, אז ס'איז דאָ ייִראַס־שאָמאַיִם, אז מע האָט גאָט אין האַרצן, איז מען דאָך אוואַדע ניט אײנזאַם! שוין יאָרן, ווי איך פאָר אפילע ניט קײן אַמסטערדאַם, כוץ אַף ימים־נוראים![1] ס'איז טאַקע ניט ווײַט, א מײַל צען — אָבער צו וואָס פאָרן?! מע קומט צו מיר (ער לאַכט.) אַלע מײַניקע זײַנען דאָ, און ווער עס פעלט, וועט קומען, נישקאָשע!.. (ער לאַכט.) אָט איז אויך מײַן פּלאַץ. (ער ווײַזט אָן אַף דער ווײַט.) שוין אָנגעגרייט, לעבן דער אַלטער מײַנער. ס'איז גוט אזוי, ווען מע ווייסט, אז נאָך א לאַנגן וועג קומט מען אַף נאַכטלעגער צווישן אײגענע. ס'איז היימלעכער! ניטאָ קײן מוירע פאַרן טויט!

באָרוך. א פאַרנינפטיקער מאַן טראַכט ווייניקער פאַר אַלץ וועגן טויט. מע דאַרף דאָס לעבן באַדענקען!

אויזיִעל. נו, יאָ, אָבער וואָס איז עס שוין, מישטיינסגעזאָגט, פאַר א לעבן, אויב מע האָט ניט קעסיידער אין זינען דעם טויט?! (ער דערמאָנט זיך עפּעס, בײַט דעם טאָן.) זאָג נאָר, באָרוך, איז עס עמעס, וואָס מע רעדט, — אפילע צו מיר אהער איז עס דערגאַנגען, — אז דו ביסט א שטיקל אַפּיקוירעס?

באָרוך. נײן, סעניאָר. ס'איז ניט עמעס. איך האָב ליב די וואָרהײַט. דאָס איז אַלץ.

אויזיִעל. דאָס איז גראָד ניט קײן כיסאָרן! דײַן זיידע, אַלעוו־האַשאָלעם, איז אויך געווען א מאַן פון וואָרהײַט. אָבער צו עמונע קומט עס ניט! עמונע איז הייליק! ווייסט, מיר זײַנען מיט דײַן זיידן קוים מיטן לעבן אַנטרונען פון דער אינקוויזיציע, ימח־שמה![2] (דערמאָנט זיך עפּעס ווידער, צעלאַכט זיך.) האָסט טאַקע געזאָגט, באָרוך, אז ס'איז ניטאָ קײן השארת־הנפש[3], אז נאָכן טויט בלײַבט פון אונדז גאָרנישט?! (געלעכטער.) ביסט, זײַ מיר מוילכל, א ייִנגל, באָרוך! (געלעכטער.) דו פרעג מיך בעסער, איך לעב דאָ מיט די טויטע, איך רייד מיט זיי, איך הער, ווי זיי גייען באַנאַכט פון די קוואָרים אַרויס! גיי, ביסט נאָך בעעמעס א ייִנגל, באָרוך, גאָר א ייִנגל!

.. אין אַרײַנגאַנג־טויערל באַווײַזט זיך ענריקעז.

ענריקעז. גאָט־העלף, סעניאָר אויזיִעל!

אויזיִעל (דערפרייט זיך). סעניאָר ענריקעז! א גאַסט, א גאַסט! גאָט־העלף, סעניאָר ענריקעז! א טאָג פון אָנגעלייגטע געסט! זעט, ווער ס'איז נאָך דאָ באַ מיר — באָרוך! באָרוך דעספּינאָזאַ! דאָס אייניקל פון סעניאָר אַבראַהאַם!

באָרוך. גאָט־העלף, סעניאָר ענריקעז!

ענריקעז (קוקט זיך ניט אום אַף באָרוכן). סעניאָר אויזיִעל, איך קום צו אײַך אין שעליכעס פון בעסדן און פון די סעניאָרן פּאַרנייסים.

אויזיִעל. אין שעליכעס?! אָ, וואַ־וואַ! ניט אַרויסוואַרפן מיך אַמאָל, אַף די עלטערע יאָר, האַ? נו, זאָגט, ענריקעז, זאָגט, וואָס זיי פאַרלאַנגען פון מיר, די סעניאָרן ראַבאָנים און פּאַרנייסים!

ענריקעז. ניט דאָ, סעניאָר אויזיִעל!

אויזיִעל. און פאַרוואָס ניט דאָ?! פאַר די מייסים מײַנע האָב איך ניט קײן סוידעס! נו, און דאָס אייניקל פון סעניאָר אַבראַהאַם דעספּינאָזאַ איז דאָ אוואַדע ניט קײן פרעמדער!

ענריקעז. נעמט ניט פאַר אומגוט, סעניאָר אויזיִעל! קומט מיט מיר אַרײַן צו אײַך אין הויז א רעגע (ער נעמט אָן אויזיִעלן פאַר א האַנט און גייט, קעסיידער ווי ניט באַמערקנדיק באָרוכן; אויזיִעל קוועטשט מיט די אַקסלען, שמייכלט, גייט אים נאָך; זיי פאַרשווינדן ביידע אין הינטערגרונט.)

באָרוך (אַליין). ס'האַרץ זאָגט מיר ניט קײן גוטס! מאַנועלאַ און ראַכל זײַנען ניט געקומען... באַלד וועט צופאַלן דער אָוונט... די לעצטע שיף אהער איז שוין מיסטאַמע אַוועק פון אַמסטערדאַם... און ענריקעז איז עפּעס מאָדנע אזוי!

אַפן וועג, וואָס פירט פון דאָרף, באַווײַזט זיך מאַנועלאַ; זי לויפט, אָן אָטעם, צעשויבערט, און מורמלט האַלב אַפן קאָל: באָרוך, באָרוך, באָרוך! באָרוך דערהערט פלוצלינג איר שטים, לויפט צו צום טויערל; מאַנועלאַ פאַלט אים אַרום אַפן האַלדז, ברעכט אויס אין א געוויין, מורמלענדיק אָן אויפהער: באָרוך...

---

1 יאָמים־נויראָים — פּאָרכטיקע טעג (די טעג פון ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער). 2 יימאַך־שמאָ — אָפּגעמעקט זאָל ווערן איר נאָמען; 3 האַשאָראַס־האַנעפעש — אומשטערבלעכקײַט.

באָרוך. מאַנועלאַ! מאַנועלאַ! וואָס איז געשען?! (ער נעמט זי אַרײַן אינווייניק, זעצט זי אַנידער.) וואָס האָט פּאַסירט, מאַנועלאַ?!

מאַנועלאַ (נעמט אים אַרום, דריקט אים צו זיך, מיט איר גאַנצן קוינט). באָרוך! דער כיירעם! זיי האָבן אויסגערופן דעם כיירעם!

באָרוך (ווערט ווי פאַרשטאַרט). דער כיירעם?!

מאַנועלאַ. באַ שוואַרצע ליכט! מיט שופרות![1] ביזוואַנען מײַנע אויגן וועלן זײַן אָפן, וועל איך עס ניט פאַרגעסן! (זי וויינט יאָמערלעך און פלוצלינג, נאָך שטאַרקער דריקנדיק באָרוכן צו זיך.) באָרוך, איך וועל קיינעם ניט הערן! קיין זאַך ניט פאָלגן! איך וועל גיין מיט דיר, וווּ דו וועסט גיין! איך וועל זײַן מיט דיר, וווּ דו וועסט זײַן!

באָרוך. (מיט ציטערנדיקע ליפּן). מאַנועלאַ... און... ראָכל?! וווּ איז ראָכל?!..

מאַנועלאַ. ניט געקומען ראָכל! גאַווריִעל האָט אַלץ דערציילט ראַבי יעהוישוען... אינמיטן נאַכט אים אופגעוועקט... זי איז געווען באַ מיר, ראָכל... האָט געוויינט... געבעטן, זאָלסט איר מויכל זײַן...

באָרוך (שטיל). כ'זאָל איר מויכל זײַן?! און דאָס אַלץ?! מער גאָרניט געהייסן מיר איר־בערגעבן?!

מאַנועלאַ. נאָך געבעטן — זאָלסט זי פאַרגעסן... זי זאָגט — דיר ווײַזט זיך בלויז אויס, אַז דו האָסט זי ליב... דו דאַרפסט זי ניט... זי וויל דיר ניט זײַן צו לאַסט... פאַרגעס זי, באָרוך! אָ, זי איז ניט קיין שלעכט קינד, אָבער דיך איז זי ניט ווערט... פאַרפאַלן, אַזוי איז דײַן גורל! האָסט מער קיינעם ניט אָף דער וועלט... איך בין אַלט... אָבער כ'וועל דיך ניט פאַרלאָזן... ביז מײַן לעצטן אָטעם... די שויפּרעס!.. דאָס שאַלן פון די שויפּרעס!.. ס'האָט זיך מיר געדוכט, מע רײַסט דאָס האַרץ מיר אַרויס פון ברוסט!

ס'קומט אַרײַן אויזיִעל; ער איז אײַנגאַנצן אַ פאַרענדערטער; דער שמייכל איז פאַרשוווּנדן פון זײַן געזיכט, דער בליק איז פינצטער און פול מיט צאָרן; הינטער אים גייט ענריקעז.

אויזיִעל (צו באָרוכן). אַרויס! די רעגע אַרויס! פאַרומרייניקסט די ערד, וואָס דו טרעטסט אָף איר! פאַרשוועכסט די קוואָרים! אַרויס, וואָרעם איך וועל דיך מיט שטיינער פאַריאָגן! (ער זוכט און הייבט אוף אַ שטיין.)

מאַנועלאַ (פאַרשטעלט באָרוכן). הער אים ניט!

ענריקעז (אומעטיק). באָרוך, טאָרסט מער אין קיין יידישן גדר[2] ניט שטיין. אַז ווויל איז צו דײַן פאָטער, אָלעוו־האַשאָלעם, אַז ווויל איז צו דײַן מוטער, אָלעאַ־האַשאָלעם, וואָס זיי האָבן דעם הײַנטיקן טאָג ניט דערלעבט! פאַרשעם ניט זייערע קוואָרים, באָרוך, גיי, גיי פונדאַנען!

אויזיִעל. אַרויס!.. (וואַרפט דעם שטיין אין דער זײַט פון באָרוכן.)

מאַנועלאַ. אַ שטיין?! און נעכטן — אַ מעסער?! (מיט שטײַגנדיקן ווייטעק און צאַר.) פאַר־וואָס ניט גלײַך אַ שײַטערהויפן?! פאַרוואָס ניט קיין אאוטאָ־דאַ־פעי?! גענוג שוין האָבן אַנדערע געבערענט אונדז אין די אינקוויזיציע־פלאַמען! מיר ווילן איצט אַליין פאַרברענען! אונדזערע אייגענע — אָפן פײַער ברענען! מיט שטיינער פאַרוואַרפן! באַ שוואַרצע ליכט! מיט שויפּרעס!

באָרוך. מאַנועלאַ, נו, באַרויִק זיך! איך וועל אַרויסגיין.

מאַנועלאַ. ניין! פאַרשאָלטן זאָלן זײַן די, וואָס האָבן געוואָגט דיך צו פאַרשילטן! פאַרשע־מען זאָל גאָט אָף אַלע אייביקייטן די, וואָס האָבן געוואָלט דיך פאַרשעמען! באָרוך, האַרץ מײַנס! דײַן מאַמע הערט אונדז דאָ, זי זעט אונדז ביידן, זי וועט זיך מיִען פאַר אונדז! אויב מע פאַר־טרײַבט דיך, זאָל איך אויך פאַרטריבן ווערן! אויב דו דאַרפסט גיין אָף נאַווענאַד, וועל איך גיין מיט דיר! כ'וועל גיין, ביזוואַנען... (זי פאַרענדיקט ניט, בלײַבט אַ ווײַלע מיט אַן אָפן מויל, טוט זיך אַ וואַקל, פאַלט אָף באָרוכס הענט, מורמלענדיק אין האַלב־געשטאַמל.) באָרוך, באָ־ר־וּ־ך!..

באָרוך. ראַטעוועט!

ענריקעז און אויזיִעל לויפן צו, לייגן אויס מאַנועלאַן; אַלע דרײַ בייגן זיך אַריבער איבער איר; אַ לאַנגע פויזע.

אויזיִעל. מאַנועלאַ איז טויט.

באָרוך (אין אַן אויסגעשריי). ניין! ניין!

אויזיִעל. איר האַרץ האָט געפּלאַצט פון אגמעס־נעפעש.

ענריקעז. אָט אַן אומגליק, גאָט אין הימל!

---

[1] שויפרעס — בלאָז־האָרנס, מיט וועלכע מע בלאָזט אין בעסמעדרעש פון אָנהייב כוידעש עלעל ביזן סאָף פון די יאָמים־נויראָים; [2] געדער — אַ צאַם. געמיינט: ניט שטיין לעבן אַ ייִדן.

אויזיַעל. דו האָסט זי דערהאַרגעט! דו!

באָרוך. ניין, סעניאָר אויזיַעל! איר ווייסט גוט, אַז ניט איך! דאָס האָבן זיי מאַנועלאַן דערהאַרגעט! זיי אַלע, וואָס גלייבן, אַז ס׳איז אַ געמיינזאַמע מאָס פאַראַן צווישן עמעס און קראַפט. זיי, בלויז זיי, האָבן מאַנועלאַן (זײַן קאָל ציטערט) — דערהאַרגעט!.. (ער צעוויינט זיך.)

אויזיַעל (דראָענדיק). אויב דו גייסט טייקעף ניט אַרויס...

ענריקעז (שטיל). לאָזט אים, סעניאָר אויזיַעל! לאָזט אים זיך אויסוויינען! ער בלײַבט איינער אַליין אַף גאָטס וועלט!

ער נעמט אָן אויזיַעלן פאַר אַ האַנט, זיי גייען ביידע אַרויס.

באָרוך (שטייט אַ לאַנגע ווײַלע, איבערגעבויגן איבער מאַנועלאַן). מאַנועלאַ, פרײַנט מײַנער, מאַמע מײַנע! ווי לײַכט עס זעט דײַן דרעמל אויס! פונוואַנען נעמט זיך פלוצלינג אָט די שלווה[1] אַף דײַן שטערן און דער שטילער שמייכל אַרום די ליפּן דײַנע?! דו ביסט נאָך דאָ, אָבער שוין הייבסטו אָן צו פאַרגיין. דײַן וועג איז פאַרענדיקט — פון דער זוניקער שפּאַניע ביז דער פײַכטער ערד פון נידערלאַנד. האָסט מיר צוגעזאָגט צו זײַן מיט מיר אַף נאווענאד, ווו איך וועל זײַן. אָבער אָט פאַרלאָזטו מיך, מאַנועלאַ אָליווייראַ דע גאָמעץ! דו אויך פאַרלאָזט מיך, מײַן איינציקער פרײַנט, מײַן לעצטער פרײַנט פון יאָדנבורט! און דו לאָזט מיך אַליין, אײַנגאַנצן אַליין, מער איינזאַם ווי שטענדיק, באַם סאַמע ראַנד פון טהאָם, וואָס כ׳האָב אַזוי געוואָלט פון אים אַנטלויפן! פרײַנט מײַנער, נאָך איין רעגע, איך בעט דיך! די איינזאַמקײַט רינגלט מיך אַרום — די לעצטע רעגע פון רו! דײַן האַנט איז נאָך וואַרעם. איך קאָן צולייגן די ליפּן צו דײַן האַנט. (ער קושט איר האַנט.) זײַ מיר מוחל, מאַנועלאַ, וואָס כ׳האָב ניט באַוויזן אָפּדאַנקען דיר טאָמיד פאַר דײַן גוטסקײַט! זײַ מיר מוחל בעיִקער, וואָס כ׳האָב ניט געקאָנט ווערן קיין אַנדערער, ווי איך בין! דו פאַרגייסט אַזאַ וווּנדערלעך רויִקע, מאַנועלאַ! און שיין בלײַבסטו און שטאָלץ, ווי דו ביסט שטענדיק געווען! נאָך איין ווײַלע — איידער ס׳רײַסט זיך איבער, אַף אייביק, דער לעצטער פאָדעם, וואָס פאַרבינדט מיך מיט די לעבעדיקע און אַפילע — מיט די טויטע!

ס׳קומען אַרײַן ענריקעז און אויזיַעל.

אויזיַעל (שטיל). גיי, באָרוך! דאַרפסט דאָ מער ניט זײַן!

ענריקעז. מיר וועלן טאָן צו מאַנועלאַן איר רעכט.

אויזיַעל גיט אַ צייכן. ס׳קומען אַרײַן צוויי מענער, לייגן אַרויף מאַנועלאַן אַף אַ טראַגבעטל און טראָגן זי אַרויס, לאַנגזאַם, דורכן הינטערגרונט; אויזיַעל און ענריקעז גייען נאָך, טרויעריק.

אויזיַעל (גייענדיק). דאָס אייניקל פון סעניאָר אַבראַהאַם!.. פאַרשאָלטן אַף איינזאַמקײַט!

ענריקעז (גייענדיק, צו באָרוכן). גיי, דו קענסט דאָס געזעץ! דער, וואָס אין הימל, זאָל זיך מעראַכעם זײַן אַף דײַנע יונגע יאָרן!

די צוויי מענער מיטן טראַגבעטל, אויזיַעל און ענריקעז זײַנען אַרויס; אַ פּויזע; די זון האָט זיך געזעצט; די בינע איז אײַנגעהילט אין אַ צאַרטער שקיע־ליכט; באָרוך וואַרפט אַ לעצטן בליק אַף די קוואָרים, גייט אַרויס דורכן טויער, מאַכט עטלעכע טריט און פאַרהאַלט זיך לעבן אַ וועג־צייכן, פאַרזונקען אין מאַכשאָוועס.

באָרוך (אין אַ געמורמל). פאַרשאָלטן אַף איינזאַמקײַט!.. (פּויזע.) איך הער מײַן בלוט, וואָס קלאַפּט אין די שלייפן: איינזאַם, פאַרשאָלטן! איך הער דאָס געמורמל פון ווינט: איינזאַם, פאַרשאָלטן! איך הער, ווי גלעקער וואָלטן קלינגען! גלעקער קלינגען אין דער לופט און אין האַרצן מײַנעם און אין מויעך: איינזאַם, פאַרשאָלטן!.. יאָ, איך קען דאָס געזעץ און איך קען אויך דעם נוסעך! פאַרשאָלטן באַטאָג און פאַרשאָלטן באַנאַכט! פאַרשאָלטן באַם לייגן זיך און פאַרשאָלטן באַם אופשטיין! פאַרשאָלטן באַם אַרויסגיין און פאַרשאָלטן באַם צוריקקומען! (אַלץ שטאַרקער.) ניט קיין הויז און ניט קיין דאַך! ניט קיין וואָרט און ניט קיין בליק פון קיינעם! זאָל דער צאָרן פון די הימלען זיך צעפלאַקערן! גאָט זאָל אים קיינמאָל ניט מוחל זײַן און אויסמעקן זײַן נאָמען פון צווישן די לעבעדיקע!.. (פּויזע; שטיל.) פאַרשאָלטן!.. איינזאַם! אײַנגאַנצן אַליין!.. אָט איז דער טהאָם! די טיפסטע טיפעניש פון אָפּגרונט! די ערד אַרום איז ווי פון אײַזן! דער הימל, אין דער הייך, ווי פון קופער! אַ ברענענדיקער מידבער, ווו עס לויערט דער טויט! בעסער דער טויט, ווי אָט די לאַנגע גסיסע אין דאָרשט און אין איינזאַמקײַט!.. (ער זעצט זיך פאַמעלעך אַפן וועג־צייכן און פאַרטראַכט זיך.)

בײַס באָרוך רעדט אַזוי, באַווײַזט זיך אַפן וועג, וואָס פירט פון דאָרף, אַ יונג מיידל פון אַ יאָר דרײַצן; זי שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט אַ ווײַלע באָרוכן פונווײַטן, שלאָגט זיך מיט דער דייע, גייט צו צו אים, אומדרייסט.

---

[1] שאַלווע — רויִקייט.

**דאָס מיידל.** מינהער!.. (באָרוך הערט ניט.) פּאַרצײַט, מינהער!.. (באָרוך רירט זיך ניט; דאָס מיידל ווערט אַנטמוטיקט, וויל שוין אַוועקגיין, באַטראַכט זיך אָבער און — העכער.) מינהער!

**באָרוך** (הייבט פּאַמעלעך אויף דעם קאָפּ, קוקט אָן דאָס מיידל, אָן איין וואָרט).

**דאָס מיידל.** איך בעט פּאַרצײַונג, מינהער!.. איר... איר זײַט ניט אַמאָל פון אַמסטערדאַם?

**באָרוך** (קוקט זי אָן אַ ווײַל און — זייער שטיל). יאָ... כ'בין פון אַמסטערדאַם...

**דאָס מיידל.** אַנטשולדיקט!.. איר... הייסט איר ניט דעספּינאָזאַ, מינהער?

**באָרוך** (ווי פריִער). יאָ, איך הייס דעספּינאָזאַ...

**דאָס מיידל.** געלויבט איז גאָט! כ'האָב אײַך ענדלעך געפונען! (שוין דרייסטער.) מיך רופט מען קאַטרין, מינהער! מײַנע עלטערן האָבן מיך געשיקט אײַך זוכן! שוין עטלעכע מאָל געוועזן באַם שיף, אויסגעקוקט דאָס גאַנצע דאָרף... איז מיר אײַנגעפאַלן: איר מוזט אַוודאי זײַן דאָ, אפן יידישן בייס־האַקוואָרעס... כ'האָב אָבער מורא געהאַט אַרײַנצוגיין אַליין, בין איך געשטאַנען פונדערווײַטן... מינהער, איר האָט אין אַמסטערדאַם אַ פרײַנט, וואָס הייסט יאָהאַנעס?

**באָרוך.** יאָ... איך האָב אין אַמסטערדאַם אַ פרײַנט, וואָס הייסט יאָהאַנעס...

**קאַטרין.** ער האָט עס צו אונדז געשריבן און אָפּגעשילדערט אײַך: אַ יונגער, אַ בלייכער, מיט פּעך־שוואַרצע האָר... איך האָב אײַך טייקעף דערקענט, מינהער! אײַערע האָר זײַנען טאַקע שוואַרץ, ווי פּעך, שוואַרץ, ווי בא אַ טײַוול! (זי צעלאַכט זיך.) זײַט ניט בייז, מינהער, — דאָס מאַך איך שפּאַס! אײַערע האָר זײַנען ווײַט ניט אַזוי שוואַרץ, ווי בא אַ טײַוול! אויסער דעם ווייס איך — ס'זײַנען ביכלאַל קיין טײַוואָלאָנים ניט פאַראַן! (זי לאַכט.) יעדערער האָט די פאַרב פון האָר, וואָס גאָט באַשטימט! מײַנע האָר זײַנען בלאָנד — אַפילו ניט בלאָנד, נאָר ווײַס! מע לאַכט פון מיר אין דאָרף — אַ קאָפּ מיט פלאַקס! אָבער מיך — איר מיינט, מיך אַרט עס? ס'הייבט זיך ניט אָן! (זי לאַכט.) פאַרצײַט, מינהער, איך רייד און רייד — אַלע זאָגן, גאָט וועט מיך שטראָפן פאַר מײַן לאַנגער צונג!.. (זי לאַכט ווידער.) מײַנע עלטערן פאַרבעטן אײַך צו אונדז, מינהער! מיר זײַנען דאָרפסלײַט פּאַשעטע, אָבער נעמען גערן אויף אַ גאַסט, אַן ערלעכן מאַן. מײַנע עלטערן האָבן זייער געבעטן, איר זאָלט קומען! (באָרוך ענטפערט ניט.) מינהער!

**באָרוך** (קוקט זי אָן, ווי ער וואָלט זי ערשט באַמערקט, פרעגט שטיל, פאַרוווּנדערט). האַ?!..

**קאַטרין** (אויך זי באַטראַכט אים אַ ווײַל). מינהער, אײַך רינען טרערן פון די אויגן! (און מיט גרויס מיטגעפיל.) איר האָט עמעצן צו קווורע געבראַכט?!

**באָרוך** (פּאַמעלעך). יאָ... די לעצטע, וואָס איך האָב פאַרמאָגט... אַלץ!

**קאַטרין.** גאָט וועט אײַך צושיקן טרייסט, מינהער!

**באָרוך.** טרייסט?!.. יאָ... (ער בלײַבט אַ ווײַלע פאַרטראַכט, הייבט אָן ריידן, ווענדנדיק זיך צום מיידל, אָבער ווידער ווי ער וואָלט זי ניט געזען.) עס טרעפט — שטייט אַ שיפל פאַראַנקערט אין היימישן האַפן... פּלוצלינג קומט אַ שטורעם, און — אין איין רעגע — דער אַנקער צעבראָכן, די שטריק אַלע צעריסן! דאָס שיפל ווערט געשלײַדערט אפן ברויזנדיקן יאַם! צוערשט דוכט זיך דעם שיפער: דאָס לעבן איז אויס, דער סאָף איז אומפאַרמײַדלעך! אָבער — אויב דער רודער איז גאַנץ?! אויב די האַנט איז שטאַרק און דער מוט ניט געבראָכן?! ווער פאַרלאָזט פרײַוויליק דאָס לעבן?! בלויז די, וועמעס נעשאָמע איז געשלאָגן פון אָנמאַכט! (ער טראַכט אַ ווײַלע, זײַן בליק ווערט העלער.) באַלד דערפילט דער שיפער דעם שאַרפן הויך פון פרײַהײַט, דאָס גערויש פון אומענדלעכקײַט! ווי ווײַט איז דער היימישער האַפן! ווי נעבעכדיק קליין — אַלץ, וואָס האָט אויסגעזען הויך ביז צום הימל! דאַרף דער שיפער בענטשן דעם גורל — פאַרן שטורעם?! ער שטייט פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דער אייביקײַט! (פּויזע.)

**קאַטרין** (קוקט אים אָן, מיט קינדעריש ערנסט). מינהער, דער שיפער — דאָס זײַט איר?!

**באָרוך.** איך?! (קלערט אַ ווײַלע.) עפּשער!.. (באַטראַכט זי פּלוצלינג אופמערקזאַם.) ביסט אַ פאַרשטאַנדיק מיידל! ווי הייסטו?

**קאַטרין** (צעשמייכלט זיך ווידער, האַגאַם אַ ביסל באַליידיקט). כ'האָב אײַך שוין געזאָגט, מינהער! איך הייס קאַטרין! און איר?

**באָרוך.** דעספּינאָזאַ.

**קאַטרין.** דאָס ווייס איך אַליין! כ'מיין — אײַער נאָמען!

**באָרוך.** מײַן נאָמען? (ער וואַקלט זיך אַ ווײַלע.) באָרוך.

**קאַטרין.** אַן אויסטערלישער נאָמען אַזאַ! (זי לאַכט.) באָרוך — פון אַמסטערדאַם?! אַזוי רופט מען אײַך?!

**באָרוך** (שטיל). יאָ, קאַטרין. אַזוי רופט מען מיך... ריכטיקער — אַזוי האָט מען מיך גערופן... (און כאַזערנדיק, ווי פאַר זיך אַליין.) באָרוך... באָרוך פון אַמסטערדאַם... (צו קאַטרין.) פאַרשטייסט, באָרוך הייסט: געבענטשטער... מיך אָבער האָט מען הײַנט פאַרשאָלטן... דעריבער איז באָרוך פון אַמסטערדאַם ניטאָ מער אף דער וועלט...

ק א ט ר י ן (איז געוואָרן דרייסטער. רירט אָן באָרוכס האנט). גייען מיר?

ב אָ ר ו ך (קוקט זי אָן, ווי ניט פארשטייענדיק). וואוהין?!

ק א ט ר י ן (מיט פאריבל). מינהער, ניט שוין זשע האָט איר ניט געהערט, וואָס כ'האָב גע־רעדט צו אייַך?! מייַנע עלטערן פארבעטן אייַך צו אונדז! זיי בעטן זייער!

ב אָ ר ו ך. אָ, יאָ, א דאנק! גיב איבער דייַנע עלטערן, קאטרין: איך דאנק פון גאנצן הארצן! אָבער — איך קאָן ניט איצט!

ק א ט ר י ן. איר קאָנט ניט?!

ב אָ ר ו ך. ניין. כ'בעט מיר פארצייַען. אָן אנדערשמאָל עפשער...

ק א ט ר י ן (מיט מיטגעפיל). ווו וועט איר זיך אהינטאָן, מינהער?! איר קענט דאָ קיינעם ניט! באלד וועט צופאלן די נאכט! נאָך א שאָ, און דאָס גאנצע דאָרף וועט זייַן פארזונקען אין שלאָף!

ב אָ ר ו ך. יאָ, יאָ... כ'וויס...

ק א ט ר י ן. מינהער... (זי קוקט אים אָן א ווייַלע.) איר ווילט זייַן אליין?!

ב אָ ר ו ך (לאנגזאם). א דאנק, קאטרין... גיב איבער מייַן דאנק...

ק א ט ר י ן. וואכן — אליין?! ווי דער נאכט־וועכטער?!

ב אָ ר ו ך (שטיל). א גוטע נאכט!

ק א ט ר י ן. א גוטע נאכט, מינהער! ס'טוט מיר באנק, בעעמעס! א גוטע נאכט!.. (זי פארשווינדט.)

ב אָ ר ו ך. אליין — ווי דער נאכט־וועכטער!.. (פויזע.) אליין?! (ער הייבט אוף דעם קאָפּ, ווי באטראכטנדיק דעם הימל, קוקט דערנאָך לאנג ארום זיך און זאָגט שטיל.) דער אלטער אויזיַעל איז גערעכט: ניט איינזאם איז דער, וואָס טראָגט גאָט בא זיך אין הארצן... און ס'איז אוואדע ניט איינזאם דער, וואָס טראגט אין הארצן בא זיך — דעם עמעס! אפילע ווען ער איז אליין — איז מיט אים די גאנצע וועלט! (ער מאכט עטלעכע טריט.) מע דאָרף לעבן, ס'הייסט — פארשטיין! ניט וויינען, ניט לאכן, נאָר פארשטיין. דערקענען דעם עמעס, וואָס איז אייביק, לעבן פארן עמעס און לויטן עמעס, דערגרייכן דאָס גרויסע ליכט פון גייַסט — ס'איז ניט פאראן און קאָן ניט זייַן קיין אנדער גליק, קיין גרעסער גליק! איז עס ניט אויסטערליש, וואָס דווירעסלאנג האָט מען אזוי באוואכט דעם מענטשנס שלאָף?! אין איימע און פינצטערניש, אין גרויליקע קאָשמארן איז א ברוד־דער געוואָרן — א וואָלף פאר א ברודער. ניט נאכט־וועכטער, נאָר וועכטער פון פרימאָרגן! ווי טיף עס זאָל נאָך זייַן די כאשכעס פון דער נאכט, דאָרף דער וועכטער ניט מיד ווערן צו רופן: ס'איז נאָענט דער קאיאָר!.. דער קאיאָר פון גייַסט: ווען מענטש וועט ווערן פארן מענטשן — א גאָט! (פויזע; ס'קומט אוף זייער שטיל א מוזיק, אין וועלכער עס קלינגט אָפּ דער רעטשיטאטיוו פון נאכט־וועכטער; באָרוך הייבט אָן גייען פאמעלעך און רופט.) מענטשן פון גאָר דער ערד — דער פרימאָרגן קומט! ס'איז נאָענט דער קאיאָר, ברידער, ברידער מייַנע! דער פרימאָרגן! דער קאיאָר! (די גאנצע בינע איז אייַנגעהילט אין טונקל־קייַט, בלויז באָרוך איז באלויכטן; ער גייט פאמעלעך, ווי אין א וואָך־גאנג, און כאזערט אלץ שטילער און שטילער: ס'איז נאָענט דער קאיאָר...)



פ אָ ר ה א נ ג

## דאַרע טײַטלבוים

(פּאַריז)

### א ווינטער־פּאַרטאַג אין די בערג

בערג נאָך בערג און ווידער בערג, אײַנגעהילט אין שניי,
וווהין דו קוקסט, ווי טײַכן פּאַרגליווערטע, באַרג־פּאַסן טוויִקע זעסט,
און וואָלקנס אין לאַנגע שערענגעס ציִען אהער זיך צו זיי,
ווי צו טישן, פאַר סודעס געגרייטע, מאַכנעס פּאַרבעטענע געסט.

א בלייכע פאַרזיגלטע זון צערטלט פונוויַטן, פרעמדלעך און קאַרג,
די ביימער פאַרלאָזטע מיט אַלטע פאַרטריקנטע, דאַרע אַליוון.
טעג זילבערנע, רונדע קײַקלען, ווי רייפן, פון באַרג זיך צו באַרג
און פאַרשווינדן מיט זאַלפן פון יעגער און סירענעס פון שיפן.

צופוסנס דער יאַם אין פעלד־גרונט מיט סקאַלעס אַרום זיך פאַרשפּאַרט,
פון ווילדן געברויש צום שטילן געלעגער ער יאָגט זיך אהער צו דער הייל,
ווי יעדן פאַרנאַכט אין שפּאַלטן פון אורשטיין עמעצן ער וואָלט דערוואַרט
און, שעפּטשענדיק, אים ביז פאַרטאָג אַלע סוידעס פון וואַנדער דערציילט.

פונוויַטן די שטאָט, פאַרטײַעט, פון פלאַכפעלד אהערצו קומט אָן
און לאָזט אירע שטיינערנע פּרוכטן אַף די וועגן צעשאָטענע איבער,
שווער און מאַסיוו, מיט הויכע פּירקאַנטיקע פּיס פון בעטאָן,
זי שפּאַנט איבער טײַכן, טהאָמען און יאַרוסן ברייטע אַריבער.

אונטן אַף פעלדער, אַנטקעגן דער אַלטער מיט מאַכן באַוואַקסענער מיל,
מאַמעס און טעכטער שנײַדן יאַלקעס, גרינע פאַר מערק,
מיט לידער טרויעריקע, טריבע פון אַסטוריאַ, סאַראַגאָסאַ און סעוויל,
און עס קײַקלט דער היימלאָזער ווי זיך אומעטיק איבער די בערג.

און דאָרט, באַ די פּירענייען, דאָס האַרץ ס׳געפּאַנצערטע פון שפּאַניע שלאָגט,
עס שוויַיגן די נאַקעטע פעלדזן, מיט וועגן פאַרשלאָסענע, טויבע באַנאַנד.
עס רופן נאָר קלויסטערס זיך איבער מיט בלײַענעם מויל פון א גלאָק,
און עס זינקען די קלאַנגען אין בלויִעכן נעפּל באַם באַרגיקן ראַנד.

### ווייסט דער בוים אין וואַלד

ווייסט דער בוים אין וואַלד,
וויפל ער איז אַלט,
וויפל מאָל ס׳האָט ווינטער־שווערד
זײַן ציר געשלײַדערט צו דער ערד?
דעם סאָד פון בליִונג און פון זײַן
וויפל מאָל אין וואָרצל טיף האָט ער פאַרהיט
און אפסנײַ באַם פּרילינג־ראַנד געבליט?

ווייסן וועלדער,
ווער ס׳איז יינגער, ווער ס׳איז עלטער,
ווען צווייגן גרינע צו דער זון זיך ציען
און ווארצלען דורשטיקע צום טייך,
ווען צו נעסטן קומען פייגל צ׳ריק צו פליען
און זינגען אומעטום צוגלייך?

ווייסט דער בוים אין וואלד,
וויפל ער איז אלט?
ציילט ער דען און מעסט,
וויפל צווייגן, בלעטער, זוימען ניט געבליטע
אין שטורעם ר׳האט פארלארן,
און וויפל ריסן, קארבן, שניטן
אים געלאזט עס האבן יארן?

ס׳איז אלט דער בוים אין וואלד,
ווען אים פון ווארצלען מע שניידט אפ,
כאטש גרין די קרוין נאך אפן קאפ.
ס׳איז אלט דער בוים, ס׳איז אלט,
ווען די האק זיין שטאם באפאלט.

## אונדזערע יארן

ענדלאז און אייביק דער וואלד איז פון צייט.
עס פאלן, ווי בלעטער, די יארן — א בלאט נאך א בלאט.
אומבאמערקט און געהיים איין יאר א צווייטס פארבייט
און לאזט אפן וועג ניט אין ערגעץ קיין סליאד.

מיר ציילן ניט, מעסטן ניט און זאמלען קיין סכארן ניט איין
פאר אונדזערע רייפע גרויהאריקע יארן, וואס גייען פארביי,
ווי טייכן אין יאם, זיי פאלן אין שטראם פון לעבן אריין
און ווערן באם טויער פון יעטווידן זיג געבארן אפסניי.

אונדזערע בארוועסע יונגע אין פייער געוואלגערטע יארן,
שטיל און באשיידן זיי וואקסן ווי גראז.
זיי שטעלן ניט אויס זיך אף ביגעס נאך שפיל, ווי אקטיארן,
און ווארטן ניט, געבן זאל ווער אן אפלאז[1].

ניט מיט קיין וויין־קרוגן זילבערנע פולע,
מיר האבן בא ליכטיקע טישן מיט פרייד זיי באגעגנט.
ווי נאכטיקע שאטנס, זיי האבן דורך געסעלעך שיקערע, דולע
באגלייט אונדז און צען מאל אף טאג זיך אף יעדן געזעגנט.

דורך הייסע, בלייענע ווינטן, דורך וויסטן פארטייעטן לויער,
דורך לעוואנעס פארשעמטע און געמינעטע פרעמדע פארטאגן,
מיר האבן פארבארגענערהייט זיי, ווי פיירעס טערפיקע רויע,
מיט וווּנדער־וויזיעס באנאנד אין רוקזעק אלטע געטראגן.

אונדזערע יארן, מיט זעלנער זיי זיינען צו שלאכטן געגאנגען,
אין גריבער, אין זומפן, זיך געשארט דורך געפאר אפן בויך,
מיט בלוט און שוויס די פייערס געלאשן, אף טליעס געהאנגען,
און טראגן אף זיך נאך פון יעטווידן כאלעם פארברענטן דעם רויך.

מיט העלדן, פון קינדער ביז זיידעס, ס׳איז רייך אונדזער דאר.
מיט לידער דערשאסענע יונגע עס יוירט נאך און צאפלט די ערד.

---

1 אפלאדיסמענטן.

עס פעלן פאר יאָרצײַטן טעג אונדז אין יאָר
און בלומען צו ווייניק דער פרילינג פאר זיי אונדז געבירט.

אויב פרעגן זאָל דער, וואָס וועט אַף די בליצן שוין רײַטן,
אַף גאסן פון מאָרגן מיט שטערן ברוקירטע שוין גיין,
צי וואָלטן זיי גרייט זײַן מיט אים זיך צו בײַטן —
מיט קעפּ אופגעהויבענע ענטפערן וועלן זיי: „ניין!"

איז זאָלן געבענטשט זײַן די יאָרן, וואָס וועקן, וואכן און היטן,
וואָס האָבן די זוימען פאר וועלטן נײַע געגרייט,
די וועגן צו זיי דורך בערג און דזשונגלס געשניטן,
אַז יונג דאָס לעבן זאָל זײַן און זאט אַלע הערצער מיט פרייד.

---

## ל. מילער

(פאריזש)

## געזאנג פון מענטשנס זין אין לעבן

איינער איז קיינער
(א פאָלקס־גראַם)

וואָס איז א לעבן איינער און אליין נאָר?
וואָס איז א פאָדעם איינציקער באזונדער?
ס'איז יעדער פאָדעם וויכטיק אינעם וועבן,
נאָר דאָס גרויסע וווּנדער איבער וווּנדער —
פאר וועמען קלאָר, פאר וועמען אומפארשטענדלעך —
איז דאָס געוועב אומענדלעכע פון לעבן.

פון מיליאָנען פעדעם וועבן אויס די יאָרן
צויבער־פּאנאָראַמעס, בילדער און פיגורן.
כ'בין א טייל — אמאָל אנטפלעקט, אמאָל פארבאָרגן.
ווער וואָלט קענען מײַנע יאָרן איבערציילן? —
אַז צום פריִער, צו דעם איצט, צו אַלע מאָרגנס
בין קעסיידער איך באהעפט, נישט אָפּצוטיילן.

ס'איז גוט צו זײַן א טייל פון די מיליאָנען,
פארבונדן דורך די טויזנטער אמאָלן.
מיט זיי צום מאָרגן גיין, אָן שרעק, געדולדיק, —
מאָנען, מאָנען, מאָנען, ביז מע וועט באצאָלן
פון די אויצרעס אָנגעזאמלטע פארמעגנס,
וואָס די וועלט איז אונדז פאר אַלע דוירעס שולדיק.

זינג איך דאָס געזאנג פון מענטש און וועלט און לעבן,
ערד און הימל, די פּלאנעטן, יאמען, פלאנצן.
יעדערער פון אונדז א טייל פון גרויסן, גאנצן,
יעדער איז א טייל און יעדן קומט זײַן כיילעק.
זינג איך דאָס געזאנג פון מענטשנס זין אין לעבן —
ס'איז דער מענטש מיר טײַער און זײַן לעבן — הייליק.

## דאָס געלעכטער פון די כוואליעס

הימל בלויער, א פארטראכטער
שמייכלט ער צו דעם פרימאָרגן,
זון, א יונגע, ערשט דערוואכטע,
קושט אף גראָזן אויס די טויען,
איבער שמאָלע שטעגן גיי איך
צו דעם מילדן ברעג דעם בלויען.

כ׳זיץ און הער די כוואליעס ריידן,
שפּרינגען פריילעך, שטיפן זאָרגלאָז, —
— עפשער וועט איר מיר באשיידן,

כ׳בעט אייַך, כוואליעס, יונג־באגליקטע;
ברענגט איר וועמען בסורעס־טויוועס,
עמעצן פון ווייַט געשיקטע?

כ׳זוך ארום דאָס גליק דאָס עכטע,
זאָגט, ווו איז עס? ווו, בא וועמען? —
קייַקלען זיי זיך פון געלעכטער:
זיצסט, דו נאַר, און פרעגסט: „פונוואנען?"
און דו זוכסט דאָס גליק בא יענעם —
ס׳איז אין דיר דאָס גליק פאראנען.

---

## ייִצכאָק־עלכאָנאָן ראָנטש

(פשא)

### געסט

איז וואָס האָסטו געטאָן מיט לעבן דייַנס, דו מייַסטער־מענטש? —
א ווידערקאָל פארפאָלגט קעסיידער דיך און פרעגט.
ס׳באשייַנען דיך די טיפע שטראלן פון דער קלאָרער זון,
און ווען אנטרינסט אין נאכט, עס ווארטן שוין די טעג.

פון דייַנע יאָרן האָבן אָנגעזאמלט זיך מיסטאָם
פיל וואסערשטראָמען און דערגרייכט צום טייַך,
און אפן וועג געלאָזט זיי האָבן ברוכווארג־שטיינער אָן א צאָל.
געהייסן האָט דאָס אָרעמקייַט, געהייסן האָט דאָס — רייַך.

די טייַכן פון דער צייַט, זיי ציִען זיך פון עק צו עק
צום אָקעאן פון אייביקייַט, צו זייער ציל.
זיי גייען זיך צונויף און ווערן איינס,
זיי ברויזן כוואליעדיק און טאנצן, טאנצן ווילד.

און עפשער בלאָנדזשען נאָך די יאָרן דייַנע אלץ ארום,
ווי בעטלער־וואנדערער מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
געבליבן ס׳גאנצע לעבן אָן א היים און אָן א דאך.
די בריקן פון דייַן טרוים האָט עמעצער פארברענט.

און דו אליין, א פאסטעך שולדיקער אף שפּיצן בערג,
געשריגן הייזעריק, אָן אָפּגעלעבטער האָן.
צעטרענצלט פון די גרויסע אויצרעס ערדישע ס׳פארמעג —
איז וואָס האָסטו מיט לעבן דייַנס אזוינס געטאָן?

איז האָבן יאָרן אייַנגעשפּאנט דיך מוירעדיק און שווער,
און טראָגסט צום ראנד פארשמאכט דעם אלטן יאָך.
צי האָבן זיי דערהויבן דיך מיט יאָמטעוודיקער פרייד?
צי ווינטשן זיי: „א גוטע וואָך, א גוטע וואָך"?

און עפשער ביסטו גאָר א גערטנער גאָלדענער געווען
פון יאָרן דייַנע — בלומען־בייטן, רייַך צעבליט,
און לויבן דיך און בענטשן ווען דוירעס אָן א שיר,
און ס׳וועט דייַן גוטער נאָמען ווערן אָפּגעהיט.

ווי אין א לאנגן שפּיגל האָט דאָס לעבן זיך אַנטפּלעקט,
דו האָסט דערקענט אין דעם די אַלטע גוטע פרײַנט.
דו ווייסט, וואָס האָסט געטאָן מיט יאָרן, וואָס דיר אַנגעטרויט,
זיי זײַנען דײַנע אָנגעלייגטע געסט דאָך הײַנט.

## נעפּל

ס׳האָט נעפּל אָנגעטאָן די בערג אין גרויע מאַסקעס.
עס רייכערט זיך פון אָקעאַן א פריקרע פּארע.
אין האַפן אַנקערן די שטילע ווײַסע יאַכטעס.
פאַרשווונדן איז פון אויג די גאַנצע שטאָט,
בלויז מעוועס דרייען זיך אין קאַראַהאָד.

און ס׳קוקט דער מענטש דעם נעפּל גלײַך אין פּאַרצעף
און זאָגט געמיטלעך: „סקאָצל קומט און ווער פאַרשווונדן״.
עס לויפן קינדער ברוין און באָרוועס אַף די וועגן.
בלויז אַלטווארג טוליעט זיך צום אייגן לײַב
און בעט צום הימל: „גרויען שעד פאַרטרײַב״.

עס שטייען אָנגעצויגענע באַם ברעג די מאַסטן.
דער אָקעאַן איז נעבעכדיק אַנטקעגן הערשער־נעפּל,
וואָס טויכט אַראָפּ א זיגרײַכער פון גרויען הימל.
נאָר ס׳טוען באַלד די בערג די מאַסקעס אויס,
עס יאָוועט זיך פון ערגעץ־ווו א הויז.

אין ווײַט באַווײַזן זיך די הויכע שטאָלצע פּאַלמעס,
עס שאָקלט זיך דאָס וואַסער, ווי א יונגער טענצער.
פון אויבן הייבט א ליבע וואַרעמקײַט אָן קיצלען.
ס׳אַנטפּלעקט זיך אויך די אויסגעבלייכטע שטאָט, —
ס׳אַנטרינט דער נעפּל מיט זײַן גרויען סאָד.

ווי אָפט טראָגט מענטש דעם נעפּל אַף זײַן קליינעם פּאָנעם
און איבל־גרויקײַט פאַרעט פון זײַן יעדן אָטעם.
ניט הימלעך ווערט דיר פון זײַן צוגעטראַכטער פּאָזע,
און ווײַכן ווילסטו פון זײַן שווערער טיר
און אויסמײַדן די קעלט פון זײַן באַריר.

מיר האָבן אַלע ליב דעם לעבעדיקן האַפן,
ווען קאָנסט אין ווײַטער ווײַט דערזען די שטאָלצע שיפן,
און בלויער הימל איז א נאָענטער באַגלייטער,
און ס׳צאַפּלט פיבערדיק דער לעבנס־זשום,
און ווערסט אַליין א שוטעף צום אַרום.

ווי אָפט פאַרוויקלט ווערן מיר אין פוסטן נעפּל,
וואָס וויל זיך אײַנזאַפּן אין אונדזער יעדן אָדער
און פאַנגען אונדז אין זײַנע ענגענדיקע נעצן.
איז גוט, ווען ס׳דרינגט אונדז דורך א זונענשטראַל
און ליכטיקײַט צעהעלט זיך איבעראַל.





נאטאן זאבארע

# א סעזאָן אף דאטשע

## א קינעמאטאָגראפישע דערציילונג

א הייסער, זוניקער האלב־טאָג. אָנהייב יון. א דאטשע־יִישעווו הינטער קיִעוו. דער עלעקטראָצוג ווארפט ארויס א שטראָם מענטשן, וואָס פארשווינדן באלד צוזאמען מיטן גערודער פון די אוועקגייענדיקע וואגאָנעס. באם וואָקזאל ווערט ווידער וואָכעדיק פוסט און שטיל. אזוי איז אויך אינעם וואלדיקן יִישעוו. זאמדיקע וועגן פירן צו ברייטע גאסן, ווו די הײַזער שטייען איינזאַם, אָפּגעטיילט איינס פונעם אנדערן. ארומגעצוימטע מיט פארקנס, באהאלטן זיי זיך אין דער טיף פון די הויפן, צווישן צעבליטעביימער. מע זעט נאָר דעם בלענד פון א בלעכענעם דאך אָדער דעם שארלאך־רויט פון טשערעפּיצע. ווו־ניט־ווו פארכאפּן א גרעסערן שעטעך די העכערע געבײַדעס פון א סאנאטאָריע צי אן אָפּרו־הויז. פון א שול־אינטערנאט בא אן עק גאס דערטראָגן זיך קינדערשע שטימען. צום אינטערנאט האָט זיך צוגעטוליעט א נידעריקער פּלויט פון א פּרייוואטער דאטשע. אף דער קאליטקע — א שילדל מיטן נומער פונעם הויף און דעם נאָמען פונעם באלעבאָס: פאָדובני זאכאר טריפאָנאָוויטש. דאָס איז די לעצטע דאטשע אף דער גאס. ווײַטער גייט שוין א שטיק הוילער סטעפּ.

אינווייניק אין הויף, לעבן עטלעכע ביימער, אף וועלכע עס זײַנען צעהאנגען שטריק, שטייט ליאליע און זייפט אײַן גרעט. די באליע אפן טאבורעט איז פול מיט געדיכטע מילינעס. אז זי טוט א הייב דעם קאָפּ אף פארשארן מיטן אָרעם די פאלנדיקע האָר, דערזעט מען איר צעהעלט פּאָנעם, ווי זי וואָלט האנאָע געהאט פון עפּעס א גליקלעכער מאכשאָווע. אף א הענג־בעטל אין שאָטן פון די ביימער ליגט א מאנצבל פון מיטעלן עלטער מיט א גראָבן בוך אין דער האנט. ער כאפּט פון מאָל צו מאָל א געמיטלעכן קוק אפן מיידל, וואָס שמייכלט צו זיך אליין, אף איר קערנדיקן, שלאנקן קערפּער, וואָס שפּראָצט מיט יונגקײַט, אף אירע קרעפּטיקע הענט, וואָס שווענקען איבער געשיקט און פלײַסיק יעדעס שטיקל גרעט באזונדער. ער זאָגט צו איר:

— דו וועסט שוין, ליאליע, דעם בוך ניט איבערלייענען, הײַנט־מאָרגן קומט מען אים אָפּנעמען.

— איך וועל אים שוין לייענען אין שטאָט, אין די ווינטער־כאדאָשים, ווען איך וועל האָבן מערער צײַט.

— קלאָר, איצט איז א שאָד צו פּאטערן אזעלכע גאָלדענע טעג.

— ער איז צו גרויס און א ביסל לאנגווײַליק.

— לאנגווײַליק? אָט דער בוך? — ער טוט אים א שטרעק אויס, און ס׳זעט זיך אָן דער

טיטל: „אַנדרע נאָרוֹא. דרײַ דיוּמא". — דערפֿאַר ווײַל ס'איז דאָ פֿאַראַן א סאַך וועגן ליבע? כ'פֿאַרשטיי, אין דײַנע יאָרן איז בעסער, ווען מע לעבט עס אַליין דורך, איידער ווען מע לייענט עס אַרויס פֿון א בוך.

ליאַליע טוט אָן אָפּענעם שמייכל און נעמט האַסטיקער זשמיקען דאָס גרעט. ס'קומט אַרײַן א כאַפּטע יונגעץ מיט טאַניען אין דער מיט. דער טראַנזיסטאָר בא איינעם אין די הענט שאַלט מיט טאַנץ־מוזיק. זיי לאָזן זיך צום פֿאַרמאַכטן טירל, וואָס פֿירט אין סעדל. דער לעצטער בלײַבט שטיין לעבן ליאַליען. פֿאַרשײַט, מיט אַן אָזעסדיק־דרייסטן קוק מעסט ער זי פֿון אויבן ביז אַראָפּ. וואָרט, זי זאָל אָף אים א קוק טאָן.

— קעצעלע, א גרוס! — גיט ער צו איר א מאַך מיט אַן אופֿגעהויבענער האַנט. ליאַליע טוט א הייב דעם קאָפּ און שיסט אויס א געלעכטער.

דער באַכער פֿאַרלירט זײַן דרייסטקײַט. ס'איז אים א כאַרפּע פֿאַר א זײַטיקן מענטשן. ער איז צופֿרידן, וואָס טאַניע שרײַט צו אים:

— וואָלדעמאַר, נעם מײַן האַנט־טאַש. איך גיי אונטערן דוש.

באַם סאַמע אַרײַנגאַנג פֿונעם סעדל, ווו די כעוורע איז פֿאַרשוווּנדן, שטייט א פּרימיטיווּ צונויפֿגעקלאַפּטע הילצערנע בודקע מיט אַן אײַזערנער פֿאַס פֿון אויבן. טאַניע פֿאַרשליסט זיך אין דער בודקע, און אין א קליינער ווײַלע אַרום דערהערט זיך פֿון דאָרט דאָס גיסן פֿון וואַסער.

ליאַליע זאָגט צו איר שאָכן:

— אָט דער וואָלדעמאַר איז ענלעך עפּעס אָף א מין גרויסן בונטן פּאָפּוגײַ.

— זיי זײַנען אַלע, די כאַווײרים אירע, גאַנץ קאָמישע סוביעקטן, — איז מיט איר מאַסקים דער שאָכן.

פֿון איינע פֿון די וועראַנדעס שרײַט צו איר די מאַמע:

— ליאַליושע, פֿאַרוואָס האָסטו ניט גענומען דעם טאַטנס ניילאָן־העמדל?

ליאַליע לאָזט זיך גיין צום אַלטן הויז מיט די דרײַ אַרײַנגאַנגען און מיט באַזונדערע וועראַנ־דעס בא יעדער טיר. דער הויף איז ניט קיין גרויסער, נאָר ס'איז דאָ גענוג פּלאַץ פֿאַר עטלעכע ביימער מיט געדיכטע קרוינען. אונטער אַן אַקאַציע, בא אַן אײַנגעגראָבענעם טיש מיט בענק אַרום דינגט זיך א מוטער מיט איר דרײַיאָריק טעכטערל: אויב די קליינע וועט אופֿעסן ביזן שפּענט די קאַשע, וועט די מוטער איר פֿאַרלייענען א מײַסע. אין קעגניבערדיקן ווינקל הויף שטייט א נײַ הויז מיט אַן אייבערשטן שטאָק, אַרום וועלכן עס ציט זיך איין דורכויסיקע גאַלערייע. דאָרט נעמט מען איצט אוף בא א געדעקטן טיש געסט. א שאָכן שרײַט אַרוף:

— אָלגאַ זינאָוויעוונאַ, איך גיי אין קעלער, זאָל איך אײַך עפּעס אַרופֿברענגען?

די אַלטיטשקע אָלגאַ זינאָוויעוונאַ קוקט אַראָפּ צו אים.

— א שיינעם דאַנק, אַרקאַדי וואַסיליעוויטש. אויב ס'איז אײַך ניט שווער, פֿאַרכאַפּט, ביטע, עס שטייט דאָרטן א קריגל מיט פֿרישע טריסקאַווקעס.

ליאַליעס שאָכן הייבט זיך אוף פֿונעם הענג־בעטל.

— איך גיי אויך מיט אײַך, אַרקאַדי וואַסיליעוויטש. די שליסל זײַנען בא אײַך?

אַרקאַדי וואַסיליעוויטש פֿאַרקערעוועט נאָך צו דער זומער־קיך, א שטעלכל, ווו עס שטייט א גאַז־פּליטע מיט א פּאָר באַלאָנען בא דער זײַט. דאָרט פּאָרעט זיך באַם פּײַער ליאַליעס מוטער.

— איר גייט אין קעלער? איך וואָלט געדאַרפֿט אַרופֿטראָגן די סמעטענע. ליאַליע! ליאַלקע!

— איך וועל זי אײַך אַרופֿברענגען, טאַמאַראַ שאַכנאָוונאַ.

— א שיינעם דאַנק אײַך, זי שטייט דאָרט אין א גלעזערנעם סלוי.

ליאַליע צעהענגט שוין דאָס וועש אָף אַן אָנגעצויגענעם שטריק: א זומערדיקער מענער־אָנצונג, אַן אויבער־העמד, פֿאַרשיידענע קלייניקײַטן.

פֿונעם דוש־בײַדל שטעקט טאַניע אַרויס א נאַקעטן אָרעם נאָכן האַנט־טאַש, וואָס וואָלדעמאַר דערלאַנגט איר. צוליב איר קאָן ער זיך ניט אומקערן צו דער כעוורע אין סעדל, פֿונוואַנען ס'הערט זיך א רוישיקער טאַנץ־מאָטיוו.

— הייב זיך אוף צו מיר אין צימער און נעם דאָרט די פּיזשאַמע פּאַמאַדע! וואָלדעמאַר, וואָל־דעמאַר! — שרײַט זי אים נאָך. — פֿאַרכאַפּ די ווײַסע הענטשקעס. איך וועל צוגיין צום טאַטן אָף דער אַרבעט.

וואָלדעמאַר, אַן אומצופֿרידענער, לאָזט זיך צו דעם נײַעם הויז.

טאַניע אין דער ענגער קאַבינע באַטראַכט זיך אינעם האַנט־שפּיגעלע.

אין סעדל אונטער די צעצווײַטעטע פּרוכט־ביימער אָף אַן אויסגעשפּרייטער קאָלדרע ליגן טאַניעס כעוורע און הערן מוזיק. איינער פֿון זיי רײַסט פֿון בייט, לייגט גלײַך אין מויל אַרײַן טריסקאַווקעס און טרײַבט די קינדער פֿונעם שכיינעסדיקן אינטערנאַט, וועלכע האָבן באַקלעפּט די שטאַכעטן...

אף דער פּאָשטש, אין טעלעגראַף־אָפּטייל, סאָרטירט די פּאָשטש־טרעגערן טעלעגראַמעס.

— אָט דער פּאָדובני וווינט ערגעץ אין אויסריַיסעניש, און ס׳איז דאָרט קיינמאָל קיינער ניטאָ אין דער היים.

— ס׳איז דאָרט א פּולער הויף מיט דאַטשניקעס, זאָל זיך אונטערשריַיבן עמעצער פון זיי, — זאָגט די טעלעגראַפיסטן.

— האָב קיין יעסורים ניט, טאַניען וועסטו טרעפן אין דער היים. זי האָט שוין ווידער אוועקגעוואָרפן די אַרבעט, — רופט זיך אָן א דריטע.

— וווּ האָט זי דען געאַרבעט?

— אין קאָסמעטישן קאַבינעט, אף דער לענין־גאַס. זי האָט דערזען, אז א קאָסמעטיטשקע ווערט מען אויך ניט אזוי באַלד, איז איר גיך נימעס געוואָרן.

— טראָג בעסער אָפּ די טעלעגראַמע אין סאַנאַטאָרי, וועסטו זי אָפּגעבן זאכאַר טריפּאַנאָ־וויטשן אין די הענט אריַין. אָט די צעיאָצטע טאַניע קאָן אים די טעלעגראַמע אָפּגעבן ווער ווייסט ווען אָדער איינגאַנצן זי פאַרלירן.

די קיך פון דער סאַנאַטאָריע. זאכאַר טריפּאַנאָוויטש, א שטאַרק פאַרנומענער, מישט מיט ביידע הענט דאָס געקעכטס אינעם גרויסן קעסל. א קעכער לייענט אים פאָר די טעלעגראַמע.

— דער בראַטאַק קומט צוגאַסט, — טוט ער א זיפץ. דער זיפץ קאָן האָבן א שייַכעס צום עצעם פאַקט פון דעם ברודערס קומען, ווי אויך צו דעם, וואָס ער דערציילט וויַיטער. — אָן איינ־וואַליד פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. מיט פינף אָרדענס. שוין א יאָר צען אים ניט געזען.

ער וואַרפט אראָפּ דעם כאַלאַט און מיט דער טעלעגראַמע אין דער האַנט לאָזט ער זיך דורכן הויף צו איינעם א קאָרפּוס. ער גייט אריַין, שטעלט זיך אָפּ בא א טיר, אף וועלכער עס הענגט א שילדל „דאָקטער טעראַפּעווט“, קלאַפּט פאָרזיכטיק אָן. עס קוקט ארויס א קאָפּ אין א וויַיס טיכל.

— אַלבישע טיַיערינקע, איך דאַרף א קלוגג טאָן דער אַלטיטשקער מיַינער, — באַוויַיזט ער איר די טעלעגראַמע אין האַנט, — א דרינגענדיקער איניען.

— איין מינוטקעלע, זאכאַר טריפּאַנאָוויטש.

זי באַגלייט ארויס די פּאַציִענטן און לאָזט אים אריַין.

— און דו בליסט, ווי א בלום, אַלבישינקע. פאַרשטייסט, דער בראַטאַק מיַינער, וואַסילי, קומט צו פאָרן. ווּ וועל איך אים אהינטאָן, ווייס איך ניט. איך וועל, אפּאַנעם, קאָסטיען מוזן אריבערשיקן צו איַיך. איך מיין, דו וועסט אים ניט ארויסיאָגן.

— בא איַיך איז נאָך פאַראַן גענוג אָרט פאַרן ברודער, אפילע אויב קאָסטיע וועט ניט אוועקגיין.

— ניטאָ, ערן־וואָרט, ניטאָ. אַלץ פאַרנומען. עס האָט זיי אָנגעטראָגן, ווי א היישעריק, די דאַטשניקעס: דאָ די פּאַראַיאַריקע, דאָ א גוטערברודער, וואָס איך קען אים ניט אָפּזאָגן. ווען טאַניושע האָט שוין כאַסענע און קאָסטיע אויך, וואָלט איך קיין דאַטשניק אף דער שוועל ניט ארופגעלאָזט. ס׳וואָלט שוין עפּשער ציַיט געווען, אַלבישע, האַ, ווי מיינסטו? וואָס איז דאָס אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק אריַין?

— איך ווייס ניט, איך ווייס גאָרנישט ניט, — איז אַלבישע מיט אָן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ אָפּ־גיך ארויס פון צימער.

— עך, די יוגנט די איצטיקע... — זיפצט אָפּ זאכאַר טריפּאַנאָוויטש, אין אונדזערע יאָרן איז אַלץ געווען פיל פּאָשעטער, און מיר האָבן געהאַנדלט דרייסטער. אָט ווי מיַינע, צום ביַי־שפּיל, — ער נעמט אָן דעם טעלעפאָן־נומער.

אין א פּראָדוקטן־סקלאַד קלינגט לאַנג דער טעלעפאָן. קאַפּיטאַלינא גאַווריל‌אָוונא גייט דורך ניט געיַילט עטלעכע אָפּטיילונגען, ביז זי גייט צו צו דער אָפּטיילונג, ווּ עס שטייט דער טעלעפאָן.

— גאַווריל‌אָוונע, — שריַיט זאכאַר טריפּאַנאָוויטש, — ווּ זיַיט איר דאָרט אַלע אהינגעקומען?

— נו, וואָס? האָסט זיך פאַרבענקט נאָך מיר?

— וואַסילי קומט צו פאָרן. איך האָב באַקומען א טעלעגראַמע. מע וועט אים דאַרפן באַגעגענען.

— גאָט ליב דיר מיטן גאַסט. א דאַנק פאַר דער גוטער בסורע. איך בין איצט פאַרנומען. ס׳דאַרף באַלד אָנקומען סכוירע.

— ער קומט אין אָוונט. נאָר וווּהין וועלן מיר אים אהינטאָן? מע דאַרף, אז טאַניע זאָל באַפריַיען איר צימער. זי וועט זיַין מיט אונדז א שטיקל ציַיט.

— וואָס נאָך וועסטו צוטראַכטן? דאָס איז אויסגעשלאָסן. ער וועט זײַן מיט קאָסטיען.
— מיט קאָסטיען? ווי קאָנען מיר אים לאָזן אָן א באַזונדער ווינקל?
— קיין אנדער אויסוועג האָסטו ניט.
— ס'וואָלט קיין אומגליק ניט געווען, ווען טאַניע...
— רייד ניט קיין נאַרישקײַטן. טאַניע מוז האָבן א באַזונדערן צימער. א יונג מיידל. עס קומען צו איר אירע יונגעלײַט.
— נו, און קאָסטיע? ער קומט שטענדיק א מידער פון דער ארבעט, און אמאָל טוט ער נאָך עפּעס אין דער היים אויך.
— נישקאָשע, אז ער וועט וועלן עפּעס טאָן, קאָן ער ארבעטן אױף דער וועראַנדע. און פאַר א נויט — בא אונדז אין צימער.

א ליכטיק, גערא̈ם צימער אין א קיבערנעטישן אינסטיטוט. די עלעקטראָנישע רעכן־מאַשין פאַרנעמט דעם גרעסטן טייל פון צימער. ס'בלײַבט נאָך אָרט פאַרן גרויסן טיש, איבער וועלכן עס שטייט אָנגעבויגן קאָסטיע און פירט מיטן טעמפּן עק פון בלײַער איבערן גראַפיק. עפּעס האָט ער געפונען א פגאם אױף דער קרומער ליניע, וואָס שנײַדט דורך דעם גאַנצן בויגן וואַטמאַן־פּאַפּיר. ער קערעוועט זיך אויס און טוט א דריק די קנאָפּקע אפן פולט. ס'צינדן זיך אָן און לעשן זיך קאָלערליי פּילקאָלירקע לעמפּעלעך. דער טעלעפאָן קלינגט. מיט אן אומצופרידענעם אויסדרוק אפן פאַרוואָלקנטן פּאָנעם הערט ער, וואָס מע רעדט צו אים. ער ענטפערט קורץ און דאָך א ביסל אופגערעגט:
— יאָ... גוט... נו, קלאָר... ריכטיק. איר זײַט גערעכט.
מע קלאַפּט אין טיר.
— ביטע.
קאָסטיע פאַרענדיקט האַסטיק דעם טעלעפאָן־געשפּרעך. די אַרײַנגעקומענע דערלאַנגט אים א קנויל טעלעטײַפּ־לענטעס.
— נאָרוואָס אופגענומען די אינפאָרמאַציע פונעם קאָקסאָכימישן.
אפגיך קוקט ער דורך די טאַשמע און לאָזט זי ליגן אפן גראַפיק. מיט אומגעדולד וואַרט ער, וואָס זי האָט אים נאָך צו זאָגן.
— דאַרפסט ניט קיין פאַריבל האָבן, קאָסטיע. דו פאַרשטייסט דאָך אליין, אזויפיל נויטבאַדערפטיקע... מיר ווייסן, דיר איז אויך ניט גרינג. טאָגטעגלעך זיך שלעפּן פון אזא ווײַטעניש הין און צוריק...
— מע דאַרף ניט, וועראַ איוואַנאָוונא...
— וואָס דאַרף מען ניט?
— מע דאַרף ניט ריידן וועגן דעם. צוליב וואָס?
— וואָס הייסט, צוליב וואָס? מיר ווילן ניט, אז ס'זאָל בא דיר בלײַבן א פאַרדראָס.
— איר זײַט מאָדנע מענטשן! פאַרוואָס קאָנט איר מיר ניט גלייבן, אז איך בין פולשטענדיק מאַסקים מיט די אויספירן. איר האָט געהאַנדלט זייער ריכטיק, איך האָב דאָך אײַך אליין פון פאָרויס וועגן אלץ געמאָלדן... ווײַזט אויס, ניט צוליב דעם, איך זאָל דערנאָך האָבן אױף אײַך פאַריבל.
— דאָס איז פאַרשטענדלעך. נאָר אנדערע זאָגן... אָט סיאָמושקין, ער האָט אויך אן אייגענע דירע ווײַט הינטער דער שטאָט. האָט ער דאָך א גרויסע מישפּאָכע. זײַן טאָכטער ארבעט אויך בא אונדז. און דאָס ווײַב זײַנס ארבעט אין שטאָט. בלײַבן צוויי קליינע קינדער אפן אייגענעם באַראָט. מיר מוזן אלץ נעמען אין אכט. מיר האָבן געגנוג זיך געיישעווט, געזוויגן, געמאָסטן.
קאָסטיע שווײַגט. דאָס פײַנלעכע שווײַגן דויערט צו לאַנג. ער הייבט זיך אוף און גייט צו צו דער ארבעטנדיקער מאַשין.
— קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטש, — הייבט זי ווידער אָן ניט דרייסט, — פּעדאָטין זאָגט, אז דו האָסט א מיידל. אז דו קלײַבסט זיך כאַסענע האָבן.
— זאָג אים, אז ס'האַלט נאָך ניט דערבײַ.
— ווען מיר זאָלן ווייסן... אז דו ביסט ניט אליין. צווייען איז שוין פּאַרט עפּעס אנדערש.
— איך בין אליין. אינגאַנצן אליין.
— אָט זעסטו, דו אליין באַשטעטיקסט... איז ווי קאָנען מיר? ווען מיר וואָלטן געהאַט אן איינצימערדיקע דירע. כאָטש אן איין־און־איינציקע...

דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט מיטן פאַרזיצער פון אָרטקאָם גייען פון קוואַרטיר צו קוואַרטיר אין דער נאָרוואָס פאַרענדיקטער געבײַדע. אױף די טירן — די פאַמיליעס פון די צוקינפטיקע באַווינער.

— גרושקאַ, א מישפּאָכע פון פיר מענטשן. אן אַלטע מוטער, וואָס דאַרף האָבן א באַזונדער צימער, — זאָגט דער פּאַרזיצער, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן דין־וועכעזשבן פאר אן אאודיטאָריע. זיי גייען אדורך אַלע דריַי כּאַדאָרים. באַם ארויסגאַנג זעצט דער פּאַרזיצער פאָר: — דאָ בישכיינעס שעווטשוק. זיי האָבן געבעטן א דירע לעבן גרושקאַ. פינף פּערזאָן אין פיר צימערן.

דער דירעקטאָר לייענט אָף דער דריטער טיר.

— גייַענקאָ... ווער איז גייַענקאָ?

— פון גאַרדעראָב. זי אַרבעט שוין בא אונדז א סאַך יאָרן. זייער אן אַרבעטזאַמע. אן אַלמאָנע מיט צוויי קינדער. אָט מיט פּאָדובנין האָט זיך ניט גוט באַקומען.

— מיט קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטשן? וואָס איז געשען?

— אָט די דירע האָט ער געזאָלט באַקומען. האָט ער אַליין אָנגעגעבן א מעלדונג, אז ער פּאַרמאָגט אן אייגן הויז.

— אן אייגן הויז? ווי קומט צו אים א הויז?

— זייַן פּאָטער האָט אויסגעבויט א נייַ הויז. האָבן זיי שוין צוויי הייַזער. און זיי זייַנען איינגאַנצן פיר פּאַרשוין.

— אָבער ער וווינט, דוכט זיך, זייער וויַיט פון שטאָט? ניט גוט באַקומט זיך. ער פּאַטערט אַזויפיל אומזיסטע צייַט.

— העכער א שאָ רייַזע אין איין זייַט.

— דאָס איז ניט קיין שאָ, דאָס איז דרייַ־פיר שאָ טעגלעך. זייַן צייַט איז אונדז טייַער, און זייַן אָפּרו דאַרף אונדז זייַן טייַער. ער איז צווישן דער יוגנט אונדזערער איינער פון די פייַיקסטע, ערשט הייַנט האָט מען מיר געוויזן זייַן לעצטע אַרבעט, איבערגעדרוקט אין לאָנדאָן אין אן ערנסטן וויסנשאַפטלעכן מאַטעמאַטישן זשורנאַל, און ער איז נאָך קיין דרייַסיק יאָר ניט אַלט.

— אכט און צוואַנציק, וואַסילי פּיאָדאָראָוויטש.

קאָסטיע אין טראָליי־בוס. ער טרעט אָפּ זייַן אָרט א יונגער פרוי. זי שמייכלט פּאַרלוירן און זאָגט מיט א טאָן פון א באַליידיקטער:

— איר האַלט מיך פאר אזא אַלטיטשקער?

— גאָט באַהיט. איך גלייב, אז מיר זייַנען פון איין עלטער. נאָר איר זייַט אזוי באַלאָדן.

— יאָ, דאָס איז ריכטיק, — א באַפרידיקטע, פּאַרנעמט זי זייַן פּלאַץ. ער בלייַבט שטיין לעבן איר. — איז וויפל זייַנען מיר ביידע איינינעם אַלט? — פּרוווט זי א שפּאַס טאָן.

— דאָס איז ניט שווער אויסצורעכענען. מע דאַרף דערצו ניט האָבן קיין העכערע מאַטע־מאַטיק.

— איך מיין, אז ניט מער פון א האַלבן יאָרהונדערט.

— ווּעמען כּאַנפּעט איר? מיך? צי זיך?

— אונדז ביידן.

— זייער שיין פון אייַער זייַט. איך בין אייַך דאַנקבאַר פון גאַנצן האַרצן.

— איר האָט עס ערלעך פּאַרדינט.

ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר דער שטראָם מענטשן טראָגט אים אוועק פּאָרויס. זי שמייכלט צו אים פונדערווייַטנס. באַם ארויסגאַנג שטויסן זיי זיך ווידער צונויף.

— איר גייט דאָ אראָפּ?

— יאָ, — יִשעווט ער זיך ניט לאַנג און שפּרינגט אראָפּ דער ערשטער, קעדיי איר העלפן אראָפּגיין מיטן געפּעק.

— איר וועט מיך עפּשער א ביסל באַגלייטן, אויב איר זייַט אזא העפלעכער יונגערמאַן?

— איר האָט א טאָעס. איך בין גאָר ניט אזא, ווי איר מיינט.

— דאַך זע איך, אז איר זאָגט זיך ניט אָפּ מיך צו באַגלייטן. איר זייַט אַפילע גרייט מיך צו באַפרייַען פונעם געפּעק.

— געוויס, — נעמט ער א ביסל א פּאַרשעמטער בא איר די שווערערע פּעקלעך.

— עפּשער באַגלייט איר מיך דערפאַר, ווייַל איר דאַרפט אויך אין דער זעלבער ריכטונג?

— ניין, איך דאַרף צום וואָקזאַל.

— צום וואָקזאַל? — בלייַבט זי שטיין. — פּאַרוואָס זשע זייַט איר אראָפּגעשפּרונגען? ווייסט איר וואָס? לאָמיר זיך בעסער צעשיידן דאָ. איך דאַרף נאָך ארייַנגיין אָפן מאַרק.

— קומט, איך גיי מיט אייַך.

— איר וועט נאָך צוליב מיר פּאַרשפּעטיקן צום צוג, — זאָגט זי מיט כּאַראָטע אין שטים און לאָזט זיך פונדעסטוועגן גיין פּאָרויס.

— איך וועל ניט פּאַרשפּעטיקן, איך האָב א סאַך צוגן און איך וווין ניט ווייַט.

— אף דאטשע? הײַנט וועט איר שוין, אפֿנעם, בלײַבן נעכטיקן אין שטאָט.

— ניין, איך וווין דאָרט א גאנץ יאָר.

— אך, אזוי? האָט איר נאָך זיכער ערגעץ־ווו א באַגעגעניש?

— איר האָט ניט געטראָפֿן. די, וואָס איך וואָלט געוואָלט זען, איז דאָרט, בא מיר אין דער היים.

— און וואָס זשע איז די מעניַע? — לאַכט זי אים אין פּאָנעם אריַין.

— די זאַך איז אין דעם, וואָס בא מיר איז הײַנט אן אויסגעצייכנטער טאָג און די שטימונג איז בא מיר א געהויבענע. א טאָג פון הוילע דערפאָלגן.

— אף דער ארבעט צי בא איר?

— אי אף דער ארבעט, אי בא איר. אומעטום, אף אלע פראָנטן, האָט מיר הײַנט זייער אָפּגעגליקט.

ערשט איצט, דערפֿילט איראָניע אין זייַן טאָן, זעט זי, אז ער איז מיט עפּעס באומרויקט, זי הערט אוף צו ריידן. גייען זיי שווייַגנדיקערהייט. דאָס איז איר ניט אָנגענעם, און ביכלאַל איז זי שוין ניט צופרידן פון דער צופעליקער באַקאַנטשאַפט. א ביסל אפילע מיט אן ארויסרוף זאָגט זי:

— אף מיר וואַרט דער מאַן. מיר האָבן אָפּגערעדט זיך באַגעגענען אפֿן מאַרק.

דער מאַרק. געאָרגי אָסיפּאָוויטש, ליאַליעס פּאָטער, בא די טאַמבענק פון גרינס. ער דינגט זיך מיט א פּאַרקויפערן פון טריסקאַווקעס:

— זיי זייַנען שוין אומעטום דאָ. אזא שפּעט, און איר האַלט זיך נאָך בא די אַלטע פּרײַזן. העכער צוויי מאָל טייַערער, ווי אין „פּלאָדאָוואָשטש".

— איז קויפט מען אין „פּלאָדאָוואָשטש". פאַרוואָס קויפט איר ניט דאָרט?

— איר זעט דאָך, ווי איך בין אָנגעלאָדן. ס'איז דאָרט א ריי, און איך דאַרף נאָך פאָרן הינ־טערן שטאָט, מיטן צוג. ווען וועל איך באַווײַזן?

— טאָ צאָלט מען א פּרייַז, אז מע האָט קיין צייַט ניט.

— יאָ, אָבער ווער נעמט עס אזא פּרײַז? איצט, אין יון כוידעש?!

— אז ס'לוינט אייַך ניט, קויפט ניט. און דאָס, וואָס די סכוירע איז בא מיר אן אנדער סאָרט, דאָס האָט קיין ווערט ניט? מע גיט אייַך דאָרט אין „פּלאָדאָוואָשטש" אזא יאַגעדע? איינס אין איינס, ווי די מאַראַנצן. איך האָב זיי אליין איבערגעקליבן. הײַנט די ריינקייַט זייערע? די זיסקייַט?

— נו גוט. גיט מיר צוויי קילאָגראַם. איך וואָלט געָנומען מערער, איר זאָלט עפּעס אראָפּלאָזן.

— וואַרט צו נאָך א פּאָר וואָכן, וועט מען אייַך געבן אומזיסט.

באַם שיטן אין די שקאַרמיצן און וועגן, באַם נעמען דאָס געלט פאַרמאַכט זיך איר דאָס מויל ניט:

— אז מע וויל עסן צו דער צייַט, דאַרף מען צאָלן א פּרייַז. פאַר מאַנדאַרינקעס צאָלט איר, זויפל מע בעט, און איר פאַרקרימט זיך אפילע ניט. און דאָ וואָלט איר געוואָלט האַלב אומזיסט.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש מיטן פּאָרטפעל אונטער דער פּאַכווע. אין איין האַנט א פול נעצל מיט גרינס, אין דער צווייטער — די היפּשע טריסקאַווקעס, וואָס קוקן ארויס פון די שקאַרמיצן, ווי אף א שלעכטן נאַטורמאָרט. ער רוקט זיך דורך דער געדיכטעניש צום ארויסגאַנג. פון יענער זייַט מאַרק־טויער דערזעט ער קאָסטיען לעבן א טאַקסי צוזאַמען מיט א יונג פּאָרפאָלק. ס'איז אים אומבאַקוועם. ער וואָלט ניט געוואָלט, קאָסטיע זאָל אים זען אזא אָנגעלאָדענעם. ער פאַר־קערעוועט שוין צוריק מיטן שטראָם מענטשן צום מאַרק, נאָר ער דערהערט קאָסטיעס קאָל:

— געאָרגי אָסיפּאָוויטש, וואַרט צו, וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אהיים.

קאָסטיע געזעגנט זיך מיט זייַנע נייַע באַקאַנטע... זיי לאָדן אים אייַן אריַינקומען. די פרוי שרייַט אים נאָך:

— פאַרגעסט ניט, וואָס איר האָט צוגעזאָגט. נאָר טוט א קלוגע פאַרפריַער.

קאָסטיע באַפרײַט געאָרגי אָסיפּאָוויטשן פונעם פּאָרטפעל, פון א שקאַרמיץ, און זיי לאָזן זיך צו א טראָליייבוס.

פונעם צוגייענדיקן עלעקטראָצוג שפּרינגט ארויס קאָסטיע, דערנאָך געאָרגי אָסיפּאָוויטש. אף דער פּלאַטפאָרמע — קאָסטיעס פאַרפוצטע טאַטע־מאַמע.

— איר פאָרט ערגעץ? אזוי שפּעט? — פרעגט בא זיי קאָסטיע.

— מיר וואַרטן, קאָסטיע, אף א גאַסט, — צעשמייכלט זיך געהיימניספול זאַכאַר טריפאָנאָ־וויטש.

— דו גיי אהיים, — זאָגט אים די מוטער, — מיר וועלן שוין דאָ צוואַרטן נאָך אף א צוג.

— מיר וואַרטן אפֿן פעטער וואַסילי. דו דאַרפסט אים געדענקען. ער איז אמאָל געווען בא אונדז.

— וואָס זײַנען דאָס פּאַר א טריסקאַוועס אינמיטנדרינען? האָסט זיי קאַרג אין דער היים? — ווענדט זיך צו קאַסטיען קאַפּיטאַלינאַ גאַווריאַלאָווּנאַ.

— איך בין געקומען מיט געאָרגי אָסיפּאָוויטשן. דער פּאָרטפעל איז אויך זײַנער. ווו איז ער אנטרונען געוואָרן? — קאַסטיע קוקט זיך ארום.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש אפן וועג צום יִשעוו. די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. די טונקלקייט ווערט געדיכטער. געאָרגי אָסיפּאָוויטשן דעריאָגט אן אײַנוווינער פון יִשעוו. זיי באַגריסן זיך.

— בא וועמען וווינט איר?

— בא פאַדובנין, זאַכאַר טריפאָנאָוויטשן.

— פאַרשטענדלעך.

— מיר זײַנען מיט אים אַלטע גוטעפרײַנט. מיר קענען זיך שוין העכער צוואַנציק יאָר. און עפּשער טאַקע אַלע דרײַסיק.

— אַלטע גוטעפרײַנט? דאַרפט איר פירן פון שטאָט אָט דאָס־אָ, — באַווײַזט ער אף די טריס־קאַוועס, — ער פאַרמאָגט זיי, דוכט זיך, אַזויפיל, אז ס'קאָן קלעקן אף א האַלבן יִשעוו.

— דאָס, וואָס ער פאַרמאָגט, איז זײַנס. און איך פאַר מײַן געלט קאָן קויפן, ווו און בא וועמען איך וויל.

— דאָס איז ריכטיק. נאָר איר מיינט, אז ער האַנדלט ניט דערמיט? ער ווייסט שוין גראָד, ווו זיי צו פאַרקויפן. דאָרט, ווו מע קאָן שינדן די הויט.

ס'איז שוין שפּעטער אָוונט. די לעוואָנע־שײַן פאַלט אף די בייטן צווישן די פּרוכט־ביימער. קאַסטיע, אן אָנגעבויגענער, רײַסט טריסקאַוועס פון בייט און לייגט די זאַפטיקע יאַגעדעס גלײַך אין מויל ארײַן. ער טרעט ארוף אף דער קאַלדרע, וואָס טאַניע מיט אירע כאַווירים האָבן דאָ איבערגעלאָזט. ער הייבט זי אוף. הערט זיך צו צו די קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך פונעם הויף. מיטאַמאָל וואַרפט ער זי איבער אף יענער זײַט פּלויט און שפּרינגט נאָך איר נאָך. דאָרט איז הויכער סטעפּ. ער לאָזט זיך גיין, דעם וועג פאַרלויפט אים זײַן אייגענער גרויסער טונקעלער שאָטן. קאַסטיע שפּאַנט מיט דער קאָלדרע אין האַנט צום איין־און־איינציקן בוים, וואָס שטייט איינזאַם א פאַר הונדערט מעטער פון דער דאַטשע. אונטער זײַנע צווײַגן מאַכט ער זיך א געלע־גער, לייגט זיך מיטן פּאָנעם ארוף און נעמט אויספײַפן א מעלאָדיע.

ליאַליע פאַרמאַכט שטילערהייט נאָך זיך דאָס הויף־טירל און לאָזט זיך נאָכן ניגן. זי וויל, אז קאַסטיע זאָל זי ניט באַמערקן. שטיל גאַנוועט זי זיך צו זײַן צוקאָפּנס. א ווײַלע בלײַבט זי שטיין, טוליענדיק זיך צום שטאַם פון בוים. פּאַמעלעך זעצט זי זיך אראָפּ, שאַרט זיך צו, זי זאָל קאָנען מיט דער האַנט דערלאַנגען זײַן קאָפּ, די פינגער פון איין האַנט לאָזט זי מיטאַמאָל ארײַן אין זײַן טשופּרינע און בייגט זיך צו אים אריבער.

— מיר זײַנען, דוכט זיך, הײַנט אין א שלעכטער שטימונג. וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?

— יאָ, אף דער נעשאָמע איז מיר ווירקלעך גאַנץ פּאַסקודנע, — טוט ער זיך א האַסטיקן זעץ אוף.

— וואָס איז געשען?

— דו פאַרשטייסט, ליאַלקע, אף צוויי ליגנס מיטאַמאָל האָט מיר שוין קיין מוט ניט געקלעקט.

— אף צוויי ליגנס? וועלכע ליגנס?

— איך וואָלט הײַנט צוויי מאָל געדאַרפט אָפּטאָקן א ליגן. איך האָב דאָך ניט געקאָנט אָפּלייקענען, אז איך בין באַלעבאָס איבער א באַזונדערער דירע מיט אַלע זיבן גוטע זאַכן: פינף צימערן מיט דרײַ וועראַנדעס, מיט א קיך, מיט א פּרוכט־סאָד, מיט אזא גרויסן פרײַען הימל, מיט אַזויפיל שטערן און מיט אזא סטעפּ בא דער זײַט. איז דעריבער ווידעראַמאָל דאָס זעלבע. טו־טו־טו... טשי־טשאַ, טשי־טשאַ, — ער מאַכט מיט דער האַנט באַוועגונגען, וואָס דאַרפן אימי־טירן דעם רעדער־געדריי פון א צוג, — און אַזוי טאָג נאָך טאָג. צוויי מאָל א טאָג טשי־טשאַ, טשי־טשאַ...

— און וואָס איז דער צווייטער ליגן? — לייגט אים ליאַליע ארוף די האַנט אפן אַקסל.

— דער צווייטער? — לאָזט ער זי א ווײַלע וואַרטן אף אן ענטפער, דערנאָך זאָגט ער, צעצי־ענדיק די ווערטער, — דער צוויי־טער... אז איך האָב א קאַלע, וואָס וואַרט און קאָן זיך ניט דערוואַרטן די שאָ, די רעגע, מיר זאָלן שוין ענדלעך זײַן צוזאַמען און אָנהייבן לעבן ווי לײַטן.

— דאָס איז שוין גאָר ניט אזא גרויסער ליגן, — טוט א פאַרזיכטיקן שמייכל ליאַליע.

— וואָס הייסט ניט קיין ליגן? — קוקט ער אף איר בייז. — דו מיינסט אַלבישען?

זי שאָקלט מיטן קאָפּ אף יאָ.

— אַך, אַזוי! א דאַנק פאַר דער טרייסט. מיר געפעלט אן אַנדערע, גאָר אן אַנדערע.

— אין שטאָט?
— יאָ.
— בא זיך אף דער ארבעט?
— ניין.
— דערפאר ביסטו היינט געקומען אזוי שפעט אהיים?
— ניט דערפאר. זי איז גראָד איצט דאָ אינעם יישעוו.
— איך קען זי?
— דו קענסט זי און דו ווייסט זייער גוט, אז איך בין איר ניט שטארק געפעלן.
ליאליע צעשמייכלט זיך מיט איר ליבן ליכטיקן שמייכל.
— עס קאָן ניט זיין, קאָסטיע, דו ביסט דאָך אזא ווילער, — זי שויבערט אים די האָר אפן קאָפ, — און א גוטינקער, און א קלוגינקער...
— אגעוו, האָב איך זיך היינט באקאנט מיט איינער, א גאנץ פיינער, איר האָט זיך אויך, דוכט זיך, אויסגעוויזן, אז איך בין א גוטינקער און א קלוגינקער, האָט זי זיך געאיילט אף א באגעגעניש מיטן מאן.
— דאָס טראכסטו שוין אף זיך אויס, טייערינקער. דו ביסט ניט פון די, וועלכע פארפירן לייכטע באקאנטשאפטן. איך ווייס עס זייער גוט.
— אז ס'איז מיר שלעכט אפן הארצן, בין איך גרייט אף יעדער נארישקייט.
— ס'איז דיר טאקע אזוי שלעכט אפן הארצן?
— זייער. איך האָב היינט א גאנצן טאָג געבראָכן דעם קאָפּ. אין דעם גראפיק האָט זיך באוויזן אזוינס, צוליב וואָס מע וועט דארפן א סאך פונדאסניי פראָגראמירן... נאָר מיט דער מאשין איז גרינגער, ווי מיט מיר. איך זינק אין די ציפערן, און אין דער זעלבער צייט רייד איך מיט דיר. איך האלט אין איין טייַנען, איינריידן, וואָרענען, איך סטראשע, אז נאָך דיר וועל איך שוין מער קיינמאָל אף קיין איינער אפילע זיך ניט אומקוקן...
— און איך הער דיך אויס און שווייג? איך זאָג דיר גאָרנישט ניט?
— דיינע רייד ליגן מיר שוין אָט דאָ, אין לעבער. איך קאָן פון זיי טאָג און נאכט ניט פאַטער ווערן.
ליאליע צעלאכט זיך.
— איך האָב אויך א גאנצן טאָג וועגן דיר געטראכט. אז אונדזערע פאָטערס האָבן זיך באפריינדעט און דו ביסט שוין געגאנגען אונטערן טיש צופוס, בין איך נאָך אף דער וועלט ניט געווען. די מוטער מיינע איז נאָך דעמלט א שילערן געווען. דערנאָך, אז איך בין נאָרוואָס געבוירן געוואָרן, האָסטו זיך שוין געלאָזט פאָרן אין שטאָט אריין אָן א קאָפּעקע געלט אין קעשענע. איצט, ווען ניט דער טעכניקום, וואָלט איך זיך נאָך געלערנט אין לעצטן קלאס פון שול. אז דו וועסט זיין דאָקטאָר פון מאטעמאטישע וויסנשאפטן, וועל איך ערשט זיין א סטודענטן, אויב ס'וועט זיך מיר נאָר איינגעבן. די כאוואַרטעס וועלן שעמעוודיק זיך באהאלטן, ווען דו וועסט אמאָל קומען נאָך די לעקציעס מיך אָפנעמען פון אינסטיטוט.
— כ'וועל ניט קומען. כ'וועל נאָך זען, אז דו זאָלסט דארפן דריי מאָל אָפּגעבן איינעם און דעם זעלבן עקזאמען.
— בייזער זיך ניט, קאָסטיע, — זי נעמט אים ארום. — איך האָב היינט גערעדט מיט דער מאמען. דעם טאטן וואָלט איך עס קיינמאָל ניט געזאָגט. ער איז טרוקן ווי א מאטעמאטיקער. ער האָט אין זיך קיין טראָפן ליריק ניט, — קאָסטיע רייסט זיך אָפּ פון איר, און זי זעצט פאָר א צעהעלטע: — האָב איך בא דער מאמען געפרעגט: אף וויפל, האלט זי, קאָן א מאן זיין עלטער פון זיין פרוי. זי האָט פארדעכטיק אף מיר א קוק געטאָן און געענטפערט: — אף צוויי־דריי יאָר.
— אף עפעס אנדערש האָב איך ניט אויסגערעכנט.
— האָב צייט! היץ זיך ניט. „און אויב א ביסל מער?“ — האָב איך בא איר געפרעגט: „אף וויפל מער?“ — „נו, אף א יאָר צען“, — האָב איך זיך איינגעשטעלט מוידע צו זיין. איך האָב מוירע געהאט, אז בא איר איצטיקן געזונט־צושטאנד וועט זי זיך נעמען צום הארצן, ווארעם אז עס רעדט זיך וועגן מיר, האָט זי דאָך גלייך פארשטאנען. נאָר זי האָט פון אָנהייב גאָרנישט ניט געענטפערט, לאנג געשוויגן. איך האָב שוין כאראָטע געהאט, וואָס איך האָב פארפירט דעם געשפרעך. און מיטאמאָל האָט זי א זאָג געטאָן, זי האָט זיך, אפאָנעם, שוין לאנג אָנגעשטויסן: „אויב קאָסטיע, איז טו, ווי דו פארשטייסט. דו ביסט שוין א גענוג דערוואקסענע. איך דארף דיך קיין סייכל ניט לערנען“.
— איצט זעסטו! — איז קאָסטיע אופגעשפרונגען פון אָרט, און ליאליע נאָך אים.
— און נאָך, האָט זי געזאָגט, „קאָסטיע איז א גאנץ ווילער באָכער. ער געפעלט מיר“.

— און דו... און דו... — האָט ער זי אַרומגענומען און אופגעהויבן אַף די הענט, — אַך, דו, טיראַנקע מײַנע... דו קלײנע, ווילדע ציג מײַנע, — האָט ער זי באַשאָטן מיט קושן.

— און איך האָב עפּעס מוירע... איך ווײס ניט... איך ווײס פּאַשעט ניט...

ער טראָגט זי איבערן סטעפּ. זײערע שטימען ווערן אַלץ געדעמפּטער. סטעפּ. שטילקײַט. פּלוצעם דערהערט זיך געאָרגי אָסיפּאָוויטשעס קאָל:

— ליאַליע, ווו ביסטו? דער מאַמען איז שלעכט.

אַפן הויף — אַ גערודער. די שכײנים זײַנען אַרויסגעלאָפן, יעדערער פון זײַן ווינקל. זאַכאַר טריפּאַנאָוויטש עפנט די קאַליטקע און קומט אַרײַן מיט אַלבישען. ער טראָגט איר נאָך דאָס קעסטעלע. באַ טאַמאַרע שאַכנאָוונעס טעראַסע שטײען די שכײנים. צווישן זײ וואַסילי אַף די מילי־צעס. אַפן גאַז־אײוועלע זידט איבער אַלבישע דעם שפּריץ. ווען זי קומט אַרײַן צו דער קראַנקער, שטײט שוין ליאַליע באַ דער מוטער צוקאָפּנס.

קאָסטיע דרײט זיך אַרום אַן אומרויִקער פון יענער זײַט קאַליטקע. ער וואַרט אַף אַלבישען. ער שטויסט זיך אָן אַפן טאַטן, וואָס קלײַבט זיך באַגלײטן די דאָקטערן אַהײם.

— דו וואַרטסט אַף איר? גוט, זײער גוט, — געזעגנט זיך זאַכאַר טריפּאָנאָוויטש מיט אַלבי־שען, — וועסט שוין האָבן אַ ייִנגערן באַגלײטער. — ער גיט איבער דעם זון דאָס קעסטעלע.

— וואָס איז געשען? — פרעגט פאַרזאָרגט קאָסטיע.

— ניט שרעקלעך. אַ געוויינלעכער היפּערטאָנישער קריז. זי האָט זיך מיסטאָמע פון עפּעס געערגערט, זיך אופגערעגט.

— אַ געוויינלעכער. קאָנסט מיר ניט דערקלערן מיט אַ מענטשלעכער שפּראַך, איך זאָל פאַר־שטײן, וואָס אַזוינס איז געוויינלעך.

— איך זע, דו ביסט גאַנץ פײַן צערודערט. זע, דו זאָלסט אַלײן ניט ווערן קײן היפּערטאָני־קער. אין דײַנע יאָרן איז דאָס אַ סאַך געפערלעכער.

קאָסטיע צעלאַכט זיך. מיט פאַרוווּנדערונג באַמערקט זי, אַז ער איז דאַפקע מונטער, אופגע־הײַטערט, ווי ער וואָלט פון עפּעס געוווען שטאַרק צופרידן. מיסטאָמע וועט ער איר דערצײלן. וואַרט זי און שווײַגט. ער זאָגט גאָרנישט ניט. זײ זײַנען שוין באַלד באַ איר וווינונג. זי שטרעקט אויס די האַנט נאָכן קעסטעלע.

— איך באַפרײַ דיך. האָב אַ רויִקע נאַכט.

— נײן, וואַרט צו. איך וועל עס דיר אַרײַנטראָגן אין שטוב אַרײַן, און מיר וועלן זיך אַ ביסל דורכגײן.

זי וויל פונדעסטוועגן צונעמען דאָס קעסטעלע, נאָר ער לויפט מיט דעם אַרײַן צו איר אין הויף... די טיר עפנט אים אַלבישעס פאָטער.

— אַ גוטן אָוונט, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש. נאַט אײַך, און מיר וועלן מיט אַלבישען זיך נאָך אַ ביסל דורכשפּאַצירן.

— גוט, זײער גוט. אַ טײַערער אָוונט הײַנט. — ער באַגלײט קאָסטיען ביז צו דער קאַליטקע און בלײַבט דאָרט שטײן, קוקט נאָך דעם פּאָרל ביז זײ פאַרשווינדן פון אויג.

זײ זײַנען אַרויס אַף אַ צווײטער גאַס, אַ מער באַלויכטענער. דאָס איז, אַפּאָנעם, דער צענ־טער פונעם ייִשעוו. פון ערגעץ דערטראָגט זיך מוזיק. פון בײדע זײַטן גאַס — באַלויכטענע אַרײַנ־גאַנגען פון אָפּרו־הײַזער, סאַנאַטאָריעס. זײ פאַרקערעווען אין אַ צעעפנטן טויער, פון וועלכן עס ציט זיך ווײַט אַ ליכטיקע אַלײ. קאָסטיע זעצט זי אוועק אַף אַן אָפּגעזונדערטער באַנק און רעדט, שטײענדיק לעבן איר:

— איז אָט, אַלבישע, מיר קענען זיך בײדע אַף דורך און דורך. אַזויפיל יאָרן צוזאַמען גע־וואַקסן. מיר דוכט, אונדזער טאַניען קען איך ניט אַזוי גוט, ווי דיך. און דו מיך, גלײב איך, קענסט אויך ניט ערגער. איז אָט זאָג! מיר איז איצט גוט אָדער שלעכט?

ער מאַכט אומיסטן אַ צו ערנסט פּאָנעם. זי קוקט אַף אים און קווענקלט זיך.

— איך קאָן ניט זאָגן.

— פּרוּוו טרעפן. קוק זיך גוט צו צו מיר און מאַך אַן אויספיר: גוט אָדער שלעכט?

— איך ווײס ניט.

— נו און איצט? — ער מאַכט אַ פרײלעך, גליקלעך פּאָנעם.

אַלבישע בײזערט זיך:

— אָן לעצאָנעס. ס'איז דיר אַזוי ווי שטענדיק. דערהויפּט לעצטנס, האָב איך באַמערקט, איז דיר אָט גוט און אָט שלעכט.

— דו ביסט אַ כאַכאַמע, אַלבישינקע, — ער נעמט זי אַרום פאַרן אַקסל, — ס'איז מיר הײַנט אַ גאַנצן טאָג געווען זײער ביטער, און איצט, איצט... איך וועל דיר זאָגן. דו ביסט דאָך מײַן בעסטער, נאָענטסטער כאַווער פון די ערשטע קינדער־יאָרן אָן. און איך געדענק נאָך, ווי מע האָט

אונדזביידע געפירט אין ערשטן קלאַס מיט די שפּאָגל־נײַע רענצלעך אַף די אַקסלען. מיר האָבן זיך ביידע געהאַלטן פאַר די הענטלעך און אין דער פרײַער האַנט געטראָגן גרויסע בוקעטן בלומען.

— ניין, דו האָסט קיין בלומען ניט געהאַט. דו האָסט זיי באַ מיר געוואָלט צונעמען, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן טשובען, — צעלאַכט זיך אַלבּישע.

— דאָס געדענק איך ניט.

— דײַן מאַמע האָט דיר געוואָלט געבן אין אַ קײַלעכיקן פּעקל דעם גרויסן טאָרט, וואָס דײַן טאַטע האָט אַליין אויסגעבאַקן פאַר דער לערערקע, און דו האָסט זיך אײַנגעשפּאַרט און נאָר גע־וואָלט די בלומען.

— ריכטיק, איצט דערמאָן איך זיך, און איך האָב זיי טאַקע אונטערגעטראָגן ווערע איוואַ־נאָוונען. זי איז נאָך דעמלט געווען גאָר אַ יונגיטשקע.

— ניין, מיר האָבן ביידע צוזאַמען צוערשט געגעבן איר דעם טאָרט און דערנאָך די בלו־מען. די טרערן האָבן נאָך געבלישטשעט באַ מיר אין די אויגן נאָכן געשלעג. איך געדענק אַפילע, ווי מע האָט דעמלט געלאַכט פון אונדז.

— דערנאָך האָט מען אונדז ביידע גערופן דאָס „פּאַרפּאַלק". ביז אין די עלטערע קלאַסן האָט מען אונדז צעשיידן ניט געקאָנט.

— און ווען האָבן מיר זיך אָנגעהויבן דערמיט שעמען? פון פערטן צי פון פינפטן קלאַס? אינטערעסאַנט, ווער פון אונדז האָט דער ערשטער זיך אָנגעהויבן שעמען?

— איך מיין, אַז איך.

— ניין, איך, אַלבּישע. איך געדענק אַפילע, אַז איך האָב דיך אַמאָל גוט אויסגעפּאַטשט, ווען די כעוורע האָט מיך אָנגעהויבן אויסלאַכן.

— דאָס געדענק איך אויך.

— דאַפקע פון דעמלט אָן האָט מען אונדז גענומען רעכענען פאַר כאָסן־קאַלע ביז נאָך דער הויכשול.

— צום באַדויערן, קאָנען זיי זיך עס פון קאָפּ ניט אַרויסשלאָגן ביז הײַנטיקן טאָג. ערשט הײַנט אינדערפרי האָט מיר דער טאַטע דײַנער געגעבן אָנצוהערן. ס'איז מיר אַזוי ניט באַקוועם געווען.

— מײַן טאַטן וועל איך זאָגן. הײַנט נאָך וועל איך אים זאָגן. נאָר דו האָסט אים אויך גע־דאַרפט אָפּענטפערן. ס'איז שוין צײַט צו מאַכן אַ סאָף דערצו. זיי מעגן וויסן, אַז מיר ביידע...

— שטילער, טומל ניט, — כאַפּט זי אים אָן פאַר דער האַנט און ווײַזט מיט אַ ווונק אַף אַן עלטערן פּאַרפּאָלק, וועלכע האָט זיך צוגעזעצט און זיך באַגריסט מיט איר:

— אַ גוטן־אָוונט, דאָקטער.

— אַ גוטן־אָוונט, — ענטפערט זיי אַלבּישע.

קאָסטיע האָט זיך גלײַך אופגעהויבן.

— איך זע, מיר האָבן אײַך געשטערט, אַנטשולדיקט! — הייבט זיך אויך אוף דער מאַן.

— ניין, ניין, ביטע, מיר קלײַבן זיך גיין טאַנצן, — פאַרענטפערט זיך אַלבּישע און נעמט קאָסטיען אונטערן אָרעם.

אַפן טאַנץ־פּלאַץ שפּילט אַ דזשאַז, די יוגנט פאַרווײַלט זיך. צווישן די טאַנצנדיקע פּאָרלעך טיילן זיך באַזונדערס אויס טאַניע מיט אירע באַכערים. קאָסטיע מיט אַלבּישען דערנענטערן זיך אַהער. ס'איז צו זען, אַז עפּעס האָט זיי מיטאַמאָל אָפּגעפרעמדט. אַלבּישע, אַ באַרויגעזע, אָן אָנ־געבלאָזענע, רײַסט זיך פאָרויס, קאָסטיע נאָך איר, ווי ער וואָלט איר נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן. אַפן טאַנץ־פּלאַץ שפּאַרט זי זיך דורך צווישן אוילעם און לאָזט זיך מיט אויסגעשפּרייטע הענט גלײַך צו פּלאַטאָנען, מע זאָל זען, ווי זי פאַרבעט אים צום טאַנץ.

פּלאַטאָן מיט פריידיקער איבעראַשונג נעמט זי אַרײַן אין זײַנע אָרעמס און לאָזט זיך מיט איר אין קרײַז פון די טאַנצנדיקע.

קאָסטיע האָט זיך אויך דורכגעריסן אַהער. ס'מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט זי נאָכגע־פאָלגט, נאָר האָט פאַרשפּעטיקט. ער דערזעט די שוועסטער זײַנע, טאַניען, מיט וואָלדעמאַרן, פאַרדרייט אינעם טאַנץ־געווירבל.

— אַנו, גיב אָפּ מײַן שוועסטער, — לאָזט ער זיי ניט פאַרענדיקן די פּאַ.

וואָלדעמאַר, אַן אומצופרידענער, פּרוּווט זיך ווערן, נאָר ס'העלפט אים ניט. טאַניע איז שוין אין קאָסטיעס הענט. זי איז אויך ניט צופרידן. טאַנצנדיק מיטן ברודער, שמייכלט זי נאָך אַלץ צו וואָלדעמאַרן און ציִשעט אַף קאָסטיען:

— וואָלסט בעסער אײַנגעלאַדן די נאַרישע ליאַלקע באַ אונדז פון הויף.

קאָסטיע האַקט זי אָפּ בייז:

— זי איז קליגער פון דיר.

— מע קאָן מיינען. קיינער קוקט זיך אפילע ניט ארום אף איר, אבי זי בלאָזט פון זיך. איך קאָן דיר פאָרויסזאָגן: ס׳וואקסט אן אלטע מויד. אָט וועסטו זען...

— שווייַג, טיפשעו!

— דו זע, מע טאָר אף איר קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן. אָט איז דאָך אלבישע! גיי בעסער נעם זי צו פון די בערישע לאפעס. אָט דער פלאטאָן לאָזט זי ניט צורו.

— ניט דייַן דייַגע!

אלבישע מיט פלאטאָנען טאנצן ארויס פונעם קרייַז.

— אָט זעסטו, איך ווייס, וואָס איך רייד.

קאָסטיע קוקט זיי נאָך, און אז זיי פארשווינדן, לאָזט ער אָפּ אינמיטן טאנץ די שוועסטער און רייַסט זיך ארויס פון קרייַז.

ער שפאנט איינער אליין איבער די גאסן פון יִשעוו. אָפּטמאָל באווייַזט זיך א שמייכל אף זייַנע ליפן און דאָס פּאָנעם בא אים צעשייַנט זיך. פונדערווייַטנס דערנעענטערט זיך א לויכטנ־דיקער צוג, בלייַבט קאָסטיע שטיין אין דערוואַרטונג, גלייַך ווי אָט דער צוג וואָלט אים געדארפט ברענגען דאָס גרויסע גליק.

פלאטאָן פירט צו אלבישען צו איר שטוב. זיי גייען פּאָרזיכטיק ארייַן אין הויף און בא דער הויז־טיר בלייַבן זיי שטיל שטיין, ארומנעמענדיק זיך.

קאָסטיע גייט איבער דער גאס פון יִשעוו. ער קען דאָ קימאט אלעמען. וועמען ער רופט אָן באם נאָמען און פאָטערנאָמען, מיט וועמען ער ווארפט זיך דורך מיט א וואָרט. ער זאָגט „גוטן־אָוונט" צוויי אומבאקאנטע פרויען מיט שווערע טשעמאָדאנעס אין די הענט און מיט א קינד בא דער זייַט. די עלטערע פרעגט זיך נאָך בא אים אף דער קאָסמאָנאווטן־גאס. קאָסטיע — אין פאר־לעגנהייַט. מיט באדויערונג קוקט ער אף די פרויען, אף זייער געפעק.

— ס׳איז א גאנץ היפשער מעהאלעך. מע דארף דורכשנייַדן אָט דאָס וועלדל, וועט איר ארויסקומען צום מארק, און פון דאָרט ערשט... ווי קומט איר אהער אזוי שפעט?

— מיר זייַנען געקומען מיטן לענינגראדער צוג. און אין שטאָט איז זייער שווער מיט א האָטעל. האָבן מיר באשטימט שוין בעסער זיך גלייַך פרוון איינאָרדענען אף אן אָרט. אן אדרעס האָבן מיר.

דאָס קינד האָט אָנגעהויבן כניקען.

— בארויִק זיך, ליבינקער, אָט באלד וועלן מיר קומען אף דער דאטשע.

— נעמט אים אף די הענט. און איך וועל אייַך העלפן צוטראָגן דאָס געפעק, אויב איר געטרויט מיר.

די פרויען האָבן זיך פארלוירן, ניט געוווּסט, ווי זיך נויהעג זייַן. האָט זיך קאָסטיע צעלאכט.

— איך זע, איר צווייפלט, און מיר האָט הייַנט אָפּגעגליקט: איך בין שוין דאָס דריטע צי דאָס פערטע מאָל אן אונטערטרעגער.

— ס׳איז אונדז פּאַשעט ניט באקוועם אייַך צו באלעסטיקן. מיר וועלן זיך שוין אליין ווי־ניט־איז דערקלייַבן צום מארק.

— פון דאָרט איז נאָך אויך א גאנץ היפשער מעהאלעך. האָט פאר מיר קיין מוירע ניט. איך בין א היגער. מייַן פאמיליע איז פּאָדובני, — איז צו זיי קאָסטיע צוגעשטאנען, — ס׳קען מיך דאָ יעדער שטאכעט אין די פּלויטן; דיביימער געדענקען, ווי איך האָב אף זיי געקלעטערט, אז איך בין נאָך א קליין יאטל געווען. אָט זאָלן זאָגן מענטשן, — שטעלט ער אָפּ אן עלטערן דורכ־גייער. — איוואן טימאָפייעוויטש, ווער בין איך? זאָגט זיי, זייַט אזוי גוט. איך וויל פארדינען א פּאָר קאָפּעקעס, זיי העלפן צוטראָגן דאָס געפעק, האָבן זיי מוירע...

— וואָס רעדסטו, ביסט פון זינען אראָפּ? — צעלאכט זיך דער אלטער. — וואָס איז מיט דיר פּלוצעם געוואָרן?

— איך וויל העלפן די מענטשן. ס׳איז מיר פּאַשעט גוט אפן הארצן.

— און דערבייַ עפּעס צופארדינען. ס׳פעלט דיר צום כוידעש־געהאלט, וואָס דייַן הויכער אנשטאלט צאָלט דיר אויס צוועלף מאָל א יאָר? דו ביסט, דוכט מיר, א ביסל אויסגעטרונקען, כאָטש איך קען דיך פאר א קנאפּן ליבהאָבער צו קושן זיך מיטן פלעשל.

— אפילע קיין טראָפּן אין מויל ניט גענומען, איוואן טימאָפייעוויטש.

— איז וואָס זשע שטייסטו צו צו די פרויען?

— ס׳איז מיר א ראכמאָנעס אף דעם קליינינקן. טוט א קוק אף אָט דעם העלד. — ער נעמט

אים פּאַרזיכטיק אַף די הענט. — אַט־אַט ווערט ער אנשלאָפן, אזוי איז ער מיד און דערשראָקן...
דו האָסט אויך פאר מיר מוירע? עד דו, קאָסמאָנאַווט.

ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָך עטלעכע דורכגייער. א מיטליאַריקער מענטש אין ברילן באַגריסט זיך מיט קאָסטיען בא דער האנט.

— וואָס מאכסטו, קאָסטיע? כאַפּ זיך אַריַין אין שול, וועל איך דיר באווייַזן איינע פון אכטן „בע", אַן עכטער מאַטעמאַטישער טאַלאַנט. זי וועט נאָך דיך איבערשטייַגן.

ער טראָגט שוין איןביידע הענט די טשעמאָדאַנעס. די ייִנגערע מיט איר געפּעק גייט באַנאַנד מיט קאָסטיען. די עלטערע מיטן קינד אף די הענט — א ביסל פון הינטן. זיי זייַנען שוין אַרייַן אינעם וועלדל.

אַלבישע מיט פּלאַטאָנען קושן זיך בא דער טיר פון איר הויז.

ליאַליע האָט אויסגעבעט אין צימער דעם געלעגער פארן טאַטן, אליין גייט זי מיט איר בעטגעוואַנט אף דער וועראַנדע, ווו זי בעט זיך אויס לעבן דער שלאָפנדיקער מוטער.

די לעוואָנע שייַנט דורך די צווייַגן, שפּילט אף קאָסטיעס געזיכט. ער דערציילט, און א גליקלעכער שמייכל באַוויַזט זיך אף זייַנע ליפּן:

— זי האָט מיך ליב. איך האָב געוווּסט, אז זי האָט מיך ליב, נאָר ס'האָט זי געשראָקן די יונגקייַט אירע... די יוגנטלעכע סוויווע אירע... זי האָט כאוועריעס, וועלכע לערנען נאָך אין שול. און וואָס וועלן זאָגן טאַטע־מאַמע? אָט איר אליין טראַכט מיסטאמע וועגן איר מיט באדויערונג. ווען מיר זייַנען ביידע גלייַך עלטער מיט א יאָר צען, וואָלט אזוי זיך ניט געפילט דער אונטערשייד. זי — אכט און צוואַנציק, און איך אכט און דרייַסיק, ס'איז עפּעס נאַטירלעכער. ריכטיק?..
און אזוי בין איך שוין א צו סאָלידער מאַנצבל קעגן אזא ליאַלקע. אגעוו... אזוי הייסט זי טאַקע.

— איר מאַכט כויזעק פון זיך אליין. איך וואָלט אויך, ווען איך בין איצט אַלט אכצן יאָר, זיך פארליבט אין אייַך, — שמייכלט צו אים די ייִנגערע.

— און איר, מאַמאשע, וואָלט גאָרנישט געהאט קעגן?

— איר מיינט, אז די מאַמאשעס פארשטייען שוין טאַקע גאָרנישט ניט. אָט האָט דאָך איר מוטער מאַסקים געווען.

— איר מוטער? א צווייטע אזעלכע, ווי איר מוטער, וועט איר ניט געפינען. זי איז איינע פון טויזנט. דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעכע קולטורעלע און קלוגע פרוי... אכוץ דעם, וואָס עס ליגט אף איר דער כיין פון אַלע מאַמעס פון דער גאַנצער וועלט.

— ער איז, דוכט זיך, פארליבט אין דער מוטער אויך, — צעלאַכט זיך די ייִנגערע.

— דאָס איז שטענדיק אזוי. ביז זי וועט ניט ווערן זייַן שוויגער.

— ניין, מאַמע, אונדזער באַגלייטער, איך מוז עס אים זאָגן אין די אויגן, געפעלט מיר בעַפּייִרעש. אבי זיי אַמפּערן זיך, די, וואָס פארשטייען ניט... „פיזיקער, ליריקער"... אָט האָסטו א פיזיקער — און מיט אזא פּאָעטישער נעשאָמע.

— א מאַטעמאַטיקער, — פארריכט קאָסטיע, — דאָס איז ניט איינס און דאָס זעלבע. מאַטעמאַטיק — דאָס איז מוזיק. אז דו לייזט עפּעס א פאָרמולע, זינגט פון דיר אַרויס.

— ווען די הענט זייַנען בא מיר ניט פארנומען, וואָלט איך אייַך אַרומגענומען און א קוש געטאָן פאר דער מאַמען אין די אויגן. איך האָב ליב באַגייַסטערטע מענטשן, דערהויפּט, ווען זיי זייַנען אזוי באַגייַסטערט פון זייער פאַך...

— איך האָף, מאַמאשע, אז איר וועט עס ניט דערציילן דעם מאַן אירן.

— וויאַזוי רופט מען אייַך? — פרעגט די ייִנגערע.

— לאָמיר זיך באַקענען, — שטעלט קאָסטיע אוועק די טשעמאָדאַנען און שטרעקט אויס די האנט.

— איז אייַער נאָמען ניט קאָנסטאַנטין?

— פונוואַנען ווייסט איר?

— איר דערמאָנט מיר איינעם א ליטעראַרישן העלד, — צעלאַכט זי זיך געשמאַק, און די מוטער העלפט איר צו, — יענער האָט אויך געהייסן קאָנסטאַנטין.

אַלבישע באַפרייַט זיך פון פּלאַטאָנען און נעמט קלינגען. איר טאַטע גייט עפענען די טיר מיט א גוטמוטיקן הוסטעלע. ער כמורעט זיך אָן, ווען ער דערזעט אָנשטאָט קאָסטיען פּלאַטאָנען. ער טוט עפּעס א בורטשע אף פּלאַטאָנס „גוטן־אָוונט" און פארשליסט מיט קאַס די טיר. זייַן וואָרטשען באַגלייט אַלבישען ביז צו איר צימער.

— זיך געמאַכט אַ מאָדע אַרומשלעפּן זיך ביז האַלבע נאַכט, און נאָך דערצו דער רועך ווייסט מיט וועמען. אויך מיר אַ קאַוואַלער... איך וואָלט אים אָף דער שוועל ניט אַרופֿגעלאָזט. — ער קראַצט זיך אונטער די פּאַכוועס, אין דער פּאַטיליצע און קאָן בעשום־אויפן ניט פאַרשטיין — זי איז, דוכט זיך, געוווען מיט קאָסטיען, — טפו זאָל עס ווערן, — שפּײַט ער אויס, — צי ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט, צי דער רועך ווייסט וואָס?

— קאָסטיע האָט טאַקע צײַט זיך אַרומשליאָנדערן אַזוי שפּעט, — שרײַט צו אים אַרויס דאָס ווײַב פון בעט.

קאָסטיע גייט שוין אַליין און זינגט זיך אונטער אַ מעלאָדיע אָף איין און די זעלבע צווי ווערטער: פיזיקער, ליריקער... פיזיקער, ליריקער. אָף דער גאַס — קיין איין לעבע־דיקער נעפעש. אַלץ שלאָפט שוין. אויך בא זיי אין הויף איז שוין אומעטום פינצטער.

קאָסטיע האָט שטיל צוגעמאַכט די קאַליטקע. דורכגעשלײַכט צו דער וועראַנדע, ווו עס שלאָפט אומרויִק ליאַליע ניט ווײַט פון דער מוטער. אַ קליינע ווײַלע האָט ער זיך פאַרהאַלטן דאָרט, נאָר אָט דוכט זיך אים, אַז ער הערט אַ שאָרך ערגעץ אין הויף. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן און איז אַרויף אָף דער טעראַסע, וואָס פירט צו אים אין צימער אַרײַן. אין דער פינצטער שטויסט ער זיך אָן אָף די מיליצעס, וואָס שטייען בא דער טיר. ער פאַרהאַלט זיי, נאָך איידער זיי פאַלן. אָף זײַן געלעגער כראָפּעט עמעצער, אַפּאָנעם דער פעטער וואַסילי. ער זוכט אַ צווייט געלעגער און געפינט עס אָף דער אָפענער טעראַסע. ער טוט זיך אַ וואָרף אָף דעם אינעם אָנטאָן און, מיט די הענט פאַרלייגט אונטערן קאָפּ, פאַרקוקט ער זיך אָף די שטערן אין הימל.

ליאַליע וואַרפט זיך אָף איר בעטל. אין שלאָף זעט זי קאָסטיען, ווי ער זיצט איבער איר און צווינגט זי עסן. ער שטופּט איר מיט אַ לעפעלע מאַנע־קאַשע אינעם איבערגעפולטן מויל. זי פאַרכלינעט זיך און פאַרהוסט זיך. זי ווייסט אפילע ניט, צי זי איז נאָך גאָר אַ קליינינקע, צי זי איז אינעם איצטיקן עלטער. נאָר בא דער ערשטער מעגלעכקײַט, ווען זי קאָן אַ ביסל פרײַער אָפּציִען דעם אָטעם, שטויסט זי אים אָפּ פון זיך, קלאַפּט מיט די הענט און מיט די פיס און שרײַט אָף אַ קאָל:

— איך וויל ניט, דו זאָלסט מיך האָדעווען.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש שטייט איבער איר אַ דערשראָקענער און טאָרעט זי:

— ליאַליע, ליאַלקע, וואָס שרײַסטו? — זי עפנט די אויגן, — האָסט מיך איבערגעשראָקן. איך האָב געמיינט, ס'איז די מאַמע. וואָס האָסטו אַזוי געשריִען? — זיי קוקןביידע אָף דער מאַמען, וואָס שלאָפט אומרויִק. — דו האָסט אַזוי געגוואַלדעוועט. וואָס האָט זיך דיר אויסגעוויזן?

— גאָרנישט, טאַטע. גיי לייג זיך, — שמייכלט זי צו אים. — ווי שפּעט איז איצט?

— האָסט נאָך צו שלאָפן און שלאָפן.

דער טאַטע איז שוין אַוועק צו זיך. ליאַליע בלײַבט ליגן אַ וואַכנדיקע, מיט אָפענע אויגן.

קאָסטיע איז נאָך אויך ניט אַנשלאָפן געוואָרן. ער שפּרינגט מיטאַמאָל אַראָפּ פונעם געלע־גער, לאָזט זיך אין צימער און קומט פון דאָרט אַרויס מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל. ער האַלט אים אין מויל אַ ניט־אָנגעצונדענעם, ביז ער כאַפּט זיך און גייט צוריק נאָך אַ שוועבעלע. איצט ליגט ער שוין אָפּן געלעגער, אָן אײַנגעהילטער אין רויך.

זאַכאַר טריפאָנאָוויטש איז שוין אין סעדל. ער קלײַבט טריסקאַווקעס און וואַרפט זיי אין די שוין באַלד פולע עמער.

ליאַליע שלאָפט מיט אַ געשמאַקן שלאָף. זי הערט ניט, ווי די מאַמע האָט זיך אופגעכאַפּט און רופט:

— געאָרגי, געאָרגי! — געאָרגי אָסיפּאָוויטש איז שוין לעבן איר. — מאַך מיר אַ פוכיר מיט הייסע וואַסער.

ער טוט זיך אַפגיך אָן און גייט אין דער זומער־קיך אופזידן וואַסער. פון דער טעראַסע, אָנ־געשפּאַרט אָף די מיליצעס, גייט אַראָפּ וואַסילי, ביז האַלב אַ נאַקעטער. ער קוקט זיך אַרום, דער־זעט דורכן אָפענעם טירל פון סעדל דעם ברודער.

— זאַכאַר, ווו וואַשט מען זיך דאָ בא דיר?

זאַכאַר טריפאָנאָוויטש פירט אים צו צום דוש. די מיליצעס בלײַבן שטיין פון דער זײַט, באַם צוגעמאַכטן בײַדל. אָפּן הויף באַווײַזט זיך די איבערפאַרקויפערן מיט צווי ליידיקע קוישן. זי גייט גלײַך צו זאַכאַר טריפאָנאָוויטשן אין סעדל.

ליאַליע האָט נאָרוואָס געעפֿנט די אויגן. זי דערזעט דער מאַמעס פּאָנעם. דער שמייכל פֿאַר־שווינדט פֿון אירע ליפּן.

— וויאַזוי פֿילסטו זיך? ס'איז דיר ניט בעסער?

— א ביסל בעסער. שלאָף, ס'איז נאָך זייער פֿרי.

— דער קאָפּ טוט דיר שוין ניט וויי?

— א קליין ביסעלע.

— וויאַזוי לאָזט מען דיך דאָ איבער אַליין? איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן סאָף וואָך, איך זאָל שוין באַקומען דעם אורלויב צו דער סעסיע.

— איך בין דאָ ניט אַליין, אַזויפֿיל מענטשן אַרום מיר. און זייער גוטע מענטשן.

— עפּשער קאָן דער טאַטע הײַנט אַרויספֿאָרן שפּעטער? ער שלאָפֿט נאָך?

געאָרגי אָסיפּאָוויטש קומט מיטן הייסן פּוכיר אין האַנט. ליאַליע שפּרינגט אַראָפּ א דער־שראָקענע.

— און מיר, מאַמע, האָסטו ניט געזאָגט, אַז ס'פֿיבערט דיך.

— עס פֿיבערט מיך ניט. איך טו עס אָפּט פֿאַרן אופֿשטיין! דו ווייסט דאָך!

— טאַטע, עמעצער פֿון אונדז מוז הײַנט בלײַבן מיט דער מאַמען.

— מירן נאָך זען.

וואַסילי, אַן אויסגעצוואָגענער, באַווײַזט זיך אַפֿן הויף. דערזען מענטשן זיך אַרומדרייען אַף דער וועראַנדע, גייט ער צו:

— א גוט־מאָרגן אײַך, שכיינים.

— וואָס אַזוי פֿרי, וואַסילי טריפֿאָנאָוויטש? — פֿרעגט געאָרגי אָסיפּאָוויטש.

— איך בין א צוגעוווינטער, אָבער איר, די שטאָטישע. אַפֿילע די קליינע איז שוין אויף, — טײַטלט ער מיטן פֿינגער אַפֿן צימער, וווּ ליאַליע איז אַפּגיך אַנטרונען.

— מיר זײַנען אויך ניט פֿון די פֿאַרשלאָפֿענע. און אונדזער טאָכטער, זי איז שוין גאָר ניט אַזאַ קליינע. דו האָסט זי נאָך ניט געזען?

— ניין, ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט. שפּעט נעכטן געקומען. איך האָב נאָך אַפֿילע דעם פּלעמעניק ניט געזען ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. איך האָב אים נאָר אָנגעקוקט א שלאָפֿנדיקן. עפּשער איז ער שוין אויך אופֿגעשטאַנען. כ'וועל גיין.

— ווער איז ער, נאָך א שאָכן צוגעקומען? — פֿרעגט טאַמאַרא שאַכנאָוונא.

— דאָס איז דאָך זאַכאַרס א לײַבלעכער ברודער, א מילכאָמע־אינוואַליד.

— א מילכאָמע־אינוואַליד... האַלעוואַי וואָלט אונדזער באַרינקע זיך געוווען אומגעקערט כאָטש אין אַן ערגערן צושטאַנד, אַבי א לעבעדיקער, מער וואָלט איך שוין גאָרנישט ניט געוואָלט.

אין סעדל. זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטש מיט דער איבערפּאַרקויפֿערן. זיי האָבן שוין אַריבערגע־שאָטן די טריסקאַווקעס פֿון די קוישן, וואָס זײַנען נאָך ניט פֿול. דערקלײַבן זיי דעם רעשט פֿון די בייטן. באַ דער איבערפּאַרקויפֿערן פֿאַרמאַכט זיך ניט דאָס מויל.

— א פֿולער מאַרק נעכטן געוווען מיט אָט דער סכוירע. אַף צו ברוקירן. איך ווייס גאָר ניט, וויאַזוי עס וועט זיך הײַנט לאָזן לייזן. אָט די עטלעכע שיינע טעג האָבן אָנגעמאַכט אַן אומגליק. אַז באַ דער מעלוכע זײַנען שוין נעכטן געוווען איבערגעפֿולט די קראָמען.

— דו וואָלסט בעסער, מיטראָפֿאַנאָוונע, געקומען א ביסל פֿריִער. די זון גייט שוין אוף. באַלד וועט ווערן פֿול דער הויף.

— וואָס האָסטו מוירע? דו גאַנוועסט באַ עמעצן?

— איך דאַרף ניט, אַז ס'זאָל רײַסן די אויגן. מאָרגן זאָלסטו קומען, ווען ס'וועט אָנהייבן שאַריִען.

— מאָרגן... לאָמיר דערלעבן ביז מאָרגן. ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וועט זײַן. מעגלעך, אַז ס'וועט שוין ניט לוינען דאָס גאַנצע געשעפֿט. דיר צאָלן אַזאַ פֿרײַז און גאָרנישט האָבן דערבײַ.

— מאַך עס גיכער. ס'וועט שוין עפּשער גענוג זײַן, וועט זײַן וויניקער מיט א פּאָר קילאָ.

— וויניקער איז ניט קעדײַ דער גאַנצער אײַסעק. זיך שלעפּן דערמיט אין אַזאַ ווײַטעניש און ניט אויסשלאָגן אַפֿילע די הוצאָעס? דו וואָלסט געדאַרפֿט, זאַכאַר, באַ מיר הײַנט נעמען אַזויפֿיל, וויפֿל מע צאָלט דאָ, אַפֿן פֿאַרגרייטונגס־פּונקט.

— אַף וואָס זשע דאַרף איך דיך? דאָ קאָן איך אַליין, אָן דיר.

— דו קאָנסט און דו קאָנסט ניט... — זי דערזעט וואַסיליִן, וואָס גייט אַהער, און ווערט אַנשווייגן.

— הער, בראטאק! דו לעבסט דאָך דאָ ווי גאָט אין אָדעס. דער פּאַרעץ באַ אונדז אין די צארישע צײַטן האָט ניט געהאַט אַזויפיל באַקוועמלעכקײַטן. קיין גאַז־פּליטע האָט ער זיכער ניט געהאַט.

— דאָס יאָ, דאָס ביסטו גערעכט.

— און וואַשן זיך פּלעגט ער זיך אויך אַזוי ווי מיר, פון אַ קוואַרט.

— אָט דאָס שוין דאַפקע ניט. דו, וואַסילי, ביסט יינגער פון מיר, געדענקסטו ניט, אַז ס׳איז באַ אים געווען אַ קראַן.

— און אַ סאָד האָסטו אַ גאַנץ היפּשן. ווען איך בין געווען באַ דיר דאָס לעצטע מאָל, זײַנען דאָ געווען עטלעכע ביימלעך, און איצט...

— וואָס האָסטו געוואָלט? פאַר אַזויפיל יאָרן זײַנען זיי אונטערגעוואַקסן.

— און אַ נײַ הויז איז פאַר דער צײַט באַ דיר אויך אויסגעוואַקסן.

— יאָ, מע ווערט רײַכער. און דערבײַ ווערט מען עלטער. אָט דאָס איז שלעכט. נו, גענוג, — גלײַכט ער אויס דעם רוקן און זאָגט צו דער איבערפּאַרקויפערן: — ס׳וועט זײַן גענוג. האָסט שוין דאָ אַריבער דרײַסיק קילאָגראַם. וועסט אַזויפיל ניט דערטראָגן, — נעמט ער אַרויסבאַגלייטן די פרוי מיט די שווערע קוישן אין די הענט, — זע, אַז מע זאָל זיי דאָרט גוט אָפּוועגן, און דיר, וואַסילי, וועל איך באַלד באַווײַזן, וואָס פאַר אַן אַנטיקן ביימער איך האָב דאָ אויסגעהאָדעוועט.

די איבערפּאַרקויפערן אָפּן הויף שטויסט זיך אָן אין געאָרגי אָסיפּאָוויטשן.

— זע... מיר זײַנען, דוכט זיך, אַלטע באַקאַנטע. אַ גוט־מאָרגן. ניט באַ אײַך האָב איך עס נעכטן אײַנגעהאַנדלט אַזאַ מעציע?

— אַ גוט־מאָרגן, — קערעוועט די פרוי מיט די קוישן אָפּ דעם קאָפּ פון אים.

— עפּשער וואָלט איר דאָ אָפּן אָרט מיר פאַרקויפט עטלעכע קילאָ, איך זאָל פאַרשפּאָרן שלעפּן מיט זיך פון שטאָט. איך וועל אײַך באַצאָלן, וויפל איר וועט בעטן. די זעלבע פּרײַז, ווי איר וועט דאָרט לייזן.

— איך פאַרקויף ניט. איך האָב עס פאַר זיך געקויפט, — נעמט זי קימאַט לויפן מיט די שווערע קוישן צו דער קאַליטקע.

— און נעכטן אויך פאַר זיך? — שרײַט ער איר נאָך, נאָר זי איז שוין פון יענער זײַט פּאַרקן. ליאַליע האָט דאָס אַלץ צוגעזען.

— וואָס האָסטו געוואָלט פון איר?

— אָן איבערפּאַרקויפערן. אין שטאָט ווייסט זי ניט, וויפל זי זאָל זיך הייסן געבן. זי שינדט אַ פעל, אַזאַ ספּעקוליאַנטקע.

— און ווער גיט עס איר די מעגלעכקײַט צו שינדן אַ פעל?

— וואָלסט געוואָלט, זאַכאַר טריפאָנאָוויטש זאָל זיך אַליין שלעפּן מיט דעם אין שטאָט אַרײַן? מער האָט ער ניט וואָס צו טאָן.

— ער קאָן עס דאָ טאָן. און אַז ס׳שטייט אים ניט אָן, זאָל ער פאַרקויפן דער מעלוכע אָדער ביכלאַל אָפּגעבן...

— וואָס הייסט אָפּגעבן? ווו האָסטו געזען, אַז מע זאָל אָפּגעבן? יעדער איינער האָט רעכט...

— אויף וואָס? אויף מאַכן גאַנצע פּלאַנטאַציעס און ספּעקולירן?..

— עפּשער וואָלט איך דיר, טאָכטערקע, אָפּגעגעבן מײַן פּאַרטפעל מיט אַלע איניאָנים, וואָס איך פיר... איך זע, אַז דו ביסט שטאַרק געניט אין אַלע געזעצן, נאָך אַפילע בעסער פון מיר.

ליאַליע מיט קאָסטיען אויף אַ באַנק אין וואַגאָן. ליאַליע האָט אַלץ, אָפּאָנעם, דערציילט קאָסטיען. זי איז נאָך שטאַרק צעהיצט. קאָסטיע האַלט דעם צעעפנטן בלאָקנאָט אין דער האַנט.

— לאָמיר דערפון ניטריידן, ליאַלקע. דאָס אַלץ איז מיר שוין דערעסן אָט אַזוי־אָ! — באַווײַזט ער אויפן האַלדז. — דו זאָג מיר בעסער... דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ פּעדאַנט, אַ מענטש פון ציפערן. דאָס האָב איך גראָד געיאַרשנט באַ מײַנע אָוועס... איך האָב ליב גענויע דאַטעס. האָבן מיר הײַנט דינסטיק. איך האָב פאַרשריבן: זיבן שאָ אַרבעט, דערנאָך אויף די לעקציעס אין טעכניקום, ביז...

— ביז נאָך צען, — שמייכלט ליאַליע.

— מאָרגן?

— מאָרגן נאָך דער אַרבעט אַ קאָנסולטאַציע.

— מיטוואָך קאָנסולטאַציע, — פאַרשרײַבט קאָסטיע. — דאָנערשטיק?

— דאָנערשטיק בין איך פרײַ פון טעכניקום.

— דאָנערשטיק נאָך דער ארבעט — אפן בעסטן קאָנצערט. קריגן בילעטן, — פארשרײַבט קאָסטיע, — און פרײַטיק?

— פרײַטיק זײַנען די לעצטע לעקציעס, און שאבעס האָסטו שוין ניט וואָס צו שרײַבן. פון שאבעס אָן בין איך אין אורלויב אף זיך גרייטן צו די עקזאמענעס. פון שאבעס אָן וועסטו מיך שוין אין שטאָט ניט אָנקוקן.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען, — האָט קאָסטיע נאָך ניט פארענדיקט פארשרײַבן.

אין יישעוו. אלבישעס פּאָטער גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש איז ארויס פון שטוב אף גיין צו דער ארבעט. פלאטאָן איז שוין אף דער ארבעט. דאָס איז א בוי־באצירק, פון וועלכן ער שיקט איצט ארבעטער אף פארשיידענע צעוואָרפענע איבערן יישעוו אָביעקטן. דער גרויסער הויף איז פול מיט בוי־מאטעריאלן. דאָ זעט מען שטאבעלן ברעטער, דיקט, קאסטנס גלאָז, ראָלן לינאָלעום, בלעך. א גרופּע מאליערס מיט בערשט, מיט עמערס פארב אין די הענט רינגלען ארום פלאטאָנען, וואָס גיט זיי אָן אופגאבע — גיין איבערפארבן דעם זעכצעטן פּאוויליאָן.

— צווייען פון אײַך זאָלן גיין ארויסענדיקן דעם קיאָסק, בא דער סאנאטאָריע „פרײַנט־שאפט“.

— פלאטאָן אנדרייעוויטש, — שרײַען אים די גלעזער, וואָס האָבן שוין אָנגעלאָדן די קאסטנס גלאָז אין א וועגעלע — א מאָטאָציקל, — מיר פאָרן שוין. פארגעסט ניט אונטערשרײַבן די נאריאַדן.

א בריגאדע בלעכער לאָדט אף א לאסט־אווטאָמאָביל פּעק מיט בלעך. פלאטאָן שרײַט צו זיי:

— מאכט אָן אָרט פאר די ברעטער. איר וועט צופירן די סטאָליערס צום שוך־מאגאזין.

די סטאָליערס קלײַבן נאָך דערווײַל די ברעטער.

— מיר וועלן ניט ווארטן אף זיי, — טײַנעט דער בריגאדיר פון די בלעכער, — זיי וועלן אונדז פּאָטערן דעם טאָג, ביז זיי וועלן אָנלאָדן און אויסלאָדן.

— פלאטאָן אנדרייעוויטש, — רופט איינער פון א צווייטן לאסט־אווטאָמאָביל, אף וועלכן מע לאָדט טרויבן פאר דער וואסערלייטונג, — דער פערטער מאגאזין האָט געבעטן א מאָנטיאָר. אָן שײַן אין קעלער וועלן מיר דאָרט ניט קאָנען געבן קיין וואסער.

פלאטאָן ענטפערט אלעמען. וועמען מיט גוטן, וועמען מיט בייזן. ער גייט אריבער פון איין גרופּע צו דער צווייטער. ס׳איז צו זען, אז מע האלט פון אים. מיטאמאָל דערזעט ער פאר זיך גריגאָרי סעמיאָנאָוויטשן. מיט א זויערער מינע פון אָן אומצופרידענעם באלעבאָס באקוקט ער דעם הויף.

— וואָס טוט זיך דאָ בא דיר? וואָס איז דאָ פאר א כאאָס? איך פארשטיי ניט, וויאַזוי האָבן דיך די פּײַערלעשער ביז איצט צורו געלאָזט און ניט באשטראָפט? זיי וועלן זײַן גערעכט, אז זיי וועלן אינגאנצן צומאכן אָט דעם קאָווארדאק.

— א גוט־מאָרגן, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש.

— איך פרעג דיך, וואָס איז דאָ פאר אן אומאָרדענונג? וויאַזוי קאָן מען ארבעטן אין אזא געשלידער?

— ניט אונדזער שולד, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש. דער פּראָיעקט פונעם נײַעם סקלאד שימלט שוין בא אײַך דרײַ יאָר.

— דו פארוף זיך ניט אפן פּראָיעקט. מיר ווייסן אליין וואָס צו טאָן. עס זײַנען פאראן ביל־כערע פּראָיעקטן. מע קאָן דאָ אויך מאכן א בעסערע אָרדענונג.

— ניט מעגלעך. איך ווער דערשטיקט.

— האָסט צוויי געבײַדעס.

— זיי זײַנען ביידע אָנגעפּראָפּט מיט מאטעריאלן. איר וואָרפט מיר אלע מאָל צו א נײַעם אָביעקט. אינגיכן וועל איך דארפן באדינען די גאנצע געגנט ביז סאמע קיִעוו.

די ארבעטער צעלאַכן זיך.

— איז עפּשער קעדײַ, איר זאָלט אונדז שוין ביכלאל אריבערוואָרפן קיין קיִעוו. איר מיינט, מיר וואָלטן זיך ניט ספּראַוועט?

— אָן שפּאַס, — רופט זיך אָן א צווייטער ארבעטער, — אז מע דארף אמאָל צוקומען צו עפּעס א מאטעריאל, דארף מען פּאָטערן אָן א שיר צײַט.

— אמאָל מער פון א שאָ, — זאָגט א דריטער.

— אן ארבעטער קומט אף דער ארבעט, דארף זײַן אלץ גרייט. אזוי ווי אף א זאוואָד.

— פאַרן ווארטן צאָלט אונדז קיינער ניט. מע צאָלט אונדז פאר דער אָפּגעטאָנענער ארבעט.

— אף דער פּראָדוקטן־באזע האָסטו שוין געשיקט מענטשן? — ווענדט אָפּ גריגאָרי סעמיאָ־נאָוויטש דעם געשפּרעך אין אן אנדער זײַט, — צו קאַפּיטאַלינע גאָווריליאָוונען?

— ניטאָ מיט וואָס, — ענטפערט פלאַטאָן, — אין מענטשן איז קיין מעניִע ניט.

— פאַר העכער א וואָך צײַט האָסטו ניט געקאָנט קריגן דאָס, וואָס מע דאַרף. פון אונטער דער ערד זאָלסטו מיר קריגן, און הײַנט זאָל די ארבעט אָפּגעטאָן ווערן. ס'ווערט דאָך טיל־טעל פון פּראָדוקטן, און ער וועט מיר דאָ בײַידעקעס שלאָגן.

— ניטאָ דער מאַטעריאַל, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, און מע קאָן זיי פון אונטער דער ערד ניט קריגן, אָט די פּלאַסטיק־פּליטן.

— „ניטאָ דער מאַטעריאַל"... צופּיל מאַטעריאַל, האָסטו נאַרוואָס געזאָגט, און דאָס, וואָס מע דאַרף, איז בא דיר קיינמאָל ניטאָ.

— דאָס, וואָס מע שיקט מיר, דאָס האָב איך.

— „מע שיקט דיר"... מע דאַרף סייכל האָבן צו קריגן. מע פאָרט אַליין אין שטאָט אַרײַן, אז מע דאַרף.

— איך האָב ניט אף וועמען צו לאָזן דעם סקלאַד.

— ניט מײַן דײַגע. האָסט באַקומען א נאַריאַד, איז זײַ אַזוי גוט און פּיל אים אויס.

— איר שרײַט אַזוי אף מיר, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, פאַר מענטשן אין די אויגן איצט. וואָס וועט שוין זײַן, אז איר וועט ווערן מײַן שווער?

— ווען אָט דאָ וועט וואַקסן האָר, — באַווײַזט גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש אף דער דלאָניע, — וועל איך ווערן דײַן שווער. אויך מיר אַן איידעם. א צו גרויסע האַסאָגע בא דיר. עס זײַנען פאַראַן כאַשעווערע פון דיר.

— און איך? מיט וואָס בין איך שלעכט? אָט זאָלן מענטשן זאָגן.

— צו א גרויס היטל פאַר דיר. דאַרפסט צוערשט א ביסל קליגער ווערן.

— נו, כאַכמע, ווי איר ווייסט, איז א גאָט־זאַך. אף א נאַריאַד גיט מען זי ניט.

די אַרבעטער לאַכן.

— איך זע, אז דו קאָנסט אפילע קיין פּלאַסטיק אף קיין נאַריאַד ניט באַקומען.

— אַגעוו, אײַער אַלבישען געפעל איך אַזאַ, ווי איך בין...

— לייג זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם. איך וועל דיך אף דער שוועל ניט אַרופלאָזן. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

— דאָס איז א קליינער אומגליק. א שוועל האָב איך אַן אייגענע.

— וואַרף עס בעסער אַרויס פונעם קאָפּ.

אף דער באַזע בא קאַפּיטאָלינע גאַווריליאָוונען אין קעמערל. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש איז נאָך אַלץ צערודערט, כאָטש זי האָט אים שוין דאָס צווייטע מאָל דערגאָסן דאָס גלעזל.

— איך דאַרף נאָך גיין אף דער אַרבעט, קאַפּיטאָלינא גאַווריליאָוונא, און איך האָב שוין אין דער היים גוט אָפּגעפּרישטיקט, — לאָזט ער זי ניט עפּענען א פּושקע קאָנסערוון.

— וואַרט צו מיטן טרוקענעם וווּרשט. אָט די פּישלעך שלאָגן גלײַך אָפּ דעם רייעך און צעווייען דעם טומל אין קאָפּ.

זי זיצט שוין באַנאַנד מיט אים, איר גלעזל, אף האַלב א ניט־דערטרונקנס, רוקט זי אָפּ אין א זײַט, און פאַרבײַסט מיט א ריפּטל האָלענדישן קעז.

— אָט אַזוי, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, מע מוז האָבן געדולד.

— ס'איז אָבער ניט קיין גאַנג, קאַפּיטאָלינא גאַווריליאָוונא. די יאָרן גייען, מיר ווערן עלטער, און זיי ווערן אויך ניט יינגער. וויפל איז זיי געבליבן צו די דרײַסיק?

— אַזוי איז הײַנט די מאָדע, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, מע כאַפּט זיך ניט.

— איך פאַרשטיי — קאָסטיע, ער איז פאַרהאַוועט מיט דער אַרבעט. שטענדיק אין שטאָט. קומט אַהיים, ווען ער וויל. ס'איז אים אַזוי אויך גוט. א באָכער איז ווי א גלאָז, קיין סימאָנים בלײַבן ניט.

— איר האָט א טאַעס, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, ער האָט עס ניט אין זינען. קאָסטיע איז בא אונדז אַן ערנסטער. דער קאָפּ איז בא אים שטענדיק פאַרנומען מיט זײַן קיבערנעטיק.

— קיבערנעטיק איז א גוטע זאַך, מע דאַרף אָבער פאַרשטיין...

— הערט מיך אויס, — שלאָגט זי אים איבער, — ווען ער איז נאָך א זויג־קינד געווען, פלעגט מיר מײַן מוטער זאָגן: „טו א קוק, בא אַנדערע קינדער רוען ניט די הענט, און בא אים — דער קאָפּ. וועסט זען, ער וועט בא דיר אויסוואַקסן א קאָפּמענטש".

— קיינער זאָגט ניט. ער האָט א גוטן קאָפּ.

— „א גוטן קאָפּ"! מע קען אים שוין אין מאָסקווע, אין לענינגראַד און אין אַנדערע לענדער אפילע. אז ער שרײַבט עפּעס אָן וועגן דער אַרבעט זײַנער, לייענען עס מענטשן אף דער גאַנצער וועלט.

— דאָס אַלץ איז זייער פֿײַן. נאָר ס׳דאַרף דאָך אַמאָל נעמען א סאָף. וויפֿל איז דער שיר? איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, קאַפּיטאַלינא גאַווריליאָוונא, אַלבישע איז א שיין מיידל און אויך ניט אַבי וועמ. די יונגען, אַזוי ווי די פֿליגן, קלעפּן זיי זיך צו איר ניט נאָר דאָ. אַז זי קומט קיין קיִעוו, לאָזט מען איר די גאַס ניט דורכגיין. מע דאַרף א סאָך? א מיידל איז ווי א זײַדן טיכל. ווערט א פֿלעק, קאָן מען עס אין זיבן וואַסערן ניט אָפּוואַשן.

— אַף אַלץ וועט קומען די צײַט, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש. ס׳וועט זיך ענדיקן דער סעזאָן. די שטאָטישע וועלן זיך צעפֿאָרן. מיר וועלן די שטוב אָפּרעמאָנטירן. מע דאַרף באַצײַטנס זיך באַזאָרגן מיט מאַטעריאַלן.

— אין דעם וועט קיין מעניִע ניט זײַן.

— און איך וועל מיט אים ריידן. איך וועל מיט אים דעמלט א רעד טאָן. ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, מיך וועט ער פֿאָלגן. איך האָב באַ אים א גרעסערע ווערט, ווי זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטש. איר וועט זען, צום נײַעם יאָר פּראַווען מיר כאַסענע.

— פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן, מיט אַזאַ מעכוטענעסטע בין איך גרייט זיך אַפֿילע שוין צו צעקושן. — ער הייבט זיך אויף זי אַרומצונעמען, זיי צעקושן זיך.

קאַסטיע איז צוגעפֿאָרן אַף א טאַקסי צו דער טיפּאָגראַפֿיע. דער זייגער אַפֿן טויער ווײַזט נאָך איינס. אין דער וואַך־בודקע פֿאַרהאַלט מען אים.

— איך דאַרף... ס׳אַרבעט דאָ דוקעלסקע... ליאַליע רופֿט מען זי.

— וואַרט א ווײַלע, איך וועל זי אַרויסרופֿן.

א טעלעפֿאָן־קלונג אין קאָרעקטאָר־צימער. ס׳נעמט דאָס טרײַבל דער עלטערער קאָרעקטאָר. דאָס איז די פּרוי, מיט וועלכער קאָסטיע האָט זיך באַקאַנט אין טראָלייבוס. זי גייט אין צעך צו ליאַליען, וואָס אַרבעט באַ א דרוק־מאַשין.

— ליאַליע, מע רופֿט דיך צו דער וואַך־בודקע.

— ווער? — פֿרעגט זי דערשראָקן.

— איך ווייס ניט. עמעצער איז געקומען צו דיר.

ליאַליע איז שטאַרק באַאומרויִקט. אַפֿן וועג פֿרעגט זי דערשראָקן:

— ניט דער טאַטע?

— איך ווייס ניט. דער וועכטער האָט אָנגעקלונגען.

— איך האָב האַרצווייטעק. די מאַמע האָט הײַנט געהאַט אַזאַ שלעכטע נאַכט.

— דער טאַטע וואָלט אַליין זיך אופֿגעהויבן. ניט דאָס ערשטע מאָל... זאָלסט אַרײַנקומען צו מיר צוריקוועגס, — שרײַט זי נאָך ליאַליען.

ליאַליע צו קאָסטיען:

— דו האָסט מיך אַזוי איבערגעשראָקן, — זי פֿירט אים אַרויס אין דרויסן, — נאָך וואָס ביסטו געקומען אהער? האָסט מיך טאַקע לאַנג שוין ניט געזען. עפּשער גאַנצע פֿיר שאָ. איך האָב דאָך געלאָזט די מאַשין אין גאַנג, קאָסטיע, — טוליעט זי זיך צו אים, — דו ביסט א צעדולטער.

— איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז באַ דיר אַן איבערײַס, האָב איך געכאַפּט א טאַקסי...

— באַ אונדז איז שוין געווען דער איבערײַס.

— און באַ אונדז הייבט ער זיך ערשט אָן.

— איך קאָן זיך ניט פֿאַרהאַלטן, קאָסטיע. הייס מיר גיין.

— ווען פֿינקטלעך ענדיקסטו די אַרבעט, וועל איך קומען נאָך דיר.

— מע דאַרף ניט. קום בעסער אין טעכניקום.

— ווען קומסטו אהין?

— ניין. דו קום, ווען איך וועל זיך באַפֿרײַען. נאָך די לעקציעס.

— וווהין זשע וועל איך זיך אהינטאָן אַזאַ לאַנגע צײַט?

— וועסט זיצן מיט מיר אַף די לעקציעס, — צעלאַכט זי זיך, — ס׳וועט הײַנט זײַן לאַריסאַ איסײַעוונאַ. אַזאַ פּיקאַנטע דאַמע, אין ברילן, מיט טונקל־ברוינע האָר, טאַקע עכטע, ניט קיין געפֿאַרבטע, איך וועל דיך באַקענען מיט איר. זי לייענט פּאָליטעקאָנאָמיע.

— האַלט זי פֿאַר עמעצן אַנדערש, אויב אין ברילן. איך האָב ליב אויגן אָן גלעזער. אַזעלכע, ווי באַ דיר. גרויסע, אָפֿענע און א ביסל... קאָסאָקע.

— וואָס וועסטו נאָך אויסטראַכטן? ווי שעמסטו זיך ניט? קיינער האָט עס מיר נאָך ניט פֿאָרגעוואָרפֿן.

— איך וואַרף עס דיר אויך ניט פֿאָר... איך זאָג נאָר, אַז אַמאָל־אַמאָל טוסטו אַף מיר א קוק אַזוי פֿון דער זײַט, און ס׳פּאַסט דיר דאַפֿקע.

— נו, גענוג. גיי. איך בין אַף דער אַרבעט. — זי לאָזט ניט, ער זאָל זי אַ קוש טאָן, מיט אַ גלעט איבער זײַן באַק געזעגנט זי זיך מיט אים:

— איך וועל אַף דיר וואַרטן באַם טעכניקום.

זי לױפט שױן אַף די טרעפּ צום קאָרעקטאָר־צימער. קאָסטיע פאָרט אַף אַ טאַקסי.

— ס'איז אַלץ אין אָרדענונג, נינאַ איוואַנאָוונאַ! ס'איז ניט דער טאַטע.

— ווער זשע דען? עפּעס ביסטו מיר צו פאַרפּלאָמט, ליאַלקע.

— יאָ, ס'איז מיר איצט גוט, און אַ קלײן ביסעלע טרױעריק. ס'דאַרף, אַפּאָנעם, אַזױ זײַן?

— וועה איז ער? — פרעגט די ייִנגסטע צווישן די קאָרעקטאָרן.

ליאַלקע שווײַגט. זי וויל שוין אַרויסגיין.

— צו פרי, ליאַלקע, האָסטו אָנגעהויבן דרייען דעם קאָפּ באָכערים, — רופט זיך אָפּ אַן עלטערע פרוי, — דו דאַרפסט נאָך ענדיקן דעם טעכניקום, ווערן אַ ביסל זעלבשטענדיקער.

— יאָ, — טוט אַ זיפץ נינאַ איוואַנאָוונאַ, — ווען דו ביסט מער זעלבשטענדיק, וואָלט איך דיך באַקענט, ליאַליע, מיט אַ באָכער. נאָר דו ביסט נאָך אַ קינד אין פאַרגלײַך מיט אים, און, צום באַדויערן, ניט נאָר מיט די יאָרן... ניין, ער איז באַשטימט ניט פאַר דיר.

— מיילע, וועל איך זיך שוין מוזן באַגיין אָן אים, — לױפט ליאַלקע אַרױס פון צימער אַ פריילעכע.

גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש באַ זיך אַף דער אַרבעט, מיטן טעלעפאָן־טרײַבל אין האַנט. די ייִנגערע לעניגראַדערן, וואָס איז נעכטן שפּעט אין אָוונט געקומען צו פאָרן, מיט איר הויז־באַלעבאָסטע, אַן עלטערע פרוי, כאַפּן אויף יעדעס וואָרט, וואָס ער רעדט אַרײַן אין טרײַבל:

— כאַווער פּעטוכאָוו! איך האָב עס דיר געטאָן, ווי אַ געפּעליקײַט... דאַרפסט פאַרשטיין... די באַלעבאָסטע פונעם הויז זיצט איצט באַ מיר אין קאַבינעט... איך וויל וויסן, ווען גענוי? דעם לעצטן טערמין... נו, גוט, ביז אַ כוידעש, ניט מער. נאָך עפּשער פריער... זייער גוט, אויסגע־צייכנט. פאַרבלײַב געזונט... דיר אויך... איז אָט, כאַשעווע ווערע איוואַנאָוונאַ, — ווענדט ער זיך צו דער הויז־באַלעבאָסטע, — איר האָט געהערט. זייער הויז איז שוין קימאַט ווי פאַרטיק. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועט ער זיך אַרויסקלײַבן.

— איר האָט באַ מיר געבעטן, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש... איך האָב געקאָנט ניט אײַנגיין. האָט איר מיר געגעבן דאָס וואָרט, און איך האָב אײַך געגלייבט, ווי דעם פּאָרזיצער פון וווינ־אָפּטייל, אַז ביז אָנהייב סעזאָן וועט ער באַפרײַען דעם צימער. איצט איז שוין סאַמע זומער...

— איך האָב געמיינט, איך בין געווען זיכער. זיי האָבן געזאָלט צום ערשטן מײַ ענדיקן דאָס הויז, איז זעט איר דאָך! ס'איז שוין ניט לאַנג צו וואַרטן. אין אַ וואָכן צוויי אַרום...

— איך ווייס ניט, צוויי וואָכן צי אַ כוידעש, נאָר איך קאָן אַפילע קיין איין טאָג ניט וואַרטן. אין אַזעלכע היצן דאַרפן מיר זיך שטיקן זאַלבעפערט אין איין קלײנינקן צימער. זיי זײַנען מיט אַ קלײן קינד, און איך בין אַ קראַנקער מענטש.

— איז מיט וואָס קאָן איך אײַך העלפן? איך זאָל אים אַרויסזעצן אַף דער גאַס? איך זאָל זיך קריגן מיט אונדזער מיליציע? אָט האָט איר דאָך גערעדט מיטן נאַטשאַלניק זייערן, פאַרפיר זיך נאָר מיט זיי...

— מיך שרעקט עס ניט. זיי זײַנען פונקט אַזעלכע בירגער, ווי איך מיט אײַך. איך האָב אים אַרײַנגעלאָזט צו זיך מיט דער מישפּאָכע, ניט דערפאַר וואָס ער איז מיליציע.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. ער צאָלט דאָך אײַך פונקט ווי יעדער איינער.

— וואָס רעדט איר מיר פון צאָלן? איך האָב זיי אַרײַנגעלאָזט ניט צוליב געצאָלט, נאָר פון היימלעכקײַט וועגן. איך זאָל ניט זײַן זיין איינע אַליין אין די לאַנגע ווינטער־כאַדאָשים.

— איז וואָס זאָל איך מיט אײַך טאָן? איך ווייס אַפילע ניט, וואָס מע קאָן צוטראַכטן...

— מע דאַרף ניט צוטראַכטן. זאָלן די, וואָס האָבן גאַנצע אַפּאַרטאַמענטן, זיך אַ ביסעלע אַ רוק טאָן.

— ווי קומט עס צו אײַך, ווערע איוואַנאָוונאַ? איר זײַט דאָך אַ באַוווסטזיניקע פרוי, אַ גע־וועזענע לערערן. פאַרשטייט איר דען ניט, אַז מיר האָבן קיין רעכט ניט... מיר קאָנען קיינעם ניט צווינגען...

— ערשטנס, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז איך בין ניט קיין געוועזענע. אַן עמעסער לערער פאַר־בלײַבט אַ לערער ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן. און, צווייטנס, אייצעט אײַך קיינער ניט עמעצן צווינגען. דער, וואָס איז מעכויעוו עס טאָן, דאַרף עס טאָן מיטן גוטן ווילן. זאָל אים דער נאַטשאַל־ניק זײַנער אַרײַנלאָזן צו זיך אַף אַ שטיקל צײַט.

— צו אים דאַרפן קומען געסט.

— צו מיר זײַנען זיי שוין געקומען, — באַוויַיזט זי אַף דער לענינגראַדערן, — און איך דאַרף פאַר זיי מײַן צווייטן צימער. זאָלן זיי האָבן ווו צו פאַרברענגען זייער אורלויב, אויב זיי האָבן געמאַכט אַזאַ ווײַטע רײַזע, אַזש פון לענינגראַד.

— איז עפשער... ווי קוקט איר דערויף? איך וואָלט אײַך עפשער געקאָנט העלפן קריגן אַ פוטיאָווקע אין אַ ניט־טײַערן אָפּרו־הויז?

— צום באַדויערן, לוינט עס אונדז ניט. מיר זײַנען אינדרײַען. אויסער דעם, וועל איך אָפּט זײַן אין קיִעוו. איך בין דאָ דאָס ערשטע מאָל, און איך וויל זיך אַליין גוט באַקענען מיט דער שטאָט און דעם יִינגעלע מײַנעם זי באַווײַזן.

— איר פרעגט באַ מיר. זיי זײַנען מײַנע געסט און מײַן טאַכטערס בעסטע גוטעפרײַנט. איך וועל זיי אין ערגעץ ניט אָפּלאָזן. זאָל עס זײַן דאָס סאַמע בעסטע אָפּרו־הויז.

— מע דאַרף דאָך אָבער געפינען אַן אויסוועג.

— דער איינציקער אויסוועג, איר זאָלט מיך באַפרײַען פונעם שאָכן. איר האָט אים מיר געגעבן, נעמט איר אים באַ מיר צו.

— איך האָב אײַך גאָר ניט געקענט פאַר אַזאַ אײַנגעשפּאַרטע, ווערא איוואַנאָוונאַ.

— איר פרעגט באַ אײַער טאָכטער, באַ אַלבישקען, און באַ אַנדערע מײַנע געוועזענע שילער. אָט זיי, זעט איר, זײַנען טאַקע בעעמעס געוועזענע.

— איר זײַט נאָך דערצו אַ בײַסיקע אויך... — ס׳קלינגט דער טעלעפאָן, ער נעמט דאָס טרײַבל.

אַלבישע באַ זיך אין אופנאַם־צימער, רעדט מיטן פאָטער. זי גיט אים צו וויסן, אַז זי פאָרט אין שטאָט אַרײַן. באַ דער זײַט זיצט פלאַטאָן. ער זאָגט איר אונטער:

— זאָג אים, אַז דו וועסט קומען ערשט מאָרגן.

— טאַטע, ס׳קאָן זײַן, אַז איך וועל איבערנעכטיקן באַ נאַדיען. איך אַרבעט מאָרגן אין דער צווייטער העלפט טאָג. — נאָך אַ לענגערער פויזע: — גוט, איך וועל אים באַלד זאָגן.

— וועמען?

— ניט דיר, האָב קיין מוירע ניט.

— זאָל גאָר די שאָ ניט זײַן. ער וואָלט אונדז ביידע אופגעהאַנגען אַף איין שטריק, ווען ער ווייסט, אַז מיר פאָרן צוזאַמען אין שטאָט אַרײַן.

אַלבישע אין קיך פרעגט אַף זאַכאַר טריפאָנאָוויטשן. מע זאָגט איר, אַז ער איז נאַרוואָס אַרויסגעגאַנגען מיטן דירעקטאָר. זי זוכט אים אין דירעקטאָר־צימער, אַפן הויף, ענדלעך געפינט זי אים אין עסצימער. צוזאַמען מיטן דירעקטאָר גייט ער אַרום צווישן די טישן, באַהאַנדלט מיט די כאַלאַים די געריכטן.

אַלבישע מיט זאַכאַר טריפאָנאָוויטשן גייען אַרויס פונעם עסצימער.

— מע קאָן, אויב ס׳איז אַזוי נייטיק. איך וועל זיך אָפּרײַסן אַף אַ האַלבער שאָ.

— ער וועט אײַך באַגעגענען אַפן וועג, דער טאַטע. ער האָט געזאָגט, איר זאָלט צוגיין צו דער פּאָטשט.

— גוט. איך גיי שוין אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם קעכער.

גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש באַם אַרויסגאַנג פון אויספירקאָם. ער דערזעט פונדערווײַטנס אַ באַקאַנטן.

— פראָצענקאָ, וואַרט אַ ווײַלע. וווהין?

— אין אוניווערמאַג. ס׳איז דאָרט ווידער צאָרעס. שוין מיטן נײַעם דירעקטאָר.

— קאַדרען דאַרף מען קאָנען צוקלײַבן.

— ווו זאָל איך זיי נעמען? זיי פאַלן ניט פון הימל. ס׳פעלן מיר פאַשעטע פאַרקויפערנס, און וועגן העכערע איז שוין ניטאָ וואָס צו ריידן.

— איך האָב זיך הײַנט אַרײַנגעכאַפּט צו דיר אַפן בוי־באַצירק. הערסט, ברודערקע? ס׳איז דאָרט באַ דיר אַ מישמאַש, אַן עמעסער כאַאָס. איך ווייס ניט, וויאַזוי דו קאָנסט זיך דאָרט פאַנאַנ־דערקלײַבן.

— האָב טײַנעס צו זיך. איך רייד שוין ניט פון אַן אַנדער אָרט, נאָר ווען איר דערלויבט אונדז כאָטש זיך צו פאַרברייטערן, אַראָפּנעמען די כורווע.

— אַראָפּנעמען די כורווע, דאַרף מען בײַע דירעס, און ניט אין דעם גייט עס. דער איקער, ס׳איז דאָרט אַ שיף אָן אַ רודער. אַ רעוויזיע מאַכסטו דאָרט אַמאָל?

— איצט איז ניט די צײַט. מיר ווערן פאַרזונקען, אַזויפיל אַרבעט. דו ווייסט דאָך, ס׳איז זומער־סעזאָן.

— אַט טאַקע דערפֿאַר, ווײַל ס׳איז זומער, ווען בוי־מאַטעריאַלן זײַנען מיט גאָלד גלײַך, דאַרף מען גוט קוקן מיט ביידע אויגן.

— איך האָב דאָרט אַן אָרנטלעכן באַכער. אַ גוטן בוי־טעכניקער. איך גלייב אים.

— אַט דעם פּלאַטאָנען? הער מיך אויס, ווי אַ פֿרײַנט. ווער פֿון אים פּאַטער. אַן טומל. מיט גוטן, ביז ס׳איז נאָך ניט שפּעט.

— וואָס זשע? עס זײַנען פֿאַראַן סיגנאַלן?

— איך זאָג דיר גאָרנישט ניט, נאָר איצט קאָנסטו זיך גרינג פֿון אים באַפֿרײַען. ער וועט אומעטום קריגן אַרבעט. אַפֿילו אין שטאַט וועט ער זיך אײַנאָרדענען, און פֿאַר דיר וועל איך צוזוכן אַ מענטשן, ניט קיין ערגערן, נאָר אַ ראַיעלן. — ער דערזעט זאַכאַרן. — נו, גוט. מיר וועלן נאָך מיט דיר ריידן. איך וועל צו דיר אַרײַנקומען.

ער גייט מיט זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטשן אַרײַן אין אַ סעדל, ווו ס׳איז שטאַרק טומלדיק, געפֿינט אַ זײַטיקע באַנק, ווײַט פֿונעם אוילעם. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש זעצט זיך מיט אַ טיפֿן זיפֿץ.

— שלעכט, טײַערער, זייער ניט גוט.

— וואָס איז געשען?

— מע לאָזט ניט לעבן.

זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטש אומגעדולדיק:

— וועגן וואָס רעדסטו?

— שוין ווידער אַן אַנאָנימקע. וועגן דײַנע צוויי הײַזער. דער פּאַרטרעטער טימאָפֿיי דעניסאָוויטש האָט מיך אַרויסגערופֿן און זי מיר געגעבן איבערלייענען. נאָר ס׳זאָל זײַן בעסאָד. עס טאָר וועגן דעם קיין האָן ניט קרייען.

— פֿאַרוואָס צוויי? איך האָב דאָך דיך געפֿאָלגט, און מיר האָבן דאָס אַלטע הויז איבערגעשריבן אויף קאָסטיען.

— דו האָסט זייער אַ שלעכטן שאָכן, זאַכאַר. אַט דעם אינטערנאַט... זיי ווילן זיך פֿאַרברייטערן, און דער פּרוקטסאָד דײַנער רײַסט די אויגן, און די דאַטשניקעס.

— ווער האַלט עס איצט ניט קיין דאַטשניקעס? גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, ס׳איז דאָך נאָר אויפֿן סעזאָן.

— מיילע, דאָס פֿאַרשטייט מען. דער סעזאָן איז סעזאָן, און דערנאָך וואָס? בלײַבסטו מיט דרײַ אירע אין אַזוינע צוויי הײַזער, מיט אַזאַ באַלעבאַטישקײַט.

— וואָס זשע איז די אייצע?

— אײן אייצע פֿאַראַן! פֿאַרגרעסערן די מישפּאָכע.

— מע דאַרף די מויד, די פּוסט־און־פּאַסניצע, כאַסענע מאַכן. לערנען וויל זי ניט. אַרבעטן אַרבעט זי ניט.

— די מויד ווי די מויד. זי וווינט מיט דיר. מע דאַרף, קאָסטיע זאָל כאַסענע האָבן. ס׳זאָל זיך ניט באַקומען, אַז ער האָט אַ באַזונדער הויז און עס פּוסטעוועט. ער איז דאָך דעם ווינטער מיט אײַך, און דאָס אַלטע הויז באַהייצט איר אַפֿילו ניט.

— קאָסטיע... — זיפֿצט אָפּ זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטש.

— וואָס זשע? ס׳איז נאָך ניט צײַט? מע דאַרף ריידן מיט אים. צושטיין. צווינגען. ביסט דאָך אַ טאַטע!

— קאָסטיען צווינגען... איך האָב מיט אים גערעדט. אַ סאַך מאָל גערעדט. לייגט ער אַלץ אָפּ, ביז ער וועט די דאָקטאָרסקע ניט פֿאַרטיידיקן. זי וואָלט אויף אים געדאַרפֿט ווירקן, אײַער אַלבישע...

— וואָס, אַלבישע?.. מיר דוכט זיך, און עפּשער האָב איך אַ טאָעס, עפּעס איז צווישן זיי די לעצטע צײַט פֿאָרגעקומען, — און זייער שטיל, קוים צו הערן, נעמט ער דערציילן.

וואַסילי אויפֿן הויף. שוין גאַנץ היימיש מיט די דאַטשניקעס.

— מיטן פֿלעמעניק האָב איך נאָך ניט באַוויזן אַפֿילו אַ רעד צו טאָן ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, אָבער די פֿלעמעניצע... זי געפֿעלט מיר שטאַרק ניט. דעם גאַנצן טאָג איז זי אויסגעסטראָצלט, ווי אויף אַ באַל, און שטענדיק מיט די באָכערים. די יונגעלײַט געפֿעלן מיר אויך ניט. וואָס זײַנען זיי, לײַדיקגייער?

— זיי זײַנען סטודענטן.

— און אַז סטודענטן, האָבן זיי טאַקע גאָרנישט וואָס צו טאָן?

— פֿאַרקערט, גראָד איצט, ווען מע גרייט זיך צו די עקזאַמענס, ברענט באַ זיי.

פֿון טאַניעס צימער הערן זיך קלאַנגען פֿון מוזיק.

— אַט אַזוי גרייט מען זיך צו עקזאַמענס? מיט מוזיק, מיט אַ טענצל.

— נו, עפשער האָט שוין ווער פון זיי עפּעס אָפּגעגעבן, פרייט מען זיך. ער פרייט זיך, און די איבעריקע מאַכן זיך הארץ, מע נעמט זיך אָן מיט מוט.

— וואָס ווילט איר? יוגנט! ס׳קלעקט זיי צײַט אי אף זוברעווען, אי אף א טאַנץ טאָן.

— און אַלץ באַווײַזן זיי. שלעכטע ספּעציאַליסטן קומען פון זיי ארויס?

— ווי אמאָל. אמאָל גוטע און אמאָל אויך שלעכטע. ס׳איז דאָ הייס געוואָרן. קומט אין סעדל אַרײַן. אפן גראָז. אונטער די ביימער, וווּ ס׳איז מערער שאָטן. — ער הייבט זיך אוף פונעם הענג־בעטל, נעמט די מיליצעס אונטער די פּאַכוועס, דערזעט, אז די איבעריקע בלײַבן זיצן אף די ערטער. — נו, וואָס? איר פוילט זיך אופצושטיין?

— מירן שוין דאָ פאַרברענגען.

— פאַרוואָס דאָ? דאָרט ברענט ניט אזוי די זון, א מעכײַע. קומט. — ער זעט, אז קיינער רירט זיך ניט פון אָרט. דאָס באַליידיקט אים. — ווי ס׳זעט אויס, האָב איך אײַך שוין גוט דערעסן מיט מײַנע דאָרף־געשיכטעס.

— וואָס רעדט איר, וואסילי טריפאָנאָוויטש! מיר האָבן אײַך געהערט מיט גרויס אינטערעס. בלײַבט מיט אונדז און דערציילט נאָך עפּעס.

— אָבער דאָרט איז דאָך א סאַך בעסער.

— אונדזער טעריטאָריע איז דאָ.

— דאָרט איז פאַר אונדז א פאַרווערטע זאָנע.

— מיר האָבן געדונגען נאָר דעם הויף.

— נארישקײַטן.

— קאַפּיטאָלינאַ גאַוורילאָוונאַ האָט מיט אונדז אויסגענומען, אז אין גאָרטן זאָל אונדזער פוס ניט זײַן, — רופט זיך אָן ליאַליעס מאַמע.

— אָך, אזוי, — זעצט ער זיך אוועק א ביסל א פאַרלוירענער, — איר זײַט דאָך ניט קיין קליינע קינדער.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש גייט צו זיי צו.

— איך קלײַב זיך שוין גיין, טאַמאַרע. ווי פילסטו זיך? עפשער זאָל איך הײַנט ניט פאָרן. מעלניטשענקאָ וועט מיך פאַרבײַטן. ער קומט מיר א פּאָר טעג. איך האָב יענע וואָך פאַר אים צוויי טעג קאָנסולטירט, ווען ער האָט זײַן פרוי באַגלייט אין דאָרף.

— ניין. פאָר. איך פיל זיך בעסער, און ליאַליע וועט אינגיכן קומען. ס׳איז שוין נאָך האַלבן טאָג.

— איך האָב זי אפילו ניט געפרעגט, צי זי האָט הײַנט דעם טעכניקום. פאַרגעסן זאָגן, אז זי זאָל דאָס מאָל דורכלאָזן.

אפן הויף באַווײַזט זיך זאַכאַר טריפאָנאָוויטש.

— זייער גוט, וואָס דו ביסט אין דער היים, געאָרגי. איך דאַרף דיך האָבן.

— איך פאָר שוין אף דער ארבעט.

— נו קום, איך וועל דיך באַגלייטן.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש געזעגנט זיך, און זיי לאָזן זיך ביידע צום ארויסגאַנג. טאַניע דעריאָגט זיי שוין פון יענער זײַט הויף.

— איך דאַרף דרײַ רובל, פאַפּוליע.

— איך האָב ניט בא זיך. דער טײַסטער איז אין פּידזשאַק.

— איך דאַרף אזוי נייטיק... נו, טאַטע, כ׳בעט דיך.

— טאָ גיי צו אף דער ארבעט. ער הענגט דאָרט באַם ארײַנגאַנג אין קיך.

אפן הויף — א רעדל. טאַניעס כעוורע וואָרט אף איר. וואסילי אף די מיליצעס שטעלט זיך אָפּ לעבן זיי.

— וווּהין קלײַבט איר זיך?

— מיר ווייסן נאָך ניט. עפשער אין קינאָ. אויב ניט, איז אף דער אָזערע.

— וועט איר מיך אויך מיטנעמען מיט זיך.

— ביטע, אויב איר קענט גוט שווימען.

— א ביסל קען איך. איך בין אריבערגעשווומען ניט איין טײַך — פון דער וואָלגע ביז צו דער שפּרעע.

— אָט אזוי־אָ, — כאַפּט זיך ארויס בא וואָלדעמאַרן.

— ניט אין אזא צושטאַנד, די פיס האָט מען מיר געפּאַטערט באַם אופשטעלן די בריק איבער דער עלבע.

א ניט־אָנגענעמע שווערע שטילקייט. מע קוקט מיט פאַרוואָרף אַף וואָלדעמאַרן. וואַסילי רײַסט איבער די פּאַוזע:

— און ווי האַלט עס בא אײַך מיט די עקזאַמענס?

— ביז די עקזאַמענס איז נאָך פאָלג מיך א גאַנג. ערשט אין אווגוסט.

— פאַרוואָס אין אווגוסט?

— ס׳איז נאָך א פראַגע, צי איך וועל אַדורך דעם קאָנקורס. פאַראַיאָרן בין איך דורכגעפאַלן.

— אַך, אַזוי? ביסטו נאָך קיין סטודענט ניט?

— זיי אויך ניט.

— ניט אַלע, — שפּרינגט אַרויס וואָלדעמאַר.

— יאָ, אַנטשולדיק. ער איז שוין א געענדיקטער.

— ניט קיין דערענדיקטער.

— לאָמיר פאַרפינקטלעכן, — שטעלט זיך פאַר מיט שטאָלץ וואָלדעמאַר, — סטודענט פון דריטן קורס פונעם הינטער־אויגיקן אין־יאַז.[1]

— איז, פונדעסטוועגן, איין סטודענט יאָ פאַראַן צווישן אײַך. נו, און די איבעריקע?

— ווילן נאָך אַמאָל זײַן סטודענטן.

— און דערווײַל?

— וואָס דערווײַל?

— עפּעס דאַרפט איר דאָך טאָן.

— מיר טוען. ווו ווער עס אַרבעט. אָט דער כאָוער מאַכט פריילעך דעם אוילעם אין די אַפּרו־הײַזער.

— און דער וואַשט פלעשלעך אין אַפּטייק.

— עפּשער זײַט איר נאָך ניט פאַרסטראַכירט? ביטע שיין, — באַווײַזט מען אַף נאָך איינעם. — ער קאָן אײַך פאַרסטראַכירן פון א סריפע, פון א קרענק, פון האָבן קינדער...

טאַניע באַווײַזט זיך אַפן הויף. מאָלע־גערולע, שרײַט זי פונדערווײַטנס:

— מיר זײַנען גראַטעוועט, יינגלעך! איך האָב פינף רובל. ס׳וועט סטײַען פאַר אונדז אַלעמען.

— ס׳וועט נאָך איבערבלײַבן.

זיי לאָזן איבער וואַסילן און לויפן אַרויס פון הויף.

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז זיי זײַנען סטודענטן? — ווענדט זיך וואַסילי צו די שכיי־נים. — טויגעניכצן זײַנען דאָס, פּוסט־און־פּאַסניקעס.

— קאַפּיטאָלינאַ גאַווריליאָוונאַ באַרימט זיך, אַז דאָס זײַנען די בעסטע יונגען אין יישעוו, זין פון אָנגעזעענע טאַטע־מאַמע.

— דערפאַר, אַפּאַנעם, שלאָגן זיי בײַדעקעס.

— און אַז זיי לערנען זיך אַלע אין די קיעווער הויכשולן, האָט אונדז טאַניע צו וויסן געגעבן.

זאַכאַר און געאָרגי אָסיפּאָוויטש זײַנען שוין אַפן פעראָן. זיי וואַרטן אַפן שטאָטישן צוג.

— נאַרישקײַטן, — היצט זיך געאָרגי אָסיפּאָוויטש, — קאָסטיע האָט דאָס פולע רעכט אַפן הויז. ער זאָל אַפילע־האָבן אין שטאָט א וווינונג, האָט ער דאָס רעכט צו האָבן אויך דאָ א דאַטשע. ער איז א מענטש, וואָס האָט ביכלאַל רעכט אַף איבעריקן ווויִן־שטעטעך. א מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

— ער גרייט איצט די דאָקטאָרסקע.

— איך זאָג דאָך דיר. מיך וווּנדערט, וואָס זיי האָבן אים ביז איצט ניט געגעבן דאָרט קיין דירע. ער זאָל ניט דאַרפן אַלע טאָג פאַטערן אַזויפיל אומזיסטע מי און צײַט.

— דאָ וועט מען אונדז ניט לאָזן צורו. דאָ זײַנען אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן פון גאָרנישט ניט וויסן. זיי פאַרשטייען עס עפּשער ניט.

— איך נעם עס אַף זיך. זאָלן זיי נאָר אָנהייבן. הונדערטער מענטשן האָבן אייגענע דאַטשעס. מע וווינט אין שטאָט אין קיין שלעכטע דירעס, און מע בויט זיך דאַטשעס. פאַר ערלעך געלט, פאַרשטייט זיך. פאַר אייגן פאַרהאַרעוועטס.

— איך ווייס ניט, וואָס זיי קאָנען צו מיר האָבן. איך האָב, דוכט זיך, אַלע מײַנע יאָרן... דו ווייסט דאָך? מיר אַלע אַרבעטן די גאַנצע צײַט, און פאַר די אייגענע גראָשנס האָבן מיר דאָס אַלץ אויסגעבויט.

---

[1] אַבריעוויִאַטור פון „אינאָסטראַניִע יאַזיקי“ (רוס.) — אינסטיטוט פון אויסלענדישע שפּראַכן.

— האָב קיין יעסורים ניט, אז מע וועט דאַרפן, וועל איך זיך נעמען פאַר דעם. כאָטש איך האָב איצט ניט צו טאָן מיט קיין ציווילע איניאַנים. נאָר פונדיינעטוועגן... פאַר דיר... און ס'איז א געוווּנענער איניען.

— עפשער האָב איך ניט געדאַרפט איבערשרייַבן אף זייַן נאָמען?

— האָסט געקאָנט ניט איבערשרייַבן, וואָלט מען אים גיכער געגעבן א וווינונג אין שטאָט, און דאָס הויז דאָ... וואָס ביסטו עפּעס, א זשוליק? לעבסט אף ניט קיין ערלעך פאַרדינט געלט? איך א מייַסע!

— דו ביסט מיך פאַשעט מעכייַע, געאָרגי. איך האָב שוין פון לאַנג געוואָלט ריידן מיט דיר. ווער ווייסט נאָך אַזוי אַלע געזעצן, ווי דו? אזויפיל יאָרן אַן אדוואָקאַט...

דער צוג קומט אָן. געאָרגי אָסיפּאָוויטש זעגנט זיך מיט אים:

— אַלץ וועט זייַן אין אָרדענונג. קאָנסט רויִק שלאָפן, זאַכאַר.

— איך בין דיר זייער דאַנקבאַר, געאָרגי, — גייט זאַכאַר נאָך דעם אָפּגייענדיקן צוג. — דו ביסט מייַן בעסטער, — שרייַט ער, — מייַן עמעסער גוטערפרייַנט.

קאָסטיע אף דער מעטראָ־סטאַנציע. ער לויפט גלייַך צום אוטאָמאַט באַם עסקאַלאַטאָר, וויל אַרייַנוואַרפן די פינף קאָפּיקעס, פאַרהאַלט מען אים בא דער האַנט. ער קוקט זיך אום:

— ליאַליע!

— וווּהין?

— צו דיר אין טעכניקום.

— וואָס וועסטו דאָרט טאָן אזויפיל צייַט? וווּהין וועסטו זיך אהינטאָן? ס'איז דאָרט אפילע קיין סעדל ניטאָ, קיין באַנק ווו זיך אוועקצוזעצן.

— וועל איך ארומגיין הין און צוריק און וואַרטן אף דיר.

— צעדרייטער! בא פיר שאָ צייַט! עס וועט דיר ניט נימעס ווערן? גיי בעסער, וווּהין דו ווילסט. אין קינאָ, צו באַקאַנטע מיידלעך, אין א פּאַרק.

— שעמסט זיך? האָסט מוירע, אז דייַנע כאַווערטעס וועלן מיך דערזען.

— טאָ קום! — זי שלעפּט אים פאַר דער האַנט. — מיר וועלן זיך אוועקשטעלן באַם אַרייַנ־גאַנג, און איך וועל דיך פאָרשטעלן: זייַט באַקאַנט, מייַן כאָסן. מייַן באַשערטער.

— נו, גוט, — רייַסט ער זיך פון איר, — ווו באַגעגענען מיר זיך?

— באַם וואָקזאַל, באַם ארויסגאַנג פון מעטראָ. און מיר וועלן גלייַך פאָרן אַהיים.

— גוט... — ער דרייט זיך אויס, וויל אוועקגיין, זי פאַרהאַלט אים.

— קאָסטיע, איך בין געווען באַם טאַטן אף דער אַרבעט. די מאַמע פילט זיך א סאַך בעסער. זי וועט זייַן צופרידן, אויב איך וועל זיך הייַנט אומקערן א ביסל פריִער.

ער דריקט איר ביידע הענט. דער אוילעם צעשיידט זיי. עפּעס זאָגט זי אים, ווען זי איז שוין אף די טרעפּ פון עסקאַלאַטאָר, ער קוקט איר נאָך, ביז זי פאַרשווינדט.

די פאַרמאַכטע טירן פונעם קיבערנעטישן אינסטיטוט. קאָסטיע קלינגט אָן. דער דעזשורנע לאָזט אים אַרייַן.

— איך וועל נאָך אַרבעטן א פאָר שאָ, — זאָגט ער צו דעם דעזשורנע, גייענדיק מיט אים איבער די טרעפּ. דורך די אָפענע טירן זעט מען ווו־ניט־ווו אַנגעצונדענע לעמפּעלעך. דאָס הייסט, אַז דאָרטן אַרבעט מען אין די אוונט־שאָען. מע זעט אָבער בלויז איינצלנע מענטשן. קאָסטיע איז שוין בא זיך אין צימער, ער שליסט אייַן די רעכן־מאַשין.

ליאַליע הייבט זיך אוף מיטן עסקאַלאַטאָר אף דער סטאַנציע פון מעטראָ, וואָס לעבן וואָקזאַל. קאָסטיע וואַרט שוין אף איר. זיי נעמען זיך פאַר די הענט און אייַלן צו דער עלעקטריטשקע.

מיט דעם צוג פאָרן זיי אף מאָרגן אינדערפרי צוריק אין שטאָט אַרייַן.

— שוין דעם צווייטן טאָג פאָרסטו ארויס אזוי פרי פון דער היים.

— ס'מאַכט ניט אויס. ווינטער פלעג איך עס אָפּט טאָן.

— האָסט, דוכט זיך, אפילע ניט געפרישטיקט. איך האָב געהערט, ווי די מאַמע האָט דיר נאָכגעשריִען.

— איך האָב איבערגעלאָזט אפן טיש דאָס גאַנצע עסן. האָט זי מיר עפּעס אַפּגיך אַרייַנ־געשטופּט אין פּאָרטפעל. דו זעסט? ער איז א פולער הייַנט.

— דו מיינסט, ס'איז א מוז מיך אלע טאָג צו באַגלייטן?.. און פּאַטערן העכער צוויי שאָ דערוף.

— איך פּאַטער ניט. ס׳וועט אַלץ פאַרעכנט. מײַן צײַט ווערט אויטאָמאַטיש רעגיסטרירט, און ווען אַלע אַנדערע קומען אַף דער אַרבעט, האָב איך שוין אַ סאַך אָפּגעטאָן. דו ווייסט, ליאַלקע, ס׳אַרבעט זיך גאָר געשמאַקער אין אָט די פרימאָרגן־שאָען. ביסט קימאַט איינער אַליין, קיינער שטערט דיר ניט. דאַרפסט ניט אָפּגעבן קיין גוט־מאָרגנס און ניט ענטפערן אַף זיי. דאַרפסט זיך ניט איבערוואַרפן מיט אַ פּאָר ווערטער גלאַט אַזוי, וועגן זאַכן, וואָס גייען דיר קנאַפּ־וואָס אָן.

— און איך האָב עס דאַפּקע ליב, אָט דאָס באַגריסן זיך, אָט ווען מע קומט אַף דער אַרבעט.

— איך וואָלט עס אויך ליב געהאַט, ווען ס׳כאַזערט זיך ניט איבער דאָס אייגענע אַלע טאָג.

— דו ביסט אַ מרוק. האָסט פײַנט מענטשן.

— אַ שאָד, — דערמאָנט זיך קאָסטיע, — דער פּעטער וואַסילי איז שוין אַזויפיל טעג דאָ, און איך האָב נאָך אַפילו מיט אים ניט גערעדט ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, ער קאָן נאָך מיינען, אַז איך בין אַ גרויסהאַלטער. נעכטן איז ער שוין געשלאָפן, ווען מיר זײַנען געקומען פון וואַלד.

— מיר האָבן זיך טאַקע צו שפּעט פאַרהאַלטן דאָרט. די מאַמע האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. נאָר דער טאַטע... ער קומט שטענדיק אַ סאַך שפּעטער פון מיר. אַפילו ווען ער פאַרהאַלט זיך ניט אין געריכט. נעכטן האָט ער זיך ניט געלייגט ביז מײַן קומען. איך האָב געמוזט צוטראַכטן אַ מײַסע, אַז איך האָב זיך פאַרהאַלטן און אַז איך האָב קוים באַוויזן אַפן לעצטן צוג.

וואַסילי באַגלייט אַרויס קאַפּיטאָלינע גאַווריליאָווענע צו דער אַרבעט.

— דער זון דײַנער, קאַפּיטאָלינע... איך האָב אים נאָך ניט באַוויזן רעכט אָנצוקוקן. איך האָב מיט אים הײַנט געוואָלט אַ רעד טאָן, איז ער מיטאַמאָל אַנטרונען געוואָרן. איך האָב אַפילו ניט געזען, ער זאָל האָבן געגעסן.

— ער אַרבעט אַ סאַך, וואַסילי. טאָג און נאַכט איז ער אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט. אַפילו ווען ער איז אין דער היים.

— איך פאַרשטיי, איר דאַרפט אַ סאַך, אָבער ער, אַ יונגער באָכער...

— זאָג עס ניט. דו האָסט קיין אַנונג ניט, וואָס דאָס איז פאַר אַן אַרבעט בא אים. ער טראָגט אַפן קאָפּ גאַנצע פאַבריקעס, וואָס געפינען זיך ערגעץ אין אויסרײַסעניש, און ער דאַרף פאַר זיי מאַכן אַלע אויסרעכענונגען, וויאַזוי זיי זאָלן אַרבעטן, און וויפל זיי דאַרפן אַרײַנלייגן רוישטאָף, מענטשלעכע מי און, פאַרשטייט זיך, געלט. דאָס איז זייער אַ שווערע אַרבעט. אַרבעטן אין אַ שאַכטע, אַקערן די ערד איז אַ סאַך גרינגער. אָפּגעשטאַנענע מענטשן פאַרשטייען עס ניט. זיי מיינען, אַז דער קאָפּ אַרבעט דאָרט, וווּ מע שמירט ניט אויס די הענט...

— כײַ וואָלט ער די שוועסטער אַ ביסל אײַנגעשפּאַנט...

— טאַניע איז אַ מיידל. דו מיינסט, אַז זי האָט אַ שלעכטן קאָפּ? זי איז זייער אַ געראָטן מיידל. מע דאַרף איר נאָר צוזוכן אַ גוטע אַרבעט און איר כאַסענע מאַכן.

— אָט דאָס איז פאַר איר דאָס פּאַסיקסטע, די איינציקע אַרבעט, צו וועלכער זי טויג זיך, דוכט זיך, אויס.

— דו קענסט זי ניט. ווען ניט קאָסטיע... דער דירעקטאָר זײַנער איז גרייט געווען זי נעמען צו זיך פאַר אַ סעקרעטאַר־מאַשיניסטקע. זי וואָלט, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט אַ ביסל זיך צולערנען. האָט קאָסטיע ניט דערלאָזט, בעשום־אויפן ניט. ער האָט זיך אַפילו ניט געשעמט אָנריידן, געפינען אַף איר ווו אַ כיסאָרן.

ס׳איז שוין ווידער אָפּדערנאַכט. דער דירעקטאָר בא זיך אין קאַבינעט קוקט דורך דעם טאַבעל. דער פאָרזיצער פון אָרטקאָם אײַלט אים צו:

— מיר פאַרשפּעטיקן, פּאַוועל אַנדרייעוויטש. ער וואַרט אַף אונדז צען אַזייגער.

— שוין דעם צווייטן אָפּדערנאַכט אַרבעט פּאָדובני אין די אָוונט־שאָען, — קאָן זיך דער דירעקטאָר ניט אָפּרײַסן פונעם טאַבעל. — אינדערפרי קומט ער אויך פאַר דער צײַט. נעכטן — אַף אַ שאָ מיט צוואַנציק מינוט. הײַנט — אַף צוויי שאָ. וואָס הייסט עס? ער האָט עפּעס אַ באַזונדערע אויפגאַבע?

— איך ווייס ניט. איך מיין, עפּשער וויל ער אונדז דערמיט געבן אָנצוהערן, אַז מיר האָבן ניט ריכטיק געטאָן, וואָס מיר האָבן אים קיין דירע ניט געגעבן?

אָן אַן ענטפער הייבט זיך דער דירעקטאָר אויף, און זיי לאָזן זיך גיין איבער די קאָרידאָרן צו קאָסטיען אין אַרבעטס־צימער. די רעכן־מאַשין איז אין פולן גאַנג. אַפן פולט ציגדן זיך אָן און לעשן זיך אויס לעמפּעלעך. מע באַגריסט זיך. מע דריקט זיך די הענט און מע זעצט זיך אַרום קאָסטיעס טיש.

— מיר אַרבעטן פלײַסיק, — שמייכלט דער פאָרזיצער פון אָרטקאָם.

— איבער וואָס ארבעט איר איצט? — פרעגט דער דירעקטאָר.
— איך פאַרענדיק די צוגאָב־נעץ צום נײַעם וואַריִאַנט פון קאָקסאָכימישן קאָמבינאַט.

וועגן. דראָטן. דאַנבאַסער לאַנדשאַפט. די באַלויכטענע קאָמבינאַט־קאָרפּוסן. א גרופּע אינ־זשעניערן איבער דעם נײַעם גראַפיק, וואָס איז ערשט הײַנט אָנגעקומען פונעם קיבערנעטישן אינסטיטוט.

— מיר האָבן זיי געגעבן צו וויסן, אז עס וועלן נאָך זײַן צוגאָב־אויסרעכענונגען, — באַ־שטעטיקט קאָסטיע.
— און זיי ווייסן, ווען זיי וועלן עס באַקומען?
— איך מיין, אז זיי וועלן עס באַקומען נאָך פאַרן טערמין, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן. דער דעזשורנע שטעקט אַרײַן דעם קאָפּ.
— קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטש, צום שטאָטישן טעלעפאָן. א מיידלש קעלכל.
— איר וועט מיר דערלויבן, — שטעלט זיך אויף א פאַרויטלטער קאָסטיע, — אף איין ווײַלע בלויז. אַנטשולדיקט.
— ביטע זייער, — טוט א שאָקל מיטן קאָפּ דער דירעקטאָר.

ליאַליע אין א טעלעפאָן־בודקע. מיט גרויס גדולע:
— קאָסטיק טײַערער, איך האָב זיך שוין באַפרײַט פון דער קאָנסולטאַציע. וואַרט אף מיר בא דער מעטראָ, אפן וואָקזאַל־פּלאַץ.
— ניין, ס׳איז נאָך ניט שפּעט. מיר קאָנען נאָך ערגעץ צוגיין.
— וווּהין וועלן מיר גיין? מיר האָבן שוין אומעטום פאַרשפּעטיקט.
— פּאַר צום לעניִן־פּאַרק. וועלן מיר הערן דעם סימפאָנישן אָרקעסטער. עס דיריזשירט הײַנט ראַכלין.
— גוט. איך פאָר. נאָר זע פאַרזאַם זיך ניט. איך זאָל ניט דאַרפן אליין שטיין און וואַרטן.
— באַלד קום איך.

אין דרויסן באַם אינסטיטוט. קאָסטיע באַגלייט דעם דירעקטאָר און דעם פּאַרזיצער פון אָרטקאָם צו דער מאַשין.
— עפשער זאָלן מיר אײַך צופירן? — פרעגט דער דירעקטאָר.
— ניין, עס איז ניט נייטיק, — קווענקלט זיך קאָסטיע.
— שעמט זיך ניט, מיר וועלן אײַך ניט שטערן. איר האָט ניט וואָס צו מוירע האָבן פאַר אזעלכע צוויי אַלטע שקראַבעס.
— איך וואָלט נאָך גוט א טראַכט געטאָן, צי איך האָב טאַקע ניט וואָס מוירע צו האָבן. נאָר זי דאַרף צוקומען אהער.
— איר וועט אַרײַנקומען צו מיר, קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטש, אין א פּאָר טעג אַרום, — זאָגט אים דער דירעקטאָר, שוין זיצנדיק אין דער מאַשין. — מעגלעך, אז איך וועל האָבן פאַר אײַך איינעם זייער אן אָנגענעמען סורפּריז.

קאָסטיע מיט ליאַליען אפן קאָנצערט פונעם סימפאָנישן אָרקעסטער אונטערן פרײַען הימל. ליאַליע טוליעט זיך צו אים, שעפּטשעט:
— מאָרגן האָבן מיר א פרײַען אָפּדערנאַכט.
— שטער ניט.
— מיר וועלן גיין אין דער רוסישער דראַמע. איך האָב ליב, ווען עס ריידן מענטשן, ניט קיין אינסטרומענטן. ווען מע אַמפּערט זיך, מע קריגט זיך.
— ווײַל דו ביסט אליין א פּלאַפּלערן.
— אָט גיי איך אוועק פון דיר.
— זיץ אײַן און לאָז הערן, — האַלט ער זי פעסט אַרומגענומען.

אף מאָרגן פאַרנאַכט בא דער רוסישער דראַמע. צוליב דער שטיקנדיקער היץ איז נאָך דער אוילעם אין דרויסן. צווישן אוילעם ליאַליע, צוגעטוליעט צו קאָסטיען, און מיטאַמאָל:
— איך גיי ניט.
— וואָס איז געשען?

— גיב אָפּ די בילעטן. איך גיי ניט, — שלעפּט זי אים און באַהאַלט זיך הינטער עמעצנס א פּלייצע.
— האָסט עמעצן דערזען?
— טו א קוק. דער לאַנגער לאַקש... אָט דאָרט רעכטס. דו זעסט ניט?
קאָסטיע דערזעט וואָלדעמאַרן אין אן אומבאַקאַנטער קאָמפּאַניע.
— אָט דער דראָנג? נו איז וואָס?
— קום אוועק פונדאַנען.
— וואָס האָסטו מוירע פאַר אים?
— איך וויל ניט, אז ס׳זאָל דערגיין צו דײַנע עלטערן, איידער מיר וועלן זיי אליין מעלדן. מאָרגן וועט דער גאַנצער הויף וויסן, און מע וועט עס אָנהייבן ־קײַען... און דערנאָך וועט עס אוועק איבערן יישעוו. איך וויל ניט, מע זאָל אונדז האַלטן אין די מײַלער, נאָך איידער עפּעס־וואָס.
— ביסט, דוכט זיך, גערעכט.
ליאַליע איז שוין ווײַט פון טעאַטער. קאָסטיע גייט איר נאָך. ער לייגט פאַר א דורכגייענדיק פּאָרפאָלק די בילעטן. זיי יישעוון זיך, צי זיי זאָלן גיין. ער דערזעט צוויי כאַווערטעס פון די עלטערע קלאַסן:
— מיידלעך, איר האָט בילעטן?
— ניין, מיר האָבן ניט געקענט קריגן.
— ביטע, — ער גיט זיי די בילעטן.
— וויפל? — באַטראַכטן זיי מיט פאַרדאַכט אים און די בילעטן.
— צוויי שמייכלען, עכטע, האַרציקע שמייכלען.
די מיידלעך צעלאַכן זיך.
— אַלץ. איך בין פולקום באַפרידיקט. — און ער לאָזט זיך גיין, די מיידלעך נאָך אים.
— הערט... ס׳איז אונדז ניט באַקוועם, — שטופּן זיי אים דאָס געלט אין די הענט, — וואָס זײַנען מיר, נויטבאַדערפטיקע? שנאָרערקעס?
— דערוויל פאַרדינט איר נאָך קיין געלט ניט, ריכטיק? דאָס איז דאָך טאַטע־מאַמעס געלט?
— נו איז וואָס? — רויטלען זיי זיך און בלאָזן זיך אָן.
— טאָ קויפט קאָנפעטן מיט... מאַראָזשענע, — רײַסט ער זיך אָפּ פון זיי און אַנטלויפט צו ליאַליען.
דאָס אַלץ האָט געזען וואָלדעמאַר. ער האָט נאָכגעקוקט, ווי קאָסטיע איז צו צו ליאַליען, זי גענומען פאַר דער האַנט. ווען זיי זײַנען ביידע פאַרשוואונדן, איז ער צו צו די מיידלעך.
— באַאומרויִקט זיך ניט. דאָס זײַנען גוטע בילעטן. וועלכע רײַ?
די מיידלעך רוקן זיך אָפּ פון אים. ער גייט זיי נאָך, וויל פון זיי ניט אָפּשטיין. זײַנע כאַווײרים קוקן נאָך און וואַרטן, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

קאָסטיע מיט ליאַליען אין א שכיינעסדיקער גאַס, גייען לענגאויס דער אַליי. זיי פאַרקערעווען אין באָטאַנישן גאָרטן, זעצן זיך צו אויף א פרײַער באַנק.

די זון שטייט שוין גאַנץ הויך און ברענט די הוילע קערפּערס פון טאַניען מיט אירע כאַווײרים, וועלכע זיצן אויפן זאַמדיקן ברעג פון דער אָזערע לעבן יישעוו. וואָלדעמאַר איז נאָרוואָס געקומען צו לויפן. אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די קליידער, דערציילט ער עפּעס.
— עס האָט זיך דיר אויסגעוויזן.
— א שיינע מײַסע אויסגעוויזן, איך האָב זיי אַליין געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן, — האָט וואָלדעמאַר שוין אן אויסגעטאָנענער זיך צוגעזעצט אויפן זאַמד, — איך האָב צוערשט דערזען קאָסטיען, דערנאָך די קליינע, וואָס האָט געוואַרט אָף אים פונדערווײַטנס.
— האָסט דאָך נאָרוואָס געזאָגט, אז דו האָסט זיי געזען זיך קושן?
— זיי האָבן זיך געקושט, אויף מײַן ערן־וואָרט, זיי האָבן זיך געקושט. דערנאָך שוין אין א פינצטערער פּאַראַדנע.
— און דו האָסט ארײַנגעקוקט? און זיי האָבן דיך ניט באַמערקט?
— איך האָב ניט ארײַנגעקוקט. איך בין געשטאַנען אין דרויסן און האָב אַלץ געהערט. איך האָב ניט געוואָלט, זיי זאָלן דערשמעקן, אז מע דאַרף זיך היטן.
— האָסט געכאַפּט א ציטער פאַר קאָסטיען?
— איך האָב ניט געכאַפּט קיין ציטער. איך האָב פאַר אים קיין מוירע ניט. איך וויל נאָר, אז מיר אַלע צוזאַמען זאָלן זיי פּאַקן אויפן אָרט...
— אויב אַזוי... אויב דאָס איז עמעס... וועט עס זײַן די גרעסטע סענסיישן בא אונדז אין יישעוו.

— מיר איז אַלציינס. נאָר ס׳פאַרדריסט מיך אַף דײַן בראַטאַק. וואָס האָט ער דערזען אין איר? אַלבישע איז אַ סאַך אינטערעסאַנטער און שענער...

— זאָג עס ניט. אַלבישע האָט אַ שלאַנקערע פיגור, דער גאַנצער אויסזען אירער איז עפעקט־פול. אָבער אָט די קליינע האָט עפּעס אין זיך.

— סעקס, הוילער סעקס, — איז ניט מאַסקים וואַלדעמאַר.

— אַ סעקסועלע שקראַביכע, — האַלט אים אונטער אַ צווייטער, — מיט אירע צו פעסטע פאַר איר עלטער היפּטן.

— און נאָך איז זי באַוועגלעך, ווי אַ שמעטערלינג.

— ביז זי איז יונג. אין אַ יאָר פינף אַרום, אין טאַניושעס יאָרן, וועסטו זען, ווי זי וועט אויסזען.

— פאַר איר אויסזען זאָלסטו זיך ניט זאָרגן. אַז זי שמייכלט, ווערט זי ענלעך אַף סימאָנע סעניאָרע. אַזעלכע ווערן קיינמאָל ניט אַלט.

— איך וועל גיין דערציילן דער מאַמען, — טוט זיך טאַניע אַ הייב.

— האָב צײַט, אײַל זיך ניט. דו זעסט דאָך, וויטאַלי איז אין איר פאַרליבט, און קאָסטיע וועט בלײַבן מיט אַ נאָז אָן דײַן מאַמעס הילף.

— נייִן, ערנסט, כעוורע. איך גלייב נאָך דערוויַיל ניט וואַלדעמאַרן. נאָר ווען מיר וועלן עס האָבן, ווי אַף דער האַנט, און פעסטשטעלן, אַז ס׳איז טאַקע ווירקלעך אַזוי, וועלן מיר זיי אײַנאָר־דענען אַ ספּעקטאַקל.

— זייער ריכטיק. זאָל זי אַזוי ניט בלאָזן פון זיך. זי קוקט דאָך אַף אונדז פון אויבן אַראָפּ, שטענדיק מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ.

— איך נעם זיך אונטער מאָרגן אײַך צושטעלן די זיכערסטע יעדיעס. איך דאַרף זיך נאָר דערקונדיקן, אין וועלכער טיפּאָגראַפיע זי אַרבעט, וועל איך זי שוין פונעם אויג ניט אַרויסלאָזן. און דו, וואַלדעמאַר, גיב אַכטונג אַף קאָסטיען. נאָך דער אַרבעט דאַרפסטו אים נאָכגיין פוסטריט, ווי אַן עכטער דעטעקטיוו. דו ביסט דאָך אַן אַלטער אויסגעפּרוווטער שפּיאָן... און דערוויַיל — שאַ!

נאָכן אַרבעטס־טאָג. פון טיפּאָגראַפיע גייען אַרויס אַרבעטער, צווישן זיי ליאַליע און נינא איוואַנאָוונא געאַרעמט. טאַניעס כאַווער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען נאָכשפּירן נאָך ליאַליען, גייט זיי נאָך.

— איצט, ליאַליע, וועט מען דיך שוין אין שטאָט ניט אָנקוקן. דו וועסט זיך דאָרט באַגראָבן אַף דער דאַטשע סאַמע ביז דער סעסיע.

— איך ווייס ניט. דו מיינסט, אַז ס׳איז דאָרט אַזוי באַקוועם צו לערנען?

— איך מיין אַזוי. ווער קאָן דיר דאָרט שטערן?

— מיר וווינען דאָרט ווי אין אַ הינערשטײַג. אַ פולער הויף מיט דאַטשניקעס.

— קאָנסטו זיך ניט אָפּזונדערן? מע גייט אַוועק אין וואַלד צי צום וואַסער.

— דו ווייסט, נינע? ס׳קריכט מיר קיין זאַך אין קאָפּ ניט, ווען איך בין אַף דער פרײַ. ס׳וועגדן אָפּ די מענטשן, די נאַטור.

— ביסט ניט גערעכט.

— צווישן פיר ווענט קאָן איך זיך בעסער קאָנצענטרירן. ביפראַט נאָך בא זיך אין דער היים, ווו אַלץ איז אַזוי באַקאַנט, ווו איך בין פון קינדווײַז אָן געוווינט צו זיצן באַם פענצטער און לערנען. ס׳איז בא אונדז אַ פענצטער־ברעט, ווי אַ טיש די ברייט. פון ערשטן קלאַס אָן פלעג איך צוגרייטן דאָרט די לימודים.

באַם טויער דערזעט נינע מיטאַמאָל קאָסטיען. ער שטייט דאָרט, ווי ער וואָלט דאָ געוואַרט אַף עמעצן.

— איין מינוט, — פאַרלאָזט זי ליאַלקען און לויפט צו צו אים, — קאָנסטאַנטין טריפאָנאָוויטש, ענדלעך האָב איך אײַך באַגעגנט, און איך האַלט אין איין וואַרטן אַף אײַער קלונג.

— איך האָב זיך שוין געקליבן... — באַגריסט זיך מיט איר קאָסטיע, — נאָר ס׳איז בא מיר איצט אַזאַ צײַט... איך וועל אומבאַדינגט אָנקלינגען און אַרײַנקומען צו אײַך, און עפּשער ניט אַליין... דער מאַן זאָל ניט אייפערן.

— איך וואַרט אַף אײַך, און דער מאַן וואַרט אויך.

— גיט אים איבער מײַנע בעסטע ווונטשן.

— ער דאַרף באַלד צוקומען, — קוקט זי זיך אַרום, — ליאַלקע, קום אַהער, וועל איך דיך באַקענען. וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרלאָרן? — וווּנדערט איר ליאַלקעס איבעראַשונג. קאָסטיע שטייט אויך אַ צעטומלטער. ער כאַפּט אָן ליאַליעס פאַרזיכטיק אויסגעשטרעקטע האַנט און לאָזט

זי לאַנג ניט אָפּ. מיטאמאָל האָט ער אויסגעשאָסן א געלעכטער. ליאַליע נאָך אים. איצט איז שוין נינע דערשטוינט.

— איר קענט זיך, אפּאַנעם.

— א ביסל, — לאַכט ליאַליע, — און איר קענט שוין לאַנג איינער דעם צווייטן?

— אָ, זייער לאַנג! ווען איז דאָס פּאַרגעקומען, קאָנסטאַנטין טריפאָנאָוויטש? צוריק מיט א טאָג דריַי־פיר?

— אַלנפאַלס, היַינטיקע וואָך. אין זייער ניט קיין גוטן טאָג.

— פאַרוואָס ניט קיין גוטן?

— מאָנטיק איז שטענדיק א שלעכטער טאָג. ניין, איך האָב א טאָעס. דער טאָג איז געווען אַן אויסגעצייכנטער.

— דו האָסט מיר טאַקע דעם זעלבן טאָג דערציילט... און איך, — דריקט זי זיך צו צו אים, — האָב דיר ניט געגלייבט. אוי, בין איך א נאַר, קאָסטיע.

— וואָס זע איך, איר זיַיט אָף דו און, וויַיזט אויס, ניט נאָר דאָס...

— איצט וועל איך שוין וויסן, אַז מע דאַרף ניט נאָר גלייבן אין דעם, וואָס דו זאָגסט, נאָר מע מעג דיך אפילע אמאָל אויך אייפערן...

— וואָס הער איך, ליאַלקע? און דו האָסט רעכט דערוף?

— זאָל ער זאָגן.

— דאָס פולע רעכט. מער ווי אַן אייגענער מאַן.

— פאַרוואָס קומט עס איר אזא רעכט?

— וויַיל זי האָט מיך ליב. און א באָכער, וואָס מע האָט אים ליב, איז אָפּטמאָל מער פון א מאַן. ביסט מאסקים, ליאַלקע?

— און איך בין געווען אין הוילע ספייקעס, צי דאַרף איך איַיך באַקענען? צי פּאַסט איר איינער פאַרן צווייטן?

— וועגן אים איז דאָס געווען די רייד? — צעלאַכט זיך ליאַלקע.

עס גייט צו נינעס מאַן. ער דערקענט קאָסטיען און באַגריסט זיך מיט אים, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן.

— וואָס זיַיט איר אַנטלאָפן, — זאָגט ער צו די פרויען, — שוין ניט געקענט צוואַרטן א פּאָר מינוט?

— מיר האָבן געציַילט אָפּן ראַנדעווו.

— א גליק איז צו זיַין א באָכער. מע לויפט צו אים, ווי אָף א סרייפע. אפילע אינצווייען, נעמט עס אין אכט, יונגערמאַן.

— דו קענסט זיי באַגריסן, אַנאַטאָלי!

— מיט וואָס? — זיי קוקן זיך אַלע דריַי איבער און לאַכן. — שוין? אזוי גיך? דו האָסט דאָך זיי ערשט געוואָלט באַקענען? און האָסט נאָך געצווייפלט, צי ס׳איז קעדיַי...

— איך האָב מיִעס פאַרשפּעטיקט. דו מעגסט אָנהייבן גרייטן א כאסענע־מאַטאָנע פאַר אונד־זער ליאַלקען, — זי נעמט ארום ליאַלקען און קושט זיך מיט איר, — פאַר אונדזער קליינער ווונ־דערבאַרער ליאַלקען. קומט צו אונדז, — נעמט זי אויך קאָסטיען אונטער דער האַנט, — מיר וועלן מאכן א יאָמטעוודיקן מיטיק. דו לויף, אַנאַטאָלי, אין גאַסטראָנאָם, נעם עפּעס צום טרינ־קען. ניין, קומט אַלע. איך וועל נאָך עפּעס צוקויפן צום פאַרביַיסן.

— מיר האָבן זיך געקליבן גיין אין טעאַטער. עפשער אַן אַנדערשמאָל, — ווערט זיך קאָסטיע.

— נייִן, ניין, טראַכט אפילע ניט... און איך לאָז ליאַלקען ניט אָפּ. איך האָב נאָך דערוויַיל אָף איר מער רעכט, ווי איר. וואָס שוויַיגסטו, טאָליע?

— איך בין פאַר. ניט אָפּלאָזן. נו, און וועגן רעכט לאָמיר ניטריידן.

— מיר האָבן זי געמאכט פאַר א מענטשן. זי איז געקומען צו אונדז נאָך גאָר א ווילדע ציג. ניט אָנטאָן זיך ווי ס׳באַדאַרף צו זיַין ניט געקאָנט, ניט ריידן ווי א מענטש...

— דעם מענטשן דערקענט מען ניט אינעם ריידן, — שלאָגט איר איבער דער מאַן.

— אין דער אַרבעט ווילסטו זאָגן? ער האָט זיך מיט איר גענוג אָנגעמאַטערט, ביז ער האָט זיך דערוואַרט, מע זאָל איר קאָנען אָנטרויען די מאַשין.

— מע דאַרף נאָך איצט אויך אכטונג געבן, באַזונדערס די לעצטע פּאָר טעג.

— דאָס איז שוין, אפּאַנעם, מער קאָסטיעס שולד.

— ליאַליע, וואָס שוויַיגסטו? מיר וועלן זיך נאָך א סאַך שיינע זאכן אָנהערן וועגן דיר, ביז מיר וועלן אריַין אין גאַסטראָנאָם? — פרעגט בא איר קאָסטיע.

— איך ווייס ניט. איך טראַכט, אַז מיר וועלן שוין היַינט ווידער קומען אהיים נאָך האַלבער נאכט.

— און מיר גייט פון קאָפּ ניט ארויס אָט דער שלימאַזלדיקער ספּעקטאַקל. שוין דעם דריטן אָוונט, אז ער קאָן זיך אף אונדז אַלץ ניט דערוואַרטן.

זיי פאַרשווינדן אין די צעעפנטע טירן פונעם גרויסן גאַסטראָנאָם.

אף מאָרגן, פרײַטיק. ליאַליע באַ זיך, אין דער שטאַטישער דירע. אפן פענצטער ליגן צעלייגט די העפטן, די צעעפנטע לערנביכער, אפן טיש — די ברעט מיט אן אָנגעהויבענער צייכענונג. אַליין ליגט זי אפן דיוואַן מיט א בוך אין האַנט.

קאָסטיע געפינט דעם נומער פון הויז, פרעגט זיך נאָך אף דער קוואַרטיר און לאָזט זיך מיט די טרעפּ פון שטאָק צו שטאָק. באַ דער טיר, אָן אָנגעשפּיקעוועטער מיט קנאָפּקעס, זוכט ער צווישן די אופשריפטן ליאַליעס פאַמיליע. ניט געפינענדיק, קוועטשט ער אָן אף דער ערשטער בעסטער קנאָפּקע, איין מאָל, א צווייט מאָל, דערנאָך טוט ער א קוועטש אן אנדער קנאָפּקע, א דריטע, ביז עס עפנט אים א שכיינע. מיט א זויערער מינע פירט זי אים דורך א לאַנגן קאָרידאָר צו ליאַליעס טיר. ער קלאַפּט אָן, ליאַליע שפּרינגט אראָפּ מיט די באָרוועסע פיס אף דער פּאָד־לאָגע און לאָזט אים אריַין. ער צעקושט זיך מיט איר, בלײַבט שטיין אפן שוועל און באַטראַכט א פריטשמעליעטער דעם קליינעם צימער.

— נו, קום אהער, זעץ זיך, — רופט אים ליאַליע.

— ליאַלקע, — לייגט ער ארוף די האַנט אף איר אַקסל, — וויאַזוי וווינט איר דאָ? אײַנ־דרײַען... און די קראַנקע מאַמע?.. זי דאַרף זיך אופהייבן אַלע טאָג אף אַזויפיל טרעפּ?

— ניט קיין אומגליק, — ענטפערט ליאַליע מיט פאַרדראָס, — מיר זײַנען אף דער ריי. עפשער נאָך הײַנטיקס יאָר...

— איך בין אף די טרעפּ געלאָפן, האָב איך אפילע ניט באַמערקט, וועלכער שטאָק...

— איך האָב דיר געזאָגט, ווען דו האָסט דעם אַדרעס פאַרשריבן, — דער פּערטער.

— און וויפל שכיינים האָט איר?

— געגוי דיר אויסרעכענען אַלע? באַ די נעמען?

— ניין, מע דאַרף ניט, — האָט ער זיך צעלאַכט, — איך האָב שוין געזען די גלעקלעך אף דער טיר, און ניט אַלע, פאַרשטיי איך, האָבן באַזונדערע גלעקלעך. דײַנס האָב איך ניט געפונען. דערצייל בעסער, וואָס האָסטו באַוויזן אופצוטאָן.

— קימאַט ווי גאָרנישט, — איז נאָך ליאַליע אַלץ אָנגעבלאָזן.

— איך זע שוין. — ער טוט זיך א הייב אוף און גייט צו צום טיש. — מיט דער צייכענונג, זע איך, האַלטסטו נאָך גאָר פון פאָרנט.

— איך האָב ניט נאָר געצייכנט. איך האָב געגוג ביז דער צייכענונג.

— ס'איז עמעצער געווען באַ דיר? געשטערט?

— ניין, קיינער ניט.

— און ביסט אין ערגעץ ניט געווען?

— איך בין נאָך פון שטוב ניט ארויסגעגאַנגען.

— פאַרוואָס זשע האָסטו אַזוי ווייניק באַוויזן? פאַר אַזאַ גרויסן טאָג? — ער גייט צו צום פענצטער. — די אופגאַבע, זע איך, האָסטו אויך ניט געלייזט. עפשער זאָל איך דיר דערקלערן?

— קיינער בעט דיך ניט. קום אהער, זעץ זיך.

זי האָט זיך פאַרקליבן מיט די פיס אפן דיוואַן, אָנגעשפּאַרט זיך אינעם װענטל. ער זיצט שוין לעבן איר.

— דו פאַרשטייסט, ליאַלקע, איך בין גרייט טאָן פאַר דיר יעדער אַרבעט. אָט הייס מיר, וועל איך צופוס דורכמאַכן צען, צוואַנציק קילאָמעטער. און נאָך מיט דיר אף די פּלייצעס א צוגאַב. נאָר טאָמער מיינסטו, אַז איך וועל פאַר דיר מאַכן די צייכענונג, האָסטו א גרויסן טאָעס.

— איך טראַכט אפילע ניט דערפון, — ווערט זי פרײַלעכער און נעמט אים ארום, — נאַרעלע דו.

— איך קאָן דיר געבן צו פאַרשטיין, באַווײַזן, דערקלערן, נאָר קעדיי עס זאָל פון דיר ניט ארויסקומען קיין דיפּלאָמירטער קאַליקע, דאַרפסטו אַלץ אַליין טאָן און זיך צו אַלץ דערגרונ־טעווען מיטן אייגענעם סייכל. סײַדן דו האָסט גאָר קיין קאָפּ ניט אף די פּלייצעס... און דאָס וואָס איז? — פאַלט זײַן בליק אפן אָפענעם ביכל. — קלאָר. א ראָמאַן. זייער וויכטיק אַלס געהילפס־מאַטעריאַל צו דער סעסיע.

זי נעמט באַ אים צו דעם בוך פון האַנט.

— איך בין מיד געוואָרן, ס'וווערט דערעסן שאַ נאָך שאַ, אָן אָן איבעררײַס, און אַזוי רו איך זיך אָפּ.

— א ליבע־ראָמאַן?

— דאַפקע ניט. קימאַט א דעטעקטיוו.

— און עס פאַרכאַפּט, ציט אַרײַן? מע קאָן זיך ניט אָפּרײַסן? אַבי די צײַט זאָל אַוועק, און עס זאָלן בלײַבן וויניקער שאָען פאַר די לאַנגווײַליקע זאַכן, צו וועלכע מע דאַרף צולייגן א ביסעלע קאָפּ.

— שטעל זיך פאָר, אַז דאָ איז אויך עפּעס אין פאַרן געדאַנק, אין פאַרן געפיל. מע קאָן זיך אַפילו פאַרטראַכטן און נאָכדענקען...

— אין א דעטעקטיוו? דו מיינסט עס ערנסט? דאָס איז דאָך א גלענצנדיקער מיטל אָף צו פאַרטויבן, אָפּטעמפּן יעדן געדאַנק. ס'איז א מין נאַרקאָטיק. לייענסט די אויסערגעוויינלעכסטע פּאַסירונגען, געשעענישן, און דו פאַרטראַכסט זיך אַפילו ניט וועגן זייער אומגלױמפּערטקײַט.

— און איך האָב זיך פאַרטראַכט... איך טראַכט איצט אויך.

— וועגן וואָס?

— אָט וועל איך דיר איבערלייענען א קאַרג זײַטל, ניט מער. הער נאָר: „געעפנט די אַרײַנגאַנגס־טיר, האָט מעגרע געמוזט בלײַבן שטיין, קעדיי זיך צוגעוווינען צום האַלב־טונקל, וואָס האָט געהערשט אין דער ווילע. די צימערן האָבן אויסגעזען פאַרדעכטיק מיט זייער אויסטערלישקײַט. דאָ האָבן זיך אָף א מאָדנעם אופן געפּאָרט אויסערגעוויינלעכע פּראַכט מיט שווידערלעכער אָפּגעלאָזנקײַט, שוין העכער פיר יאָר, אַז קיין מענטשלעכער פוס האָט ניט אַריבערגעטראָטן די שוועל, און אַלץ איז דאָ געבליבן אַזוי, ווי ס'איז געווען. דאָס טײַערסטע מעבל, די זאַכן שטייען אַזוי, ווי זיי זײַנען געשטאַנען נאָך איידער דאָס הויז האָט אָנגעהויבן פּוסטעווען. אינעם גרויסן זאַל האָט מעגרע אײַנגעשלאָסן די עלעקטרע. און פון די פיל לאָמפּן אין דער קרישטאָלענער ליוסטרע האָבן זיך אָנגעצונדן בלויז עטלעכע. זייער ליכט האָט זיך קוים אָנגעזען צוליב דעם געדיכטן שיכט שטויב, מיט וועלכן זיי זײַנען געווען באַדעקט. אָט דעם דורכזיסיקן גרויען צודעק האָט מען געזען אומעטום, אָף אַלץ און אין אַלע צימערן. אינעם שלאָפצימער האָבן א סאַך אָרט פאַרנומען די צונויפגעראָלטע טײַערע טעפּיכער, וואָס זײַנען געלעגן, ווי די פעסער, אָנגעוואָלגערט איינער אָפן אַנדערן. דערפאַר זײַנען די געשוואָלענע פּופן, די טואַלעט־טישלעך געווען צוגערוקט צום טריומאָ. אין גאַרדעראָב אָף א שטול בא דער וואַנט איז געשטאַנען א צעעפנטער טשעמאָדאַן, אינגאַנצן א לײדיקער. אָף אַנדערע שטולן זײַנען געווען אָנגעוואָרפן קליידער, געדיכט באַשאָטענע מיט נאַפטאַלין; די קליידער האָבן געהערט צום איינזאַמען פאַרשטאָרבענעם הויזווירט. מעגרע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר זײַן גרויס בילד, וואָס איז געהאַנגען אין קאַבינעט־צימער איבערן שרײַבטיש. אָפן מאַרמאָר־דעקל פונעם הויכן קאַמין איז געשטאַנען אַן אָנגעהויבן קעסטל מיט טײַערע האַוואַנער סיגאַרן. איין סיגאַר האָט געפעלט, דער ערשטער אינעם קעסטל, און דער לעצטער פאַרן זאַקן, וואָס איז אָנגעמאָלט אָפן בילד מיט אַן אָנגעצונדענעם סיגאַר אין מויל, אַן אײַנגעהילטער אין געדיכטע קנוילן רויך...“

קאַסטיע הערט איר שטים, און אַלץ, וואָס ליאַליע לייענט, זעט ער פאַר די אויגן. דער רויך אָפן בילד שלענגלט זיך און פאַרגייט צוביסלעכווײַז. דערנאָך דערזעט ער ליאַליען לעבן זיך. זי האָט אויפגעהערט צו לייענען און אַוועקגעלייגט דעם אָפּגענעם בוך אָפן דיוואַן. ער נעמט אים אין האַנט, מישט אוף דעם טיטל.

— סימאַנאָן. אַן איבערזעצונג פון פראַנצויזיש. איז וואָס?

— ווען איך האָב עס געלייענט, האָב איך גלײַך א טראַכט געטאָן: בא אונדז איז אַזוינס ניט מעגלעך. אַזא הויז מיט אַזא גוטס זאָל גאַנצע פיר יאָר שטיין און פּוסטעווען! מענטשן וואָלטן דאָך געקאָנט האַנאָע האָבן... איך וואָלט דאָרט א קינדערהויז געעפנט, אַן אינטערנאַט...

— דו ביסט בא מיר א באַוווסטזיניקע, ליאַלקע, — נעמט ער זי צאַרט אַרום, און מיט אַן איראָנישן שמייכל זאָגט ער: — ניסים. דאָס איז דאָך א גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך בא אונדז, טײַערע. א זייער פּאָשעטע און נאַטירלעכע. פּונקט ווי עס איז נאַטירלעך, אַז דער טראָטואַר איז געפּלאַסטערט געוואָרן, קעדיי מענטשן זאָלן אים באַטרעטן, אַזוי איז נאַטירלעך, אַז א הויז ווערט געבויט, קעדיי מענטשן זאָלן וווינען אין דעם. וועגן וואָס איז דאָ צו טראַכטן?

— און איך האָב וועגן דעם געטראַכט. און וועגן אונדז, וועגן אונדז ביידן האָב איך געטראַכט.

— אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָס? מיט דעם, וואָס דו האָסט נאָרוואָס געלייענט? — וווּנדערט זיך קאַסטיע.

— יאָ. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס וואָלט אַזוי אויך געדאַרפט זײַן גאַנץ פאַרשטענדלעך און... ס'איז ניט נאַטירלעך... ניט געוויינלעך, — זי ווייסט ניט, ווי אויספּלאָנטערן זיך, — ווי דאָס, וואָס איך האָב געלייענט... און אַפילו... דו באַליידיק זיך ניט, קאַסטיע, און זײַ אָף מיר ניט באַרויגעז, נאָר איך וועל קיינמאָל און בעשום־אופן ניט גיין מיט דיר... עס איז מיר

דערווידער דער גאַנצער הויף אייַערער, מיט די וועראַנדעס, מיט די דאַטשניקעס, מיט די פּרוכט־ביימער, מיט די פּיל צימערן אין די צוויי הײַזער.

— און עפּשער איך אויך דערצו?

— דו, נאַרעלע דו. איך בין גרייט מיט דיר, וווהין דו ווילסט. אַפילו אַוועקפֿאָרן פֿונדאַנען. איך האָב זייער ליב אונדזער שטאָט, און די מאַמע איז אַ קראַנקע... נאָר איך בין מסכּים מיט דיר פֿאָרן אין עק וועלט, אַבי ניט אַהין. איך קאָן ניט... — עס צעבלישטשען זיך בײַ איר טרערן אין די אויגן. — ס'איז מיר אַזוי ווילד־פֿרעמד דער גאַנצער שטייגער לעבן דאָרט. דאָס צוגעמאַכטע גאָרטן־טירל, די שלעסער מיט די פּאַרוקערס, מיט די אַלע ווינקעלעך, פֿון וועלכע עס קוקט אַרויס דער אייגנטימער.

— וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט עס צו אונדז, פֿאַרשטיי איך ניט.

— עס האָט. עס רעגט מיך איצט אויך אויף אָט די אַלע קליינקייטן, איצט, ווען איך בין נאָך אַ פֿרעמדע, און אויב לעבן דאָרטן שטענדיק... איך וועל עס ניט קאָנען. דו האָסט געזען... איך האָב דיר דערציילט וועגן דער איבערפּאַרקויפֿערן מיט די קוישן טרוסקאַווקעס. אָט באַלד וועלן זיך אָנהייבן די ווײַנשל, דערנאָך עפּל און אַנדערע פּרוכטן, דאָס גאָרטנוואַרג... און איך וועל האָבן אין דעם אַ כיילעק... די יונגע באַלעבאָסטע. ניין, קאָסטיע, איך וועל עס ניט קאָנען. קיינמאָל ניט קאָנען.

— נו, גוט, באַרויִק זיך, — ער ווישט אָפּ די טרערן און נעמט זי קושן אין די אויגן. זי פֿאַרוואַרפֿט די הענט אויף זײַנע אַקסלען און דריקט זיך צו צו אים.

אָפּדערנאַכט. עס קלײַבט זיך אַ שטורעם. די דאַטשניקעס פֿאַרלאָזן דעם הויף. מע טראָגט אַרײַן אין די צימערן אַלץ, וואָס טאָר ניט פֿאַרנעצט ווערן. עס פֿאַלן די ערשטע שווערע רעגן־טראָפּנס. עמעצער פֿרעגט בײַ טאַמאַרע שאַכנאַווונען, וועלכע טראָגט אַרײַן אין שטוב דאָס בעט־געוואַנט:

— עפּעס זעט מען ניט אייַער ליאַלקע. שוין דעם צווייטן טאָג, אַז איך זע זי ניט.

— זי נעכטיקט אין שטאָט, — ענטפֿערט געאָרגי אָסיפּאָוויטש, וואָס לייגט צונויף דאָס הענג־בעטל, — זי גרייט זיך צו דער סעסיע.

ליאַליע בײַ זיך אין צימער, אַרבעט איבער דער צייכענונג אונטער די געמיטלעכע קלאַנגען פֿון מוזיק, וואָס טראָגן זיך פֿונעם ראַדיאָ־אָפּנעמער. עס דונערט. דורכן אָפֿענעם פֿענצטער זעט מען די אָפֿטע בליצן, וואָס בלענדן די אויגן. ליאַליע פֿאַרמאַכט דעם פֿענצטער און לאָזט אַראָפּ די שטרויענע שטאָרע.

אין דער זעלבער צײַט קאָסטיע בײַ זיך אין דער היים צעפּראַלט דעם פֿענצטער און בלײַבט שטיין אַ באַטויבטער פֿונעם רעגן־גערויש. די טראָפּנס שפּריצן אים אין פּנים אַרײַן. ער טראַכט אין דער הייך:

— געדאַרפֿט געווען בלײַבן אין שטאָט. ערגעץ איבערנעכטיקן. און מאָרגן זיך אָפּבעטן בייסן מיטיק־איבעררײַס.

— דו זאָגסט עפּעס, קאָסטיע? — פֿרעגט וואַסילי, וואָס באַטראַכט באַם טיש די פּאַטאַס אין גרויסן אַלבאָם.

— ניין, פֿעטער וואַסילי. דער רעגן האָט זיך, אַפּנים, פֿאַרמאָסטן אויף אַ לאַנגער צײַט.

— מעגלעך. זאָל ער גיין. די איצטיקע רעגנס זײַנען אַ גרויסע גנאָד, אַן אויצער פֿאַר אונדזערע פֿעלדער. איך ווייס ניט, ווי דאָ, נאָר אין אונדזערע קאַנטן... בײַ אונדז איז פּונקט איצט די צײַט... און ווער איז אָט דער, מיט די וואָנצעס, וואָס נעמט דיך אַרום?

— מײַן שול־לערער, דער מאַטעמאַטיקער, — איז קאָסטיע צוגעגאַנגען צום טיש, — אַ היגער. ער איז מיר ביז הײַנטיקן טאָג אַ גוטער, געטרײַער כאַווער.

ער האָט זיך, ווײַזט אויס, אין עפּעס דערמאָנט און וויל זיך לאָזן צום אַרויסגאַנג.

— גייסט שוין אַוועק, קאָסטיע?

— איך וועל דערווײַל גיין זוכן דעם רעגנמאַנטל.

— וווהין קלײַבסטו זיך דען אין אַזאַ גוסרעגן? וואַרט שוין צו, ביז ער וועט שטילער ווערן... און ווער איז אָט דער?

— מײַנער אַ פּראָפֿעסאָר פֿון אוניווערסיטעט. געלייענט פֿילאָסאָפֿיע.

— אַ פּראָפֿעסאָר? און זעט אויס, ווי אַ קאָמישער אַלטיטשקער. ווען איך דערזע אים אין גאַס, וואָלט איך געמיינט... אַף וועמען קאָן ער זײַן ענלעך?

— ער איז פֿאַראיאָרן געשטאָרבן. אַ באַרימטער געלערנטער געווען. מיט אַ וועלט־נאָמען.

וואסילי מישט איבער דאָס זײַטל. צווישן די אַרײַנגעשטעקטע בילדער ליגט מיטן פּנים אַראָפּ אַ מאַמענטאַלע פאָטאָ. ווען ער קערט זי איבער, טוט ער זי אַ כאַפּ אַרויס און קוקט אויף קאָסטיען.

— איך ווייס, — ענטפערט קאָסטיע מיט אַ שמייכל, — דאָס איז דער זיידע טריפאָן. איך האָב זי געפונען אינעם אַלטן קאַסטן, וואָס אויפן בוידעם.

— אינעם אַלטן קאַסטן, — שאָקלט באַדויערנדיק וואסילי מיטן קאָפּ, — אויפן בוידעם, און בײַ מיר הענגט זי ווי אַ הייליקײַט, סאַמע אויבנאָן. אַ גרויסן פּאָרטרעט האָב איך דערפון געלאָזט מאַכן.

וואסילי מיט אַ גרופּע מענטשן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך עטלעכע אויסלענדער, ווײַזט אויס צײַטונגס־קאָרעספּאָנדענטן, גייט אַרויס פון דאָרפסאָוועט. ער פירט זיי צו זײַן שטוב, וואָס געפינט זיך בישכיינעס. דורך אַ קליינעם פירהויז גייען זיי אַרײַן אין ניט קיין גרויסער קיך מיט אַן עסטיש אין דער מיט. פון דאָרט פירט אַ טיר אינעם שלאָפצימער, די צווייטע — אינעם זאַלכל, וואָס איז מיט געשמאַק אויסמעבלירט. פונעם בילד אויף דער וואַנט קוקט אַראָפּ דאָס קימאַט פּירקאַנטיקע ברייטע פּנים פונעם אַלטן טריפאָן. קנייטשן אויפן הויכן שטערן, אַ טיפער קאַרב לעבן מויל, ווו אין די ווינקלען ליגט פאַרבאָרגן אַ קלוגער שמייכל.

די קאָרעספּאָנדענטן קוקן זיך אַרום, עפּעס פרעגן זיי, דער איבערזעצער ענטפערט.

— ווי עס איז אַמאָל געווען, אין די צאַרישע צײַטן, וויסן מיר, — זאָגט איינער פון די אויסלענדער. — מיר זעען אויך, אַז איר האָט אַ גאַנץ פײַנע וווינונג. זײַט איר דאָך, אַזוי צו זאָגן, דער שעריף פון דאָרף, דער פּאַרזיצער פון דאָרפסאָוועט, ווי מע רופט עס בײַ אייך. מיר וואָלטן וועלן זען אַנדערע פּויערשע הייזער.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — ענטפערט וואסילי, — דאָרט וועט איר זען שענערס, ווי בײַ מיר.

ער גייט אַרויס צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם.

אין דרויסן כליופּעט, ווי פון אַן עמער. קאָסטיע אינעם רעגנמאַנטל מיטן קאַפּיושאָן אויפן קאָפּ, אין גומענע שטיוול אויף די פּיס שפּאַנט אונטערן גוסרעגן, ניט אויסמײַדנדיק די קאַליוזשעס. עס קלינגט אים אין די אויערן דעם פעטער וואסיליס געלעכטער און זײַנע לעצטע ווערטער:

— באַדאַרפט געווען זיי ברענגען אַהער, באַווײַזן דײַן טאַטנס באַלעבאַטישקײַט. אַ פּאַרעץ, און גאָר. זיי וואָלטן האַנאָע געהאַט, ווי מיינסטו? עפּעס שמעקט דאָ גאָר, ווי זיי זײַנען געוווינט.

קאָסטיע קלאַפּט אָן אין אַ טיר פון אַ לענגלעכער איינשטאָקיקער געבײַדע אויפן הויף פון דער שול. עס לאָזט אים אַרײַן זײַן פרײַנט, דער מאַטעמאַטיק־לערער. ער ווישט די ברילן, וואָס ער האָט אַראָפּגענומען, און באַקוקט מיט גרויס כידעש קאָסטיען.

— אַנטשולדיקט מיר, סטעפּאַן אַנדרייעוויטש, וואָס אַזוי שפּעט. איך גלייב, איר קלײַבט זיך נאָך ניט גיין שלאָפן?

— ביטע, קום אַרײַן, קאָסטיע.

עס האָט שוין אָנגעהויבן שאַרױען אויף טאָג. נאָכן רעגן איז אין דער לופט געבליבן הענגען אַ געדיכטער נעפּל, וואָס האָט אײַנגעהילט קאָסטיען מיטן לערער, ווען זיי זײַנען אַרויס פון שטוב.

— ס'איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו געבן אַן אייצע אין אַזאַ קאָמפּליצירטער סיטואַציע. נאָר איך מיין, אַז דו ביסט געקומען צום ריכטיקן אויספיר. די קליינע דײַנע, מע קאָן זי פאַרשטיין. דאָס איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש פאַר די נאָכמילכאָמעדיקע. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט ריידן מיטן פולן מויל. זאָגן אַלץ, וואָס מיר דערזאָגן צומאָל ניט.

קאָסטיע בעשאַסן מיטיק־איבערײַס בײַ זיך אויף דער אַרבעט. ער רעדט מיט דער סעקרעטאַרן פון דירעקטאָר.

— מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, איך וועל פאַרשפּעטיקן אויף אַ שאָ אַנדערהאַלבן־צוויי נאָכן איבערײַס. פאַרשרײַבט, ביטע.

— וואָס איז געשען?

— ס'איז גאָרנישט ניט געשען. איך דאַרף דרינגענדיק צופאָרן אַהיים.

— צוליב פּערזענלעכע ענינים?

— יאָ, מע קאָן אפילו זאָגן צוליב אינטימע, — רוימט ער איר אײַן אין אויער אָן אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— צוליב פּערזענלעכע איניאַנים, — פאַרשרײַבט זי, — שטענדיק שפּאַסט איר מיט מיר, קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטש.
ווען זי הייבט אוף דעם קאָפּ, איז ער שוין ניטאָ.

קאָסטיע שטייט שוין איצט פאַר דער סעקרעטאַרן פון פאַרזיצער פון אויספּירקאָם באַ זיך אין יישעוו. זי לייענט לאַנגזאַם דאָס פּאַפּיר, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט. נאָכן איבערלייענען קוקט זי אַף אים דערשטוינט.
— איך וואָלט דיר ניט געייצעט, קאָסטיע... צוליב אַ צימער אין שטאָט...
— איך בין דיר זייער דאַנקבאַר פאַרן מיטגעפיל. נאָר איך בעט דיך...
— איך מיין, דו וואָלסט עס געדאַרפט דערלאַנגען אין וווינונגס־אָפּטייל...
— דו גיב עס אָפּ דעם, וועמען דאָס איז אַדרעסירט.
— עפּשער וועסטו אַליין אַרײַנגיין צו אים?
— איך קאָן אַרײַנגיין, — וויל ער צוריקנעמען די מעלדונג.
— ער איז אָבער איצט ניטאָ, און ער וועט שוין עפּשער הײַנט ניט זײַן. הײַנט איז דאָך אַ קורצער אַרבעטס־טאָג. ער נעמט הײַנט ניט אוף.
— וועסטו עס איבערגעבן, ווען ער וועט קומען. נאָר אים פּערזענלעך. פאַרבלײַב געזונט...
געזעגנט זיך מיט איר אַפּגיך און לויפט געשווינד אַרויס פון צימער. אין קאָרידאָר שטויסט ער זיך אָן אַף גריגאָרי סעמיאָנאָוויטשן.
— קאָנסטאַנטין? האַ? וואָס טוסטו דאָ? אַ גוט־העלף, — גיט ער אים די האַנט.
— איך האָב דאָ געדאַרפט... — ווייסט ניט קאָסטיע ווי זיך אויסצודרייען, — ניט וויכטיק...
— וואָס זשע פונדעסטוועגן?
— אַזוי זיך, איך האָב דאָ אָן איניען.
— אַ ספּראַווקע? קום, קום אַרײַן צו מיר.
— איך קאָן ניט, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש. איך אײַל זיך. באַ מיר ענדיקט זיך שוין דער מיטיק־איבערײַס.
פון דער אָפּענער טיר הערט זיך אַ טעלעפאָן־קלונג.
— וואַרט אַ ווײַלע. איך וועל עס מאַכן בעקיצער. — ער לויפט צום טעלעפאָן, — קום אַרײַן אַף אַ מינוט... האַלאָ, — שרײַט ער אין טרײַבל, — גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש הערט... איך הער אײַך...
— איך קאָן ניט, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, אַדיע. — און קאָסטיע פאַרשווינדט.
— ווער? פון דער מיליציע? — שרײַט גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש אין טרײַבל אַרײַן. — פּעטראָ־כאָוו? נו גוט, גיב אים אהער. איך וואַרט! ווידער די לערערן? — רעדט ער צו זיך. — אָט אַ זאַטשעפּע, זי קאָן שוין ניט צוּוואַרטן, עס ברענט... — אין טרײַבל: — נו, וואָס איז דאָרטן? זאָג איר, פּעטוכאָוו, אויב זי וועט אַזוי דאַקוטשען... וואָס הייסט ווער? די לערערן, מיין איך. וואָס? וואָס? קאָנסטאַנטין זאַכאַראָוויטש? ער איז דאָ באַ מיר נאָרוואָס געווען. איך האָב גערעדט מיט אים. וואָס רעדסטו? וואַרט אַ ווײַלע... — ער לויפט, זוכט קאָסטיען אין קאָרידאָר, אין דרויסן, באַ דער סעקרעטאַרן.
— געווען און איז אוועק, — זאָגט זי אים.
גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש ווידער באַם טעלעפאָן.
— אַזוי? געלאָזט דעם פּאַספּאָרט, זאָגסטו? דו אײַל זיך ניט דערוויל, פּעטוכאָוו. טו מיר די געפעליקײַט און אײַל זיך ניט... לאָז עס ניט אין גאַנג. ניין, איך קאָוויר דיר. קאַפּיטאָלינא איוואַ־נאָוונאַ ווייסט נאָך ניט דערפון, און זאַכאַר טריפאָנאָוויטש אויך ניט. נו, גוט, זײַ געזונט.
ער לויפט צו דער סעקרעטאַרן, וואָס רײַסט איבער דעם געשפּרעך מיט די באַזוכער. זיי סוידען זיך. זי באַווײַזט אים קאָסטיעס מעלדונג. אַ צעטרודערטער קוקט ער אַפּגיך דורך דאָס פּאַפּירל און, אַ שטאַרק אופגערעגטער, זאָגט ער איר עפּעס אָפּן אויער. זי קווענקלט זיך.
— ער האָט מיך געבעטן פּערזענלעך אָפּגעבן.
— אַז איך זאָג דיר, ביז מאָרגן אינדערפרי.
— מאָרגן איז זונטיק.
— נאָך בעסער. איבערמאָרגן גאַנצפרי באַקומסטו עס צוריק. איך שווער דיר... — ער לייגט צונויף דאָס פּאַפּירל און לייגט עס אַרײַן אין קעשענע.

עס איז שפּעט אין אָוונט. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש און געאָרגי אָסיפּאָוויטש באַ די פּאָדובניס אין עסצימער. פון צווייטן צימער גייט אַרײַן אָן אופגעבראַכטע קאַפּיטאָלינא גאַווריִלאָוונאַ.

— ער וועט שוין ניט קומען. איך זאָג אײַך, אַז ער וועט שוין ניט קומען. ס'איז געבליבן נאָר דער לעצטער צוג.

— ס'איז נאָך ווײַט צום לעצטן. עס דאַרפֿן נאָך זײַן צוויי ביזן לעצטן.

— אָט דאָס איז, אַז מע ווייסט ניט קיין געזעצן. ווען ער זאָל וויסן, אַז יעדער בירגער האָט דאָס רעכט... אַבי נאָר פֿון ערלעכע פּאַרדינסטן, וועלכע מע קאָן דערווײַזן...

— דאָס האָבן מיר שוין געהערט, געאָרגי אָסיפּאָוויטש, און אַלע וויסן עס.

— און קאָסטיע פֿאַרשטייט עס ניט? — איז אויסער זיך קאַפּיטאָלינאַ גאַווריליאָוונאַ. — ער האָט די גאַנצע צײַט געהאָפֿט באַקומען אַ שטאָטישע דירע. נאָר ווער האָט גערעדט דערפֿון, אַז ער וועט זיך מוזן אָפּזאָגן פֿון דער אייגענער שטוב... ניין, דאָ איז עפּעס ניט דאָס... דאָ איז עפּעס... איך ווייס אַליין ניט, וואָס צו טראַכטן...

— וואָס איז דאָ צו טראַכטן? ער איז נאָך פּאָשעט יונג און פֿאַרשטייט ניט דאָס פּראַקטישע לעבן. אָט נעמט מײַן ליאַליען. וואָס פֿאַרשטייט זי?

— וואָס גלײַכט איר קאָסטיען צו אײַער ליאַליען?

— דאָס איז עמעס. זי איז אַ סאַך ייִנגער פֿון אים.

— ניט נאָר ייִנגער. זי איז נאָך ביכלאַל אַ נאַריש קעלבל.

— פֿונדעסטוועגן האָבן מיר זיך, אַפּאַנעם, צוגעײַלט מיט אָפּשרײַבן אַף אים דאָס הויז.

— איר האָט דאָך אונדז אַליין געייצעט, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש.

— געדאַרפֿט געוועזן אים פֿריִער כאַסענע מאַכן. ער זאָל שוין זײַן אַ טאַטע. וואָלט אַלץ געווען אַנדערש.

— איך פֿאַרשטיי אײַך...

— איך מיין, פֿאַר אַ פֿאַמיליע דאַרף מען שוין געבן אַ גאַנצע דירע, און דערמיט אײַלט מען זיך דאָרט ניט. אָבער אַזוי, אַ באָכער... מע פֿאַרשטעקט אים דאָרט ערגעץ אין אַ צימערל מיט שכיינים, און גענוג פֿונזײַנעטוועגן. אָט ווו דער הונט ליגט באַגראָבן.

— יעדערער קוקט צו זיך אין ווײַנגאָרטן, און באַ מיר... דער קאָפּ ווערט מיר צעשפּאָלטן. — פֿון גאַס קומט זאַכאַר טריפֿאָנאָוויטש. — נו, וואָס?

— מע זעט ניט און מע הערט ניט.

— וואָס זשע ביסטו געקומען?

— ס'איז מיר נימעס געוואָרן דאָס אַרויסקוקן.

— אויך מיר אַ טאַטע... גיי פֿאַרלאָז זיך אַף אים... און אַנדערער אַף דײַן אָרט...

— וואָס קאָן איך טאָן?

— איך ווייס, אַז דו קאָנסט ניט... איך האָב כאַראָטע, וואָס איך בין גלײַך נאָך דער אַרבעט ניט געפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן.

— ווו וואָלסטו אים געזוכט נאָך דער אַרבעט?

— איך וואָלט אים שוין געפֿונען, האָב קיין דײַגע ניט.

— פֿאָלגט מיך און קומט אַרויס אין גאַס. ס'איז באַ אײַך דושנע. מיר וועלן זיך דורכגיין צו דער סטאַנציע. איך בין זיכער, אַז ער וועט נאָך קומען. מיטן לעצטן צוג וועט ער אָנקומען. איר וועט זען, — טרייסט זיך און זיי גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש.

— גיי נאָכאַמאָל אַרויס.

— קומט איר, קאַפּיטאָלינאַ גאַווריליאָוונאַ, קומט מיט.

— גיי דו, — בעט זיך באַ איר דער מאַן, — איך וועל שוין בלײַבן אין דער היים.

קאַפּיטאָלינאַ גאַווריליאָוונאַ מיט גריגאָרי סעמיאָנאָוויטשן אַפּן וועג צו דער סטאַנציע, אין צימער בלײַבן זאַכאַר מיט געאָרגי אָסיפּאָוויטשן באַ דער הייסער טיי.

— אַ ווײַב האָסטו, זאַכאַר, אָקרעפּ... הייסער פּריסעק.

— וואָס קומט אַרויס? וואָס האָט זי אויפֿגעטאָן מיט איר פֿײַער? אַפֿילו די קינדער צו קיין טאַכלעס ניט געקאָנט ברענגען. דו זעסט דאָך... שוין דער געראָטענער קאָסטיע...

— דאָס איז גאָרנישט. עס טרעפֿט, מע באַגייט אַ נאַרישקייט. ס'איז גרינג צו פֿאַריכטן.

— ער האָט זיך פֿון אונדז אינגאַנצן אָפּגעטיילט. אַפֿילו זי האָט באַ אים קיין דייע ניט. מיך אַכטעט ער נאָך פֿונדעסטוועגן, און מיט איר קריגט ער זיך אָפּט. צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן... איך וועל דיר דערציילן... — עס קומט אַרײַן וואַסילי. — גוט, וואַסיל, וואָס דו שלאָפֿסט נאָך ניט. וועסטו מיט אונדז טרינקען טיי.

— און וואָס זײַט איר נאָך אויף אַזוי שפּעט?

— מאָרגן איז זונטיק. האָסט פֿאַרגעסן, מיר האָבן מאָרגן אַ פֿרײַען טאָג. — זאַכאַר נעמט אים אָנגיסן טיי.

זונטיק אינדערפרי. אף דער טעראַסע דאָס פּאַרפּאָלק פּאַדובני מיט וואַסילין זיצן באַם פרישטיק.

— דער זון, פאַרשטיי איך, האָט זיך אין שטאָט פאַרהאַלטן. נו, און די טאָכטער? — פרעגט וואַסילי.

— זי איז מיסטאַמע אַוועק אַף דער אָזערע, זיך באָדן.

— אָן פרישטיק?

— זי האָט געווויס עפּעס אַליין איבערגעכאַפּט, — פאַרענטפערט זי די מאַמע.

— אַליין?.. און זי האָט אַפילע ניט קיין פאַרלאַנג איין מאָל אין וואָך זיצן באַם פרישטיק אינאיינעם מיט טאַטע־מאַמע?

— אַ גרויסער אינטערעס איר טאַטע־מאַמע. אַבי זי האָט די יונגען אירע... מיט...

— וואָס זשע? — לאָזט דאָס ווייב אים ניט דעריידן. — זי איז אַ קליין קינד? האָט אירע אינטערעסן, איר קאָמפּאַניע.

— באַ מיר, זעט איר, איז עס ניט אַזוי. באַ מיר אין אַ פרייַען טאָג נעמען זיך אַלע צונויף באַם טיש. ס׳קומט אַפילע וואַליע מיטן מאַן, מיטן קליינעם אַף די הענט...

גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש קוקט אַרייַן אַף דער וועראַנדע.

— נאָך ניט געקומען? גוט־מאָרגן. אַ גוטן אַפּעטיט.

— קומט אַרוף, גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, וועט איר מיט אונדז פרישטיקן.

— אַ דאַנק. — ער גייט אַרוף. — וואָס איז דאָס פרישטיקן מיט אייַך? באַ מיר אָן אַ גלעזל הייסט אַ פּיסנער טיש.

— מע קאָן מיט אַ גלעזל. זעצט זיך.

זי באַזעצט אים לעבן זיך, אויבנאָן, קומט באַלד מיט אַ פלאַש קאָגאַר און נעמט צעגיסן דעם ווייַן אין די גלעזלעך. גריגאָרי אָסיפּאָוויטש שרייַט צו זיי פונדערווייַטנס:

— אָט גייט אייַער קאָסטיע.

זיי קוקן אַלע פון דער וועראַנדע אַפּן וועג.

— נאָך עמעצער גייט מיט אים, — באַמערקט זאַכאַר טריפּאָנאָוויטש.

— ס׳איז מייַן קליינע. וואָס עפּעס אינמיטנדערינען? מיר האָבן זיך ניט גערעכט אַף איר. זי גרייט זיך דאָרט אין שטאָט צו דער סעסיע.

— קום אַרוף, געאָרגי, וועסטו מיט אונדז פרישטיקן, — לייגט פאָר זאַכאַר.

געאָרגי, שוין אַף דער וועראַנדע, יִשעווט זיך:

— איך וואָלט געדאַרפט גיין אַנטקעגן מייַן קליינער. וואָס איז דאָרט געשען באַ איר?

— איך וויל, אַז איר זאָלט זייַן דערבייַ, — זאָגט אים אין דער שטיל קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל־לאָוונאַ, — איר זייַט דאָך באַ אונדז אַ היימישער מענטש.

זי גיסט אים אָן אַ גלעזל ווייַן און רוקט אים אונטער צובייַסן. מע קלאַפּט זיך מיט די גלעזלעך און מע ווינטשעוועט זיך, מע זאָל זייַן געזונט און אַלץ זאָל זייַן גוט. קאָסטיע מיט ליאַליען זייַנען שוין אַפּן הויף. קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל־לאָוונאַ שרייַט צו אים:

— קום אַהער, קאָסטיע, האָסט געטראָפן פונקט צום פרישטיק.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש מיט ליאַליען:

— וואָס ביסטו געקומען צו פאָרן? די מאַמע פילט זיך גאַנץ גוט.

— זי נעמט נאָך איין די פּראָשקעס?

— נייַן. דער קאָפּ האָט איר אינגאַנצן אופגעהערט ווי טאָן. איך ווייס אַפילע ניט, צי זי דאַרף איצט די אייַנשפּריצונגען.

— פאַרוואָס האָסטו אונדז ניט דערציילט, אַז דו באַקומסט אַ דירע? — פרעגט קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל־לאָוונאַ באַ קאָסטיען.

— ווער האָט אייַך געזאָגט, אַז איך באַקום אַ דירע?

— ווילסט עס האַלטן בעסאָד? אונדז אונטערטראָגן אַ סורפּריז?

— איך באַקום גאָרנישט ניט. מע האָט שוין באַ אונדז צעטיילט דאָס הויז. עפּשער אַ צווייט מאָל.

— טאַקע אינדערעמעסן? דו זאָגסט עס ערנסט? — קוקט זי אַף אַלעמען און דעריקער אַף גריגאָרין.

געאָרגי אָסיפּאָוויטש ווענדט זיך אויך אָפּ פון ליאַליען.

— צוליב וואָס זשע האָסטו עס געטאָן? — פרעגט קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל־לאָוונאַ דערשטוינט באַ קאָסטיען.

— וואָס האָב איך געטאָן? וואָס מיינסטו?

— דו ווייסט ניט, וואָס איך מיין?

— איך ווייס ניט, וואָס דו ווילסט פון מיר.
— נו, און די מעלדונג, — פּאַרהיקעט זיך אזש גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, — האָסט דאָך אָנגעגעבן אַ מעלדונג.
— יאָ, איך האָב באַשטימט זיך אויסשרײַבן פונדאַנען און וווינען אין שטאָט.
— ווער לאָזט דיך ניט וווינען אין שטאָט? — רופט זיך ענדלעך אָן זאַכאַר טריפאָנאָוויטש. — און ווו וועסטו וווינען, אַז דו באַקומסט קיין דירע ניט?..
— איך וועל געפינען ווו צו וווינען. מע קאָן דינגען. אין די נײַע מאַסיוון.
— וואָס זשע פאַר אַ שײַכעס האָט עס צו אונדזער אַלט הויז, וואָס דו מעלדעסט, אַז דו זאָגסט זיך אָפּ דערפון? — האָט שוין זאַכאַר געהעכערט די שטים.
— איך דאַרף ניט קיין הײַזער דאָ.
— דו דאַרפסט ניט? דו האָסט עס ניט געבויט. דו האָסט אין דעם קיין מי ניט אַרײַנגעלייגט. אַזוי־פיל די ווערט, — באַווײַזט זאַכאַר אַ שטאַרק אויפגעבראַכטער אויפן שפּיץ פינגער, וואָס ער רוקט קאָסטיען צו צו דער נאָז.
— היץ זיך ניט. באַרויִק זיך, — שטויסט קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל אָוונאַ אָפּ דעם מאַן פונעם זון, און צו קאָסטיען: — נאַ דיר צוריק דאָס פּאַפּירל דײַנס. נעם אַליין און צערײַס עס.
— איך וועל עס ניט צערײַסן. איך וועל אַ צווייטס אָנשרײַבן און דערלאַנגען. — איז שוין קאָסטיע אויך אין כּעס געוואָרן.
— מע זאָל באַ מיר צונעמען מײַן הויז, וואָס איך האָב אַליין געבויט, מיטן אייגענעם בלוט און שווייס, ווען דו ביסט נאָך אונטערן טיש צופוס געגאַנגען?
— דו האָסט ווו צו וווינען. אינעם נײַעם הויז... פאַר דרײַען גאַנץ גענוג. אין דעם הויז איז אויך דאָ בלוט און פלייש?
— פאַר דרײַען? דו ציילסט מיר שוין די נעפּאַשעס? טאָניען דאַרף מען ניט כאַסענע מאַכן? און איך מיט דער מאַמען האָבן באַ דיר גאָר קיין ווערט ניט? דו ביסט אַן אויסוווּרף. איך האָב ניט געוווּסט, אַז איך האָב אַזאַ שלאַנג אויסגעהאָדעוועט.
— זעץ זיך אַוועק, זאָג איך דיר, און מיש זיך ניט, — האָט קאַפּיטאָלינאַ גאַווריל אָוונאַ אָנגעשריִען אויפן מאַן, — נעם צו די מעלדונג, קאָסטיע. דו וועסט זיך באַטראַכטן, וועסטו אַליין פאַרשטיין, אַז... מע טוט ניט אַזאַ נאַרישקײַט.
— ווער טוט עס אַזאַ ווילדע זאַך? זיך אָפּזאָגן פון אַן אייגן הויז, וואָס דו וועסט עס אײַנגיכן אַליין באַדאַרפן... מענטשן וועלן דאָך אין די פויסטן לאַכן... — איז אויסער זיך גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש.
— איך וועל עס ניט באַדאַרפן. איך וועל דאָ ניט וווינען. איך וועל ניט בלײַבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, — באַשטייט קאָסטיע אויף זײַנס.
— דו מיינסט, קאָסטיע, — רופט זיך אָן געאָרגי אָסיפּאָוויטש געלאַסן, — אַז דאָס וועט דיר שטערן צו באַקומען אין שטאָט אַ וווינונג? וויפל זײַנען דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן גוטע וווינונגען אין שטאָט און דערצו נאָך אייגענע דאַטשעס. דו האָסט דאָס רעכט, ווי אַ וויסנשאַפטלער, אויב ניט איצט, איז ווען דו וועסט אָפּגעבן די דאָקטאָרסקע.
— איר אויך? און איר שעמט זיך ניט? אַליין וווינט איר מיט אַ קראַנקער פרוי אין אַ פיצינקן צימערל...
— פונוואַנען ווייסטו, וויאַזוי איך וווין? — איז ליאַליעס טאַטע נישטוימעם.
— איך ווייס, און נאָך אויפן פערטן שטאָק. אָט דערפאַר וואַרט איר אַזוי לאַנג און איר וועט קיינמאָל אויף קיין בעסערס זיך ניט דערוואַרטן, אויב אַלע וועלן דענקען אַזוי, ווי מײַן טאַטע־מאַמע... און איר אויך מיט זיי. נאָך אַ פאַרטייער...
— איך קאָן וואַרטן... — האָט זיך געאָרגי אָסיפּאָוויטש פאַרלוירן, — אַנדערע וווינען אַ סאַך ערגער. מיר האָבן אַ גאַנץ גוטן צימער אין אַ גרויס הויז. דו ביסט ניט געווען באַ מיר, ווייסטו ניט.
— איך ווייס. איך בין געווען. אין אַ גרויס הויז — און ס'איז ניטאָ זיך ווו אַ דריי צו טאָן...
— ווען ביסטו געווען? ווי קומסטו זײַן באַ מיר?
— ער איז געקומען צו מיר, — באַווײַזט זיך מיטאַמאָל ליאַליע, — אייערנעכטן און נעכטן, און איצט פאָרן מיר פון דאָרט.
— דו לאָדסט קיינמאָל קיינעם ניט אײַן צו זיך, — וווּנדערט זיך געאָרגי אָסיפּאָוויטש, — אַפילו קיין כאַווערטע ניט... פון די סאַמע נאָענטע.
— און אים, טאַטע, האָב איך געבראַכט צו אונדז... ווײַל ער איז... ער איז מיר אַ סאַך נעענטער, ער וועט אײַנגיכן ווערן מײַן מאַן.
— ביסט פון זינען אַראָפּ? וועגן וואָס... רעדסטו? — האָט געאָרגי אָסיפּאָוויטש אַ מעוואָל־בעלער געשטאַמלט, — איך פאַרשטיי דיך ניט.

אף וואסיליס ליפּן באַווײַזט זיך א שמייכל, ווען ער קוקט צו, ווי זײַן ברודער גיט פון איבערראַשונג און אומבאהאָלפענער א פאַל אפן שטול. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש, רויט ווי א צוויק, וויל עפּעס זאָגן און קאָן קיין וואָרט ניט ארויסברענגען. איין קאַפּיטאָלינא גאַוורילאָוונא, אויך א דערשטוינטע, איז לאַנגזאַם צו צום מיידל. מיט א ביטערן שמייכל זאָגט זי:

— עפּשער ביסטו געקומען צו מיר באַקומען מײַן בראָכע? צי דו ווייסט אפילע ניט, אז אזוי פירט זיך בא לײַטן?

ליאַליע קוקט איר אין פּאָנעם ארײַן און שווײַגט. קאָסטיע איז צוגעגאַנגען צו ליאַליען און ארומגענומען זי. דאָס האָט די מוטער שיר ניט ארויסגעבראַכט פון די קיילים. זי רעדט שאַרף, נאָר מיט א רויִק קאָל:

— איז אָט, איידער דו פאַרנעמסט זיך פונדאַנען, טו מיר א קוק אין די אויגן און פאַרגעדענק מײַנע ווערטער. דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען. קיינמאָל אין דער וועלט ניט. און דו, מײַן זון, — וויל זי זיך ווענדן צו קאָסטיען, נאָר קאָסטיע מיט ליאַליען זײַנען שוין אראָפּגעלאָפן פון דער וועראַנדע, — אנטלויפסט? — שרײַט זי נאָך דעם זון. — לויף, לויף! וווהין דו זאָלסט ניט לויפן, וועסטו קיין בעסערע סטאַנציע, ווי אין דער היים, ניט געפינען. מיר וועלן זען, מיט וואָס פאַר א פּאָנעם דו וועסט זיך אומקערן, אזא אומלײַט וואָס דו ביסט.

דער צוג, וואָס איז געקומען פון שטאָט, איז נאָרוואָס אוועק. פון דער קעגנִיבערדיקער פּלאַט־פאָרמע האָט טאַניע מיט אירע צוויי כאַווערים דערזען וואָלדעמאַרן. זיי שרײַען, ער זאָל אריבער־גיין צו זיי. עמעצער ווענדט זײַן אופמערקזאַמקײַט, אז מע מיינט עס אים. זיי טרעפן זיך אף דער בריק, וואָס פאַרייניקט ביידע פּלאַטפאָרמעס. וואָלדעמאַר לאָזט ניט ארויס פון די הענט די פּאָטאָ־בילדער, וואָס ער באַווײַזט זיי. די גרופּע שטערט די מענטשן, וועלכע אײַלן אהין און צוריק, ביפראַט נאָך, אז זיי שטייען ניט אײַן אף אן אָרט. אף אלע באַמערקונגען ענטפערן זיי גראָב און צולאָכעסדיק. וואָלדעמאַר ווערט זיך:

— איך וועל קיינעם גאָרנישט ניט געבן, אכוץ איין טאַניען. זאָל זי אין שטוב בא זיך באַווײַזן איר מאַמען.

טאַניע האַלט אים ארומגענומען.

— לאָמיך דיך א קוש טאָן, וואָלדעמאַר. דו ביסט א מאַזיק.

— אָ, ניין, טײַערע. מע קאָן אונדז נאָך אָפּטאָן דאָס זעלבע און דערנאָך עס אונטערטראָגן מײַן מאַמען.

— וואָס זשע האָסטו מוירע, נאַרעלע? דײַן מאַמע ווייסט דאָך, אז מיר זײַנען גרויסע גוטעפרײַנט.

— דו מיינסט, אז אלע זײַנען פייִק אף אזא נידערטרעכטיקײַט?

— דו — זיכער ניט. איך בין ספּעציעל געבליבן אין שטאָט נעכטיקן, איך זאָל זיי קאָנען ברענגען גרייטע. זיך קוים אײַנגעבעטן בא א קאָרעש. מיר האָבן זיך פאַרשפּאַרט מיט אים אפן גאַנצן אפּדערנאַכט. די שכיינים האָבן געגוואַלדעוועט, זיך געריסן, געוואָלט ארײַן אין דער וואַנע. גוט, וואָס זײַנע אָוועס זײַנען אין דער היים ניט געווען.

— ס׳גייט שוין דער צוג. קומט אראָפּ, מיר וועלן ניט באַווײַזן.

— איך בין שוין קיין פאַסאַזשיר ניט. איך לויף דערמיט גלײַך צו דער מאַמען.

— איז ניטאָ וואָס צו פאָרן, אויב אזוי. קומט.

זיי לאָזן זיך קעגן שטראָם, וואָס אײַלט צום צוג. בא וואָלדעמאַרן פאַרמאַכט זיך ניט דאָס מויל:

— איך פאָר מיטן טראַמוויַי. איך זע, זי שטייט איינע אליין. בין איך באַם ערשטן אָפּשטעל אראָפּגעשפּרונגען און — צו איר. איך האָב זי שוין געוואָלט פאַרטשעפּען, דערזע איך קאָסטיען. אָט דאָ, טראַכט איך, וועל איך זיי שוין אָפּשטעמפּלען. גוט, וואָס איך האָב דעם אפּאַראַט בא זיך. גיי ריכט זיך, — צעלאַכט ער זיך, — אז זי וועט אים נאָך ארומכאַפּן מיט ביידע הענט, און אינ־מיטן העלן טאָג פאַר אלעמען אין די אויגן וועט זי אים נעמען קושן. איך האָב מער ניט געהאַט, ווי דרײַ קאַדרען...

— דערפאַר האָט זיך טאַקע באַקומען, אז ס׳איז זיי קוים צו דערקענען.

— ביסט ניט גערעכט. נא, טו נאָכאַמאָל א קוק.

זיי שטעלן זיך ווידער אָפּ שוין אונטער די טרעפּ.

— בא איר איז כאָטש נאָך צו זען א שטיקל פיזיאָנאָמיע...

— און אים דערקענען קאָן מען אויך, — פאַרענטפערט וואָלדעמאַרן טאַניע.

— אנו, טרעפט בעסער, ווו איך האָב זיי געפּאַקט? איר דערקענט ניט דאָס אָרט?

— ס׳איז דאָ שווער צו דערגיין א טאָלק.

— איר זעט ניט דעם ספּאָרט־פּלאַץ? אָט איז א טייל פונעם באַסיין. פונדערווײַטנס — די גרויסע גלעזערנע פּאַנעלן.
— ס'איז דאָ ניט אָנגעשריבן, אַז זיי זײַנען גלעזערנע.
— נעם די אויגן אין די הענט און קוק זיך גוט צו. ווו האָסטו נאָך אזא ברייטן פּלאַץ?
— וואָס איז דער כילעק? ווער דאַרף דעם פּאַן? דער איקער, וואָס מע זעט זיי.
— ווער ווייסט, ווען מע זעט עס?
— שטענדיק טשעפּעסטו זיך, וויקטאָר. וואָלדעמאַר האָט אָפּגעטאָן מער פון אונדז אַלעמען.
ס'איז א גרויסער אונטערשייד: דערציילן דער מאַמען, זי זאָל מיר גלייבן אפן וואָרט, צי איר באַווײַזן שוואַרץ אף ווײַס.
— מערער שוואַרץ, ווי ווײַס.
— איך בין מאַסקים מיט טאַניען. ערע און רום וואָלדעמאַרן. ס'ווערט אין אים פאַרלוירן א טאַלאַנט פון אן אויסגעצייכנטן שפּיק.
— איין מינוטקעלע... אָט האָט איר זיי לעבעדיקע...
— קוקט אהער, צו דער פּאָטשט.
— יאָ. זי מיט קאַסטיען. איך לאָז אײַך, כעוורע, איבער. איך לויף אהיים.

אפן הויף הערשט א טויטע שטילקײַט. די מענטשן, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט פאַר דער צו העלער זון, האָבן זיך באַהאַלטן טיף אף די וועראַנדעס. מע זעט ניט אין ערגעץ קיין לעבעדיקן נעפעש. אפילע די זומער־קיך שטייט א פּוסטע. די טיר פונעם קעלער האָט עמעצער פאַרגעסן צומאַכן, הענגט דער שלאָס מיטן שליסל אף דער אָפענער האַלבער טיר. פון דער דוש־בודקע שלענגלען זיך אַרויס טונקעלע פּאַסמעס, דאָס לעצטע ביסל וואַסער פון דער פּאַס, וואָס שטייט אויבן: עמעצער האָט אין גרויס אײַלעניש פאַרגעסן פאַרמאַכן דעם צאַפּן.

אין סעדל אונטער א געדיכטן באַרנבוים זיצן אף דער ערדביידע ברידער: וואַסילי קײַט א גרעזל און זאַכאַר רעדט.

— דאָ איז געווען הוילער סטעפּ, ווען איך בין אהער געקומען. ווו צו וווינען האָב איך ניט געהאַט. האָט מען מיר דאָ געגעבן דאָס שטיקל פּלאַץ, א קליינעם קרעדיט און טו מיט דעם, וואָס דו ווילסט. בוי זיך אָדער פאַרזיי א גאָרטן און עס דערווײַל פון גרייטן. ס'איז געווען אין די שווערע נאָכמילכאָמע־יאָרן. קיינער האָט מיר מער מיט גאָרנישט ניט געקאָנט העלפן. אליין, מיט די אייגענע הענט קימאַט, האָב איך אויסגעבויט דאָס שטיקל הײַזל.

וואַסילי:

— אָט דאָס איז דאָס, וואָס קימאַט. זאַכאַר, זאָג כאָטש איצט דעם עמעס. דאָס הײַזל איז א ווילע שטוב מיט א היפּש ביסל צימערן.

זאַכאַר מאַכט זיך ניט הערנדיק:

— יעדן בוים, וואָס דו זעסט, האָב איך אליין פאַרפּלאַנצט און מיט מײַן שוויס באַגאָסן.
— דאָס אַלץ איז עפּשער עמעס. דו האָסט אָבער אָפּגעביסן, ברודערקע, א צו גרויסן ביסן. א סאַך א גרעסערן, ווי א מענטש קאָן צעקײַען.
— וואָס איז דאָ דער גרויסער ביסן? טאָמער האָב איך אויסגעבויט א צווייט הויז? אַלע בויען זיך דאָ. וואָס בין איך ערגער פון מענטשן? איך האָב אויך קינדער. א טאָכטער א קאַלע.
— בא אזא פאַרנעם, ווי דו האָסט פּירגענומען, האָסטו געמעגט האָבן א טויז טעכטער, שוין מיט די איידעמס אויך. זאָג נאָר, ברודערקע, דאָס איז אויך מיט דײַן בלוט און שוויס? וועדליק איך פאַרשטיי, און אין דעם פאַרשטיי איך עפּעס, האָסטו פאַר דײַנע פאַרדינסטן אזא פּאַלאַץ ניט געקאָנט אוועקשטעלן.

זאַכאַר מאַכט זיך ווידער, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ ניט געהערט. ער טשעפּעט זיך צו א פּריִער־דיקן וואָרט דעם ברודערס.

— בא אזא פאַרנעם. ווו זעסטו דאָ דעם פאַרנעם?
— וואָס בין איך א בלינדער? אָט זאָג מיר, וויפל ביימער האָסטו דאָ? וויפל יאָר דאַרפט איר האָבן אף צו פאַרדייען אן איין־און־איינציקע גערעטעניש?
— אויך א מײַסע. אזא זאָג. וואָס זשע, א מענטש אַרבעט נאָר פאַר זיך?
— איך ווייס, ווי דו אַרבעטסט פאַר יענעם. דאָס זע איך, און איך קען דיך ניט פון הײַנ־טיקן טאָג.
— וואָס קענסטו מיך? איך האָב עמעצן אין מײַן לעבן שלעכטס געטאָן?
— קיין שלעכטס ניט, נאָר קיין גוטס אויך ניט. פאַר זיך — ביטע. פאַרן אייגענעם טרעפּ־בוך — דאָס יאָ. אז מיר האָבן אָנגעהויבן בויען דעם קאָלווירט בא אונדז, ביסטו אוועק פון דער היים? אוועק.

— האָסט שוין פאַרגעסן, אַז ס׳איז ניט געווען וואָס צו עסן.

— איך האָב ניט פאַרגעסן. איך געדענק גוט, ווי מיר האָבן געהונגערט, און דו האָסט זיך צו יענער צײַט אײַנגעאָרדנט פאַר א קוכער, זאָלסט האָבן צו עסן אַט אַזוי־אָ ווײַט, ביז איבערן האַלדז.

— וואָס איז דאָס פאַר א פאַרברעכן א קוכער, מע דאַרף קיין קוכערס ניט?

— מע דאַרף, פאַרשטייט זיך, אַז מע דאַרף. מע האָט זיי אין קאַלווירט אויך געדאַרפט. און אַף דער מילכאָמע האָט מען זיי געדאַרפט. און ווו ביסטו געווען, ווען איך בין געווען אונטערן פײַער?

— דו רעדסט מיט מיר, ווי דו וואָלסט מיר געווען א סוינע.

— איך רייד מיט דיר, ווי מיט א ברודער. קיינער איז דיר קיין סוינע ניט! און דײַן זון איז דיר אוודע קיין סוינע ניט.

— הייסט עס, דו גיסט אים אָפּ גערעכט. אַזוי טוט א נאָרמאַלער מענטש? זיך אָפּזאָגן פון אייגנס און גיין צו יענעם פאַר א שאָכן.

— אָט זײַנען בא דיר אויך שכיינים, און קיינער זאָגט אַף זיי ניט, אַז זיי זײַנען ניט קיין נאָרמאַלע מענטשן.

— וואָס גלײַכסטו איינס צום אַנדערן.

— וואָסי, זיי זײַנען ערגער פון דיר? זיי זײַנען ניט קיין ערלעכע אַרבעטס־מענטשן, וואָס וואָלטן אויך געמעגט האָבן אויסערן שטאָט א דאַטשע, אויב זיי נייטיקן זיך אין איר?

— זיי וואָלטן געמעגט, און מײַן זון ניט. אַזוי איז דער סייכל דײַנער?

— וואָס איז שײַעך דעם זון דײַנעם, טאָ פרעג בא אים אַליין, און מײַן סייכל איז א ריכ־טיקער. האָב קיין דײַגע ניט. האָסט געוווינט איינער אַליין מיט דײַן פאַמיליע אין א גאַנץ גוט הויז, פינף צימערן מיט א קיך. דער גאָרטן איז נאָך בא דיר אויך ניט געווען, ווי א מיליטערישע פעסטונג, וווהין מע דאַרף אַרײַנגיין מיט א דערלויבעניש. איך האָב בעעמעס האַנאָע געהאַט, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געווען בא דיר. כ׳געדענק די פּאַלאַצן, אין וועלכע מיר זײַנען ביידע אויסגעוואַקסן. דעם רויך, וואָס האָט געגעסן די אויגן, ווען די מאַמע האָט דעם אויוון אויס־געהייצט...

טאַניע איז צוגעגאַנגען צו דער אָפענער קאַליטקע. מיט איין האַנט פאַרקלאַפּט זי הינטער זיך דאָס טירל.

— ס׳זאָל דעם די האַנט אָפּדאַרן, ווער ס׳פוילט זיך צומאַכן נאָך זיך די טיר.

מיט דער פּאַטאָ אין דער צווייטער האַנט לויפט זי דורך געשווינד דעם הויף, גייט אַרוף אַף דער וועראַנדע, קוקט זיך אַרום און דערפילט די פאַרדעכטיקע שטילקייט, וואָס הערשט דאָ.

— וווהין זײַנען זיי דאָס אַלע אַהינגעקומען? — לאָזט זי זיך צוריק אַראָפּ און דערזעט דעם אָפענעם קעלער. — ווער איז דאָרט? — שרײַט זי אַרײַן אַהין. — איז דאָרט עמעצער פאַראַן? — ניט דערוואַרטנדיק זיך אַף קיין ענטפער, לאָזט זי זיך אַראָפּ און גייט באַלד צוריק אַרוף א פאַר־וווּנדערטע. זי פאַרשליסט אַפּגיך דעם קעלער און דערזעט דעם צעעפנטן אַרײַנגאַנג אין סעדל. זי קוקט אַרײַן. אַפן גראָז — דער טאַטע מיטן פעטער וואַסילי. זי וואָלט אומבאַמערקטערהייט זיך צוגערוקט צו זיי הערן, וועגן וואָס זיי ריידן, נאָר זאַכאַר טריפאָנאָוויטש האָט א הייב געטאָן דעם קאָפּ.

— האָסט עפּעס געוואָלט? דו דאַרפסט דאָ עפּעס האָבן? גיי, טאַניושע! גיי דיר דײַן וועג.

— וואָס האָט איר געלאָזט אָפן דאָס טירל?

— ניט דײַן אייסעק. גיי, שטער אונדז ניט.

טאַניע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ פאַרמאַכט נאָך זיך דאָס טירל פון סעדל.

— גיי ריכט זיך, פונוואַנען דער קלאָפּ וועט קומען, — רעדט אַזוי ווי צו זיך אַליין זאַכאַר, — אויב א צאָרע, האָב איך שטענדיק געטראַכט, אַן אומאָנגענעמלעכקײַט, אָפּגעריסענע יאָרן, וועל איך עס האָבן פון דער טאָכטער. פון איר קאָן מען אַלץ דערוואַרטן. זי איז ווי א ווינט אין פעלד. שטענדיק פוסטע אַרומלויפענישן מיט דער רועך ווייסט וועמען. טאַנצערײַען, פוצן זיך. אָבער קאָסטיע, דער ערנסטער קאָסטיע. כוץ נאַכעס האָב איך פון אים גאָרנישט געהאַט. ער זאָל אונדז אַזוינס אָפּטאָן?

טאַניע האָט געפונען די מוטער. דער מאַמעס אַרומגיין איבערן שלאָפצימער הין און צוריק האָט נאָך מער צעטומלט טאַניען.

— אומעטום צעעפנט טיר־און־טויער. וואָס הייסט עס? וואָס איז געשען? — די מאמע טוט אף איר אָפּגעפרעמדט א קוק, ווי זי וואָלט ניט פארשטאנען, וואָס מע וויל פון איר. — ווו זייַנען אלע מענטשן? פארוואָס זעט מען קיינעם ניט אפן הויף?

— מע באהאלט זיך פון דער זון. אזא היץ.

— וואָס זייַנען בא זיי די הענט אָפּגענומען געוואָרן? אין אזא היץ קאָן מען שוין דעם קעלער ניט פארשליסן? די קאַליטקע איז אויך געווען אָפן.

— גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש איז נאָרוואָס ארויסגעגאנגען. האָסט אים ניט באגעגנט?

— גריגאָרי סעמיאָנאָוויטשן? — צעלאַכט זיך פלוצעם טאניע, — און די נארישע אלבישע זייַנע, זי נעמט ניט אראָפּ פון זיך דעם ווייַסן כאַלאַט. ווען דו ווייסט, מאמע, וואָס איך האָב דיר צו באווייַזן? קיינער האָט עס נאָך ניט געזען. איך וועל דיך באַלד איבעראַשן.

— וואָס קאָן מיך שוין איבעראַשן?

— זאָג ניט, מאמע. דאָס איז אזא נייַס, וואָס ווען דו ווייסט... ווען עמעצער ווייסט דערפון! — די מאמע קוקט אף איר מיט פארדאַכט און אופּאָדערנדיק. — נאַ, קוק אָן, — זי באווייַזט די פּאָטאָ. די מאמע באטראַכט זי מיט געמאַכטער גלייַכגילטיקייַט.

— מאלע־וואָס א באַכער מיט א מיידל קושן זיך.

— דאָס איז דאָך אונדזער קאָסטיע מיט אָט דער נישטיקייַט, מיט דער ליאַלקע. זע, ווי זי האָט אים ארומגעכאַפּט...

— נו, איז וואָס, און דו האָסט קיינמאָל מיט קיין באַכער זיך ניט געקושט?

— וואָס רעדסטו, מאמע? אזא גאָרנישט... און דאָ שפּילט זי די ראָל פון א ריר־מיך־ניט־אָן, פון א הייליקער מאַדאָנע. כאָטש נעם מאָל פון איר אן איקאָנע. אלבישע מעג זיך שוין באצייַטנס מיט א שטריק באזאָרגן...

— האָסט א טאָעס, טאָכטער מייַנע, אלבישע איז אלבישע, און דאָס איז גלאַט אזוי. א באַ־כער־מיידל־שפּיל. ווו האָסטו עס גענומען?

— וואָלדעמאַר האָט זיי געפּאַקט אפן אָרט, באַם ספּאָרט־פּאַלאַץ. און עס שעמט זיך ניט קוקן דער גאנצער וועלט אין די אויגן.

— דאָס איז דער בעסטער סימן, אז ס'וועט דערפון גאָרנישט ניט ארויסקומען. — זי לאָזט זיך צו דער טיר.

— וווהין גייסטו מיט דעם?

— איך וועל עס באווייַזן אירע טאטע־מאמע. זאָלן זיי זען, וואָס פאר אן אנטיק א טאָכטער זיי האָבן אויסגעכאָוועט.

אין סעדל איז זיך זאכאר מוידע פארן ברודער.

— דו מיינסט, עס ארט מיך? אויב עס וועט נאָר האָבן א קיִעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט אף אָט דער קליינער. פארקערט! ס'זאָל נאָר ניט זייַן אזוי, ווי מיט אלבישען, ווען דער „יאָ" מיטן „ניין" הענגען שוין עטלעכע יאָר אינדערלופטן און מע קאָן בא זיי קיין טאָלק ניט דערגיין. ער האָט שוין געקאָנט פון לאַנג פאר איר כאַסענע האָבן און ווױנען אין דעם אלטן הויז. צוליב וואָס דען האָב איך עס אף אים איבערגעשריבן? און מיט אָט דער, מיט געאָרגי אָסיפּאָווי־טשעס טאָכטער, קאָן ער זיך דאָ ניט באזעצן? וואָס וואָלט זיי דאָ געפעלט?

— האָסט ניט געהערט דייַן קאַפּיטאָלינעס קאָנצערט?

— דאָס איז גאָרנישט. זי וועט בעסער ווערן. דאָס האָט זי געדאַרפט פאר גריגאָרי סעמיאָ־נאָוויטשן מאכן דעם אָנשטעל, און איך האָב אים אין דער ערד, דעם כיטראַק. מיר איז געאָרגי אָסיפּאָוויטש א סאך ליבער. אן אלטער איבערגעגעבענער פרייַנט, ניט קיין גרויסהאַלטער, א גוטער, אן אָרנטלעכער, און אויב דאָס מיידל זייַנס איז אין אים געראָטן...

— מיר דוכט זיך, זי איז א ווילדע...

קאַפּיטאָלינאַ גאַווריִלאָוונאַ בא דער וועראַנדע.

— באהאַלט זיך ניט, טאַמאַראַ שאַכנאָוונאַ. קומט ארויס, זייַט אזוי גוט.

— איר זייַט, דוכט זיך, געקומען צו מיר, איז ביטע, טרעט אריבער די שוועל. — זעצט זיך. — זי מאַכט פרייַ א טאַבורעט.

— איך בין געקומען מיט אייַך ריידן אָפענע דיבורים, ניט זיצן מיט אייַך. ס'וועט גאָרנישט זייַן, טאַמאַראַ שאַכנאָוונאַ.

— וואָס וועט ניט זייַן?

— אָט דאָס, וואָס איר מיינט.

— איך מיין גאָרנישט ניט.

— מאַכט זיך ניט געפּייגערט. פונעם שידעך וועט גאָרנישט ניט זייַן.

— איך ווייס ניט. איך מיש זיך ניט.

— איר דארפט זיך יאָ מישן. איר זייט א מוטער, און איר דארפט זען, אז בא אייַער טאָכ־טער זאָל זיך דער קאָפּ ניט פארדרייען. מע דארף עס ניט פארלאָזן אין דער לאנגער באנק, און זאָלן זיי, די נאַראָנים, ניט לעבן אין טאָעס.

— וואָס ווילט איר פון מיר, פארשטיי איך ניט.

— איר דארפט אייצען אייַער טאָכטער...

— איך האָב אייַך שוין געזאָגט. איך מיש זיך ניט. איך האָב זיי ניט צונויפגעפירט, און איך וועל זיי ניט שטערן. איך האָב אליין מייַנע עלטערן ניט געפאָלגט אין אָט די זאכן, און איך האָב קיין כאראָטע ניט. וועל איך מייַן טאָכטער אויך ניט צווינגען, זי זאָל זיך רעכענען מיט מייַן ווילן. זי איז שוין א דערוואקסענע, און איך גלייב, אז זי האָט אליין סייכל אַף צו באשטימען, וואָס איז פאר איר גוט, כאָטש איר האלט זי פאר א נאר.

— איר זייט דאָך א ניכטערע פרוי, טאמארא שאכנאָוונא, און מיט גרויסער בילדונג. איר פארשטייט דאָך אליין, אז ס'איז ניט קיין פּאָר. אייַער טאָכטער, ווי קלוג און געראָטן זי זאָל ניט זייַן, ביז זי וועט אמאָל קומען צו א טאָכעס... דערווייַל איז זי, ווי א שמעטערלינג, א מין פלאָ־טער־פליג, וואָס קלעפּט זיך צו אלע זיסע ערטער. מייַן זון איז אַן אַדלער קעגן איר, און אַדלערס, ווי איר ווייסט, כאַפּן ניט קיין פליגן.

— איז אָט רעדט, זייַט אזוי גוט, מיט אייַער אַדלער. ער ווייסט שוין, ווער ס'איז קעגן אים א פליג און ווער ניט...

— גיט מיר, איך בעט אייַך, קיין אייצעס ניט. איך בין ניט געקומען בא אייַך פרעגן, איך בין געקומען אליין אייַך אייצען. לייגט זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם און שפּילט זיך ניט מיט קיין פייַער, וועט עס זייַן געזינטער פאר אייַך און פאר אייַער טייַערער טאָכטער.

— פאר מייַן טאָכטער זאָרגט זיך ניט. ס'וועט איר גאָרנישט ניט שאטן.

— זי איז שוין גאָר ניט אזא צנוע, ווי איר מיינט. נאָט זעט, ווי זי וואָרפט זיך אים אַפן האלדז.

טאמארא שאכנאָוונא כאַפּט א קוק אַפן צוגעוואָרפענעם פּאָטאָ־בילד.

— זאָל איר וויל באקומען.

— איך פארשטיי, אז ס'געפעלט אייַך. איך בין ניט זיכער, אז איר האָט זיי ניט צוגעהאָלפן צונויפניוכען זיך. איך קאָן שווערן, אז איר זייַט העכסט צופרידן מיט אייַער טאָכטערס אויסוואל.

— איך וועל אייַך זאָגן: ווען איך ווייס, אז אייַער זון איז געראָטן אין אייַך, וואָלט איך געווען זייער ניט צופרידן. צום גליק, איז עס ניט אזוי. איך קען אים זייער ווייניק, נאָר מיר דוכט זיך, אז ער האָט בא אייַך גאָרנישט ניט געיאַרשנט... און מיר האָבן מער ניט וועגן וואָס צו ריידן. אונדזער געשפּרעך איז פארענדיקט. זייַט געזונט.

— עס קאָן הייסן, אז איר טרייַבט מיך פון שטוב.

— איך טרייַב אייַך ניט. נאָר איך האָב מיט אייַך ניט וואָס צו ריידן. און איך וויל מיט אייַך ניט ריידן.

— איר טרייַבט מיך פון מייַן אייגן הויז, וואָס איר וואָלט זייער געוואָלט, אז עס זאָל זייַן ניט מייַנס. כ'פארשטיי זייער גוט, אז ניט אָן אייַער מיטהילף איז פארטראכט געוואָרן אָט דער אומגעלומפערטער ווילדער אופטו פון מייַן זון. איר האָט עפּשער אין דעם דעם גרעסטן כיילעק.

— איך האָב אייַך שוין געזאָגט.

— איך האָב געהערט, וואָס איר האָט מיר געזאָגט וועגן מייַן זון, וואָס איר האָט פארנארט און מיינט, אז עס וועט אייַך גלאָט אָפּגיין, און וועגן פארטאכלעווען מייַן הויז, מייַן פארהאַרעוועט אייגנס, שעמט איר זיך אַפילע ריידן מיט מיר. איר קאָנט מיר אין די אויגן ניט קוקן!

— וואָס פאר אַן אייגנס? וואָס פאר א הויז? וואָס פאר א שייַכעס האָט צו מיר אייַער הויז?

— איר ווייסט קלוימערשט ניט.

— אזא אומפארשעמטקייַט! — איז ארויסגעשפּרונגען געאָרגי אָסיפּאָוויטש אויסער זיך פון צווייטן צימער. — גייט שוין אוועק פונדאנען, איך זאָל אייַך מער ניט אָנקוקן! — צעשרייַט ער זיך אַף א קאָל. — אזא בילבל אַף אונדז אויסטראכטן. איך בין ניט אָרעוו פאר זיך. נעם שוין, טאמארע, פאקעווע די זאכן. כ'וויל דאָ קיין איין מינוט מער ניט זייַן. און איר גייט, גייט פונ־דאנען, — נעמט ער זי ארויסשטופן, — איר וועט קומען, ווען מיר וועלן דאָ ניט זייַן.

— אָן הענט, — צעגוואלדעוועט זיך קאַפּיטאָלינא גאוורילאָוונא, — צו אייַער ווייַב און טאָכטער וועט איר צולייגן הענט. אויך מיר א העלד.

— ביסט פון זינען אראָפּ? — וויל אים טאמארא שאכנאָוונא אריינשלעפּן אין צווייטן צי־מער. — וואָס איז מיט דיר געוואָרן?

— ווי וואגט זי אזוי צו ריידן מיט דיר... און אונדז באשולדיקן... אזויפיל יאָר קען זי מיך, אַט די נידערטרעכטיקע...

— ביסט אליין א נידערטרעכטיקער. פאר אזא קען איך דיך טאקע, און איך ווייס ניט, ווי מע קען דיך צולאָזן צו פאַרטיידיקן מענטשן!.. א שיינער אדוואקאט... א פאַרטיידיקער...

אויף די גוואלדן באוויזן זיך די שכיינים אין די פענצטער, אויף די וועראנדעס. ווען טאניע איז ארויסגעלאָפן פון שטוב, האָט זי שוין געטראָפן דעם טאטן מיט וואסילין לעבן דער טעראסע, וווּ עס איז פאָרגעקומען די קריגערייַ.

קאָסטיע מיט ליאָליען קערן זיך אום פונעם יִשעוו. ער איז אָנגעלאָדן מיט גרינס פונעם מארק. דאָס איבעריקע, וואס איז ניט ארייַן אין קוישל: א בינטל ציבעלעס, א שקארמיץ אייער, — טראָגט ליאָליע. א שטיק וועג שווייַגן זיי.

— ווּעסט דאָרט האָבן א גוט געלעגער, — האָט ליאָליע איבערגעריסן דאָס שווייַגן. — ס'איז דאָרט א גרויסער באלקאָן. טאָליע האָט מיר געזאָגט, אז ער וואָלט אליין א באלן געוועזן שלאָפן אויפן באלקאָן, ווען ניט נינע לאָזט אים אָפּ פון זיך, — צעלאכט זי זיך. — איך האָב זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אז מיר וועלן זיך אזוי לייַכט דערקלינגען. — קאָסטיע שווייַגט אַלץ. — דו ביסט ניט צופרידן, וואס מיר האָבן זיך מיט זיי צונויפגערעדט? דו האָסט ערגעץ א בעסערן נאכטלעגער?

— איך טראכט וועגן עפּעס אנדערש, ליאָלקע. אָט אַפּאָנעם, אז דאָס איז א יערושע־זאַך. בא אונדז אין דער פאמיליע. די מאמע גייט אין די הויזן, און דער טאטע איז אזוי זיך, א ניונקעלע. ער לעבט מיט איר סייכל. בא מיר מיט דיר וועט, ווייַזט אויס, אויך זייַן דאָס זעלבע.

— פארוואָס מיינסטו אזוי?

— איך בין א צוריקגעהאלטענער. און דו ביסט אזא אומיטלבארע, דרייסטע, דו קענסט זאָגן גלייַך אין די אויגן ארייַן, וואס דו טראכסט. איך האָב ניט דערוואַרט, — צעלאכט ער זיך א צופרידענער, — אז דו ווּעסט אזוי מוטיק, פלוצעם אַלץ מיטאמאָל ארויסלייגן.

בא געאָרגי אָסיפּאָוויטשן איז שוין אַלץ פארפאקעוועט. בא דער קאַליטקע שטייט א מאשין. די שכיינים באגלייטן ארויס פונעם הויף טאמארע שאכנאָווּנען מיט ליאָליען, אָנגעלאָדענע מיט די לייַכטערע פעקלעך, פון הינטן — געאָרגי אָסיפּאָוויטש און קאָסטיע מיט די שווערע פעק.

ס'איז אדורך א מאָנטיק, מיט א מיטוואָך, מיט די איבעריקע טעג פון דער וואָך. די אַלע וואָכן־טעג האָבן זיך איבערגעכאַזערט, וויפל די נאטור האָט באשטימט. אויף דיביימער זייַנען שוין רייַף געוואָרן די פּרוכטן. ס'איז נאָך עכטער מיט זומער, און אויפן הויף איז שוין ווי סאָף סעזאָן. אין איינעם א פרימאָרגן האָבן די לעצטע שכיינים מיט זייער געפעק פארלאָזט דעם הויף.

א שטיקל צייַט האָט דאָס אַלטע הויז און א טייל פונעם נייַעם געפּוסטעוועט, און מיטאמאָל איז דאָ געוואָרן פול מיט לעבן. מע קאַלכט און מע פארבט דאָס אַלטע הויז. גריגאָרי סעמיאָנאָוויטש מיט פּלאטאָנען מעסטן דעם הויף, באשטימען, ווו מע דאַרף אוועקשטעלן דעם נייַעם פּלויט אויף אָפּגרענעצן זיך פון דער נייַער געבייַדע, וואָס איז געבליבן בא די פריערדיקע באַלעבאַטים. דער גאָרטן איז שוין צעטיילט. די פּרוכט־ביימער קוקן ארויס פון איין זייַט צום ברייטן סטעפּ און פון דער צווייטער — צום הויף פון אינטערנאַט, פונוואנען מע לאָדט אָן מעבל אויף אריבער־פירן אינעם אַלטן הויז, וואָס ווערט באנייַט. די קינדער גייען מיט גרויסע קוישן פון גאָרטן, פון וועלכע עס קוקן פריילעך ארויס רויטע בעקלעך פון עפּל, האָניק־געלע אויסגעצויגענע בארן.



# מײַנע שליסעלעך



נעמסטו שפּילן,
ווערט מיר גרינגער,
היט זשע, טאַטער,
דײַנע פינגער.
איבער פידל
ווען זיי שוועבן, —
ווייסטו גוט דאָך,
טאַטער־לעבן, —
ווערט די ווײַסע וועלט
מיר ליבער.
פול מיט אומרו
כ'בין דעריבער:
מיט א העלצל,
מיט א בלעכל
קענסט א פינגער
זיך פארשטעכן.
בא דער פליטע,
בייסן פרעסן,
זאָלסט זיי היטן
ניט פארגעסן.
אין די שאָען
פון דײַן שפּילן
מײַנע ווייטעקן
זיך שטילן.
שפּילסט אלץ צארטער,
דינער, ריינער,
טאַטער מײַנע,
שטערן שיינער.



כ'קוק מיט ציטער
אף די ליכטיקע בעריאָזעס —
שוועסטער מײַנע,
לייעס, ציליעס, ראָזעס.

וויפל כידעש
אין דער ווײַסער רונדער קאָרע,
ווי בורשטין־געטאָקטע
שיינע העלדזער קלאָרע.

זע איך מאנדל־אויגן
אונטער שטילע ווײַעס,
פול מיט טרײַשאפט,
און מיט ליבשאפט,
און מיט כיעס.

וואָלטן דען ניט קומען
מערדער און באנדיטן
און דעם יונגן וואלד
צעשאטקעוועט, צעשניטן?

כ'קוק מיט ציטער
אף די ליכטיקע בעריאָזעס —
שוועסטער מײַנע,
לייעס, ציליעס, ראָזעס.



בלויז נאָך איין שטריכעלע —
וואָלט פול געווען מײַן וועלט.
נאָר צו מײַן בילד מײַן שיינעם,
פיל איך, פעלט
אן איין־און־איינציק שטריכעלע —
דער בליאסק פון גאָלדן צויבער־שיכעלע,
וואָס אין דעם מײַסעלע האָט זאָלושקע פארלאָרן.
דאן וואָלט מײַן בילד גלײַך לעבעדיק געוואָרן
און שיין, ווי זאָלושקע אליין.
איז פלאָנטערן זיך אָבער
און מישן זיך קאָלירן.
און ווי לעהאכעס
כ'קען ניט אופכאפן, דערשפּירן
דעם שטריך דעם סאמע, סאמע וויכטיקן,
וואָס וואָלט געבראכט מיר גרויסע פרייד,
א טאָג א ליכטיקן.



די באלקנס זײַנען נאָך,
ווי כוואָיע, פריש.
נאָך שטארצט פון ווענט
די פאקליע און די שטרוי.
אבי אינמיטן שטוב
איז שוין פאראן א טיש
און לעם דעם אויוון
שטייט צעפלאמט א פרוי...



א גאַנצן טאָג איך וויש און פוץ
די שליסעלעך די צוויי.
פון אַלדאָסבייז פאַר מיר א שוץ
א גרויסע זייַנען זיי.

פון מינדסטן שטויב און זשאַווער־פלעק
די שליסעלעך כ׳פארהיט.
צו זיי מיט גלויבן און מיט שרעק
מייַן בליק איז צוגעשמידט.

מיט איינעם כ׳עפן ציט׳ריק־צאַרט
א פּאַלעצל — ניט שטויב, —

דאָס פּאַלעצל — דאָס גאָלדן האַרץ
דער פרויס, וואָס איז מייַן קרוין.

דאָס צווייטע שליסעלע... בעסאָד
כ׳וועל דיר באַווייַזן שטיל
די טיר צום ווירבל־קאַראַהאָד,
צום טהאָם פון ווערטער־שפּיל.

דערפאַר א גאַנצן טאָג איך פוץ
די שליסעלעך די צוויי.
פון אַלדאָסבייז פאַר מיר א שוץ
א גרויסע זייַנען זיי.



כ׳האָב קליינערהייט זיך שטאַרק געשעמט
די לידער מייַנע לייענען דער מאַמען.
אַרומגעטראָגן זיך מיט זיי אין שטוב,
ווי אין דער פרעמד,
און ס׳פלעגן מיר די באַקן מייַנע פלאַמען.

איך פלעג אין אַלקערל אין פינצטערן אַרייַן,
איבער די זייַטעלעך פּאַפּיר געהיים זיך בויגן.
און איצט, מיר דאַכט, אַז זי האָט סייַוויסיי
געלייענט יעדער ליד אין מייַנע אויגן...



מייַן מאַזלטאָוו, מייַן יויוול־טאָג
איך וויל אף העט־העט שפּעטער איבערטראָגן —
מער כשיוועס זאָל מיר צוקומען און וואָג,
און זייַן זאָל איך סאָליד, אַזוי צו זאָגן.

דערווייַלע בערג מיט מי מיר שטייען פאָר,
פאַר רו איז צוגעשלאָסן מייַן אַכסאַניע.
און טאָג נאָך טאָג, און יאָר נאָך יאָר
זייַן איינגעטונקט איך וויל אין האַרעוואַניע.

און דאָך איך גיי הייַנט אום פאַרכושט, פאַרטרוימט
(כ׳ווינטש יעטווידן זיך עלטערן אין פריידן).
מייַן יונגע ליד האָט הייס מיר איינגערוימט
ביז הונדערט יאָר מיט מיר זיך ניט צעשיידן.



ס׳דרייט א זאַווערוכע, ס׳רוישט דער פּאַרק,
ס׳וואַרפט דער ווינט פון סאָסנעס הרודעס שניי,
טרעפן קאָן א הליבע איינס־און־צוויי,
רוק איך אָן דעם קאָלנער אפן קאַרק,
נאָר אַוועקגיין קאָן איך ניט אַצינד,

כאָטש עס וואַרפט מיך פון די פיס דער ווינט
און פאַרפּאַראָשעט בין איך און פאַרווייט —
ס׳דאַרף אהערצו אָנקומען מייַן פרייד,
קומען, קומען דאַרף מייַן גרויס געווינס
אין א שיינעם היטעלע א גרינס.



מאכן גאָמלקעס פון שניי...
מענדעלע

כ׳האָב ליב דערמאָנען מיט געשמאַק דאָס
ווערטל, —

מאכן גאָמלקעס פון שניי.
אין ווינטער־וואַלד, אף א באַקוועמען ערטל,
איך שטעל זיך שטיפעריש אַוועק צו קלעפּן זיי.
האַלב־קייַלעכיקע, שטייַף־פאַרשפּיצטע קעזן,

כאָטש פיר זיי אפן מאַרק קאַפּוליער אָפּ.
ווען ס׳וואָלט דערבייַ דער זיידע מענדעלע געוועזן,
וואָלט ער פאַרזוכט און טאָן א שאָקל מיטן קאָפּ:
— ניט אַלץ, מייַן באָכערל, ניט אַלץ...
וואָס האָט די ווערט א גאָמלקע אָן זאַלץ?



...וואַרנט ווידער די ציג אירע ציגעלעך:
— קיינעם, קיינעם ניט עפנט דאָס ריגעלע.
טאָמער ווײַזט ווער א לאַפּע אין שויב,
מעג זי ווײַס זײַן, ווי מײַנע, — ניט גלויבט!
פּונקט, ווי איך, קען דער וואָלף מעקען דין
און אײַך נאַרן: „אײַער מאמע איך בין"...

הייבן ציגעלעך אוף א געוויין,
הייבן ציגעלעך אוף א געיאָמער:
— שטענדיק ציטערן, טרייסלען זיך — „טאָמער"...
ווי זשע וועלן מיר דעם עמעס דערגיין? —
בלײַבט די ציג שטיין צעמישט און צעטראָגן.
וואָס זשע קאָן זי אירע ציגעלעך זאָגן?



די מאמע האָט איר זון א היטעלע געקויפט.
מיט העלע פּינטעלעך און גלאַנצנדיקן דאשעק.
דאָס קינד פון שטוב ארויס פארפאַליעט לויפט,
וויל אפן הויף דאָרט יעדן איבעראשן.
נאָר קיינער לייגט גאָר ניט אף אים קיין אכט,
ער דרייט דעם דאשעק יעדן פאר די אויגן
און גייט ארײַן צוריק אין שטוב פארטראכט...
די מאמע פרעגט:
— ווּ ביסטו עס, מײַן פרייד, ארומגעפלויגן?
באַוויַיַז כאָטש, ווי דײַן היטעלע דיר קליידט.
מײַן זון מײַן ליבער, טראָג געזונטערהייט...



באנאכט, ווען אין דער אָנגעהייצטער שטוב אין וואלד
צו הרובע פלאַמיקער איז זיך ניט צוצורירן
און הינטער שויב אף ביימער זיך די קאָרע שפּאַלט
פון פערציקגראַדוסדיקער גליִענדיקער קרירע, —
נישטוימעם כ׳ווער, ס׳הילכט אינעם צימערל די גריל,
פּונקט ווי א מענטש פארכלינעט זיך, פארגייט זיך,
און כ׳ווייס ניט, צי זי כליפּעט, צי זי פרייט זיך.
עס ציטערן די סטעליע און דער דיל.
אָט־אָט איר הארץ ווער פּלאַצן שוין, איך פיל.
— — — — — — — — — — — — — — — —
אין טײַגע־וואלד, אין פערציקגראַדוסדיקע פרעסט
ניט איינזאַם כ׳בין, — די גריל זינגט אין מײַן נעסט.



געבוירן אין בערדיטשעוו אין 1900. אָנגע־
הויבן זיך דרוקן אין 1921. וווינט אין קיִעוו.
אווטאָר פון א ריי היסטאָרישע ראָמאנען.

## אווראָם קאהאן

# פארברעכן און געווייסן

### היסטאָרישער ראָמאן

### פונעם אווטאָר

אין דעם ראָמאן „פארברעכן און געווייסן" האָב איך זיך געשטעלט דעם ציל ניט צו שילדערן גופא דעם גאנצן בייליס־פּראָצעס, נאָר דעריקער ווײַזן דורך קינסטלערישע געשטאלטן די מעכאניק, וויאזוי די צארישע רעגי־רונג האָט אָרגאניזירט און צוגעגרייט דעם דאָזיקן פּראָוואָקאציאָנעלן איניען.

כוץ דיווירקלעכע היסטאָרישע פיגורן, וועלכע האָבן געלעבט און זײַנען געווען טעטיק אין דער צײַט, ווען עס קומט פאָר די האנדלונג אינעם ווערק, האָב איך אויך ארויסגעפירט אויסגעדיכטעטע פּערסאָנאזשן, וואָס זײַנען נייטיק געווען, קעדיי אופשטעלן די היסטאָרישע סיטואציע. צוליב סוזשעט־טײַמים האָב איך אויך זיך דערלויבט די האנדלונג פון אייניקע ווירקלעכע העלדן אריבערטראָגן פון איין צײַט־אָפּשניט אין אן אנדערן, אָבער געטאָן איז דאָס זעלטן און פאָרזיכטיק, אזוי, אז עס זאָל זיך פארהיטן דער היסטאָרישער עמעס.

דער ראָמאן ווערט געדרוקט אין א פארקירצטן וואריאַנט.

ערשטער טייל

## אין קיִעווער אוניווערסיטעט פון הייליקן וולאדימיר



שטארקער ווינט האָט געשמיסן איבער די ווענט פונעם אוניווערסיטעט פון הייליקן וולאדימיר. ארום די דיקע קאָלאָנעס האָבן זיך אין א מעגושעמדיקן טאנץ געדרייט הויפנס שנייעלעך. דער ווינט האָט געפײַפט און געוואָיעט, ווי עס וואָלטן פון ערגעץ אָנגעלאָפן דולע טשאטעס הינט, געשלאָגענע פון אן אָנראכמאָנעסדיקער טאליאָנישער האנט.

א שליטן האָט זיך אָפּגעשטעלט בא די טרעפּ פונעם אוניווערסיטעט, און פון אונטער דער מיט שניי באדעקטער ווארעמער בורקע איז ארויסגעקראָכן א מענטש, צעצאָלט זיך מיטן פור־מאן און זיך געלאָזט צו דער טיר פונעם אוניווערסיטעט.

צוויי סטודענטן זײַנען אַרויסגעלאָפֿן אים אַנטקעגן, געכאַפּט אונטער די הענט און, פֿריידיק אַרויסברענגענדיק די ווערטער „טײַערער אַרקאַדי סטעפּאַנאָוויטש״, אים אַרײַנגעפֿירט אין וועס־טיבול. דאָס איז געווען דער פּראָפֿעסאָר שאַבאַנאָוו, וואָס אונטעריכטעט דאָס רוימישע רעכט. מיט צוויי טעג פֿריִער האָבן די סטודענטן־סאָיוזניקעס[1] בעראָש מיט גאָלוביאָוון געמאַכט אַן אָבסטרוקציע דעם פּראָפֿעסאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַט די האָזע אַרויסצוזאָגן אַ שלעכטע מיינונג וועגן די מיטגלידער פֿון מעלוכע־דומע פּורישקעוויטש און מאַרקאָוו דעם צווייטן.

עס זײַנען אונטערגעקומען נאָך סטודענטן, און אַלע אײנײנעם האָבן פּאַרזיכטיק אונטערגע־כאַפּט דעם פּראָפֿעסאָר אַף די הענט און מיט הורא־אויסגעשרייען אַרופֿגעטראָגן אים אַפֿן צווייטן שטאָק אין דער אַאודיטאָריע. דאָרטן האָבן אַלע בײַוועזנדיקע זיך אופֿגעשטעלט און מיט אַפּלאָ־דיסמענטן באַגלייט זייער ליבלינג צו דער קאַטעדרע.

באַם פּראָפֿעסאָר האָבן געפֿלאַמט די ראַזירטע באַקן, זײַנע קלוגע גרויסע אויגן האָבן גע־לויכטן מיט פֿרייד. ער איז געווען איבעראַשט פֿונעם אופֿנאַם, וואָס אים האָבן געמאַכט זײַנע טאַלמידים.

דער פּראָפֿעסאָר האָט פֿאַריכט דעם שניפּס, וואָס האָט זיך געבאָמבלט אַף דער מאַנישקע, און מיט דער לינקער האַנט אַ פֿיר געטאָן איבער די ווייכע לאַנגע האָר פֿונעם קאָפּ, אַ פּרווו געטאָן די שטים זײַנע, — ער טוט עס אָפֿט, אײדער ער הייבט אָן זײַן לעקציע. ס׳איז שטיל געוואָרן.

— כאַשעווע פֿרײַנט, — האָט ער אָנגעהויבן, — דאָס, וואָס עס האָט געטראָפֿן באַ אונדז צוריק מיט אַ פּאָר טעג, איז אין אונדזער רוסלענדישער ווירקלעכקײַט ניט קיין נײַס, באַזונדערס די לעצטע עטלעכע יאָר. זײַט וויסן, מײַנע הערן, אַז בייס איך האָב געדינט דער וויסנשאַפֿט אין די ווענט פֿון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, זײַנען אויך געווען יונגעלײַט מיט ווילדע קעפּ, אונטערגעהעצטע פֿון פֿאַרברעכערישע לײַט מיט שוואַרצע געדאַנקען. און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז איינע פֿון די ליכטיקסטע פּערזענלעכקײַטן פֿון דער רוסלענדישער וויסנשאַפֿט — פּראָפֿעסאָר באַגאַיאַוולענסקי — איז קראַנק געוואָרן און געמוזט פֿאַרלאָזן זײַן קאַטעדרע. די וויסנשאַפֿטלעכע קרײַזן פֿון פּעטערבורג זײַנען געווען אופֿגערעגט. די צײַט איז אָבער איצט אַן אַנדערע. די רעכט, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן נאָכן 17 אָקטיאַבער 1905 יאָר פֿון דעם מאָנאַרך אַליין...

מער האָט מען דעם פּראָפֿעסאָר ניט געלאָזט ריידן...

די טיר פֿון דער אַאודיטאָריע האָט מיט אַ שטאַרקן זעץ זיך צעפּראַלט. אַ געקלאַנג פֿון גע־פּלאַצטע שויבן האָט צעריסן די שטילקײַט. אַף דער שוועל פֿון דער אַאודיטאָריע האָט זיך באַ־וויזן וולאַדימיר גאָלוביאָוו, און הינטער אים — זײַנע אַ כאַווריִע, אַ גרויסע גרופּע צעהיצטע סטודענטן מיט אופֿגעהויבענע הענט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אָט די צערייצטע פֿאַרשווינדלעך וועלן באַלד אַרויסלאָזן אַ ווילד געשריי, וואָס וועט אַ הילך טאָן, ווי אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער וואַלד־געדיכטעניש.

די סטודענטן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין דער אַאודיטאָריע, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַטעדרע, גרייט צו באַשיצן דעם פּראָפֿעסאָר.

גאָליוביאָוו האָט געמאַכט אַ שפּאַן פֿאָרויס און אויסגעשריִען:

— הערן סטודענטן, צוליב וואָס דאַרפֿן מיר די קריגערײַען, הערט מיך אויס!

— מיר ווילן ניט, מיר ווילן ניט הערן!

— איר ווילט ניט?.. — גאָלוביאָוו האָט אַ ווונק געטאָן צו זײַנע פֿרײַנט.

פֿון דער כאַווריִע האָט זיך אָפּגעטײלט אַ בלאָנדער באָכער אין אַ צעשפּיליעטער טוזשורקע. דער בלויער קאָטעס, מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט, איז אַראָפּגעהאַנגען קימאַט ביז זײַנע קני. דער ברייטביינערדיקער, געזונטער יונג מיט די אונטערגעהויבענע אַקסלען האָט אויס־געזען ווי אַ בערן־טרײַבער. ער איז געשטאַנען אינמיטן צימער און געוואַרט אַף גאָלוביאָווס באַפֿעל.

— אַנאַטאָלי, זאָג זיי עפּעס, — האָט גאָלוביאָוו זיך געווענדט צו אים.

דער סטודענט פֿון יורידישן פֿאַקולטעט אַנאַטאָלי שישאָוו, דער זון פֿון לעאָנטי איוואַנאָוויטש שישאָוון, דעם מיטגליד פֿון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע, איז באַוווּסט געווען ווי אַ שלעגער. די סטודענטן האָבן זיך אָבער ניט דערשראָקן. צוויי פֿעסטע יונגען זײַנען צוגעלאָפֿן צו שישאָוון און אָנגעכאַפּט אים פֿאַר די הענט. אַנאַטאָלי האָט פֿון אָנפֿאַנג זיך אַפּילע ניט געוואָרט. ערשט ווען גאָלוביאָוו האָט אים אונטערגעהיצט: „וואָסי, האָסט מוירע פֿאַר זיי?״ — האָט אַנאַטאָלי זיך אַ

[1] עס גייט אַ רייד וועגן מיטגלידער פֿונעם „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ״ — אַ שוואַרצמײַעדיקע אָרגאַניזאַציע אין צאַרישן רוסלאַנד.

ריס געטאָן און גרייט געווען געבן קלעפּ. נאָר גאָלוביאָוו איז ארויף אַף דער קאַטעדרע, פלינק אָפּגערוקט אין א זייַט דעם פּראָפעסאָר שאַבאַנאָוו, וועלכער איז געשטאַנען ניט טויט ניט לעבע־דיק, און הילכיק אויסגערופן:

— ברידער, ברידער פון קריסטוס גלויבן! הערט מיך אויס! מע דאַרף נישט קיין בלוט־פאַרגיסונג, איך וועל אייַך באַלד זאָגן עפּעס נייטיקס און וויכטיקס...

ס׳איז שטיל געוואָרן, און גאָלוביאָוו, דער פירער פון „דוווגלאַווי אָריאָל“[1], האָט אָנגעהויבן כניפעדיק:

— דער כאָשעווער פּראָפעסאָר... ע־ע־ע...

— אַרקאַדי סטעפּאַנאָוויטש, — האָט מען אים אונטערגעזאָגט.

— יאָ, אַרקאַדי סטעפּאַנאָוויטש שאַבאַנאָוו האָט דערמאָנט אונדזער לייַטזעליקן מאָנאַרך. זייער ליב צו הערן, אַז מע דערמאָנט אונדזער אימפּעראַטאָר. צי ווייסט איר, רוסישע סטודענטן, אַז איצט ווערט צוגעגרייט א גוזזיץ־פּראָיעקט וועגן איינפירן די זעמסטווע אין אונדזער קאַנט. אין אָט דעם גוזזיץ ווערט ווידער געשטעלט די פראַגע וועגן אָפּהיטן די רעכט פון דעם גרונטיקן טייל פון דער רוסישער באַפעלקערונג.

— א גוזזיץ קעגן אוקראַינער און יידן! — האָט אויסגעשריִען דער סטודענט יאַקאָוו ראַט־נער, א קליינוווקסיק דאַר באָכערל מיט פּענסנע אַף די קורצזיכטיקע אויגן.

— דער פּראָיעקט פאַרטיידיקט די רוסישע מענטשן, — האָט גאָלוביאָוו אים אָפּגעענטפערט. און כאָטש מ׳האָט אים נישט געלאָזט ריידן, האָט זייַן קאָל דאָך געדונערט:

— און איר, הער פּראָפעסאָר שאַבאַנאָוו, האָט שוין באַוויזן מיט אייַערע לעקציעס וועגן רוימישן רעכט, אַז די רעכט פון עכט־רוסישע מענטשן איז אייַך פרעמד.

עס איז ווידער געוואָרן א טומל. מער פון אַלץ האָט זיך געהיצט יאַקאָוו ראַטנער. ער איז גרייט געווען צו וואַרפן זיך אַף די כוליגאַנעס און איבערהריזען זיי די גאָרגלען. ער האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר דעם בעריש־קרעפּטיקן אַנאַטאָלי שישאָוו, וואָס האָט אַף אים אָנגעצילט זייַנע טעמפּע, מיט בלוט פאַרגאָסענע אויגן.

— דאָס זייַט איר סאָנים פונעם רוסישן פאָלק, ניט מיר!.. — האָט ראַטנער אויסגעשריִען. אזא באַליידיקונג האָט אַנאַטאָלי שוין ניט געקאָנט מויכל זייַן. און פון וועמען הערט ער עס — פון דעם נישטיקן ראַטנערן, וועמען ער וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן צעקוועטשט ווי א פליג. שישאָוו האָט שוין אַמאָל געשווירן אַף א פאַרזאַמלונג פון „דוווגלאַווי אָריאָל“, אַז ווען ער זאָל ניט מוירע האָבן צו דיסקרעדיטירן זייַן פאָטער, דעם ריכטער, וואָלט ער ראַטנערן שוין לאַנג צעבלוטיקט... און בעעמעס, וואָס קלעקט בא אים אזא פּערטל אַף? איצט וואָלט שישאָוו פאַרווירקלעכט זייַן שוווע. האָט זיך אָבער דערהערט שאַבאַנאָווס שטים:

— שישאָוו, איר זאָלט ניט וואָגן אופצוהייבן א האַנט!

אַנאַטאָלי שישאָוו האָט אפגיך גענומען פאַרשפּיליען דאָס רעקל און דערבייַ קאָסע געקוקט אַפן פּראָפעסאָר.

אַף דער שוועל פון דער אַאודיטאָריע האָט זיך באַוויזן דער רעקטאָר פון אוניווערסיטעט. ער איז געשטאַנען א ווייַלע און צוגעקוקט, וואָס דאָ קומט פאָר, און דערנאָך זיך געווענדט צו שאַבאַנאָוון:

— ווי שעמט איר זיך ניט, אַרקאַדי סטעפּאַנאָוויטש? א געניטער פּראָפעסאָר זאָל דערלאָזן צו אזא אַקציע. ס׳איז דאָך א ביזאָיען פאַר דער רוסישער וויסנשאַפט און א שאַנדע פאַר דער רוסישער סטודענטשאַפט.

— דער קיִעווער אוניווערסיטעט איז פאַרמיסטיקט מיט אינאָראָדצעס[2], — האָט גאָלוביאָוו אויסגעשריִען.

עמעצנס א שטאַרקע האַנט האָט אופגעריסן א פענצטער, דורך וועלכן א פאַרע האָט, קנוילנ־דיק זיך, א ריס געטאָן אין פראָסטיקן דרויסן.

— איך וועל זייַן געצוווּנגען צו רופן פּאָליציי, הערן סטודענטן, אויב איר וועט ניט אופהערן צו טומלען, — האָט געזאָגט דער רעקטאָר און איז ארויס פון דער אַאודיטאָריע.

ניט דאָס ערשטע מאָל קאָכט זיך דאָ אזוי, אָבער דער הייַנטיקער אינצידענט האָט זיך פאַר־צויגן לענגער ווי שטענדיק. עמעצער האָט באַוויזן צולויפן צום ציינדאָקטער ראַטנער אהיים און דערציילן וועגן די אומרוען אין אוניווערסיטעט.

דער ווינטערדיקער טאָג האָט זיך גענומען נייגן צו פאַרנאַכט, דאָ און דאָרט האָבן זיך אָנגע־

---

[1] „צווייקעפּיקער אָדלער“ — א נאָמען פון א שוואַרצמייעדיקער אָרגאַניזאַציע און אויך פון א צייַטונג.

[2] מענטשן פון ניט־רוסישער נאַציאָנאַליטעט.

צונדן פײַערן אין די הײַזער, און די רויטע אוניווערסיטעט־געבײַדע האָט אָנגעהויבן אײַנצוזינ־קען אין פאַרגליווערטע שאָטנס.

אומגעריכט האָט זיך באַוויזן אין אוניווערסיטעט ראַטנערס מוטער — א קלײנווויקסיקע דיקע פרוי מיט א דערשראָקן פּאָנעם. זי איז פאַרבײַגעגאַנגען דעם וועכטער, וואָס איז געשטאַנען בא דער טיר, און זיך געלאָזט גיין איבער דעם לאַנגן קאָרידאָר.

סטודענטן האָבן נאָכגעקוקט דער צעשטרייטער פרוי, וואָס זוכט עפּעס מיט דערשראָקענע אויגן.

איר אנטקעגן איז אָנגעקומען דער אופגערעגטער רעקטאָר פון אוניווערסיטעט.

— וואָס וויל דאָ די פרוי? — האָט ער א פרעג געטאָן באַם סטודענט, וואָס האָט אים באַגלייט.

— מײַן הער, — ווענדט זיך די פרוי צום רעקטאָר.

— וואָס דאַרפט איר דאָ?

— מײַן זון יאַקאָוו ראַטנער... ווו איז ער? מ'איז מיר געקומען זאָגן... מע שלאָגט זיך שוין ווידער?

— גאָרנישט איז ניט געשען, מאַדאַם, — האָט געענטפערט דער רעקטאָר, — גייט געזונ־טערהייט, דאָ איז א טעמפּל פון וויסנשאַפט...

— גאָט מײַנער, מ'האָט מיר געזאָגט, אז מײַן יאַקאָוו... אז ווידער גאָלוביאָוו מיט זײַנע קוילערס.

איינער פון די סטודענטן האָט דערקענט ראַטנערס מוטער.

— גייט אהיים, קלאַרא אָסיפּאָוונא, מיט יאַקאָוון וועט קיין שלעכטס ניט געשען.

— איך קען אים זייער גוט, איך קען זײַן כאַראַקטער, — האָט די פרוי געזיפצט.

דער רעקטאָר האָט געבעטן דעם סטודענט, ער זאָל אַרויסבאַגלייטן די פרוי.

— איצט גייען לעקציעס, מאַדאַם, — האָט מען איר דערקלערט.

— לעקציעס... איך האָב גוט געהערט די געשרייען, נאָך אין דרויסן...

מע האָט קוים באַרויִקט די מוטער. זי איז אָבער ניט אַוועקגעגאַנגען. געבליבן שטיין בא דער אַרויסגאַנג־טיר און נאָר געוואָלט זען איר זון א לעבעדיקן. אינגיכן איז יאַקאָוו אַראָפּ פון די טרעפּ און גענומען אײַנטײַנען מיט דער מאַמען:

— גיי אהיים, האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן.

— דער טאַטע האָט מיך געשיקט אהער... ניומע איז הײַנט ניט געגאַנגען אין גימנאַזיע...

קלאַרא אָסיפּאָוונא איז נאָך לאַנג געשטאַנען אין דרויסן אף דער קעלט. אָט האָט איר זון צוזאַמען מיט א גרופּע סטודענטן אַרויסגעפירט פון דער געבײַדע דעם פּראָפעסאָר שאַבאַנאָוו און מיט באַגײַסטערטע אויסגעשרייען אים אַרײַנגעזעצט אין א שליטן.

## דער ברודער און די שוועסטער

נאָכן צוזאַמענשטויס אין אוניווערסיטעט איז אַנאַטאָלי שישאָוו געגאַנגען אהיים אין א גע־הויבענער שטימונג. ביז דער סאַמע שטוב האָט אים באַגלייט וולאַדימיר גאָלוביאָוו, ער האָט אויסגעדריקט אַנאַטאָלין זײַן צופרידנקײַט און געזאָגט, אז ער האָפט אף זײַן שטיצע. אייגנט־לעך, איז דאָס שטיצע ניט פאַר גאָלוביאָוון אליין, נאָר פאַר אלע עכט־רוסישע מענטשן, וועמען עס ווערט אלץ ענגער איבער די פרעמדע עלעמענטן, וואָס מערן זיך און מערן אין דעם דאָזיקן קאַנט...

— און שאַבאַנאָוו? — פרעגט באַם געזעגענען זיך שישאָוו. — ער איז דאָך אויך א רוסישער מענטש.

— ניין, ער האָט זיך פאַרקויפט... — דערקלערט גאָלוביאָוו זײַן כאַוועד. גאָלוביאָוו ווייסט, אז אַנאַטאָלי האָט א שוועסטער האַנט, וואָס קומט גוט צוניץ. עמעס, דער מויעך איז בא אים א טעמ־פּער, נאָר דאָס איז אויך א מײַלע...

פאַרן אַוועקגיין האָט שישאָוו אין א שפּאַס אונטערגעהויבן אף די הענט זײַן גײַסטיקן פירער, פרײַנטלעך אים צוגעדריקט צו זיך, אזוי אז די ביינער האָבן בא יענעם אזש א טרישטשע געטאָן.

— לאָז אָפּ, בערישע לאַפּע...

— האָב קיין מוירע ניט, — צעלאַכט זיך שישאָוו, — דיר וועל איך די ביינער ניט צע־ברעכן. אוי, וואָלט איך צעבראָכן די יאַשקע ראַטנערס, ווען כ'האָב ניט מוירע פאַר דער פּאָליציי...

— די פּאָליציי איז אונדזערע. מעגסט זײַן רויק.

— דאָס ווייס איך, אָבער מײַן פֿאָטער...

ביידע פֿרײַנט צעשיידן זיך, און אַנאַטאָלי לויפֿט שנעל אַרויף אַפֿן צווייטן שטאָק.

אויפֿגעעפֿנט די טיר, האָט ער דערזען באַם טיש זיצן די שוועסטער, וועלכע איז שוין צוויי יאָר ניט געווען אין דער היים. דער טאַטע און די מאַמע פֿלעגן זיך שושקען, אַז עפּעס איז בײַ נאַסטיען דאָרטן אין פּעטערבורג אויף די קורסן ניט קעשורע, נאָר נעמלעך וואָס, האָט אַנאַטאָלי אַפֿילו ניט געקאָנט זיך אָנשטויסן.

דערזען די שוועסטער, האָט ער זיך געוואָרפֿן איר אויפֿן האַלדז און זיך צעקושט מיט איר.

נאַסטיע איז אויך געווען אַ הויכוווקסיקע, אַ בלאָנדע, שטײַף געפּאַקט, מיט היפּשע געזיכט־שטריכן, ווי באַם פֿאָטער. אַנאַטאָליס נאָז איז געווען עטוואָס קורנאָסע, ווי בײַ דער מאַמען.

נאַסטיעס גוטמוטיקייט און אָפֿנהערציקייט האָט דער ברודער קיינמאָל ניט גערעכנט פֿאַר קיין מײַלע.

שוין אין די ערשטע מינוטן פֿון זייער באַגעגעניש האָט זיך גלײַך אַרויסגעוויזן דער כּילעק אין זייערע כאַראַקטערן. אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפֿון, וואָס דער ברודער האָט געוואָלט וויסן, פֿאַרוואָס איז נאַסטיע אַזוי פּלוצעם, אינמיטן לערניאָר, געקומען קיין קיִעוו. נאַסטיע האָט דערויף גאָרנישט ניט געענטפֿערט. די מוטער איז אַרײַנגעקומען און זיך אַרײַנגעמישט אין שמועס:

— נאַסטיע וועט איצט לערנען אויף די קיִעווער פֿרויען־קורסן.

סעראַפֿימאַ גאַווריליאָוונאַ האָט ליב געהאַט דעם זון, מויכל געווען אים דאָס, וואָס ער פֿירט זיך אַרום מיט גאַלוביאַון, געגלייבט, אַז אַלץ, וואָס די „סאַיוזניקעס“ פֿאָדערן, איז יושרדיק, און איז, פֿאַרקערט, געווען אומצופֿרידן פֿון איר מאַנס ליבעראַלע שטימונגען; ניט איין מאָל האָט זי אים געטאַדלט, מוירע האָבנדיק, אַז סאָפּקאָלסאָף וועט זיך עס שלעכט ענדיקן פֿאַר אים. בײַס לעאָנטי איוואַנאָוויטש פֿלעגט אָנווײַזן דעם זון, ווי אויף אַ כּיסאָרן, זײַן רוישיקע אויפֿירונג אין אוניווערסיטעט און צווישן דער סטודענטישער יוגנט, האָט סעראַפֿימאַ גאַווריליאָוונאַ געהאַלטן דעם זונס צאַד. זי האָט בלויז געבעטן דעם זון, ער זאָל זײַן פֿאָרזיכטיק, ניט וואַרפֿן זיך דער ערשטער אין פֿײַער.

איצט, ווען סעראַפֿימאַ גאַווריליאָוונאַ האָט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס די טאָכטער האָט געמוזט אַוועק פֿון די פּעטערבורגער העכערע פֿרויען־קורסן, האָט זי גענומען זוכן שטיצע באַם זון: זאָל ער אויך אויסשטראָפֿן די שוועסטער פֿאַר דער ווילדער אויפֿירונג. זי האָט געוואָלט דאָס אָפּטאָן, נאָך ביז דער מאַן וועט קומען פֿון דער געריכט־פּאַלאַטע. דעריבער טאַקע האָט די מוטער זיך אַרײַנגעמישט אין שמועס.

— וואָס עפּעס פּלוצעם? פֿאַרוואָס איז זי אַוועקגעפֿאָרן פֿון פּעטערבורג? — האָט אַנאַטאָלי גערעדט צו דער מוטער, גלײַך קיינער וואָלט דאָ מער ניט געווען. — זי וויל עפּשער דאָ כאַסענע האָבן?

דאָס מיידל האָט אויפֿגעפֿלאַמט. זיך אָפּגעקערעוועט, געקנייטשט מיט די אַקסלען און ניט געוואָלט ענטפֿערן.

אַנאַטאָלי כאַזערט איבער זײַן פֿראַגע ווענדנדיק זיך איצט צו דער שוועסטער:

— נאַסטיושע, מיר מעגסטו דאָך זאָגן. ווילסט טאַקע דאָ כאַסענע האָבן?

— נאַרישקײַטן! און ביכלאַל לאָז מיך צורו, — זאָגט נאַסטיע נערוועז.

— וואָס וואַרפֿסטו זיך אַזוי? מיט וואָס ביסטו בײַ זיך אַזוי גרויס? — האָט שוין דער ברודער זיך געקאָכט.

נאַטירלעך וואָלט געווען, סעראַפֿימאַ גאַווריליאָוונאַ זאָל ניט דערלאָזן צו קיין קריג. האָט זי אָבער אַליין געגאַרט גענוי צו דערגיין, מיט וואָס די טאָכטער איז אָנגעשמעקט און פֿאַרוואָס האָט זי אינמיטן ווינטער זיך אומגעקערט אַהיים. כאָטש אָנגעשטויסן האָט זי זיך וועגן אַלץ.

— פֿון כאַסענע האָבן קלער איך נישט, — ענטפֿערט נאַסטיע באַרויגעז, — ווײַל כ'האָב ניט אַזאַ כאָסן, ווי דו, אַשטייגער, — שטעלט זי אָן אירע אויגן אויפֿן ברודער.

— וואָס איז, דער ברודער געפֿעלט דיר ניט? — פֿרעגט די מוטער.

— ניין.

— פֿאַרוואָס, נאַסטיענקע? — צעלאַכט זיך קלוימערשט ווויליונגעריש אַנאַטאָלי.

— ווײַל דו פֿירסט זיך אַרום מיט אויסוואורפֿן...

— וואָס זאָגסטו? הערסט, מאַמע?

סעראַפֿימאַ גאַווריליאָוונאַ איז רויט געוואָרן.

— פֿונוואַנען ווייסטו?

— איך ווייס, איך ווייס עס גענוי, — ענטפֿערט נאַסטיע מיט אַ פֿעסטער שטים.

— איז שטייט עס דיר ניט אָן? — זאָגט שוין אַנאַטאָלי בייז.

— ס'איז אַ שאַנדע פֿאַר אונדזער מישפּאָכע.

— הערסט, מאמע? זאָג איר, זאָל זי ניט מיינען, אז מיר ווייסן ניט, מיט וועמען זי האָט זיך ארומגעפירט אין פעטערבורג און דערפאר טאקע געמוזט קומען צו אונדז.

— איך בין געקומען צו די עלטערן, ניט צו דיר.

— זאָג איר, מאמע. פארוואס שווייַגסטו?

סעראפימא גאוורילאָוונא האָט אָבער פארשטאנען, אז עס קאָן צו ווייַט פארגיין, האָט זי זיך אוועקגעשטעלט צווישן ביידע קינדער, געכאפט דאָס גלעקל, וואָס איז געשטאנען אפן טיש, און גענומען קלינגען. אין צימער האָט זיך באוויזן דאָס דינסטמיידל. די באלעבאָסטע האָט באפוילן גרייטן צום טיש.

— דער באַרין דאַרף שוין באלד קומען פון דער פאלאטע, — האָט זי געכאפט א קוק אפן וואנטזייגער, — גיי, טאליע, טו זיך איבער. ביסט דאָך איצט ניט אין אוניווערסיטעט.

אראָפגעוואָרפן פון זיך די טוזשורקע, דערנאָך דאָס העמדל מיטן קאָטעס און ניט געפינענדיק אפן באשטענדיקן אָרט די שטעקשיך, האָט דער סטודענט זיך צעשריִען און געפאָדערט פונעם דינסטמיידל, זי זאָל גלייַך זיי דערלאנגען, נאָר ווי אפצולאָכעס האָט די דינסט ניט אזוי גיך געפונען די שטעקשיך און זיך גענומען פארענטפערן.

די מוטער האָט אראָפגענומען פון די פיס אירע ווארעמע שטעקשיך און זיי געגעבן דער דינסט, זי זאָל זיי דערלאנגען דעם זון.

— קיין אָרדענונג איז דאָ אין שטוב ניטאָ... — האָט ער זיך געשמיצט, — און ס׳וועט קיינמאָל ניט זייַן...

— שאַ! — זאָגט שטרענג די מוטער. — צעלאָז ניט די נערוון.

— שרייַ אף דייַן טאָכטער, ניט אף מיר.

נאסטיע קוטעט זיך אין שאלכל און קוקט מיט פאראכטונג אפן ברודער. פון דעם פאָטערס בריוו האָט זי גאנץ גוט געוווּסט וועגן טאליעס שטימונגען.

צווישן די שורעס פון דער טאָכטערס בריוו האָט אויך דער געניטער לעאָנטי איוואנאָוויטש געכאפט דער טאָכטערס געדאנקענגאנג. ער האָט גאנץ גוט פארשטאנען, מיט וואָס זי אָטעמט און וואָס זי לעבט איבער.

ווי נאָר ס׳האָבן זיך דערהערט פון קאָרידאָר לעאָנטי איוואנאָוויטשס טריט, איז אים אנטקעגן ארויסגעגאנגען סעראפימא גאוורילאָוונא.

— ליב דיר מיט אונדזער גאסט, — האָט זי געשמייכלט.

אף דער באָרד בא לעאָנטי איוואנאָוויטשן האָבן נאָך געגלאנצט פערעלעך שניי. אין אָנגעטאָנענער איז דער פאָטער ארייַנגעגאנגען אין צימער, צוגעגאנגען צו נאסטיען, זי ארומגענומען און זיך צעקושט מיט איר.

— זע נאָר, דער שניי פאלט נאָך אלץ? — פרעגט דאָס ווייַב.

— ווי דו זעסט, — קומט אן ענטפער. לויטן זונס מינע האָט לעאָנטי איוואנאָוויטש באמערקט, אז עפּעס איז שוין דאָ געשען. — און דו, וואָס מאכסטו עפּעס, אנאטאָלי? כ׳האָב געהערט, ס׳איז הייַנט געווען פרייליך אין אוניווערסיטעט. ווידער בושעוועט דייַן גאָלוביאָוו?

דער זון קנייטשט שווייַגנדיק מיטן אקסל.

— וואָס שטייען עפּעס אינמיטן שטוב די שטעקשיך, אנאטאָלי לעאָנטיעוויטש? — פרעגט דער פאָטער.

דער זון זיצט מיט אן אראָפגעלאָזטן קאָפּ. ער ענטפערט ניט.

— נו, טו שוין אויס די פאלטאָ, — זאָגט סעראפימא גאוורילאָוונא צום מאן. זי העלפט אים זיך אויסטאָן און גיט איבער דער דינסט דעם מאנטל.

אלע האָבן שווייַגנדיק זיך געזעצט צום טיש.

— דערצייל, נאסטינקע: וואָס איז געשען? — פרעגט דער פאָטער צווישן איין ביסן און צווייטן.

די טאָכטער לייגט אוועק דעם לעפל, ווישט אָפּ מיט א סערוועטל די ליפּן:

— ווילסט מיך נישט פאר קיין גאסט? — זי פארזשמורעט די אויגן, קוקט כיטרע אפן פאָטער.

— אף אלץ איז דאָ א צייַט, מייַן גנעדיק טעכטערל.

— מע האָט זי ארויסגעטריבן פון די קורסן פאר רעוואָליוציאָנער־זשידאָווסקער פראָפּאגאנדע, — שרייַט אויס אנאטאָלי און קוקט ווי א זיגער.

— וואָס איז דאָס פאר א רייד? און פונוואנען ווייסטו? — ווערט דער פאָטער בלייך.

— מיר ווייסן דאָ אלצדינג, זייַט זיכער! — בייזערט זיך אנאטאָלי.

— ווער איז עס דער „מיר״? — שפּרינגט אוף נאסטיע פונעם אָרט.

— אין וועמעס נאָמען רעדסטו? — שטייט נאסטיע צו צום ברודער. — און וואָס איז דייַן אייסעק?

— ס'איז מײַן אײסעק, ווײַל דו פֿאַרשעמסט דעם ערלעכן נאָמען פֿון רוסישע מענטשן. דו פֿאַרגעסט, אַז אונדזער פֿאָטער פֿאַרנעמט אַ הויכן און ווichטיקן פּאָסטן, — פּרוּווט אַנאַטאָלי זיך אונטערלעקן צום פֿאָטער.

די מוטער ווייסט ניט, אַף וועמען פֿריִער ווענדן אירע בליקן. זי נייגט זיך צום זון, דערנאָך צום מאַן און איז גרייט אָפּהאַלטן די טאָכטער, וואָס ווילֿ, ווי איר דוכט זיך אויס, זיך אָנטאָן און אוועקגיין. אָבער ניין, די טאָכטער זעצט זיך האַסטיק און שווער אַוועק אַף דער סאָפֿע און ווiקלט זיך שטײַפֿער אײַן אין שאַלכל.

דער פֿאָטער איז גאַנץ פֿלינק — גאָר ניט לויט זײַן עלטער — צוגעגאַנגען צום בופֿעט, ווו עס ליגן זײַנע ברילן, וועלכע ער טראָגט אין שטוב, און מיט אַ נערוועזער באַוועגונג אַרופֿגעזעצט זיי אַף דער נאָז, אײַנגעקוקט זיך אין זון און גאַנץ געלאַסן געזאָגט:

— הער נאָר אויס, אַנאַטאָלי, פֿון ווען אָן זאָרגסטו זיך פֿאַר מײַן קאָוועד? עפּעס האָב איך קיינמאָל ניט געהערט פֿון דיר אַזוינס.

— האָסט נאָך עפּעס ניט געהערט פֿון מיר...

— אַשטייגער?

— נו... — דער זון ווייסט ניט, ווiאַזוי אויסצוברייַען זײַנע געדאַנקען. ער פּלאָנטערט עפּעס מיט דער צונג. נאָר די מוטער קומט אים צוהילף:

— זאָל זײַן שטיל, לעאָנטי איוואַנאָוויטש. די טאָכטער איז געקומען צוגאַסט, דאַרף זײַן שאָלעם. ס'איז דאָך אַ ביזאָיען פֿאַר לײַטן. אָן אומגליק, פּאַשעט אָן אומגליק... — און סעראַפֿימאַ גאַווריל־אָוונאַ צעוויינט זיך.

דער פֿאָטער טוט אַ ווונק צו דער טאָכטער, זי זאָל באַרויִקן די מוטער.

אַנאַטאָלי האָט נאָכגעקוקט נאַסטיען, וואָס איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און מילד זיך אָנגעבויגן צו איר. אַ צעהיצטער איז ער צוגעלאָפֿן צו דער טיר, זי אַ ריס געטאָן מיט אַלע קויכעס און אַנטלאָפֿן.

סעראַפֿימע גאַווריל־אָוונעס קאָל יאָגט אים נאָך:

— טאָליע, אַנאַטאָלי!..

## שאַבעס דעם 12 מאַרט 1911 יאָר

באַנאַכט האָבן צו ווערע טשעבעריאַק אין שטוב זיך אַרײַנגעוואַלגערט אַלע דרײַ. די שניט־קראַם אַפֿן ראָג פֿון קרעשטשאַטיק און בעסאַראַבקע האָבן זיי קונציק אויסגעליידיקט. קיין האָן האָט אַפֿילע קיין קריי ניט געטאָן. אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען ניט באָריס רודזינסקי, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַ לעפּיש שטיקל אַרבעט, פֿון וועלכער די גאַנצע אָפּעראַציע איז שיר־שיר ניט דורכגעפֿאַלן.

ווען מ'איז שוין מיט דער גאַנצער מאָטניאַ אַרויס אַף דער גאַס, האָט באָריס דערהערט ווײַטע טריט. ער האָט, ווי אַ כײַע, זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער זײַט און אײַנגיכן זיך אומגעקערט מיט אַ פֿאַרבלוטיקט מעסער אין דער האַנט.

— אַף קאַלטס? — האָבן שטיל אַ פֿרעג געטאָן זײַנע צוויי קאָמפּאַניאָנען איוואַן לאַטישעוו און פּיאָטער סינגאַיעווסקי.

— ניין, אַף טויט!

באַוואָרנט אין אַ באַהעלטעניש די מאָטניאַ, איז מען אַוועק באַשטאַטן דעם „פֿייגער", דער־נאָך צוריק זיך אומגעקערט, געגומען די פּעק, און אָט איצטער זיצן זיי צוזאַמען מיט ווערע טשעבעריאַק און מע טיילט די גנייווע. פֿון צײַט צו צײַט דערמאָנען זיך לאַטישעוו און סינגאַיעווסקי אין זייער כאַווערס אופּטו, — ער וואָלט דאָך געקאָנט דורכוואַלגערן די גאַנצע אָפּעראַציע. ערשט איצט וועט ווערן אַ טומל, די „ליאַגאַווע" וועלן זוכן דעם „פֿייגער", עפּשער אים געפֿינען, און ס'וועט זיך אָנהייבן אַ געשיכטע. און צו וואָס האָט מען עס געדאַרפֿט? מע וואָלט דאָך געקאָנט אַלץ אָפּטאָן שאַ־שטיל. אַזאַ ריין שטיקל אַרבעט, איז נאַ דיר!

— גענוג! — שרײַט אויס באָריס. דאָס קליינע פֿינטעלע אונטער זײַן שאַרף אייגל הייבט אָן ציטערן, ווערט טינקעלער און רוקט זיך צו נעענטער צום אויג. דער לאַנגער כאָרט — פּעטיע סינגאַיעווסקי, אָדער, ווי מע רופֿט אים, פּליס, האָט אַ נעם געטאָן רודזינסקין באַם אַקסל און מיט אַ פֿאַרקרימט פּאָנעם אים געגעבען:

— באַרויִק זיך. ביסט קאַליע געוואָרן, קיריוכאַ.

דער קלײַנדיקער געלער איוואַן לאַטישעוו, אַ מענטשל מיט אַ נידעריקן שטערן און אַ שווערן קינבאַק, האָט זיך אָנגעבויגן צו ביידע זײַנע פֿרײַנט, דערבײַ אָנגענומען ווערען באַ דער האַנט, צוגעצויגן זי צו זיך און געזאָגט:

— זע, קראַליע, ס׳זאָל ניט דערגיין צו קיין סקאַנדאַל.

בא וווערע טשעבעריאַק האָט דאָס פאַרפאַליעטע פּאָנעם זיך צעלויכטן, מיט אירע טיפע אויגן האָט זי באַטראַכט די קאָמפּאַניע, דערנאָך זיך צעשמייכלט. בא אַלע דריי מאַנצבילן איז וואַרעם געוואָרן אין דער נעשאָמע.

— אָט אַזוי! — האָט וווערע וולאַדימיראָוונאַ צופרידן געזאָגט. זי האָט אַלע דריי לויט דער ריי אַנגענומען בא דער האַנט און דאָס האָט באַטייט — שאַלעם.

דער געלער וואַנקע איז צוגעגאַנגען צו זיין מאַנטל, אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ פאַר־קאַרקעוועטע פלאַש מיט אַ באַזילבערטן קעפּל, אופגעהויבן זי העכער פּונעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— עכטע שאַמפּאַניער. פּאַריזשער. אַזאַ ווייַן טרינקען נאָר פירשטן! מיניסטאָרן אויך און... יונגעלייט פון וווערע טשעבעריאַקס מאַלינע.

קונציק אופגעמאַכט די פלאַש, האָט דער קלייַנדיקער לאַטישעוו דאָס ערשטע שוימיקע גלעזל דערלאַנגט וווערע וולאַדימיראָוונאַן. יענע האָט פון פאַרגעניגן אַזש אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן, זיך אומגעקוקט צום מאַן, וואָס איז געשמאַק געשלאָפן אף זיין געלעגער.

אויסגעטרונקען דעם שאַמפּאַניער, האָט לאַטישעוו אַ שליידער געטאָן דאָס פלעשל צום עמער מיט מיסט, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער טיר. וווערע איז צוגעגאַנגען צום עמער, גענומען די פלאַש און זי דערלאַנגט דעם געלן.

— פּאַרזיכטיק...

— נאַרישקייטן, — האָט לאַטישעוו אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— ס׳איז ניט קיין נאַרישקייטן, — האָט וווערע אַנגעכמורעט די ברעמען. — מע דאַרף זיין געהיט. נאָך מיר קוקט מען נאָך. אָט וועט איר באַלד הערן.

זי איז צוגעגאַנגען צום עלטערן זונס געלעגער, אַ גלעט געגעבן איבער דער באַק, דערנאָך זיך אַנגעבויגן צו אים און צוגעטוליעט די ליפּן צו זיין שטערן. דאָס יינגל טוט זיך אַ דריי פּונעם שלאָף, נאָר כאַפּט זיך ניט אוף.

די מוטער האָט צוערשט לייַכט אַ טרייסל געטאָן דאָס יינגל, נאָר יענער האָט אַלץ ניט געעפנט די אויגן. דאַן האָט זי גענומען טרייסלען אים העפטיקער, ביז ער האָט סאַפּקאַלסאָף זיך אופגעכאַפּט.

דערזען די קאָמפּאַניע, וועלכע ער האָט גוט געקענט, האָט ער אַ דערשראָקענער אַ קוק געטאָן אף דער מוטער.

— מאַמע!

וווערע העלפט דעם קינד זיך אופשטעלן אפן געלעגער, דערלאַנגט אים די הייזלעך, די שיך. ערשט איצט נעמט זי אים פאַר דער האַנט און פירט אים צום טיש.

— זשעניע, — זאָגט די מוטער, — דערציייל אונדז אַלץ, וואָס דיר האָט געזאָגט דער בייסטרוק.

ציטערנדיק, פירט איבער דאָס יינגל דעם בליק פון איין פאַרשוין אפן אַנדערן.

— גאָרנישט, מאַמאַטשקע, גאָרנישט ניט געזאָגט...

— דערציייל דאָס, וואָס דו האָסט מיר דערציילט.

— אַנדריושקע? — פרעגט איבער דאָס יינגל.

— יאָ, דער בייסטרוק.

— דער דאַמאָוואַי, — גיט צו דער געלער, — נו, וואָס זשע האָט ער געזאָגט, דער דאַמאָוואַי?

ווידער בעט זיך דאָס יינגל מיט ראַכמאָנעס־אויגן בא דער מוטער, זי זאָל אים אָפּלאָזן. ער וויל שלאָפן, דאָס כיִעס גייט אים אויס. דער פעטער פעטיע האָט בייז אַ קוק געטאָן אף אים און אויסגעשריִען:

— דערציייל! צי ניט די קליי פון די אָדערן!

דאָס יינגל קאָרטשעט זיך צונויף, ווערט אַזש קלענער. ער הייבט אָן ציטערן.

— מיר האָבן געשניטן פּרוטיקעס — איך און אַנדריושקע. מייַן פּרוטיקל איז געווען אַ לאַנגס, זייַנס — דינער און קירצער. זאָגט ער צו מיר: „גיב מיר דייַנס". האָב איך נישט געוואָלט, כ׳בין אין קאַס געוואָרן און זיך צעבייזערט אף אים. „גיי דיר אהיים, — האָב איך געזאָגט, — אַניט וועל איך דערציילן דייַן מאַמען, אַז דו גייסט ניט אין שול". הייבט ער אָן שרייַען צו מיר: „שווייַג בעסער, אַניט וועל איך דערציילן דער פּאָליציי, אַז דייַן מאַמע האַנדלט מיט גנייוועס".

זשעניע איז שטיל געבליבן.

— און ווייַטער וואָס נאָך? — טרייַבט אים אונטער דער געלער.

— מער גאָרנישט, — ענטפערט מיט אַ פאַרשטיקט קאָל דאָס יינגל.

— ס׳איז נאָך ווייניק? — פרעגט וווערע בייז.

— יאָ... — האָט פּעטיע סינגאַיעווסקי פאַרביסן אַ ליפּ.

דער פּאַרשוין מיטן שווערן קינבאַק האָט אַראָפּגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען און אומגע־ריכט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.

— אָט אַן אויסוואורף! — האָט ער אויסגעשריִען.

די מוטער האָט אָנגענומען דאָס יינגל פאַר אַ האַנט און צוגעפירט צו זײַן געלעגער, אַראָפּ־געשלעפּט פון אים די שיך און די הייזלעך, אײַנגעדעקט מיט דער קאָלדרע און פון צווישן די ציין אַרויסגעבראַכט: „שלאָף".

דאָס יינגל האָט ניט געקאָנט אײַנשלאָפן. דאָס האַרץ האָט זיך בײַ אים צונויפגעקלעמט. ער קוליעט זיך צונויף, ווי אַ קנויל, שטיקט זיך מיטן אייגענעם אָטעם, וואָס בריט אים אונטער דער קאָלדרע. צו אים דערגייען אָפּגעריסענע דראָענדיקע ווערטער וועגן זײַן כאַוער אַנדריושקע...

זשעניע הערט, ווי די בעטלעך סקריפּען, — דאָס לייגן זיך אַלע שלאָפן.

עס ווערט שטיל. זשענקע קאָן אָבער ניט אײַנשלאָפן. ער הערט, ווי אין דרויסן בילט אַ הונט. אים דוכט זיך, אַז עמעצער שטייט אונטער די פענצטער, עמעצער פּויקט אין די שויבן. ניין, ס'איז דער ווינט. עפּעס איז אַראָפּגעפאַלן פונעם טיש און צעבראָכן געוואָרן. מע כאַפּט זיך אויף מיט אַן אויסגעשריי: „ווער איז?" דאָס האָט די קאַץ אַראָפּגעשאַרט אַ טעלער.

זשעניע קאָן אַלץ ניט אײַנשלאָפן. ער דרייט זיך אויף זײַן געלעגער ביז פאַרטאָג.

גאַנצפרי האָט די מאַמע אים אופגעטראָגן.

— טו זיך אָן און גיי ברענג אַהער דעם בײַסטרוק... — האָט זי באַפוילן.

— מאַמע, איך וויל ניט.

— גיי און קום גלײַך מיט אים!

בײַ דער מאַמען זײַנען צעפּאַטלט די האָר, די אויגן רויטלעך.

זשעניע קלערט, וואָס זאָל ער זאָגן זײַן כאַוער... אָט וואָס! ער וועט זאָגן, אַז ער האָט געקריגן פּולוועה. אַנדריושקע וועט צוליב אַזאַ זאַך טייקעף גיין, — שטענדיק בעט ער בײַ זשעניען פּולוועה.

אין אַ לאַנגער זשופּיצע, אין גרויסע שיך שפּאַנט זשעניע טשעבעריאַק איבער די הויפנס שניי, וואָס איז ערטערווײַז, אויף די בערגלעך, שוין צעגאַנגען און זיך צעגאָסן אין קויטיקע ריטש־קעלעך. דאָס יינגל שפּרינגט איבער די ריטשקעלעך און אײַלט צו זײַן כאַוער אויף דער סלאָבאָדקע.

פונדערווײַטנס דערזעט זשעניע אַנדריושקען. אויף אַ ווײַלע דערפרייט ער זיך, וואָס דער כאַוער איז אים אַנגעקומען אַנטקעגן. אָבער גלײַך ווערט אים שרעקלעך. דאָס האַרץ הייבט אָן שטאַרק צו קלאַפּן...

— זשעניע, וואָס אַזוי פרי? — כידעשט זיך אַנדריושע.

— איך דאַרף דיך האָבן.

— מיך?

— יאָ, יאָ... ניין... פּולוועה דאַרפסטו פאַר דײַן ביקסל?

— פּולוועה? אַוודע דאַרף איך.

אַנדריושע שטעלט זיך אָפּ און בעט זשעניען האַלטן אַ ווײַלע די העפטן און די ביכלעך. ער וויל פאַריכטן דעם רימען, וואָס צעשפּיליעט זיך און לאָזט נאָך.

— קום צו מיר, וועל איך דיר געבן דעם פּולוועה, — האָט זשעניע פאַרגעלייגט.

און אָט שפּאַנען שוין ביידע באַנאַנד איבערן שניי, איבער די הוילע בערגלעך. די זון צע־שמעלצט צוביסלעך דעם שניי און צעפּאַרעט די ערד, פון וועלכער עס רייכערט זיך אַ וואַרעמקײַט.

די יינגלעך האָבן אַפילע ניט באַמערקט, ווי זיי זײַנען אַרויס אויף ווערכניע יוראָקאָווסקע.

אַנדריושע — אַ הויכ און דאַר יינגל מיט אַ בלייך פּאָנעם און פלינקע באַוועגונגען — האָט געשפּאַנט פאָרויס, זשעניע טשעבעריאַק נאָך אים.

אַנדריושע איז צופרידן, וואָס דער כאַוער איז אַליין געקומען אים נעמען צו זיך. ערשט אינמיטן וועג האָט אַנדריושע זיך אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— זשענקע, פאַרוואָס האָסטו מיט זיך ניט מיטגענומען דעם פּולוועה, וואָלטן מיר גלײַך געקאָנט שיסן.

זשעניע האָט אופגעעפנט דאָס מויל און ניט ווילנדיק זיך צעשמייכלט:

— טאַקע... נאָר די מאַמע האָט אים באַהאַלטן. זי האָט מוירע... אָבער זאָרג זיך ניט, — טוט ער אַ ציִ אַנדריושקען פאַרן אַרבל. — קום, קום, איך ווייס, וווּ ער ליגט.

אַנדריושקע דרייט אומצופרידן מיטן קאָפּ:

— צוליב וואָס האָט די טיאָטיע ווערע געדאַרפט אים באַהאַלטן? — פרעגט ער ייִנגלש־אומ־רויק און שטעלט זיך ווידער אָפּ.

זשעניע קוקט ניט אַנדריושען אין פּנים אַריין און זאָגט:

— זע נאָר, ווי דער שניי איז צעגאַנגען...

די ייִנגלעך זיינען שוין באַ דער טיר פון טשעבעריאַקס וווינונג. זשעניע האָט אָנגענומען די קליאַמקע. נאָר די טיר האָט זיך פון אינווייניק אַן עפן געטאָן, און די ייִנגלעך זיינען אַריין אין אַ האַלב־טונקעלן פּאַדערהויז.

ווערע טשעבעריאַק האָט אַן אומצופרידענע באַגעגנט דעם זון.

— ווו טראָגט עס דיך אַרום דעם גאַנצן פרימאָרגן? — האָט זי אים אַ צי געטאָן פאַר דער האַנט. זי האָט אַריינגעשטופּט דעם זון עטלעכע מאַטבייעס און באַפוילן, ער זאָל די מינוט גיין אין קראָם און ברענגען ראָגאַליקעס צו דער טיי. זי האָט צוגעפירט דאָס ייִנגל צו דער שוועל, אים אַרויסגעשטויסן אין פּאַדערהויז און פאַרמאַכט נאָך אים די טיר אויף ביידע קייטעלעך.

אַרויסבאַגלייט זשעניען, איז ווערע האַסטיק צוגעגאַנגען צו אַנדריושע יושטשינסקין און אָנגענומען אים באַם אַקסל:

— און דו, בייסטרוק, קום אַהער. מע וואַרט אויף דיר.

דריי פּאָר אויגן קוקן בייז אויפן ייִנגל. פון דערשרעק איז אַנדריושע געבליבן שטיין אינמיטן צימער. אומגעריכט האָט עפּעס גרויזאַם־פלעטנדיקס זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין קאָפּ. אין די אויגן איז פינצטער געוואָרן. אַ קורצער געשריי רייסט זיך אַרויס פון דער קינדערשער ברוסט, אַ געשריי, וואָס איז טייקעף דערשטיקט געוואָרן. אייזערנע הענט האָבן זיך איבערגעקרייצט איבער דעם ייִנגלס פּנים, איבער זיין האַלדז, איבער זיין ברוסט און פּלייצע, איבער זיינע הענט און פיס.

— סאַראַ לאַנגע פיס באַם בייסטרוק! — האָט ווערע געריעדט צו זיך אַליין, פאַרוויקלענדיק דעם טויטן קערפּער אין אַ טעפּיך.

— און וויי־טער וואָס וועט זיין? — פרעגט דער לאַנגער כאַרט, ווערעס ברודער.

אַלע דריי מאַנצבילן שטעלן אָן די אויגן אויף ווערען.

— זאָרגט זיך ניט... איך ווייס, וואָס כ׳האָב צו טאָן...

ווען אין שטוב איז געבליבן בלויז ווערע אַליין, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. זי איז געגאַנגען עפענען און אַריינגעלאָזט זשעניען. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן, פאַרוויקלט אין געלן באַבולע־פּאַפּיר, עטלעכע ראָגאַליעס.

— ווו איז אַנדריושקע?

— ניט דיין אייסעק!

ס׳איז געווען שוין נאָך האַלבן טאָג, און אין צימער איז געווען פינצטער. דורך די האַלב־צוגעמאַכטע לאָדנס האָט די זון זיך ניט געקאָנט אַריינרייסן אין שטוב אַריין.

## דער בריוו פון „כריסטיאַנין״

אַנדריי יושטשינסקיס טויטער קערפּער, איינגעוויקלט אין טעפּיך, איז געלעגן אונטערן בעט. ווערע טשעבעריאַק איז געווען אין קאַס אויף אירע גוטע־ברידער, וואָס האָבן גלייך נאָכן דערמאָרדן דאָס ייִנגל זיך אַוועקגעלאָזט מיטן קוריער־צוג קיין מאָסקווע. איז וואָס טוט מען מיטן טויטן? מע מוז פון אים וואָס גיכער פּאָטער ווערן. זי דערמאָנט זיך, אַז דער גאַלעך סינקעוויטש, צו וועלכן זי פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַריינכאַפּן, האָט איר ניט לאַנג צוריק געזאָגט, אַז זי וואָלט געדאַרפט אַריינטרעטן אין „סאָיוז״.

— וועלכן „סאָיוז״ מיינט איר? — האָט זי דעמלט אַ פרעג געטאָן.

ווערע וולאַדימיראָוונאַ האָט גוט געוווּסט, אַז דער גאַלעך סינקעוויטש איז איינער פון די אָנ־פירער פון דעם פאַרבאַנד פון דער „שוואַרצער מייע״, און האָט פאַרשטאַנען, אַז סיי דער גאַלעך, סיי דער „סאָיוז״ קאָנען איר צוניץ קומען. צוריק מיט עטלעכע טעג האָט דער הייליקער פּאָטער זי באַקענט מיטן קיִעווער סטודענט גאָלוביאָוו. פאַלט איר איצט איין זיך ווענדן צו אָט דעם סטו־דענט, ווייל בייסן באַקענען זיך האָט ער איר בעפיירעש געזאָגט, אַז אויב זי, ווערע וולאַדימי־ראָוונאַ, וועט זיין אין אַ שווערער לאַגע, וועט מען איר קאָנען מיטהעלפן. איז טאַקע עפּשער קעדיי זיך ווענדן צו אים — מע מוז דאָך אַרויסטראָגן דעם בייסטרוק, מע וועט שוין באַלד ניט קאָנען איינזיצן אין שטוב, עס הייבט זיך שוין אָן צו פוילן... די נאָזלעכער צענעמען זיך באַ איר, ווי באַ אַ ווילדער כייע. זי שפּאַנט אַרום איבער אַלע דריי צימערן און ציט מיט די נאָזלעכער דעם

רייעך. אין די אויגן צינדט זיך אָן א פײַערל. אַלעמאָל פאריכט זי מיט די הענט די קויל־שוואַרצע האָר. נאָר ווי זי זאָל זיי ניט אויסלייגן, צעפאַלן זיי זיך ווידער. וואָס קומט עס פאַר מיט איר? דאָס מאָל ערגערט זי זיך מער ווי שטענדיק. ס'איז נאָך קיינמאָל מיט איר אַזוינס ניט געווען. זי האָט געציטערט, ווי אין פיבער. די קאָמפּאַניע הוליעט איצט געוויס אין מאָסקווע, און זי דאַרף איינע אַליין דאָ זיך אַרומדרייען איבער דער שטוב. דער מאַן איז אויף דער אַרבעט אין פּאַטשט, אַלע דרײַ קינדער האָט זי אַוועקגעשיקט צו דער מאַמען, און דער „דאָמאָוואָי", וואָס ליגט אונטערן בעט, פירט זי אַראָפּ פון זינען.

ווערע טשעבעריאַק וואַרפט אַפּגיך אַרויף אויף זיך דעם מאַנטל — א מאַטאַנע פונעם ברודער פּיאָטער סינגאַיעווסקי, זי פאַרשליסט די טיר און לאָזט זיך גיין. זי מוז דרינגענד געפינען קאַלקע מאַטראַסיק. דערמאָנט זיך אין קאַלקען, מיט וועלכן זי האָט ניט איין וואַרעמע נאַכט פאַרבראַכט, טוט זי א שמייכל. דער געזונטער און שטאַלטנער ניקאָלײַ מאַנדזועלעווסקי האָט שטענדיק געטראָגן א סטודענטישע אוניפאָרם, די פּעלערינע איז ווינטערצײַט געווען אונטערגעשלאָגן מיט פוטער. קיינעם האָט ניט געקאָנט אײַנפאַלן, אַז דער דאָזיקער „סטודענט" איז די קרוין פון דער קיִעווער אונטערוועלט. אָ, קאַלקע מאַטראַסיק וועט זי אויסלייזן פון שרעק! צוערשט דאַרף מען באַוואָרענען דעם בײַסטרוק, דערנאָך וועט שוין דער סטודענט גאָלוביאָוו עפּעס צוטראַכטן. פּלוצעם קומט איר אויפן געדאַנק: דער באַטיושקע סינקעוויטש האָט נאָך צוריק מיט א פּאָר וואָכן געוואָרנט: „קריסטן, היט אײַערע קינדער, עס קומט אָן דער יִדישער פּייסעך"... א פּראַקטיקער געדאַנק! און פּונקט צו דער צײַט...

אָפּדערנאַכט, ווען די ווערכנע־יורקאָווסקע־גאַס איז געווען פאַרהילט אין פינצטערניש, האָט קאַלקע מאַטראַסיק אין א שפּאָגל־נײַער סטודענטישער שינעל זיך אַרײַנגעשטעלט צו ווערען אין שטוב.

— נו, ווו איז דײַן אוצער, די ירושה פון דײַנע גוטע־ברידער?

קאַלקע מאַטראַסיק האָט דאָס שטיקל אַרבעט דורכגעפירט שטיל און פלינק. אין צוויי שאָ אַרום איז דער קערפּער פון אַנדריושע יושטשינסקי שוין געווען באַוואָרנט. ער איז איצט געלעגן אין א פינצטערער הייל ניט ווײַט פון זײַצעווס ציגל־זאַוואָד. און אין איר שטוב איז ווידער רויִק און שטיל. קיינעם וועט אַפילו ניט קומען אויפן זינען, אַז דאָ, אין די דורכגעלופטערטע צימערן, איז עפּעס שלעכטס געטאָן געוואָרן. ווערע טשעבעריאַק איז געווען צופרידן. כוץ אַלעמען, איז קאַלקע א געזונטער יונג און ער האָט בעפּירעש פאַרדינט איר פרויען־ליבע.

צו גאָלוביאָוון אין רעדאַקציע פונעם בלעטל „דוואוגלאַווי אָריאָל" איז ווערע טשעבעריאַק געקומען אָן אויסגעפּוצטע. אָט זיצט זי נאָענט לעבן גאָלוביאָוון און רוימט אים עפּעס אײַן אין אויער. דער קרענקלעך־נערוועזער סטודענט איז פון אומגעריכטקײַט אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— איר האָט עס אַליין געזען? — פּלאַמט באַם סטודענט דאָס פּאָנעם.

— געזען, אַוודע... ס'הייסט, ניט איך האָב געזען... די קינדער מײַנע האָבן געזען.

— וואָס געזען?!

— ווי א ייִד מיט א גרויסער שוואַרצער באָרד... — טשעבעריאַק בלײַבט שטיל, קענטיק, זי אַליין האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם, וואָס זי וויל זאָגן.

זי דערהערט גאָלוביאָווס היסטערישן אויסגעשריי:

— געזען צי ניט געזען, מאַדאַם טשעבעריאַק! איר ווייסט דען ניט, אַז איצטער איז פּאַר פּייסעך?! איר הערט, וואָס איך רעד צו אײַך? איר פאַרשטייט מײַן קריסטלעך האַרץ?

— איך פאַרשטיי, אַוודע פאַרשטיי איך...

— הערט אויס, פּילגעשעצטע מאַדאַם טשעבעריאַק. זאָל אַנדריושע ליגן אין דער הייל ביז... ביז... — ער פאַרקלערט זיך. רויטע פלעקן באַדעקן זײַן פּאָנעם. — מאַדאַם טשעבעריאַק, איר ווייסט אַליין נישט, ווי איר דינט דעם טראָן, אונדזער קייסער... נאָר... וואַרט א רעגעלע... — ער טוט א כאַפּ א בייגעלע פּאַפּיר און נעמט אַפּגיך שרײַבן.

טשעבעריאַק קוקט, ווי דער סטודענט שרײַבט. זי קלערט דערבײַ: „גוט, וואָס דער באַטיושקע האָט מיך באַקענט מיט אים. איצט וועט גאָלוביאָוו שוין פאַרטרײַבן אַנדריושעס שאָטן פון איר און פון איר שטוב, פון אירע קינדער און פון אירע גוטע־ברידער.

— ווערא וולאַדימיראָוונאַ, — דערהערט זי גאָלוביאָווס קאָל. — רוסלאַנד וועט אײַך זײַן דאַנקבאַר דערפאַר. די סאָנים אונדזערע וועלן באַשטראָפט ווערן פאַר דעם אומשולדיקן קאָרבן — פאַר דעם קריסטלעכן ייִנגל. ער וועט ווערן א הייליקער... אָט וועט איר זען. וויאַזוי, זאָגט איר, איז דער אַדרעס פון אַנדריי יושטשינסקיס מוטער?.. כאַוזערט איבער, זײַט מויכל. — ער דערלאַנגט איר דאָס בלעטל פּאַפּיר, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. — אין דעם דאָזיקן בריוו ווערט געזאָגט, אַז די ייִדן האָבן דערהאַרגעט דאָס קריסטלעכע קינד מיט א ציל, מיט א ריטועלן ציל...

איר זאָגט, אַז איר ווייסט, ווער עס פֿאָרט היינט פֿון קיִעוו קיין כערסאָן. איז זאָגט אים, ווערא וולאַדימיראָוונא, זאָל ער אָט דעם בריוו אַראָפּלאָזן אין א פּאָסט־קעסטל, אַף איינער א סטאַנציע, אַף וועלכער — מאַכט ניט אויס. איר וועט פֿאַרגעדענקען?

געוויס וועט זי געדענקען, אָט דער בריוו נעמט דאָך אַראָפּ דעם פֿאַרדאַכט פֿון איר און פֿון איר הויז.

— גייט געזונט, ווערא וולאַדימיראָוונא. איר האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס איך האָב געזאָגט?

— פֿאַרשטאַנען, געוויס פֿאַרשטאַנען, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש!

און אָט איז בא איר אין די הענט דער בריוו, וועלכן דער סטודענט האָט אונטערגעשריבן „כריסטיאַנין". זי וועט אים איבערגעבן אין זיכערע הענט...

## איסיי כאַדאָשעוו

אין איינעם אַן אָנגעבראָגעזטן מאַרט־טאָג זיינען צו דער רעדאַקציע פֿון „קיִעווסקאַיאַ מיסל" געקומען צוויי פּראָסט געקליידטע שטאָטישע מענטשן און געזאָגט דעם וואַכמאַן, אַז זיי ווילן עמעצן דערציילן וועגן זייער פֿאַרפֿאַלן געוואָרענעם ייִנגל.

אין יענער צייט האָט אין דער דאָזיקער צייטונג געאַרבעט דער פֿינף־און־צוואַנציקיאָריקער זשורנאַליסט איסיי כאַדאָשעוו. צווישן די מיטאַרבעטער פֿון דער דאָזיקער צייטונג, וואָס איז געווען גאַנץ פּאָפּולער אין דאָרעם־רוסלאַנד, האָט איסיי כאַדאָשעוו זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערן פֿלייס. מ׳האָט געוווּסט, און ניט בלויז אין ענגע קרייזן פֿון „קיִעווסקאַיאַ מיסל", נאָר אויך אין די אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פֿון קיִעוו, אַז קיין איין סענסאַציאָנעלע געשעעניש וועט איסיי כאַדאָשעוו ניט דורכלאָזן.

אָט דער הויכוווּקסיקער יונגערמאַן מיטן איידעלן פּנים האָט גלייך פֿון דער ערשטער באַגעגעניש געמאַכט א גוטן איינדרוק אַף מענטשן.

כאַדאָשעוו האָט געשריבן אַלץ, אָנהייבנדיק פֿון א נאָטיץ וועגן א קרימינעלן עניין און ענדיקנדיק מיט אַן ערנסטן אַרטיקל וועגן ליטעראַטור און קונסט. אָפֿיציעל האָט כאַדאָשעוו געדאַרפֿט פֿירן דעם אָפּטייל פֿון געריכט־כראָניק, נאָר מיטגעאַרבעט האָט ער קימאַט אין אַלע אָפּטיילן פֿון דער צייטונג.

דער וואַכמאַן האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן עניין גראָד פֿאַר איסיי דאַווידאָוויטשן. וועלכן ער קען, זינט ער דינט דאָ. ווען כאַדאָשעוו האָט זיך באַוויזן אַף די טרעפּ, האָט דער וואַכמאַן טרייסטנדיק געזאָגט די געקומענע:

— אָט דער מענטש וועט אייך געפֿינען דאָס ייִנגעלע.

— וואָס איז געשען? — האָט געפֿרעגט כאַדאָשעוו.

דאָס פּאָרפֿאָלק האָט געקוקט אַף אים און געשוויגן, ניט געוואַגט אָנהייבן צו ריידן.

כאַדאָשעוו האָט איינגעלאַדן די געקומענע צו אים אין צימער. איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי מיט ציטער אין קאָל דערציילט דעם „פּאַני רעדאַקטאָר", אַז זייער זון איז שאַבעס אַוועקגעגאַנגען אין שול און זיך ניט אומגעקערט, שוין דריי טעג...

— נו, און דער פּאָליציי האָט איר געמאָלדן?

— יאָ, — ענטפֿערט די פֿרוי, — געמאָלדן.

— וואָס זשע פֿאַרלאַנגט איר פֿון אונדז?

די באַזוכער קנייטשן זיך א מינוט, און קיינער פֿון זיי ווייסט ניט, וויאַזוי אַרויסברענגען דאָס, וואָס זיי האָבן, אַהער גייענדיק, געוואָלט זאָגן.

— ווי איז אייער פֿאַמיליע? — פֿרעגט כאַדאָשעוו.

— מיינע איז פּריכאָדקאָ, — ענטפֿערט דער מאַן, — און דאָס איז דעם ייִנגלס מאַמע, אַלעקסאַנדרע... — ער איז שטיל געבליבן.

דעמלט זעצט שוין פֿאָר די פֿרוי:

— לוקאַ מיינער איז א שטיפֿפֿאָטער, די מוטער בין איך. דאָס ייִנגל רופֿט מען אַנדריי. יושטשינסקי איז זיין פֿאַמיליע. — זי מאַכט א פּויזע, און פֿאַמעלעך קייקלט זיך בא איר אַראָפּ פֿון די ליפּן: — ניט קיין געזעצלעכער. אָבער ס׳איז אונדזער קינד. איז ווייסן מיר ניט...

— איר זאָגט, אַז אין דער פּאָליציי ווייסט מען שוין דערפֿון? — כאַזערט איבער כאַדאָשעוו זיין פֿראַגע. און אין מויעך בא אים ווערט געבוירן א נאָטיץ וועגן דער דאָזיקער געשעעניש.

— מיר האָבן געוואָלט געבן א מעלדונג אין צייטונג וועגן דעם פֿאַרפֿאַלן געוואָרענעם קינד, — זאָגט די פֿרוי שטיל, — עפּשער וועט מען עס געפֿינען. מיר וועלן באַצאָלן, וויפֿל עס דאַרף קאָסטן.

— מע דאַרף נישט צאָלן, ס'וועט גאָרנישט ניט קאָסטן. מירן אַליין אָנשרײַבן, — ענטפֿערט כאַדאַשעוו און באַגלייט זאַרגזאַם דאָס פּאַרפּאָלק ביז דער אַרויסגאַנג־טיר.

אַף מאָרגן איז אין „קיִעווסקאַיאַ מיסל‟ געווען אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ:

נעלעם געוואָרן אַ ייִנגל

פֿריִער מיט עטלעכע טעג איז פֿון דער וווינונג פֿון זײַנע עלטערן אָן שום שפּורן נעלעם געוואָרן דער שילער פֿון קיִעווער סאָפֿיִער גײַסטלעכער שול אַנדריי יושטשינסקי. דאָס ייִנגל איז דאָס לעצטע מאָל געווען אין שול דעם 12 מאַרט.

דעם דאָזיקן אָוונט האָט איסיי כאַדאַשעוו זיך ניט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט. שוין עטלעכע מאָל האָט ער זיך גענומען צו קופּרינס „שטאַבס־קאַפּיטאַן ריבניקאָוו‟, וואָס דער אַוטאָר פֿערזענלעך האָט אים צוגעשיקט. זיך צוגעלייגט אַפֿן געלעגער, נאָר אײַנשלאָפֿן ניט געקאָנט, און אומרויִק זיך געדרייט פֿון איין זײַט אַף דער אַנדערער.

אין צעבוריטעטן שלאָף האָט ער זיך דערזען אַ ייִנגל אין קליינעם שטעטל. אָט לויפֿט ער אַרום אַ באָרוועסער איבער פֿאַרמיסטיקטע הויפֿן און זוכט קאָלירטע שטיינדעלעך. אָט זיצט ער אין כיידער באַם מעלאַמעד מיט די גליאַמעוועטע אויגן. ער, דאָס ייִנגל, האָט געוואָלט וויסן, ווו ענדיקט זיך די וועלט. דער אַלטער רעבע האָט געסטאַרטשעט אַף אים די פֿאַרכידעשט־גליאַמעוועטע אויגן און געמורמלט מיט די בלייכע ליפּן: „נאָר אַ מעשוגענער קאָפּ קאָן צוטראַכטן אַזאַ פֿראַגע‟.

אופֿגעשטאַנען איז ער מיט אַ צעקאַלויטעט געמיט. ס'איז אַפֿילע זונטיק, נאָר כאַדאַשעוו פֿאַרברענגט סײַ־ווי די פֿרײַע צײַט אין רעדאַקציע, שטענדיק האָט ער וואָס צו טאָן דאָרטן.

באַטאָג האָט עמעצער אָנגעקלונגען אין טעלעפֿאָן, אַז אַף לוקיאַנאָווקע האָט מען געפֿונען אַ טויטן קערפּער פֿון אַ ייִנגל. צי איז דאָס ניט אַנדריושע יושטשינסקי? כאַדאַשעוו איז אַרויס אין גאַס, געדונגען אַ פֿאַעטאָן און וועקגעפֿאָרן אַף דער לוקיאַנאָווקע.

דורכפֿאָרנדיק איבער די קיִעווער גאַסן, האָט כאַדאַשעוו געזען אָן אופֿגערודערטן אוילעם, וואָס האָט געשפּאַרט צו לוקיאַנאָווקע. עפּעס אַ שיקערער פֿאַרשוין האָט מיט רעציכע אין די אויגן אָנגעוויזן אַף אַ פֿאַרבײַגייער, געדראָעט אים מיט די פֿויסטן.

כאַדאַשעוו האָט אונטערגעיײַלט דעם פֿורמאַן.

— וואָס האָט איר דאָרט ניט געזען, פֿאַניטש? — דערלאַנגט דער פֿורמאַן עטלעכע שמיץ דעם פֿערדל און גיט צו: — אַ טויט ייִנגל געפֿונען. די פּאָליציי שנאָרכט דאָרטן, ווי די הינט.

גיי דערצייל דעם פֿורמאַן, אַז דאָס וויל ער טאַקע אַליין זען.

— נו, גיכער, שנעלער פֿאָרט.

— דאָס פֿערדל איז כוילע, און איך אַליין אויך... — זאָגט שטיל דער פֿורמאַן, — אַז אַלע אײַלן איצט, דולע מענטשן. שוין בעסער גיין מיט די אָקסן אַף דעם אַקער־פֿעלד, איידער דאָ אין שטאָט אַף די שטיינער. — אומגעריכט קערעוועט ער זיך אויס מיטן פּאָנעם צום פּאַסאַזשיר: — נאָך אַ פֿערציקער, פֿאַניטש, וועט דאָס פֿערד קויִעך האָבן בעסער צו לויפֿן.

דער פּאַסאַזשיר קריכט אַרײַן מיט דער רעכטער האַנט צו זיך אין דער אייבערשטער קעשענע, שלעפּט אַרויס אַ האַלבן קאַרבּ, רוקט אים אַרײַן דעם פֿורמאַן אין דער האַרטער האַנט:

— טרײַב, וועסטו נאָך באַקומען.

די בײַטש טוט אַ קנאַל, און דער פֿורמאַן שרײַט אויס:

— היי, היט זיך!

און אָט איז שוין זײַצעווס ציגעלניע. מענגעס מענטשן האָבן פֿאַרשטעלט דעם פֿאַעטאָן דעם וועג. כאַדאַשעוו איז אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער ערד. אָפּגיך זיך צערעכנט מיטן פֿורמאַן און זיך גענומען דורכשטופּן צווישן אוילעם.

דער טאָג איז געווען אָן ערעוו־פֿריליִנגדיקער — אַ געמיש פֿון שוואַכער קעלט און זוניקער וואַרעמקײַט. אָנגעטאָן איז דער צונויפֿגעלאָפֿענער אוילעם געווען נאָך ווינטערדיק; בלויז ייִנגלעךווײַסכעווראָניקעס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט אין צעשפּיליעטע פּאַלטעלעך מיט אָנטבלויזטע העלדזלעך. אַ שטרענגע מוטער האָט אָנגעכאַפּט איר באָכערל פֿאַר אַ האַנט און, דראָענדיק מיט אַ פֿינגער, אָנגעשריִען אַף אים, ער זאָל גלײַך זיך גיין אָנטאָן וואַרעמער. נאָר דאָס באָכערל האָט זיך אויסגעריסן און איז אָנטרונען געוואָרן צווישן אוילעם.

און מענטשן קומען צו אַלץ מער און מערער, און אַלע ווילן כאָטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן אַפֿן טויטן קערפּער פֿונעם אומגליקלעכן ייִנגעלע, וואָס ליגט אין דער הייל.

איסיי כאַדאַשעוו וואָלט געוויס ניט געהאַט קעגן דעם, ער זאָל צוזאַמען מיט די פֿאַרשטייער פֿון דער מאַכט אַרײַנדרינגען אין דער הייל. אָבער ווי טוט מען עס? ער שפּאַרט זיך דורך צווישן אוילעם און דערלאַנגט זײַן דאָקומענט דער פּאָליציי, וואָס שטייט באַם אַרײַנגאַנג.

— איך בין א מיטאַרבעטער פון „קיִעווסקאַיאַ מיסל״, — זאָגט ער מיט ווירדע.

דער פאַרשוין באַם אַרייַנגאַנג האָט אַרייַנגערוקט די נאָז אין פּאַפּיר און, וויַיזט אויס, ניט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן. האָט ער פלינק זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער הייל. אין א פּאָר מינוט אַרום זיך ווידער באַוויזן, אומגעקערט כאַדאַשעווען דאָס פּאַפּירל און אים דורכגעלאָזט.

באַ דער בלייכער שייַן פון דעם עלעקטרע־לאַמטערנדל האָט כאַדאַשעוו דערזען א צעקאַ־ליִעטשעטע קינדערש פּאָנעם.

— איר זייַט פון דעם „קיִעווליאַנין״? — האָט ער דערהערט עמעצנס שטים.

כאַדאַשעוו האָט אופגעהויבן די אויגן און באַ דער בלאַסער שייַן באַמערקט דעם דענעק פון א סטודענטיש היטל. ער האָט נאָך מער אָנגעשטרענגט זיך איַינגעקוקט און דערקענט וולאַדימיר גאַלוביאַוון. דאָס האַרץ באַ כאַדאַשעווען האָט גענומען שטאַרקער קלאַפּן: אויב גאַלוביאַוו איז דאָ, הייסט עס, אַז ניט אַלץ איז גלאַט...

ער איז אַפּגיך אַרויס פון דער הייל. פּאָליציי־לייַט האָבן איַינגעהאַלטן דעם האַמוין, וואָס האָט אַהער געשפּאַרט.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט א געזונטער פויער אין א שוואַרץ היטל מיט א גלאַנציקן דאַשעק אַרויסגעטראָגן פון דער הייל דעם טויטן קערפּער. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען דער פּריס־טאַוו, עטלעכע גאָראָדאָוואָיעס און נאָך אייניקע פאַרשוינדלעך. ס׳איז אונטערגעפאָרן א פורל, אַף וועלכן מע האָט פּאַרזיכטיק אוועקגעלייגט דעם דערמאָרדעטן און אים איַינגעדעקט מיט א לעכע־ריקן געלן זאַק. דאָס אָפּגעקראַכענע פערדל האָט זיך גערירט פון אָרט.

— שטיי, האַלט איַין א ווייַלע דאָס פערד, — האָט עמעצער געשריִען, — זאָל די מוטער כאָטש א קוק טאָן אַף איר אומגליקלעך קינד.

נאָר אָנשטאָט דער מוטער איז צום פורל צוגעקומען ווערע טשעבעריאַק. ביז איבער דער נאָז איז איר פּאָנעם געווען פאַרדעקט מיט א שוואַרצער וואַלקע.

— אָרעמע מוטער! — האָט זיך דערהערט פון צווישן אוילעם.

לאַנג שטיין האָט מען די פרוי ניט געלאָזט. א קרעפטיקע האַנט האָט זי אָפּגעשטויסן אין א זייַט. דער האַמוין האָט אַלץ געשפּאַרט און געשפּאַרט, און דאָס פורל איז געשוווּמען צווישן דעם האַמוין.

אומזיסט האָט דער פּריסטאַוו מיט זייַנע פּאָליציי־לייַט און די זשאַנדאַרמען מיט די געהיים־אַגענטן געפּרוּווט אָפּטרייַבן דעם אוילעם פונעם פורל — ס׳האָט ניט געהאָלפן. דער רויט געוואָ־רענער פּריסטאַוו האָט געריסן דעם גאָרגל, שרייַענדיק צום פורמאַן:

— צום פּאָליציי־באַצירק, אין פּאָליציי טרייַב!

איסיי כאַדאַשעוו איז נאָכגעגאַנגען דער פּראָצעסיע. ער האָט ווידער דערזען דעם סטודענט גאַלוביאַוו. פון אונטער דעם סטודענטישן היטל האָט באַ יענעם אַרויסגעקוקט א פּאַסמע פשע־ניטשקע־האָר. אומגעריכט האָט עמעצער אומגעוואַלגערט איסייַען אַף דער ערד. ווען ניט דעם גאָראָדאָוואָיס שטאַרקע הענט, וואָס האָבן אים אונטערגעכאַפּט, וואָלט דער אוילעם אים צעטראָטן מיט די פיס. מע האָט אים אָפּגעשלעפּט אין א זייַט און אוועקגעשטעלט לעבן פּאַרקן פונעם ציגל־זאַוואָד.

ווען ער האָט אופגעעפנט די אויגן, האָט ער דערזען לעבן זיך א יונג רוסיש מיידל.

— איר זייַט ניט פאַרוווּנדעט? — האָט זי געפרעגט.

— נישקאָשע, דער גוטער־יאָר וועט מיך ניט נעמען, — האָט ער געזאָגט און גענומען אָפּרייַ־ניקן די פּאָלטאָ פונעם צוגעקלעפּטן שניי. דאָס היטל פונעם קאָפּ איז ניט געסטייַעט. אָפּאָנעם, מ׳האָט עס פאַרטאָפּטשעט אין שניי.

— ס׳וואָלט זיך געקאָנט ענדיקן נאָך ערגער, — האָט באַמערקט דאָס מיידל, באַטראַכטנדיק דעם אומבאַקאַנטן. זי האָט ניט געוואָגט אים צו פרעגן, ווער איז ער, נאָר, באַרויִקנדיק אים, געזאָגט:

— זעט אויס, ניט קיין דערפאַרענער...

דאָס פורל האָט זיך שוין דערנעענטערט צום ליוקיאַנאָווקער פּאָליציי־באַצירק. דער ווינט איז שטאַרקער געוואָרן, כאָטש די זון האָט פון אונטער די כמאַרעס פרילינגדיק־ווייך באַלויכטן דעם לעכעריקן זאַק, מיט וועלכן עס איז צוגעדעקט געווען דער באַרמינען.

ס׳איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווען איסיי איז צוגעקומען צו דער רעדאַקציע. ער האָט דערלאַנגט די האַנט דעם מיידל, וואָס האָט אים באַגלייט.

— מיך רופט מען איסיי כאַדאַשעוו.

— און מיך — אַנאַסטאַסיאַ שישאָווע.

דער גימנאַזיסט בינײאָמין ראַטנער איז אַן אופגערעגטער געקומען אַהיים. דעם צעשפּיליעטן פּאַרטפעל האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַפן טיש, און די לערנביכער האָבן ראַשיק זיך צעשאָטן.

— ניומע, וואָס איז מיט דיר? — די מוטער האָט גלײַך דערפילט, אַז דער זון איז אופגערעגט.

דאָס היטל האָט דאָס ייִנגל ניט אופגעהאַנגען ווי שטענדיק, נאָר אַ שלײַדער געטאָן אַפן טיש. די מוטער האָט גענומען דאָס היטל און איבערגעפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר געשען, ניומע?

— ניט מיט מיר — מיט אונדז אַלעמען איז געשען....

פאַרכידעשט האָט די מוטער אופגעעפנט די טיר פונעם מאַנס קאַבינעט און געזאָגט אַף אַ קאָל:

— יאָסיף, קום נאָר אַהער, עפּשער וועסטו עפּעס זיך דערוויסן בא אים.

פון אַ זײַטיקן צימער האָט זיך באַוויזן אַ קליינוווקסיקער מאַנספּאַרשוין אין פּענסנע. אַף אים האָט געפּעכלט אַ ווײַסער כאַלאַט און אַ ווײַס היטעלע.

— וואָס ווילסטו?

— פרעג בא אים, — האָט די מוטער אָנגעוויזן אַפן זון.

ניומע האָט דערציילט, אַז הײַנט האָט בא זיי אין זיבעטן קלאַס דעם זשאַנדאַרמסקי פּאָל־קאָווניקס זון סטיאָפּע איוואַנאָוו געזאָגט, אַז אַלע אַזעלכע, ווי ניומע, וועט מען אַרויסטרײַבן פון גימנאַזיע.

— מיר איז שוין נימעס צו הערן אַזעלכע פּרעכע רייד, — האָט געזאָגט דער גימנאַזיסט, זיך צוגעזעצט צום טיש און געבעטן געבן אים עפּעס איבערכאַפּן, ווײַל אין אַ שאָ אַרום דאַרף מען זיך טרעפן בא איינעם אַ כאַווער, און דאָרט...

דער ציינדאָקטער האָט איבערגעשלאָגן דעם זונס רייד. ער האָט ניט ליב, אַז די גימנאַזיסטן נעמען זיך צונויף... געגנוג פונזײַנטוועגן, וואָס דער עלטערער זון יאַקאָוו גייט אַף רוסישקע סכאָדקעס און דאַרשנט אין אוניווערסיטעט.

— וואָס ווייניקער רויש, איז לײַכטער צו לעבן, — האָט געטײַנעט דער פאָטער.

— אַף לוקיאַנאָווקע האָט מען געפונען אין אַ הייל אַ דערהאַרגעט ייִנגל, — האָט ניומע דער־ציילט, — האָט סטיאָפּע אָנגעוויזן אַף מיר און געשריִען: „דאָס האָבן זיי אים דערהאַרגעט, קיין סיביר דאַרף מען זיי אַרויסטרײַבן“.

די מוטער האָט ניט פאַרשטאַנען און איבערגעפרעגט:

— וואָס האָט ער געמיינט? וועמ זײַנען עס די „זיי“?

אַן אופגערעגטער ווענדט זיך ניומע צום פאָטער:

— דערקלער איר דו, וועמען סטיאָפּע האָט געמיינט. דיך, מאַמע, יאַקאָוון, אים, אונדז אַלעמען.

— אַז ס'איז גאָר ניט נייטיק זיך אָנצושטויסן, — זאָגט רויִק דער פאָטער, — ס'איז נייטיק, אַז איר, גימנאַזיסטן, זאָלט וואָס ווייניקער זיך פאַרזאַמלען, וועט מען אונדז פונדאַנען ניט אַרויס־טרײַבן קיינמאָל אין לעבן. מיר זײַנען נייטיק. זאָלסט ניט ריידן קיין נאַרישקײַטן.

אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איז ניומע אוועק צו זיך אין צימער.

מיטן היטל אין דער האַנט איז קלאַראַ אָסיפּאָוונאַ נאָכגעגאַנגען דעם זון, ריידנדיק צו זיך אַליין:

— אַן אַלטער קריג צווישן פאָטער און זון. פונמײַנטוועגן איז געגנוג יאַקאָווס פּרימכעס.

אפּאָנעם, אַז יאָסיף סאַמוילאָוויטש האָט ניט דערוואַרט, דער זון זאָל אַנטלויפן, ניט וועלן אויסהערן אים ביזן סאָף... מעגלעך טאַקע דערפּאַר האָט ער עטלעכע מאָל אַראָפּגענומען די פּענסנע פון דער נאָז און צוריק זיי אָנגעטאָן. ער האָט אַ קלער געטאָן: מאָרגן וועט קומען זיך היילן די ציין דער מיטגליד פון געריכט־פּאַלאַטע שישאָוו, וועט ער בא אים זיך עפּשער עפּעס דער־וויסן וועגן געהאַרגעטן ייִנגעלע.

דעם צווייטן טאָג האָט ניומע ראַטנער שוין ניט אויסגעהאַלטן. ווען סטיאָפּע איוואַנאָוו האָט ווידער זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו אים, איז ניומע אים פאַרפאָרן מיט אַ פויסט אונטערן לעפעלע. סטיאָפּע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און מיטן גאַנצן קויעך דערלאַנגט ראַטנערן אַ טשמעל אין פּאָנעם. פון דער נאָז האָט זיך אַ גאָס געטאָן בלוט. סערגיי פּאַוולאָוויטש, דער לערער פון רוסישער געשיכטע, איז ארײַן אין קלאַס, ווען די שלעגער זײַנען שוין געלעגן אַף דער ערד און געטויטשעט איינער דעם צווייטן. באַמערקט דעם לערער, איז סטיאָפּע אופגעשפּרונגען פון דער ערד און אויסגעשריִען:

— דו דערצייל בעסער, ווי איר האָט יושטשינסקין דערהאַרגעט!..

די ווענט פונעם צימער האָבן זיך א הוידע געטאָן אין ראַטנערס אויגן. ער האָט זיך גע־ווענדט צום לערער:

— ווי שעמט איר זיך ניט, סערגיי פּאַוולאָוויטש! איר הערט דאָס און שווייַגט. הייסט עס, אַז איר זייַט מיט אים איינשטימיק! — האָט ניומע געשריִען.

עמעצער האָט א שטורכע געטאָן ראַטנערן אין דער פּלייצע:

— אַנטשולדיקט זיך פאַר סערגיי פּאַוולאָוויטשן.

דער לערער האָט זיך צוגעזעצט, בעפּיירעש געוואַרט, דער גימנאַזיסט זאָל בעטן בא אים מעכילע, נאָר ניומע ראַטנער האָט שטילערהייט אויסגעווישט דאָס בלוט, וואָס איז אין א דין ריטשקעלע אַרויסגערונען פון דער נאָז, צונויפגענומען די צעשאָטענע לערנביכער און זיך גע־לאָזט אין גאַרדעראָב נאָך דער שינעל. אים האָט אָנגעיאָגט דער גימנאַזיע־אינספּעקטאָר אַדאָלף קאַרלאָוויטש.

— ראַטנער, — האָט ער א רוף געטאָן, — מע בעט אייַך אַרייַנגיין אין לערער־צימער.

דער גימנאַזיסט האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט צום אינספּעקטאָר, אַראָפּגענומען פונעם הענגער די שינעל, אַרופגעוואָרפן זי אַף די אַקסלען.

— ראַטנער, מע בעט אייַך אַרייַנגיין אין לערער־צימער. איר הערט, וואָס איך רעד צו אייַך?

דער גימנאַזיסט האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, אפילע זיך ניט אומגעקוקט און איז אַרויס אין דרויסן. מיט פאַרכידעשטע בליקן האָט דער אינספּעקטאָר באַגלייט דעם גימנאַזיסט.

פאַרטיפט אין די געדאַנקען, האָט ניומע פּאַמעלעך געשפּאַנט, שטיקנדיק אין זיך דעם קאַס, וואָס איז אין אים געוואַקסן. ביז ער האָט זיך דערקליבן אַהיים, איז צו זייַן פאָטער געקומען א ספּעציעלער שטאַפעט פון גימנאַזיע און עקסטרע אַרויסגערופן אים צום אינספּעקטאָר.

ווען דער צייַנדאָקטער איז שוין געשטאַנען בא דער טיר אַף אוועקצוגיין אין גימנאַזיע, איז אָנגעקומען ניומע.

— זאָג מיר, ניומע, צוליב וואָס האָט מען פון גימנאַזיע געשיקט נאָך מיר? — האָט א דער־שראָקענער געפרעגט דער פאָטער. ער האָט דערזען, אַז ניומעס פּאָנעם איז צענעריקט, די נאָז אופגעלאָפן. — וואָס איז מיט דיר? פאַרוואָס שווייַגסטו? דערצייל, וואָס איז פאָרגעקומען?

די מוטער האָט מיט גלעטנדיקע אויגן באַטראַכט דעם זון און אומרויִק געפרעגט:

— וואָס שווייַגסטו? וואָס איז מיט דיר?

— איך האָב אייַך נעכטן געזאָגט... — האָט שטיל און צוריקגעהאַלטן אָנגעהויבן ניומע.

— און איך האָב געזאָגט, אַז פאַר פאַרזאַמלונגען האָב איך מוירע, ווי פאַר פייַער, — האָט געטייַנעט דער פאָטער, — א גרוס דיר פון יאַשענקען מיט זייַנע פאַרזאַמלונגען בא זיך אין אוני־ווערסיטעט. און דו גייסט מיט זייַן וועג. קלאָרע, רעד דו מיט אים. איך האָב קיין קויעך ניט.

די מוטער פרעגט גאָרנישט. ציטערנדיק פון אופרעגונג, נעמט זי אויסבעטן פאַרן זון דאָס געלעגער. זי ציט אַראָפּ פון אים די טוזשורקע און פרוווט אַראָפּשלעפּן זייַנע שיך. פּלוצעם דער־מאָנט זי זיך:

— און עסן דאַרפסטו ניט? ביסט דאָך מיסטאַמע הונגעריק.

ניין, עסן וויל ער ניט. ער פילט ניט קיין הענט און קיין פיס, זיי זייַנען שווער, ווי שטיינער. ניומע האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די עלטערן און ניט געוואָלט ריידן.

א דערשלאָגענער, א צעבראָכענער און א פאַרלוירענער, איז דער פאָטער געשטאַנען לעם זון מיט דער שליאַפּע אין דער האַנט, אָנגעשטרענגט געקוקט צום ווייַב און אַלץ געמורמלט:

— איך האָב געזאָגט, אַז די פאַרזאַמלונגען וועלן צו קיין גוטס ניט ברענגען.

א קלאַפּ אין טיר. דאָס איז דער קוריער פון גימנאַזיע ווידער געקומען רופן דעם הער יאָסיף ראַטנער צום אינספּעקטאָר.

— זייַט אַזויפיל גוט און זאָגט דעם הער אינספּעקטאָר, אַז איך קום גלייַך...

דער אינספּעקטאָר האָט דעם צייַנדאָקטער באַגעגנט אומגעוויינלעך שטרענג:

— אייַער זון... קאָן זיך ניט אופירן. אויב ער וועט זיך ניט אַנטשולדיקן פאַרן לערער פון געשיכטע... ער האָט שרעקלעך באַליידיקט דעם לערער.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט דער צייַנדאָקטער צוערשט אַרויסגעבראַכט עטלעכע פאַר־פּלאָנטערטע פראַזעס, דערנאָך נעבעכדיק געזאָגט:

— הער אינספּעקטאָר, קומט צו גיין צו מיר אין קאַבינעט. בא מיר איז פאַראַן אויסלענ־דישער צעמענט און פייַנע פאָרצעלייַ־ציין...

— גוט, הער ראַטנער. זאָל דער זון אייַערער שטילינקערהייט זיך אַנטשולדיקן. גייט רויִק אַהיים...

ווען ראַטנער איז שוין געשטאַנען אַף דער גאַס, האָט זיך ניט ווייַט פון דער גימנאַזיע אָפּ־

געשטעלט א טראמווײַ. דער דאָקטער האָט דערזען, ווי זײַן פרוי איז פּאמעלעך אראָפּגעגאַנגען פון די טראמווײַ־טרעפּלעך.

— וואָס טוסטו דאָ, קלאַרע? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— יאָסיף, מ׳האָט, כּאַלילע, דאָס קינד ניט אויסגעשלאָסן פון גימנאַזיע? — האָט די מוטער קימאַט ווי אויסגעשריִען.

— ניין, זײַ רויִק. דער אינספּעקטאָר וועט קומען צו מיר אין קאַבינעט. האָסט ניומען איבער־געלאָזט אַליין?

— ער איז אײַנגעשלאָפן.

ביידע האָבן צופרידענע זיך גענומען פאַר די הענט און זיך געלאָזט צום טראַמווײַ.

ניומע איז געשלאָפן, ווי נאָך א שווערער שלאַכט. ער האָט געכראָפּעט. לעבן זײַן בעט זײַנען געשטאַנען טאַטע־מאַמע און געהיט זײַן רו.

ס׳איז צוגעפאַלן דער אָפּדערנאַכט, נאָר דער זון האָט נאָך אַלץ זיך ניט אופגעכאַפּט. שפּעט אין אָוונט איז אין שטוב אַרײַנגעפאַלן דער עלטערער זון יאַקאָוו. ער האָט גלײַך געבעטן, מע זאָל אים געבן וועטשערע.

— איך בין הונגעריק, ווי א וואָלף. אָן א שיר איניאַנים, מאַמע, אָן א שיר.

— וואָס פאַרא איניאַנים? — פרעגט דער פאָטער דערשראָקן. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צום ווײַב און א זאָג געטאָן: — אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעוו...

## אויף א זאַוואָד־הויף

ביי׳סן איבערײַס איז פּעטראָ קאָסטענקאָ ארויס אין דרויסן און זיך צוגעזעצט אויף די קלעצער, וואָס זײַנען געלעגן אָנגעוואַלגערט אויפן גרויסן זאַוואָד־הויף. הײַנט איז שוין וואַרעם, א פרילינג־דיק ווינטל פּלאָנטערט זיך אין קאָסטענקאָס לאַנגע בלאָנדע האָר.

אָפּגעגעסן דעם איבערבײַסן — א גראָב ריפּטל שוואַרץ ברויט מיט א שטיק כאַזער־פליייש, געדיכט באַזאַלצן, — האָט ער מיטן פּאַפּיר, אין וועלכן ס׳איז געווען אײַנגעפּאַקעוועט דאָס עסן, אָפּגעווישט די הענט, אַריבערגעוואָרפן דאָס פּאַפּיר פון יענער זײַט קלעצער און גענומען זוכן זײַן גוטן־ברודער טימקע ווײַס — דעם טונקלפּענעמדיקן באָכער, וועלכער אַרבעט מיט אים אין אינסטרומענטאַלן צעך. ניט געפונען טימקען, האָט ער דערווײַל ווידער זיך צוגעזעצט אויף די קלעצער, ווו עס זײַנען געזעסן נאָך עטלעכע אַרבעטער פון „גרעטער־קריוואַנעק״־זאַוואָד, איינע פון די גרעסטע קיִעווער אונטערנעמונגען.

— דו האָסט געהערט, וואָס עס האָט געטראָפן אויף לוקיאַנאָווקע? — טוט א זאָג א יונגער אַרבעטער.

— ניין.

— וועגן אַנדריושע יושטשינסקין ניט געהערט?

— א, וועגן דעם געשטאָכענעם?

— יאָ.

— מײַנע איז געקומען פונעם מאַרק און אָנגעזאָגט די קינדער, זיי זאָלן זיך ניט דערוועגן אַליין אַרויסגיין אין דרויסן. מע קאָן זיי נאָך כאַפּן און קוילען.

— ווי שעמט איר זיך ניט אַזוי צו ריידן! — מישט זיך אַרײַן א דריטער, שוין אַן עלטערער גראַוער מענטש, וואָס האָט אָנגעזאָטלט די ברילן אויף דער נאָז און שטראָפנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

קאָסטענקאָ האָט באַשלאָסן זיך ווענדן צו אָט די דרײַ אַרבעטער, וועלכע ער האָט געקענט ווי אָרנטלעכע מענטשן. זיי האָבן, עמעס, ניט געאַרבעט מיט אים אין איין צעך. אייִנער פון זיי — דער עלטערער, דער גראַוער — האָט געאַרבעט אין סקלאַד פון פאַרטיקער פּראָדוקציע. נאָר קאָס־טענקאָ ווייסט, אַז אין די יונגע יאָרן איז ער געווען נאָענט צו די רעוואָליוציאָנערע קרײַזן.

— פיאָדאָר, — זאָגט צו אים קאָסטענקאָ, — קומט איבערמאָרגן צו גיין אין קלוב פון די אָנגעשטעלטע, וואָס אַרבעטן אין די קאָנטאָרן און אין די האַנדלס־אינדוסטריעלע אונטערנעמונ־גען. איר געדענקט מיסטאָמע, ווו עס געפינט זיך דער קלוב? אָט האָט איר א צײַטונג, ווו ס׳איז פאַראַן א מעלדונג.

— איך געדענק גאַנץ גוט, — ענטפערט פיאָדאָר.

ער נעמט די צײַטונג „קיִעווסקאַיאַ מיסל״, טוט א שמייכל אין די גרויסע פאַרייכערטע וואָנ־צעס. דערמיט גיט ער צו וויסן קאָסטענקאָן, אַז ער פאַרשטייט — דאָס איז א פאַרמאַסקירטע מעלדונג. די מיטגלידער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס וועלן זי פאַרשטיין פּונקט ווי ער.

— וועט איר קומען? — פרעגט קאָסטענקאָ.

פיאָדאָר קנייטשט מיט די אַקסלען. ס'הייסט, ער ווייסט ניט, צי וועט ער קאָנען קומען. ער איז שוין אַלט און אים איז שווער צו גיין אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען.

— אַפּגעוווינט דערפון, מײַן ליבער פּעטראָ, פון די סכאָדקעס... — ער צענעמט די הענט, ווי איינער רעדט: נישטאָ די יאָרן.

— נייִן, נייִן, פיאָדאָר, קומט צו גיין, דאָרט וועט מען דערציילן וועגן דעם געהיימניספולן מאָרד. — קאָסטענקאָ דרייט זיך אויס צו די צוויי יונגע אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָרוואָס דער־ציילט ווילדע זאַכן וועגן אַנדריושעס טויט, — און איר, כאַווײרים, מעגט אויך קומען אין קלוב, דאָרט וועט איר זיך דערוויסן דעם עמעס.

— מ'האָט אונדז שוין דערציילט און איבערדערציילט...

— ס'איז געווענדט אין דעם, ווער ס'האָט אײַך דערציילט, — זאָגט קאָסטענקאָ.

— איך גיי ניט אין קיין שום קלובן... — זאָגט אַנטשיידן איינער, — און דו, קאַליע, — ווענדט ער זיך צו זײַן כאַווער, — קאָנסט גיין, אויב דיר גלוסט זיך.

— דאָרטן פּרעפּלען סטודענטן, און איך האָב זיי פײַנט! — ענטפערט גוטמוטיק קאַליע. — צו וואָס דאַרף איך זיי? אָט יענער סטודענט — גאָלוביאָוו — דאָס איז אַ מענטש. איך האָב איינמאָל אים געהערט אין קלויסטער, אָט ער רעדט שיין.

— אים האָב איך אויך פײַנט, — זאָגט אומעטיק סעריאָזשע, — אַ שטיק ליגנער.

— קום אַהער, — זאָגט קאָסטענקאָ רויִק צו קאַליען, — ביסט אַ יונגער מענטש און פּלאַפּלסט, ווי די נאַרישע ווײַבער אויפן מאַרק. אָט וועל איך דיר געבן אַ ביכל. לייען עס איבער, וועסטו פאַרשטיין, אַז דער עמעס איז ניט בײַ גאָלוביאָוון. — אומדערוואַרט טוט קאָסטענקאָ אַ פרעג בײַ סעריאָזשען: — וויאַזוי איז דײַן פאַמיליע?

— צוליב וואָס דאַרפסטו וויסן מײַן פאַמיליע? — ציט סעריאָזשע צונויף די ברעמען.

— ניט פאַר דער אָכראַנקע.

— איך זאָל שוין פאַר דיר אַזוי מוירע האָבן טויטערהייט! — צעלאַכט זיך סעריאָזשע.

— מוירע האָבן דאַרפסטו ניט, נאָר שעמען זיך פאַר מיר — יאָ.

— שעמען זיך, פאַר וואָס?

— פאַר דײַנע רייד. דו קלערסט ניט ווי קיין מענטש.

— וואָס דען בין איך, אויב ניט קיין מענטש?

— זײַ וויסן, אַז גאָלוביאָוו וועט דיך ברענגען אויפן פײַער.

— גאָלוביאָוו שטעלט זיך אײַן פאַר אַלע עכט־רוסישע מענטשן.

— אויף וויפל מיר איז באַוווסט, איז דײַן פאַמיליע לײַקאָ און דו ביסט אַן אוקראַיִנער, אַ כאָכאָל, פּונקט ווי איך. נאָר דאָס איז ניט וויכטיק. דער איקער איז זײַן אַ מענטש, און דײַן גאָלו־ביאָוו מאַכט כוויזעק פון דיר. „אַן עכט־רוסישער מענטש“... וואָס באַטײַט בײַ אים עכט־רוסישע מענטשן? אַזעלכע, וואָס האָבן פײַנט אַנדערע מענטשן, אַפילו די פּראָסטע רוסישע מענטשן אויך. און ווי איז אײַער פאַמיליע, פיאָדאָר?

— גוסיעוו.

— איז ווייס, לײַקאָ, אַז דײַן גאָלוביאָוו האָט אים, גוסיעוון, אויך פײַנט, מעסוקן פײַנט, ווײַל ער גייט ניט צו אים און וויל זיך ניט צוהערן צו זײַנע פאַלשע רייד...

— ריכטיק, ריכטיק! — שאָקלט צו מיטן קאָפּ גוסיעוו. ער טוט אַ גלעט די לאַנגע וואָנצעס, הוסט זיך אויס און זאָגט: — איך געדענק, דאָס איז פאָרגעקומען אין פינפטן יאָר, דעמלט האָט מען אויך געוואָלט דערטרינקען די רעוואָליוציע אין פּאָגראָמען. אַ כיטרע קייסער איז אונדזער ניקאָלקע, און זײַנע מיניסטאָרן אויך. ווי נאָר זיי דערפילן, אַז דער אַרבעטער — זאָל ער זײַן אַ רוס, אַן אוקראַיִנער, אַ פּאָליאַק, אַ ייִד אָדער אַ קאַווקאַזעץ — הייבט אויף דעם קאָפּ, אַז מע וויל אַראָפּוואַרפן די בורזשויִעס פונעם בענקל, טוען זיי אַ דריי די ראָד, רייצן אָן די כוליגאַנעס און טומלען, אַז די ייִדן זײַנען שולדיק דערין, וואָס אײַך לעבט זיך שלעכט. פּונקט אַזוי איז אויך איצטער מיט יושטשינסקיס מאָרד. איך זאָג ריכטיק, פּעטראָ?

— ריכטיק, — איז קאָסטענקאָ צופרידן, — הייליקע ווערטער, פיאָדאָר גוסיעוו, הייליקע. ווי נאָר די זלידניעס — די זשאַנדאַרמען דערפילן, אַז מיר ווערן שטאַרקער, אַז דער אַרבעטס־מענטש נעמט זיך צוהערן צו אונדז, פאַרקאָכן זיי אַ קאַשע, מוטיען דאָס וואַסער, פילדערן און מאַכן פּאָגראָמען, מע זאָל אין זיי פאַרגעסן.

— דערציילט ניט קיין מײַסעס, — האָט אַ זאָג געטאָן סעריאָזשע.

— ס'איז עמעס, ווי איך הייס פּעטראָ.

— דו, יונגערמאַן, — ווינקט גוסיעוו צו סעריאָזשען, — הער זיך צו, וואָס קאָסטענקאָ דער־ציילט, ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש.

— ווי׳אַזוי קאָן ער זײַן אַן אָרנטלעכער, אַז אָט דער־אָ איז זײַנער אַ גוטער־ברודער, — ווײַזט אָן סעריאָזשע אַף טימקע ווײַס, וואָס איז צוגעגאַנגען צום רעדל אַרבעטער.

— טיפּעש! — איז אין קאַס געוואָרן טימקע, — צוליב וואָס רעדסטו מיט אים, פּעטראָ? אַז ער וועט גאָר אינגיכן צוזאַמען מיט גאָלוביאָוון עסן לעבעדיקע מענטשן, אַף מײַן וואָרט.

— מע דאַרף זיך ניט זידלען, טימקע. ס׳וועט קומען אַ צײַט, וועט ער אַליין פאַרשטיין, — לייגט זיך אַרײַן אין שאַלעם פּיאָדאָר.

אין דער רעגע האָט זיך דערהערט דער הודאָק, און קאַליע האָט אַ כאַפּ געטאָן סעריאָזשען בײַ דער האַנט:

— וואָס פּלאַפּלסטו מיט זיי, קום אין צעך.

ביידע זײַנען אַוועק.

— אַז איך זע, ווי אַנדערע אַרבעטער פאַלן אַרײַן אין דער נעץ פון די פּאָגראָמשטשיקעס, — האָט געזאָגט קאָסטענקאָ מיט גרויס באַדויערונג, — בין איך אויסער זיך. מיילע, אַז יענע פאַרשווינדלעך מיט די גלאַנצנדיקע דאַשעקעס און די מאַרק־זלידניעס באַמקען אונטער, איז כאַפּט זיי דער טײַוול. אָבער אַרבעטער... דאָס איז אַ האַרצווייטעק... און דו, — ווענדט ער זיך צו טימקען, — דו ביסט צו אַ הייסער, דו זידלסט זיך, מע טאָר ניט אַזוי...

## א טאָג אין קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע

אין דער קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע האָט געהערשט די זעלביקע אָפיציעל־טרוקענע שטילקײַט, ווי שטענדיק. צו די פענצטער, וואָס גייען אַרויס אַף אַ זײַטיקער גאַס, האָט זיך געטוליעט אַ העלער טאָג מיט צוזאָגנדיקער און פרײַנטלעכער וואַרעמקײַט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וואַלגערט זיך אַראָפּ אַף דער ליכטיקער שטאָט אַ פרילינג, אַזאַ, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען, אַ פרילינג, וואָס וועט פאַרפלייצן די וועלט מיט פרישקײַט און לויטערקײַט. בײַ די ראַנדן פון טראָטואַר האָבן געזאָטן לויפנדיקע וואַסערן און געשלעפּט מיט זיך צעקרישלטע שניי־שטיקער, וואָס האָבן מיט זייערע פאַרפּראָסטיקט־פאַרהאַרטעוועטע ראַנדן זיך נאָך געווערט קעגן דער אַלמעכטיקער זון.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש שישאָוו, דער מיטגליד פון געריכט־פּאַלאַטע, איז געשטאַנען בײַם פענצטער אין איינעם פון די צימערן, געקוקט אַף דעם וואַסער־געלאָף און געקלערט וועגן זײַן טאָכטער נאַסטינקע, וואָס איז געקומען קיין קיִעוו אַן אויסגעשלאָסענע פון די פּעטערבורגער העכערע פרויען־קורסן. „זי איז פּונקט ווי דער אָנגרײַפנדיקער פרילינג“, — האָט ער געטראַכט. איר טעמפּעראַמענט און אויפירונג דערמאָנט דאָס בילד, וואָס ער זעט דורכן פענצטער. אַ גוט געפיל האָט באַהערשט זײַן האַרץ און באַגלײַך דערמיט אַ פאַרדראָס, וואָס די טאָכטער גייט ניט אין יענע וועגן, וואָס ער וואָלט געוואָלט און געמיינט זי פירן פון קינדווײַז אָן. און דער זון — אַנאַטאָלי, וועלכער כאַווערט זיך מיטן כוליגאַן גאָלוביאָוו... „ניטאָ קיין שאַלעם אין מײַן הויז. אַ קליינער קאָוועד צו זײַן דער פאָטער פון אַזאַ זינדל...“ — האָט אַ קלער געטאָן שישאָוו.

דורכן פענצטער דערזעט לעאָנטי איוואַנאָוויטש אַן איבערגעפולטן טראַמוויי. דער טראַמוויי שטעלט זיך אָפּ, און פון דאָרטן שפּאַרן אַרויס פיל מענטשן, וועלכע מוזן איבער דער פאַרפלייצונג מאַכן ברייטערע טריט. ער דערזעט זײַן קאָלעגע וואַסילי פּאַוולאָוויטש בוקאָווסקי — אויך אַ מיטגליד פון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע, אָט שפּרינגט ער אַראָפּ פון דעם טראַמוויי־טרעפּל און לאָזט זיך פלינק צום מויער פון דעם אַנשטאַלט, וווּ זיי דינען ביידע.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש באַמערקט, ווי בוקאָווסקי, וואָס טראָגט טיפע קאַלאָשן, מאַכט ברייטע טריט. מיט דער לינקער האַנט האַלט ער אונטער די שווערע פּאָלעס פון זײַן ווינטערדיקן טולופּ און מיט דער רעכטער זוכט ער מיטן שטעקן צוגעטריקנטע ערטער אַפן ברוק. לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט אַ קלער געטאָן, עפּשער קומט בוקאָווסקי מיט גוטע נײַסן. אויב ניט, איז וואָס אײַלט אַזוי דער אַלטער?

און ווײַל בוקאָווסקי האָט זיך פאַרהאַלטן אין גאַרדעראָב, איז לעאָנטי איוואַנאָוויטש געגאַנגען אים אַנטקעגן. ערשט אַפן צווייטן שטאָק — אין ראַכוועסדיקן וועסטיבול, האָט וואַסילי פּאַוולאָוויטש דערלאַנגט די האַנט לעאָנטי איוואַנאָוויטשן. „הייסט עס, — טוט אַ טראַכט לעאָנטי איוואַנאָוויטש, — עס איז דאָ נײַס... מײַן פאָרגעפיל האָט מיך ניט אונטערגעפירט“.

און ווירקלעך, ווען ביידע מיטגלידער פון געריכט־פּאַלאַטע זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין זייער אַרבעט־צימער, האָט בוקאָווסקי מיט אַ געהיימניספולער שטימע זיך געווענדט צו שישאָוון:

— לעאָנטי איוואַנאָוויטש, שטעלט אָן מויל און אויערן.

שישאָוו האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, צוגעגאַנגען נעענטער צו זײַן קאָלעגע און אָנגעבויגן צו יענעם דעם אויער.

— טשאַפּלינסקי איז שוין צוגעטראָטן צום אויספּילן זײַנע פּליכטן אַלס פּראָקוראָר פון געריכט־פּאַלאַטע.

— שוין צוגעטראָטן? טאַקע טשאַפּלינסקי, געאָרגי גאַווריִלאָוויטש?.. — אַ דערשטוינטער, קריגט שישאָוו אַרויס פון דער זשילעט־קעשענע זײַן אַלטמאָדישע טאַבאַקערקע, נעמט אָן מיט צוויי פינגער אַ ביסל טאַבעק און שטאָפּט אָן ביידע נאָזלעכער. — אַזוי, אַזוי! און איך האָב געמיינט... פונוואַנען ווייסט איר עס?

— איך ווייס גענוי.

בוקאָווסקי איז צוגעגאַנגען צו זײַן אַרבעטס־טיש, אופגעראַמט די פּאַפּירן, אַפּגיך זיי אַרײַנגעשטופּט אין די שופלאָדן און מיט אַ פאַרהוילן שמייכעלע אַ גלעט געטאָן די באָרד.

— ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל זײַן אָרדענונג.

— איז ווען וועלן מיר האָבן די זכיה אים צו זען? — פרעגט שישאָוו.

— עפּשער נאָך הײַנט, — ענטפערט בוקאָווסקי. ער עפנט ווידער אוף אַ שופלאָד און קוקט אופמערקזאַם אַרײַן.

— נאָך הײַנט? — שישאָוו האָט זיך פאַרקלערט.

שישאָוו האָט אַ קלונג געטאָן מיטן גלעקל. דעם אַרײַנגעקומענעם שווייצאַר האָט ער געבעטן דערלאַנגען אַ גלאָז טיי מיט אַ בוטערברויט. בוקאָווסקי האָט אַ נעם געטאָן שישאָוון אונטערן אָרעם, אים אָפּגעפירט אין אַ ווינקל פונעם גרויסן צימער, גלײַך ער וויל אים אײַנרוימען אַ וויכטיקן סוד, און אַ דערשטוינטער געזאָגט:

— איך בין אײַך מעקאַנע אף אײַער רויקייט, לעאָנטי איוואַנאָוויטש.

—ווירקלעך מעקאַנע? — איראָניזירט שישאָוו.

בוקאָווסקיס ליפּן ציטערן, ער פאַרקרימט זיך אַ ביסל, און די בײַטעלעך אונטער די אויגן ווערן פולער און טינקעלער.

— ערן־וואָרט, מעקאַנע, — זאָגט ער, — אַ פולע שטוב בא מיר מיט אָנלייגערס, וואָס זיצן מיר אפן קאָפּ אַלע מײַנע יאָרן, און איך דאַרף לײַדן. אַזוי בין איך לויט דער נאַטור אַ דרייסטער, לעאָנטי איוואַנאָוויטש, גאָר אַ דרייסטער, מיינט ניט...

שישאָוו פאַרהייבט דעם קאָפּ און קוקט איבער דיברילן אף זײַן דרייסטן קאָלעגע.

— לאַכט ניט, לעאָנטי איוואַנאָוויטש, — פאַרנייגט זיך בוקאָווסקי.

פון הינטער דער טיר דערהערט זיך אַ געוויש, אײַלנדיקע טריט, ערגעץ ווײַט אין קאָרידאָר קלאַפּן טירן.

ביידע געריכט־מיטגלידער הערן זיך צו. בוקאָווסקי האָט אַפילע אופגעעפנט דאָס מויל און אויסגעשטאַרטשעט די אויגן.

— עפּשער ער?

— מעגלעך! — ענטפערט רויק שישאָוו.

— איר ווייסט, — זאָגט בוקאָווסקי, פּלאָנטערנדיק אַ ביסל מיט דער צונג, — ווען איך דאַרף האָבן צו טאָן מיט נאַטשאַלסטווע, פיל איך זיך ניט גוט, זייער ניט גוט. און ווער שמועסט מיט אַזאַ, ווי טשאַפּלינסקי, אַ מענטש מיט אַזאַ רעפּוטאַציע...

שישאָוו גייט אַרויס פונעם צימער, נאָר באַלד קערט ער זיך אום צוריק און זאָגט פײַערלעך:

— דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו אַליין איז אַהער געקומען!

בוקאָווסקי איז געוואָרן אַלערליי קאָלירן. ער האָט אָנגעכאַפּט לעאָנטי איוואַנאָוויטשן פאַר דער האַנט און אַ דערשטוינטער קוים אַרויסגעבראַכט:

— ס׳קאָן ניט זײַן...

שישאָוו האָט אַרויסגעריסן די האַנט.

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרלוירן? וואַסילי פּאַוולאָוויטש, ווי שעמט איר זיך ניט?

— איר דאַרפט פאַרשטיין, לעאָנטי איוואַנאָוויטש... כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט: אַ פולע שטוב... אייגענע, פרעמדע, פּריזשיוואַלקעס...

דער בלענדנדיקער טאָג האָט זיך געריסן דורך די פענצטער אין די צימערן פון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע. שוין אַ שאָ צוויי זײַנען בא זייערע טישן געזעסן שווײַגנדיק ביידע מיטגלידער פון געריכט־פּאַלאַטע, יעדערער איז געווען פאַרזונקען אין זײַנע געדאַנקען, און ביידע האָבן געוואַרט אפן אָנקומען פון דעם נײַעם פּראָקוראָר.

מיט שנעלע טריט איז געאָרגי גאַווריִלאָוויטש טשאַפּלינסקי, דער נײַער פּראָקוראָר, צוגעגאַנגען צו דעם קאַבינעט פונעם פּאָרזיצער פון דער געריכט־פּאַלאַטע אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנד־

ראָוויטש מייסנער. ער האָט אָנגעקלאַפּט, נאָר קיינער האָט זיך ניט אָנגערופן. און אומצופרידענער האָט טשאַפּלינסקי ווידער אָנגעקלאַפּט און דערנאָך זיך ארומגעקוקט אין די זײַטן. דאָס ערשטע מאָל געקומען — און אזא קאָנפוז... „א שלעכטער סימען״, — האָט ער א קלער געטאָן. דורכגע־שפּאַנט זיך איבערן קאָרידאָר, האָט דער פּראָקוראָר באַשלאָסן אַרײַנכאַפּן זיך צו די פּאַלאַטע־מיטגלידער אין שכיינעסדיקן צימער.

ווי נאָר דער פּראָקוראָר האָט אַן עפן געטאָן די טיר, איז בוקאָווסקי שוין געשטאַנען אויס־געצויגן, ווי א סאָלדאַט.

טשאַפּלינסקי איז א ווײַלע געשטאַנען אף דער שוועל און מיט האַרכאָווע געגלעט די היפּשע וואָנצעס. ער האָט געוואָלט פעסטשטעלן, צי איז אומגעריכט זײַן אַרײַנקומען, צי ניט.

— א גוט־העלף, מײַנע הערן, — האָט ער הויך געזאָגט און צוגעגאַנגען צו שישאָוון, דער־נאָך צו בוקאָווסקין און דערלאַנגט זיי די האַנט.

ווען יענע האָבן געוואָלט זיך פאָרשטעלן, אָנרופן די נעמען, האָט דער פּראָקוראָר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— איך ווייס, איך ווייס. וואָס האָט פּאַסירט מיט אלעקסאַנדראָוויטשן, ער איז קראַנק? — האָט רויק געפרעגט טשאַפּלינסקי, ניט אַרויסווײַזנדיק זײַן אומצופרידנקײַט.

— מיסטאַמע אוועק צום מיטיק, — האָט פּאַרזיכטיק געענטפערט בוקאָווסקי.

— מיטיק? אזוי פרי? — האָט טשאַפּלינסקי שטוינענדיק א דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— ריכטיק, ריכטיק, ס'איז נאָך טאַקע פרי צו עסן מיטיק, — כאַפּט אונטער בוקאָווסקי.

— פרי, פרי, — כאַזערט איבער דער פּראָקוראָר.

ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער, זיך אָפּגעשטעלט לעבן פּאָרטרעט פון אלעקסאַנ־דער דעם צווייטן און באַמערקט, אז דער פּאָרטרעט הענגט ניט אף קיין בעקאָוועדיקן אָרט. דער פּראָקוראָר איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָנגעוויזן אף א טראַמווײַ, וואָס איז אין דער רעגע אָנגעקומען, און, מער צו זיך, איידער צו די בײַוועזנדיקע, געזאָגט:

— קאָמיש, ווי מענטשן אײַלן. צוליב וואָס?

— יאָ, טאַקע קאָמיש. צוליב וואָס? — האָט איבערגעכאַזערט בוקאָווסקי.

— און איר ווי מיינט, לעאָנטי איוואַנאָוויטש?

— וואָס, געאָרגי גאַווריליאָוויטש? — פאַרשטייט ניט שישאָוו, וועגן וואָס דער פּראָקוראָר רעדט.

— מיך כידעשט, וואָס מענטשן אײַלן אזוי. וואָס פאַר א זינען האָט עס?

— איך ווייס ניט, וואָס איר ווילט דערמיט זאָגן, — צענעמט שישאָוו די הענט.

— וואָס איך וויל זאָגן? — פאַרקלערט זיך טשאַפּלינסקי און קוקט פאָרשעריש אף ביידע מיטגלידער פון געריכט־פּאַלאַטע. — פאַר אונדז, געריכט־טוער, איז פאַראַן א קלאַל: זוכן פּאַמע־לעך, גרונטעוון, אף צו געפינען דעם עמעס. כאָטש ס'איז פאַראַן א פאָלקס־ווערטל, אז דער עמעס קומט אַרוף, ווי בוימל אפן וואַסער, ווייסן מיר אָבער פון דער דערפאַרונג, אז מע דאַרף אמאָל בערג איבערקערן, ביז מע זוכט אים אויף, דעם עמעס. מענטשן פאַרלירן אמאָל זייערע קאַריערעס און ווערן פאַרפירט פון פאַלשקײַט, און דער עמעס ווערט ניט אַנטפּלעקט. וויל איך דערמיט זאָגן, אז מירן זיך ניט אײַלן. מיר דאַרפן אין זיך אויסאַרבעטן קויכעס, געדולד אף צו אײַלן זייער פּאַ־מעלעך אין נאָמען פון יוישער, קעדיי צו געפינען דעם עמעס. מיר, געריכט־טוער, טאָרן קיינמאָל קיין טאָעס ניט האָבן, אניט האָט אונדזער באַרוף גאָרנישט ניט די ווערט.

שישאָוו קוקט זיך אופמערקזאַם צו, וויאַזוי בא טשאַפּלינסקין ריגעווען זיך די וואָנצעס, בע־שאַס ער רעדט, און ווי פון אונטער די ליפּן אַנטפּלעקן זיך שאַרפע ציין.

— איר האָט מיך פאַרשטאַנען, מײַנע הערן? דאָס איז מײַנער א פּרינציפּ, אף וועלכן איך באַגרינדע שטענדיק מײַן פּראַקטיק.

שישאָוו שפּירט נאָך מיט די אויגן, ווי טשאַפּלינסקי גלעט צוזערשט די פאָדערשטע העלפט פון שאַרבן — די גלאַנצנדיקע ראָזעווע ליסינע, דערנאָך גלײַכט ער אויס מיט די פינגער די ווייכע האָר, וואָס דעקן צו דעם צווייטן טייל פון שאַרבן, און זעצט פאָר:

— אין איין פאַל בלויז האָבן מיר רעכט א ביסל זיך צו אײַלן אף צו געפינען דעם עמעס: ווען עס גייט אין די אינטערעסן פון אונדזער רוסישן פאָלק קעגן אלע אָפענע און באַהאַלטענע סאָנים פון רוסלאַנד... פון דעם קלויסטער... בלויז דעמלט מעג מען זיך צואײַלן... אין אָט די אויסשליס־לעכע פאַלן...

טשאַפּלינסקי מאַכט א פּאַוזע און ווענדט זיך מיט א שמייכל צו ביידע מיטגלידער פון פּאַלאַטע:

— ווי מיינט איר, מײַנע הערן?

צוערשט האָבןביידע געשוויגן, געהערט מיט פאַרנייגטע קעפּ. בוקאָווסקי האָט דער ער־שטער מיט האכנאָע און דערעכערעץ געזאָגט:

— פּולקום מאסקים, געאָרגי גאַווריליאָוויטש, פּולקום מאסקים מיט אײַערע געדאַנקען...

בא שישאָוון איז געווען א געפיל, אז מע וויל בא אים פּויעלן עפּעס אזוינס, מיט וואָס ער איז ניט מאסקים. ער האָט אָבער ניט געוואָלט שוין בא דער ערשטער באַגעגעניש דערווידערן דעם נײַעם ווירקזאמען פּראָקוראָר. ווי דערשטוינט איז ער אָבער געווען, ווען טשאַפּלינסקי האָט בא אים פאַרזענלעך ווידער איבערגעפרעגט, צי דענקט ער אויך אזוי.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש נעמט געלאַסן ארויס פון זײַן טאַבאַקערקע א ביסל שמעקטאַבעק, טראָגט צו צו דער נאָז, צעגלעט די באַקענבאַרדן און ענטפערט:

— מיר דוכט, געאָרגי גאַווריליאָוויטש, אז דער עמעס אליין איז די קיניגן איבער אלע אנדערע געפילן בא מענטשן... דער עמעס איז דער העכסטער פּרינציפּ אונדזערער...

— און דאָס געפיל פון בלײַבן טרײַ דעם רוסישן פאָלק, דער קרוין און דעם טראָן? — פרעגט טשאַפּלינסקי מיט א געהעכערטער שטים.

— דער געפונענער עמעס דערהייבט שטענדיק סײַ דאָס פאָלק, סײַ דעם טראָן.

— ווונדערלעכע ווערטער, לעאָנטי איוואַנאָוויטש, ווונדערלעכע! — צעשײַנט זיך דאָס פּאָ־נעם באַם פּראָקוראָר, און מיט א בליק אין די אויגן ווערט באַגלייט דאָס, וואָס ער זאָגט: — איר ווייסט, מיר וועט זײַן לײַכט מיט אײַך צו ארבעטן, זייער לײַכט...

טשאַפּלינסקי דערנעענטערט זיך צום פענצטער און זאָגט:

— כאַפּט פונדעסטוועגן א קוק, וויאַזוי מענטשן אײַלן. ס'איז דאָך פרילינג, מײַנע הערן!

פעסט א דריק געטאָן די הענט פון זײַנע מיטארבעטער, איז ער מיט א שווערן ווייגנדיקן גאַנג ארויס פונעם צימער.

שווײַגנדיק זײַנען ביידע פּאַלאַטע־מיטגלידער אוועק צו זייערע טישן. שוין זיצנדיק, האָט שישאָוו ארויסגענומען פון זשילעט־קעשענע א שטיקל זאמשע. אויסגעווישט די ברילן און צוריק זיי אָנגעטאָן. ער האָט מיט א שמייכל נאָכגעשפּירט בוקאָווסקין, וואָס האָט א צופרידענער געריבן איין האַנט אין דער צווייטער.

— נו, וואָס? — פרעגט שישאָוו.

— איר ווייסט, לעאָנטי איוואַנאָוויטש, ער געפעלט מיר. ס'איז א זײַל אָט דער טשאַפּלינסקי.

שישאָוו האָט דערויף ניט געענטפערט. ער האָט א קוק געטאָן אפן זייגער און מיט א שווער געמיט זיך געלאָזט ארויסגיין פונעם צימער. אַף די טרעפּ האָט ער זיך דערמאָנט, אז אין טיש־קעסטל האָט ער איבערגעלאָזט א רעצעפּט אַף פּילן קעגן קאַפּווייטעק, אָבער ס'האָט זיך אים ניט געגלוסט אומקערן...

## בא שישאָוון אין דער היים

פון דער געריכט־פּאַלאַטע האָט לעאָנטי איוואַנאָוויטש זיך אומגעקערט אהיים אין א גע־דריקטער שטימונג. דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו הערן די לעצטע טעג וועגן דעם מאָרד פון דעם לוקיאַנאָווקער יינגל, האָט שישאָוו צונויפגעבונדן מיטן באַשטימען טשאַפּלינסקין אלס נײַעם פּראָקוראָר פון דער קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע. די דאָזיקע מאכשאָוועס האָט ער פאַר קײַ־נעם פון זײַנע מיטארבעטער ניט ארויסגעזאָגט. לעצטנס, האָט געקלערט לעאָנטי איוואַנאָוויטש, ווערן אָפּגעטאָן אין די רוסלענדישע געריכט־אינסטיטוציעס אזעלכע זאכן, וואָס זײַנען אים ניט צום הארצן. ער דערמאָנט זיך, אז ערשט ניט לאַנג האָט אין סאַראַטאָוו אײַנער א מיטגליד פון דער דאָרטיקער געריכט־פּאַלאַטע געפּרווט זיך ארויסזאָגן קעגן א געפעלשטן באַשולדיקונגס־אַקט, איז דער סאָף פון דעם דאָזיקן עמעס־זוכער ביז גאָר א טרויעריקער: מ'האָט יענעם אָפּגע־זאָגט פון דער שטעלע, געהייסן אוועקגיין אַף פּענסיע און דערנאָך שטילינקערהייט אים ארויס־געשיקט אין א ווײַטער גובערניע.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט זיך צוגעלייגט אָפּרוען, נאָר אין פּאַדערצימער האָט זיך דער־הערט א רויש — דאָס איז אַנאַטאָלי געקומען בעגילופנדיק און אַף א קאָל גענומען זינגען א לידל פונעם פּאַרבאַנד „דוווגלאַווי אָריאָל".

— שטילער, פּאַניטש, לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט זיך צוגעלייגט אָפּרוען, — האָט דאָס דינסטמיידל געפּרווט אים אײַנשטילן.

דער סטודענט האָט א כאַפּ געטאָן דאָס מיידל פאַר די אַקסלען און אויסגעשריִען:

— זינג אויך, טײַבעלע, ביסט דאָך אַן עמעס רוסיש מיידל.

— פּאַניטש, שטילער, אײַער טאַטע...

— הער, וואָס מע זאָגט דיר!

סעראַפימאַ גאַווריִלאָוונאַ האָט אופגעעפנט די טיר און צוגעלייגט אַ פינגער צו די ליפּן:
שאַ, שאַ...

— וואָס איז, מע וויל מיר פאַרמאַכן דאָס מויל? און אויך דו, מאַמע!

די מוטער האָט מיט דער רעכטער האַנט אַרומגענומען דעם האַלדז פון איר טאָכטער און די לינקע אַרופגעלייגט אים אפן מויל. אַנאַטאָלי האָט מיט קאַס אַראָפּגעשלײַדערט דער מאַמעס האַנט און פאַרגעזצט זינגען.

— זינג אויך, מאַמע!

— דער טאַטע האָט ערשט זיך צוגעלייגט.

דעם זון גייט עס אָבער ווייניק אָן. פון איר צימער האָט זיך באַוויזן נאַסטיע.

דערזען די שוועסטער, האָט אַנאַטאָלי אויסגעשריִען:

— אָ, ביסט אויך דאָ, מאַמזעל, וועל איך טאַקע באַלד דערציילן דעם טאַטן וועגן דײַן שפּאַציר מיטן מאַלאַראַס, אָדער עפּשער איז ער גאָר אַ יודיי? פאַר מיר איז ניטאָ קיין סודות! — און טאָליע טוט זיך אַ לאָז צום שלאָפצימער. די מוטער וויל אים פאַרהאַלטן, אָבער דער זון האָט דאָך זיך אַרײַנגעריסן צום אײַנגעדרעמלטן פאָטער.

— שטיי אויף, טאַטע, הער זיך צו, לעאָנטי איוואַנאָוויטש שישאָוו, מיטגליד פון געריכט־פּאַלאַטע. דו ביסט דאָך דער יושער אַליין, איז וויאַזוי קאָנסטו דערלאָזן, אַז דײַן טאָכטער אַנאַסטאַסיאַ לעאָנטיעוונאַ זאָל וועלן אָפּריידן אַ מאַן פון אַ געזעצלעך ווײַב? ס'איז דאָך קעגן דײַן טעווע...

— וואָס איז דאָ אַזוינס געשען? — זעצט זיך אויף לעאָנטי איוואַנאָוויטש אָף דער סאָפע.

— טאָליע, זון מײַנער... וואָס איז מיט אים געשען פאַר דער לעצטער צײַט... ס'איז ניט איבערצוטראָגן. לעאָנטי איוואַנאָוויטש, זײַ מוחל דעם זון אונדזערן. ער איז, ווײַזט אויס, ניט מיט אַלעמען.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר. די פרוי וויל אים ניט דערצאָרענען, ווײַל זי ווייסט גאַנץ גוט, מיט וואָס עס קאָן זיך ענדיקן.

— טאָליע איז ניט געזונט, מע דאַרף צו אים אַרויסרופן אַ דאָקטער, נאַסטיושע, טו מיר צוליב, גיי רוף אַ דאָקטער.

— אַ פּסיכיאַטער דאַרף מען צו אים, ניט קיין טעראַפּעווט... — זאָגט לעאָנטי איוואַנאָוויטש שוין מיט רוגזע.

— איך בין ניט משוגע, טאַטע. זאָלסט וויסן, אַז נאַסטיע פלירטעוועט מיט אַ מאַנצביל, וואָס האָט אַ געזעצלעך ווײַב מיט אַ קינד.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש איז געזעסן אַ דערשלאָגענער, די באָרד צעפּאַטלט. ער האָט גענומען זוכן די ברילן און זיי ניט געפונען.

— וואָס טוט זיך עס באַ מיר אין שטוב, קאָן איך ניט פאַרשטיין.

נאַסטיע איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און געקוקט מיט ביטל אפן ברודער. אין אירע אויגן זעט אויס דער צעווילדעוועטער ברודער, ווי עפּעס אַ נימעסע בריִע.

— פון זינט די קראַמאַלניצע איז געקומען, גייט אין שטוב אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ, — שרײַט אַנאַטאָלי. — זאָג איר, פּאַפּאַ, דו ביסט דאָך פאַר גערעכטיקייט! פאַרוואָס זשע פאַרשווײַגסטו איר אַזוינס?

— ס'איז עמעס, נאַסטינקע? — שטעלט זיך אײַן די מוטער צו פרעגן.

— סקאַנדאַליסט! — טוט נאַסטיע אַ קריץ מיט די ציין.

דער פאָטער קוקט פאַרלוירן אָף ביידע זײַנע קינדער, דערנאָך אפן ווײַב. דעם זונס כאַראַקטער קען ער גאַנץ גוט. נאָר דאָס, וואָס ער האָט אָקאָרשט געהערט וועגן נאַסטיען, איז פאַר אים ווי אַ דונער איבערן קאָפּ. עס קאָן דען זײַן, אַז נאַסטיע זאָל פאַרפלעקן דעם ריינעם נאָמען פון זייער מישפּאָכע?

דער פאָטער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו דער טאָכטער און שטרענג געפרעגט:

— ס'איז עמעס, וואָס ער זאָגט?

— אַ ליגן! — האָט נאַסטיע רויִק געענטפערט און געקוקט דעם פאָטער גלײַך אין די אויגן.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט געווענדט זײַן בליק צום זון. דעם אַלטנס אויגן, די שטענדיק מילדע און גוטע אויגן, האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט וויִטעקלעכן פײַן. ס'האָט זיך גערוכט, אַז אָט־אָט וועט ער אויסלאָזן דעם קאַס צו זײַן בענאָק, וואָס שטייט אָן אָנגעפּראָפּטער מיט ביטערער גאַל און איז גרייט זיך ווארפן מיט די פויסטן אָף נאַסטיען.

אין איין קעהערעף־אײַן איז אַנאַטאָלי אַרײַן צו דער שוועסטער אין צימער. פון אונטער איר צוקאָפּנס אַרויסגעכאַפּט אַ בוך און, ווי אַ פּאָן, אַרויסגעטראָגן אין דער אופגעהויבענער האַנט.

— נאָ, זע, פּאַפּאַ, זי לייענט דעם פאַרבאָטענעם „קאָבזאַר“. אָט וואָס זי האָט געבראַכט צו אונדז אין שטוב אַריַין...

— טאַראַס שעווטשענקאָ... — טוט אַ קרעכץ די מוטער.

מיט אומגעהייערער פלינקייַט איז נאַסטיע צוגעלאָפן צום ברודער און מיט אַלע קויכעס אים אָפּגעלאָזט אַ פייַערדיקן פּליאַסק אין פּאָנעם אַריַין.

— שוואַרצמייעניק! — האָט אַ הילך געטאָן נאַסטיעס קאָל.

— אָך!.. — האָט זיך אַרויסגעריסן באַ דער מוטער.

מיט פאַרהוילענער גאַדלעס האָט לעאָנטי איוואַנאָוויטש געקוקט אף זייַן נאַסטיען.

## דער פּראָקוראָר און די וויסנשאַפט

דאָס שטוב־מיידל האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. געאָרגי גאַוורילאָוויטש טשאַפּלינסקי איז געווען פאַרטאָן מיט דרינגענדיקע איניאָנים. ער איז געזעסן אין זייַן קאַבינעט באַם טיש און געלייענט וויכטיקע דאָקומענטן.

— וואָס איז געשען? — האָט טשאַפּלינסקי געפרעגט.

— דער באַריניע איז ניט גוט, — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

דער פּראָקוראָר איז האַסטיק אופגעשטאַנען פון אָרט, זיך געלאָזט צום שלאָפצימער און, גייענדיק, פאַרשפּיליעט דעם פּידזשאַק.

לעבן וויַיב איז אָן אָנגעבויגענע שוין געשטאַנען דאָס שטוב־מיידל מיט אַ לעפל אין דער האַנט:

— טרינקט, באַריניע, וועט איַיך ווערן גרינגער. דער דאָקטער האָט געהייסן.

די פרוי האָט האַכנאָעדיק אויסגעטרונקען די רעפּוע, אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אפן הויכן קישן און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אַ קוק געטאָן אפן אַריַינגעקומענעם מאַן.

איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער מאַן באַציט זיך גלייַכגילטיק צו דעם, וואָס מיט איר איז פּאַרגעקומען.

אוןווירקלעך, דער פּראָקוראָר האָט טאַקע פאַר דער לעצטער צייַט קימאַט ניט פאַרבראַכט מיט זייַן שיינער פרוי. איצטער, זי דערזען, האָט ער באַמערקט די ברוינלעכע פלעקן אף איר עטוואָס פאַרבלאָזענעם פּאָנעם, וואָס באַוויַיזן זיך באַ מעוברעסע פרויען. ער האָט געקוקט אף אירע פּולבלעכע הענט און אַ קלער געטאָן: „איך בין דאָך ניט נאָר קיין שטרענגער היטער פון גע־זעצלעכקייַט, איך בין דאָך אויך אַ מאַן“...

— עפּשער רופן אַן אַקושער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— מע דאַרף נאָך ניט, — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ. — וואָס קומט עס פאַר מיט דיר? האָסט אײַנגאַנצן אין מיר פאַרגעסן...

ניין, ער האָט ניט פאַרגעסן, ער איז פּאַשעט פאַרנומען מיט זייער אַ וויכטיקן איניען און דאָס צווינגט אים צו זייַן קאָנצענטרירט, געצווימט. ער האָט איר געוואָלט נאָך זאָגן, אַז דער גורל האָט אים, דעם פּראָקוראָר טשאַפּלינסקי, אוועקגעשטעלט פאַר אַ גרויסן ניסאַיען. דאָס לעבן גיט דעם מענטשן אַ מעגלעכקייַט בלויז איין מאָל אַרופשטייַגן, און די דאָזיקע מעגלעכקייַט איז פאַרבונדן מיט וויכטיקע און גרויסע געשעענישן. דאָס אַרופשטייַגן טראָגט מיט זיך שטענדיק גרויס געפאַר, וואָס מע מוז בייַקומען. אופשטייַג און נידערפאַל גייען שטענדיק באַנאַנד, מוז מען דעריבער זייַן אף דער וואַך, האַלטן אָפן די אויגן, ווער שמועסט נאָך, אַז דאָ גייט אַ רייד... נאָר ער האָט דעם וויַיב גאָרנישט ניט געזאָגט, ער האָט בלויז זיך אָנגעבויגן, אַ קוש געטאָן איר פייַכטן שטערן און צוגעווינטשעוועט איר אַ גוטע און רויִקע נאַכט. ער האָט זיך אומגעקערט אין זייַן צימער.

געאָרגי גאַוורילאָוויטש האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין די ביכער, וואָס זייַנען געלעגן פאַר אים אפן טיש, ער האָט געוואָלט אַליין דערגיין צום טאָך, צו דעם עמעס. אין מויעך האָט אַלץ זיך געדרייט, ווי אין אַ נעפּל. פון דער ווייַטער קינדהייַט זייַנען אָנגעשוווּמען פלעטנדיקע ביל־דער. ער האָט זיך געלערנט באַ אַ יעזויִט — אַ קאַטאָליקער, אַ פינצטערער און אַכזאָריעסדיקער מענטש. די דאָזיקע דערמאָנונג האָט שטענדיק געדריקט אף זייַן באַוווּסטזייַן. זייַנע אָפּטע באַ־געגענישן מיטן סטודענט גאָלוביאָוו פאַר די לעצטע טעג האָבן מיטגעווירקט, עס זאָלן אופלעבן און אָפּגעפרישט ווערן אין מויעך יענע צייַטן, ווען ער האָט זיך געלערנט באַם יעזויִט. טשאַפּלינ־סקי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די צוקונפט זייַנע איז ענג פאַרבונדן מיט דער יערושע, וואָס ער האָט באַקומען אין די יוגנט־יאָרן, פון יענעם שוואַרצן מאָנאַך, און מיט דער הילף פון די גאָלו־ביאָווס וועט אופשטייַג זייַנער, אף וועלכן ער וואַרט, פאַרווירקלעכט ווערן.

טשאפּלינסקי האָט אַ קלער געטאָן: עפּשער ווידער גיין געווירע ווערן צו דער פרוי? ער האָט אָבער נאָך אַ סאַך וואָס צו טאָן. ביז איצט האָט ער נאָך ניט באַשלאָסן, וואָס וועט ער זאָגן דעם גאַלעך פון קיִעווער פּעטשערער לאַווּרע — דעם אַרכימאַנדריט יעווסטאַפי, מיט וועלכן ער דאַרף זיך מאָרגן באַגעגענען. סאַף טאָג וועט ער אויך האָבן אַ שמועס מיטן פּראָפעסאָר פון קיִעווער אוניווערסיטעט אַבאַלאַנסקי און מיטן פּראָזעקטאָר טופאַנאָוו. אַ שווערער טאָג שטייט אים פאָר... און ער האָט נאָך קיין אויג ניט צוגעמאַכט — דער שלאָף נעמט אים ניט.

ער האָט אײַנגעדרעמלט, און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס ווײַב גייט צו קינד, רופט אים, שטרעקט אויס צו אים די הענט, און ער ווענדט זיך אָפּ... ער איז בייז אַף איר: זי ווייסט דען ניט, אַז ער לייענט די מאַטעריאַלן וועגן בלוטיקן מיטלאַלטער?..

טשאַפּלינסקין פאַרדריסט, וואָס אים כאַלעמען זיך נאַרישקייטן, ער דרייט זיך אויס אַף דער צווייטער זײַט און סטאַרעט זיך אַנשלאָפן ווערן.

גאַנצפרי איז ער אַוועק אין גערייכט־פּאַלאַטע.

אַפן טיש פון זײַן אַרבעט־קאַבינעט האָט טשאַפּלינסקי געטראָפן אַ צעטעלע, אַז דער פאָטער יעווסטאַפי וועט קומען צען אַזייגער אינדערפרי. טשאַפּלינסקי האָט געמיינט, אַז ביז יענער וועט קומען, וועט ער נאָך האָבן אַ מעגלעכקײַט זיך דורכשמועסן מיט גאַלוביאָוון, נאָר, אַפּאַנעם, ס'וועט קיין צײַט ניט קלעקן. דאַרף מען זיך אינערלעך צוגרייטן. געאָרגי גאַווריליאָוויטש האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף געווינען דעם צוטרוי, געפינען אַן אַלגעמיינע שפּראַך מיטן הייליקן מאַנאָך. דער פּראָקוראָר האָט געוווסט, אַז די פּראַוואָסלאַוונע פּריסטערס זײַנען ניט אַזוי פאַנאַטיש, ווי די קאַטוילישע, ניט אַזוי שטאַנדהאַפטיק.

פאַר דעם איניען, וואָס טשאַפּלינסקין שטייט פאַר צו פירן, זײַנען נייטיק מענטשן, וואָס פאַרהאַסן אַלע סאָנים פונעם פאָטערלאַנד, פון דעם טראָן, עס זײַנען נייטיק מענטשן, וואָס פאַרהאַסן די רעוואָליוציאָנערן, וועלכע ווילן אומברענגען די אימפּעריע.

טשאַפּלינסקיס ראַווינעס האָט איבערגעשלאָגן אַ קלאַפּ אין דער טיר.

— קומט אַרײַן, פאָטער יעווסטאַפי, איך בעט אײַך זייער.

אַ וווילגעשטאַלטיקער זאָקן מיט אַ האַדראַס־פּאָנעם האָט צוריקגעהאַלטן אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם פּראָקוראָרס קאַבינעט. אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ ווינקל, האָט ער אויסגעגלעט די לאַנגע גרוי ווערנדיקע באָרד. שטיל אַ זאָג געטאָן „גוט־העלף״ און דערלאַנגט די האַנט. טשאַפּלינסקי האָט זיך אָנגעבויגן, געוואָלט אַ קוש טאָן די אויסגעשטרעקטע האַנט, אָבער דער גאַלעך האָט אַפּגיך זי צוגענומען און געבענטשט דעם פּראָקוראָר, וועלכער האָט זיך פאַרנייגט פאַרן גאַסט. דער גאַלעך האָט פאַרנומען די לאַנגע פּאָלעס פון דער ריאַסע און שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ שטול.

— ווי גייט עס אײַך, פאָטער יעווסטאַפי?

— גאָט צו לויבן, גאַנץ וווילֿ. אַ דאַנק, וואָס איר אינטערעסירט זיך מיט מיר. גאָט דולדעט אונדז און פאַרגעסט אונדז ניט.

ניט געקוקט דערויף, וואָס טשאַפּלינסקי האָט זיך פריִער אויסגעשטעלט ווי צו ריידן מיט דעם דערפאַרענעם און כאַשעווון גאָטסדינער, האָט ער דאָך לעכאַטכילע ניט געקאָנט געפינען דעם שליסל, וויאַזוי אָנצוהייבן דעם שמועס. הינטערווײַלעכס האָט טשאַפּלינסקי מיט איין אויג געקוקט אַפן פרישן נומער „קיִעווסקאַיאַ מיסל״, וואָס איז געלעגן באַ אים אַפן טיש, און אומגעריכט פאַר זיך אַליין אַ פרעג געטאָן:

— איר לייענט די דאָזיקע יידישע צײַטונג?

— פאַרוואָס איז זי אַ יידישע? — כידעשט זיך דער אַרכימאַנדריט.

ניט געוואַרט אַף אַזאַ פרעגע, האָט טשאַפּלינסקי זיך פאַרהאַקט, ניט געפונען וואָס צו ענטפערן. די פינגער זײַנע האָבן גענומען נערוועז פויקן איבערן טיש. ער האָט פאַרוואונדערט געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערבײַ זיך געפלײַסט צו זײַן העפלעך. זײַנע קאַרע אויגן זײַנען טינקערער געוואָרן, ער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אַפן פאָטער יעווסטאַפי, וואָס איז געזעסן רויק און מיט דער האַנט געגלעט די באָרד.

ניט געפונען וואָס צו ענטפערן דעם גאַסט, האָט דער פּראָקוראָר אַ מורמל געטאָן:

— וואָס הייסט... ס'איז באַוווסט... — דער פּראָקוראָר האָט באַשלאָסן איבערגיין צום טאָכן: — איך מיין, אַז איר האָט געלייענט אין די צײַטונגען וועגן דעם געהאַרגעטן יינגל.

— געלייענט.

— צי ווייסט איר, פאָטער יעווסטאַפי, ווער ס'האָט דאָס יינגל דערהאַרגעט?

— ניין! — האָט באַם אַלטן אַ ציטער געטאָן די באָרד.

— שוין זשע ווייסט איר ניט?

— איך ווייס ניט, געאָרגי גאַווריליאָוויטש.

— איר ווינט אין קיִעוו און ווייסט ניט, וואָס ארום טוט זיך.

— אין קיִעוו, זאָגט איר, ווין איך... בא אונדז אין דער לאָורע זײַנען מיר ווײַט פונעם זינדיקן לעבן.

— פּאַטער יעוווסטאַפּי, דאָס האָט א שײַכעס אויך צו אײַך.

דער אַלטער האָט ברייט צעעפנט די אויגן, די ליפּן האָבן בא אים געציטערט.

ווען טשאַפּלינסקי האָט אָף עטלעכע רעגעס זיך אָפּגעקערעוועט צום פענצטער, האָט דער גאַלעך פּאַרזיכטיק זיך אופגעהויבן, גענומען אין ווינקל דעם שטעקן און א שעפּטשע געטאָן:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איר ווילט פון מיר, וועל איך גיין, געאָרגי גאַוורילאָוויטש.

— ניין, איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, פּאַטערל. — טשאַפּלינסקי איז צוגעגאַנגען האַרט צום ארכימאַנדריט, אָנגענומען אים פאַר דער האַנט און צוגעפירט צוריק צום בענקל.

— זעצט זיך צו, פּאַטער יעוווסטאַפּי, איך וויל מיט אײַך א שמועס טאָן ווי א קריסט מיט א קריסט.

— רעכט, רעכט, — איז מונטערער געוואָרן דער אַלטער. טשאַפּלינסקי האָט, אַפּאָנעם, אים גוט אָנגעשראָקן. דאָך האָט ער זיך פאַרינטערעסירט. — ווער זשע איז דער מערדער?

טשאַפּלינסקי האָט געוואָלט מאַכן אָפּן אַלטן אן אײַנדרוק, נאָר ניט געוווסט וויאַזוי. „מע דאַרף זײַן מיט אים פּאַרזיכטיק, — האָט ער געקלערט. — מײַנע ווערטער רופן בא אים ארויס צווייפל“.

— ווי מיינט איר, פּאַטערל, ווער האָט געקאָנט דערהאַרגענען דאָס אומשולדיקע קריסט־לעכע קינד?

— ווי געוויינלעך, מערדער... אזוי מיין איך.

— מערדער, פאַרשטייט זיך, מערדער. נאָר וועלכע? איר פאַרשטייט, מײַן אמט פאָדערט פון מיר פאַרהיטן דאָס רוסישע פאָלק און זײַן קייסער פון קאָלערליי מערדער. פאַראַן אזעלכע פאַרברעכער, וואָס גראָבן אונטער ניט נאָר דעם טראָן — זיי וועלן מיר כאַפּן און באַשטראָפן, פאַר זיי איז פאַראַן סיביר, אייביקע קאַטאָרגע. פאַראַן אָבער אזעלכע, וואָס איז שווער צו כאַפּן און זיי זײַנען זיך נויקעם, טרינקען דאָס בלוט פון אונדזער פאָלק, טרינקען אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. און איר, פּאַטער יעוווסטאַפּי, אַלס קריסט, אַלס געבילדעטער מענטש, דאַרפט אונדז קומען צוהילף...

טשאַפּלינסקי איז שטיל געבליבן. ער האָט דערוואַרט, אז יעוווסטאַפּי וועט אליין קומען צו א לאָגישן אויספיר, מיטשטימען מיט זײַנע, טשאַפּלינסקיס, פאַרבאָרגענע געדאַנקען. דער גאַסט האָט אָבער געשוויגן. זײַנע ליפּן, פאַרדעקטע מיט געדיכטע האָר, זײַנען געווען פאַרשלאָסן, די באַקן האָבן געפלאַמט, און די הענט אָף די קני האָבן געציטערט.

דער פּראָקוראָר האָט פאַרשטאַנען, אז ער מוז באַהערשן דאָס האַרץ און דעם מויעך פונעם זאָקן, אים האָט פאַרדראָסן, וואָס דער אַלטער וואַקלט זיך. געטראַכט: „אויב אזעלכע מענטשן וואַקלען זיך, איז שלעכט פאַר רוסלאַנד“. דאָס האָט אים געשראָקן, און ער האָט געביטן דעם טאָן.

— וואָס איז מיט אײַך, פּאַטער יעוווסטאַפּי? — האָט דער פּראָקוראָר ליבלעך געפרעגט.

— געאָרגי גאַוורילאָוויטש, איר האָט, אַפּאָנעם, פאַרגעסן, אז מיר האָבן דאָך אויך א גע־וויסן. — און נאָך א קליינער פּאַוזע: — מירן נאָך א טראַכט טאָן, א קלער טאָן... — ער האָט שטאַרק זיך פאַרהוסט, דער הוסט האָט אים מאַמעש געשטיקט, דערנאָך זיך געזעגנט און מיט פאַמעלעכע טריט ארויסגעגאַנגען פון פּראָקוראָרס צימער.

טשאַפּלינסקי איז געווען אופגערעגט. ס'איז אים געווען פאַרדראָסיק, וואָס ער האָט גראָד איצט אָנגעוווירן די קראַפט פון וואָרט, די קראַפט פון אופווירקונג. אמאָל, באַם באַגינען פון זײַן פּראָקוראָרישער קאַריערע, האָבן פיל מענטשן באַצייכנט דעם סוידעספּולן קישעף פון זײַן אָראַ־טאָרישן טאַלאַנט און דער איקער — דאָס קאָנען פאַרקישעפן די בײַזיצער און איבערצײַגן זיי אין דער ריכטיקײַט פון זייער מישפּעט. און דאָ איז ער געבליבן הינטערשטעליק. און פאַר וועמען? פאַר אן אַלטן גאָטסדינער, בא וועלכן די געדאַנקען זײַנען שוין לאַנג אויסגעוועפּט.

דער פּראָקוראָר האָט גענומען אין די הענט דעם אקט פון דער געריכט־מעדיצינישער עקס־פּערטיזע, וועלכן ס'האָבן געכאַסמעט דער פּראָפעסאָר פון קיִעווער אוניווערסיטעט אָבאָלאָנסקי און דער פּראָזעקטאָר טופאַנאָוו. נאָכאַמאָל דורכגעקוקט מיט די אויגן דעם אקט, האָט ער פאַר־ביסן די אונטערשטע ליפּ און א קלער געטאָן: „אָט וועלן מיר הערן, וואָס די געלערנטע וועלן זאָגן. זיי וועלן, מעגלעך, זיך אויך דרייען אפּן קאָרעק, ווי דער פּאַטער יעוווסטאַפּי. פאַר וועמען האָבן זיי אַלע מוירע? פאַר דער פאַרקויפטער פרעסע און פאַר די רעוואָליוציאָנערן?..“

אין דעם מאָמענט האָט מען דעם פּראָקוראָר מיטגעטיילט, אז אָבאָלאָנסקי און טופאַנאָוו זײַנען געקומען.

— מײַנע הערן, — האָט זי באַגעגנט טשאַפּלינסקי, — איר האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסע אַרבעט, נאָר עפּעס פּיל איך דאָ ניט, — האָט ער געטײַטלט אויפן פּאַפּיר, — אַז איר זײַט אויף דער זײַט פון רוסלאַנד.

די געלערנטע האָבן זיך איבערגעקוקט...

— גאָר פּאַשעט: איך וויל וויסן, צי זײַנען אײַך באַקאַנט, צי האָט איר וועג־ס'ניט־איז געלייענט די ווערק פונעם היִעראָמאָנאַך ליוטאָסטאַנסקי?

— וועמעס ווערק? — האָט איבערגעפרעגט דער פּראָפעסאָר אַבאָלאָנסקי מיט זײַן שטילער, עטוואָס הייזעריקלעכער שטים. מיט אַ קוק אויף טופאַנאָוון האָט ער ווי געוואָלט באַ אים זיך דער־קונדיקן: „און איר, דאָקטער, האָט געלייענט די ווערק פון דעם דאָזיקן אווטאָר?“

— דאָס טוט אײַך ניט אָן קיין קאָווד, מײַנע הערן. באַם פאַרפאַסן דעם דאָזיקן אַקט, — דאָס פּאַפּיר האָט אין טשאַפּלינסקיס האַנט שטאַרק געציטערט, — האָט איר געדאַרפט זיך רעכע־נען מיט די באַמערקונגען פונעם באַוווּסטן ספּעציאַליסט אין די דאָזיקע פראַגן ליוטאָסטאַנסקי.

דער פּראָפעסאָר אַבאָלאָנסקי האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען:

— „פאַרפאַסן“... מיר זײַנען ניט קיין פאַרפאַסער. דאָס איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכער איניען, הער פּראָקוראָר, דאָס איז אַ דאָקומענט וועגן אַן אומגליקלעכן קאָרבן.

— ריכטיק, וועגן אַ קאָרבן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך אַ באַשטימטער גרופּע אין נאָמען פון פאַנאַטיזם. אַ שוידערלעכער טויט, אַ שרעקלעכער פאַרברעכן, מײַנע ליבע הערן גע־לערנטע. אָבער באַ אײַך באַקומט זיך, אַז דער מאַרטירער — דאָס קריסטלעכע יינגל — איז געהאַרגעט געוואָרן אויס נעקאָמע.

— וואָס רעדט איר, געאָרגי גאַוורילאָוויטש, איר האָט אַ טאָעס, — האָט שטיל אַרויסגע־בראַכט אַבאָלאָנסקי.

— ניין, מײַנע הערן, זעט, אַז איר זאָלט קיין טאָעס ניט האָבן, ווײַל דערנאָך וועט שוין זײַן צו שפּעט... אַנדערע וועלן דאָס באַשטעטיקן ריכטיק, ווי דאָס פּאַסט פאַר ווירקלעכע גע־לערנטע... — און נאָך אַ קליינער פּאַוזע: — הײַנט האָט מען וועגן אײַך גערעדט באַם גובערנאַ־טאָר. וואָס זשע, איר ווילט פאַרלאָזן דעם היגן אוניווערסיטעט? — האָט טשאַפּלינסקי זיך גע־ווענדט צו טופאַנאָוון. — איר קלערט אַריבערפאָרן קיין קאַזאַן?..

ביידע דאָקטוירים זײַנען מעוווּלוול געוואָרן, אַ נויטשוויס האָט זיי באַשלאָגן. ביידע האָבן זיי איצט געקלערט וועגן זייער אַרבעט, וועלכער זיי האָבן געווידמעט דאָס גאַנצע לעבן, וועגן הייליקן כּיווד פון אַ דאָקטער. ערשט איצט האָבן זיי פאַרשטאַנען, צוליב וואָס מ'האָט זיי אַהער גערופן, נאָר דאָך האָבן זיי ניט געוואָגט זיך קעגנשטעלן. זיי זײַנען געשטאַנען דערשראָקענע און געהאַרכזאַמע. צוהערנדיק זיך צו די ווערטער וועגן איבערגעגעבנקײַט, וועגן דער וויסנשאַפט, וואָס דאַרף דינען דעם טראָן, האָט זיך געדוכט, אַז דעם קייסערס פּאָרטרעט מיט די פאַרגליווערטע אויגן, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט הינטער טשאַפּלינסקיס פּלייצע, קוקט אויף זיי און וואַרט אויף אַן ענטפער.

די דאָקטוירים האָבן גאָרנישט ניט געענטפערט. זיי האָבן זיך אופגעהויבן און אַוועק.

באַם דענקמאָל פון באָגדאַן כמעלניצקין האָט דער יינגערער פון די צוויי מעדיקער, דער פּראָזעקטאָר טופאַנאָוו, געזאָגט צו אַבאָלאָנסקין:

— ניקאָלײַ אַלעקסייעוויטש, מ'האָט געוואָלט פון אונדז, מיר זאָלן פאַרגעסן אינעם געפיל פון כּיווד...

אַבאָלאָנסקי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט.

טשאַפּלינסקי האָט זיך פאַרשפּאַרט אין זײַן קאַבינעט און זיך געזעצט שרײַבן קיין פּעטער־בורג דעם יוסטיץ־מיניסטער אַ באַריכט וועגן זײַנע באַגעגענישן מיט דעם גאַלעך און מיט די פּראָפעסאָרן. דעריקער האָט ער באַטאָנט, אַז די עקספּערטן האָבן געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער בענוגע דער פראַגע פון ריטועלן כאַראַקטער פונעם מאָרד.

איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע, האָט ער זיך פאַרטראַכט, אופגעשטאַנען פונעם אָרט, גענומען שפּאַנען איבערן צימער און באַלד ווידער זיך צוגעזעצט צום טיש און צוגעשריבן נאָך איין פראַזע: „און דאָך האָבן די עקספּערטן געזאָגט, אַז אין ווײַטערדיקן גאַנג פון דער אויספאָר־שונג וועלן זיי עפּשער קאָנען געבן זייער פּאָזיטיוון אויספיר בענוגע די ריטועלע מאָטיוון פון דעם דאָזיקן מאָרד“.

(פ אָ ר ז ע צ ו נ ג  ק ו מ ט)

# לידער

(פונעם דיכטערס ירושה)



ווען ס׳זאָגט מיר דער, וואָס הערצער גיט:
— קלייַב אויס א הארץ זיך נאָכאמאָל —
פון האָלץ, פון ביין צי פון גראניט,
פון גאָלד, פון זילבער צי פון שטאָל,

וואָלט איך גענומען — ניט געטראַכט, —
דאָס אַלטע הארץ זיך איַינגעפאַסט,

וואָס האָט געוויינט, ווען ס׳האָט געלאַכט,
וואָס האָט געליבט, ווען ס׳האָט געהאַסט,
וואָס האָט זיך אָפּגענוצט צו גיך,
ווייַל ס׳האָט פאַר אַלץ געצאָלט
מיט זיך...

## קרייַזן

נעם זעג אָפּ א בוים, דערזעסטו קרייַזן,
זייַן פאַרדינטע עלטער זיי דערווייַזן.

וואַרף א שטיין אין וואַסער — זיך צעשפרייטן
וועלן קרייַזן, איינער נאָכן צווייטן.

אונטער מייַנע אויגן, זאָגסטו, קרייַזן, —
ס׳איז א סימען, איך בין ניט פון אייַזן.

## שיינע אויגן

שיינע אויגן, מיידל, פרוי,
זייַנען ניט נאָר שוואַרץ צי בלוי,
זייַנען ניט נאָר פול מיט פלאַם,
זייַנען ניט נאָר שיינע סטאַם.
שיינע אויגן — בלוי צי שוואַרץ —
זייַנען דורכגעזאַפּט מיט הארץ.

## טרערן

פול פון פייַן די אויגן ווערן,
און אויך סימכע זיי באַטרערט.
נאָר פאַראַנען מיטלייַד־טרערן,
ניט מע זעט זיי, ניט מע הערט,
נאָר אָף זיי האַלט זיך די ערד.

◇ ◇ ◇

דער קאָליר פון דײַנע אויגן
שפּיגלט זיך אין רעגנבויגן,
דו באַ אים, צי ער באַ דיר
האָט גענומען דעם קאָליר?..

דעם געשמאַק פון דײַנע ליפּן
האָבן רויזן אויסגעקליבן
צו פאַרשיקערן די בין...
ווייס איך אויך ניט, ווו איך בין!

גיי איך צו דעם טײַך, די שטראָמען
זינגען, כאַזערן דײַן נאָמען,
ווי א ניגן, ווי א ליד.
כ׳האָב א ברייירע? זינג איך מיט!

לאָז איך זיך אין וואלד, די קליאַנען
מיט דער שלאַנקײַט דיך דערמאָנען,
און די שאָטנס, שטריך נאָך שטריך,
ווענען, מיינסטו, מאָלן? דיך.

ס׳זאָל דײַן בילד כאָטש זײַן דערנעבן
אײַנגעגעבן, ווי אין לעבן,
איינע מײַלעס, כיין אָף כיין —
ווילסט א קוק טאָן? קום צו גיין!

## נעכטיקע טעג

ווען איינער פאַרגעסט זיך, נעמט ריידן פון וועג,
שלאָגט מען אים איבער: „נעכטיקע טעג!"

נעכטיקע טעג, נעכטיקע טעג,
ווי פּאַשעט מע מאכט מיט דער האַנט זיי אַוועק!

און וואָס איז נאָך טײַערער, גיב זיך א פרעג,
פון די פאַרגאַנגענע נעכטיקע טעג?

נעכטיקע טעג, נעכטיקע טעג, —
אייגענער, שמאָלער, געפונענער שטעג.

באַרג־הייך — אָן שאָטנס, א זוניקער ברעג, —
וויכטיקע, ליכטיקע נעכטיקע טעג.

נעכטיקע טעג, נעכטיקע טעג, —
אויגן אָן קינע, הערצער — אָן שרעק,
ליבע — אָן קווענקל, אָן גאַל אָפן דעק, —
גאָלדענע, גלייביקע נעכטיקע טעג.

נעכטיקע טעג, נעכטיקע טעג,
פּרווו זיך, קער אום זיי, דערוועג זיך, דערוועג,
זוך זיי, געפין זיי, אין זיך זיי דערוועק,
דײַנע פאַרגאַנגענע נעכטיקע טעג!

## געזאַנג

פויגלען זינגען, און דערגיי פאַרוואָס!
עפּשער, ווײַל די נעסט איז גאַנץ געבליבן?
עפּשער, ווײַל מע האַלט זיך אין ליבן?
צי, ווײַל שפּײַז האָט מען דערטאַפּט אין גראָז?

פויגלען זינגען, ווען ס׳איז פריילעך זיי.
מענטשן זינגען אויך, ווען ס׳טוט זיי ווײ.

## אָן דאַטעס

איך שטעל ניט קיין דאַטעס אונטער די לידער,
כ׳וויל, זאָלסט זיי לייענען ווידער און ווידער.

און די, וואָס וועט דורך דורך דײַן האַרץ און דײַן אויער, —
די מעגסטו פאַרמעקן, די ליד איך באַדויער.

נאָר זוך ניט, ווען כ׳האָב זיי געשאַפן, ביפראַט אַז
דיכטונג פאַרטראָגט ניט קיין גראַטעס און דאַטעס.

# דריטע קינדהײַט

סאשען

## ס׳האָט די זון געשיקט דעם פויגל...

כ׳האָב צום לעבן נישט קיין טײַנעס,
אז עס גיט מיר ווייניקלעך, —
ס׳שפּילט די דריטע קינדהײַט מײַנע
אין מײַן שויס: מײַן אייניקל!

ווידער שפּילצײַג, ליד און מײַסע,
ווידער אונטער וויגעלע
שטייט דאָס אַלט־באַקאַנטע ווײַסע,
כיינעווודיקע ציגעלע...

נאָר נאָך ראָזשינקעס און מאַנדלען
וויל עס מער ניט וואַנדערן, —
ס׳האָט זיך ס׳ציגעלע פאַרוואַנדלט
לאַנג שוין אין אַן אַנדערן.

צו דער הייך עס טוט זיך ציִען
מיט די שיינע הערנערלעך.
באַלד וועט עס אין קאָסמאָס פליִען
פאַרן קינד נאָך שטערנדלעך...

שטערן... ווער איז זיי ניט גערן?
שיין איז זייער ווײַטער גלי.
סאַשעס ברוסט... א גאָלד׳נער שטערן
וועט אַמאָל באַצירן זי...

ס׳איז א פויגל אָנגעפלויגן,
קלאַפּט אין שויב זײַן ניגנדל.
ס׳האָט די זון געשיקט דעם פויגל,
שוועלבל מײַנס, פאַרוויגן דיך.

כ׳האָב צום לעבן נאָך איין טײַנע:
צײַל נישט קאַרג די יאָרעלעך!
אוי, פאַרבײַ דעם פענצטער מײַנעם
פליִען טויבן־פּאָרעלעך...

## באַם שפּיגל

ס׳קוקט מײַן אייניקל אין שפּיגל
און ער טאַנצט פאַר פאַרגעניגן
אַף די הענט בא מיר:
אין א גרין געשטריקטן מיצל
שפּרינגט אַנטקעגן אים א פּיצל
אַף די הענט בא מיר!

שפּרינגט אַן אייפּעלע א יאָריקס,
אַזא ראָזינקס, א בלאָנדהאָריקס,
לויפט צו אים און לאַכט;
פּאָכעט מיט א בער א ברוינעם,
מיט א גוטן בער אַזוינעם,
לויפט צו אים און לאַכט.

רײַסט זיך פון די הענט מײַן אייניק,
ס׳ווערט דאָס קוקן אים צו ווייניק,
ס׳וויל צו יענעם קינד —
אים א טאַפּ טאָן צי א קלאַפּ טאָן,
עפּשער גאָר דעם בער א כאַפּ טאָן
פון די הענט באַם קינד...

דריקט מײַן ייִנגעלע, מײַן העזל,
צו דעם שפּיגל צו זײַן נעזל —
וויל אַהין אַרײַן:
נאָר דער שפּיגל איז א האַרטער,
אַזא קאַלטער, אײַנגעשפּאַרטער, —
לאָזט ער ניט אַרײַן...

האָט מײַן קינד זיך אויסגעבויגן,
זוכט מיט פרעגנדיקע אויגן
הינטער שפּיגל... ניין!
איז אַנטוישט, ווי ס׳וואָלט פאַרשטאַנען:
אוי, ס׳איז קיינער ניט פאַראַנען
הינטער שפּיגל, ניין!

## וואַלענטין טאַמין

# דער געריכט ווערט פאָרגעזעצט

אן אופגערעגטער פון דעם, וואָס איך האָב פארן פארגאנגענעם טאָג געזען און געהערט, שטיי איך און וואַרט אף דעם אווטאָבוס. ערשט הײַנט אינדערפרי בין איך אהער געקומען צו פליִען פון מאָסקווע, ווו עס איז געווען א געוויינלעכער טאָג, געוויינלעכע ארבעט... איצט איז דאָס געוויינלעכע ערגעץ זייער ווײַט — די עטלעכע שאָ, וואָס איך בין געזעסן אפן פראָצעס, האָבן מיך אריבערגעטראָגן אין אן אנדער וועלט, אין א שרעקלעכער וועלט פון דער פארגאנגענהײַט.

פון דער געדיכטער ווארעמער לופט, וואָס איז דורכגעזאפט מיט רייכעס פון בלומען, דרייט זיך אוש דער קאָפּ.

אפן אווטאָבוס ווארטן ניט קיין סאך מענטשן. דער פלאץ איז קימאַט ניט באלויכטן. דער איינציקער שטראַל פונעם פראָזשעקטאָר האָט ארויסגעכאפט פון דער פינצטערניש א שיין פאָרל — א הויכן ברייטפּלייציקן סאָלדאט און א יונג מיידל — א דינינקע שאטענקע אין א ראָז קליידל. זיי האלטן זיך בא די הענט און, צוטאנצנדיק, שפאנען זיי איבערן פלאץ. אָט נעמען זיי זיך ארום, אָט צעגייען זיי זיך אין די זײַטן. דער טונקעלער פלאץ איז פוסט, און דאָס פאָרל, וואָס טאנצט דעם טאנץ פון יוגנט און ליבע, זעט אויס פאנטאסטיש, ניט רעאַל.

נאָר ס'איז דאפקע דאָס רעאַלע לעבן — צוויי פארליבטע אין א שטראַל פון העלער ליכט...

דאָ ניט לאנג האָבן מיר אָפּגעמערקט דעם צוואנציקסטן יאָרטאָג פונעם ניצאָכן איבערן פאשיסטישן דײַטשלאנד. איצט האָט דאָס ווידערקאָל פון דעם קריג ווידער דערמאָנט אין פארגאנגענעם — מע מישפּעט הײַנט אין קראסנאָדאר זעקס פארברעכער, געוועזענע עסעסאָווצעס.

די דאָרעם־שטאָט אָטעמט רויִק, ווי געוויינלעך. איבער די באנאכטיקע גאסן גייט זעלטן פארבײַ א מענטש. נאָר אינדערפרי, ווען עס האָבן זיך געעפנט די קיִאָסקן, זײַנען מאָמענטאַל צעכאפּט געוואָרן די צײַטונגען. די סאָוועטישע מענטשן האָבן א גוטן זיקאָרן, זיי געדענקען אלץ. עס זײַנען נאָך ניט פארהיילט געוואָרן די ווונדן פון דעם קריג. מע זעט זיי ניט, די ווונדן, זיי זײַנען אין דער טיף פון דער נעשאָמע, פונעם הארצן. עס וועלן קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן די נעמען פון די אומגעקומענע. אן איידעס דערפון איז דער קראסנאָדארער געריכט־פּראָצעס איבער דעם „שווארצן זעקסטלינג“.

מיט עטלעכע טעג פאר דעם פּראָצעס האָט מען מיר אָנגעקלונגען פון רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“:

אין קראסנאָדאר הייבט זיך אָן א פּראָצעס איבער זעקס עסעסאָווצעס. איינער פון זיי איז געווען א וואכמאן אין סאָביבאָר...

איך ווייס, וואָס אזוינס איז סאָביבאָר. אין דעם בוך „אומקערן זיך איז ניט ווינטשנסווערט“, וואָס איך האָב אָנגעשריבן צוזאמען מיט אלעקסאנדער מעלניקאָוו, דערציילט זיך וועגן די העלדן פון אָט דעם טויט־לאגער.

אין פופצן מינוט ארום בין איך שוין געווען אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ און מיט א פּאָר טעג שפּעטער — ארויסגעפלויגן קיין קראסנאָדאר.

דעם 1 יון 1965, פונקט 10 אזייגער אינדערפרי, זײַנען פאר דעם געריכט פון קריגס־טריבונאַל פון צאָפן־קאווקאזער קרײַז, אונטער דעם פּאָרזיץ פון גענעראַל־מאַיאָר פון יוסטיציע ג. ג. נאפּיקאָוו, געשטעלט געוואָרן זעקס עסעסאָווישע טאַליאָנים, פארהאסטע פארעטער פון דעם סאָוועטישן היימלאנד: נ. מאטוויִענקאָ, וו. בעליאַקאָוו, נ. ניקיפאָראָוו, אי. זײַצעוו, וו. פּאָדיאָנאָק, פּ. טיכאָנאָווסקי. ניין, ניט קיין מענטשן זײַנען דאָס, נאָר ווילדע כײַעס, וואָס האָבן נאָך צוריק מיט פינף און צוואָנציק יאָר אָנגעווירן דאָס רעכט זיך אָנצורופן מענטשן.

איך האָב געקוקט אף זיי, און אין מײַן זיקאָרן זײַנען אופגעשווומען די מערדערישע לאָזונגען פון דער היטלער־קנופיע.

היטלער האָט אין זײַן בוך „מײַן קאמף“, באגרינדנדיק די אידעאָלאָגיע פון ראסיזם און פּאָגראָמען, געפּרײַדיקט: „מיר זײַנען די יאָרשים פון דער ראסע פון בלאָנדהאָריקע בארבארן... דאָס גלויבן אין דער ווערטפולקײַט פון בלוט איז אומצערײַסבאר מיט דער נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג“...

דער רײַכסמיניסטער און אָבערשטורמפירער פון עס־עס גערינג האָט גערעדט אָפּענע רייד: „צי לעבן אַנדערע פעלקער אין ווױלטיק, צי פּײַגערן זיי פון הונגער, אינטערעסירט מיך נאָר אויף אַזױפיל, אויף וויפיל זיי זײַנען אונדז נייטיק אַלס קנעכט, פון קיין אַנדער שטאַנדפּונקט אינטערעסירן זיי מיך ניט"...

די זעקס, וואָס שטייען איצט פאַרן געריכט, האָבן אויך געטראָגן שוואַרצע עס־עס־העמדלעך, זיי האָבן געדינט אין דעם מין מיליטער, וואָס האָט דירעקט פאַרווירקלעכט די פּלענער פון היטלערן און זײַן קנופּיע, — די פּלע־נער פון אומברענגען גאַנצע פעלקער.

דאָס קולטור־הויז פון קראַסנאָדאַרער זאַוואָד פון עלעקטרישע מעסט־מאַכשירים, ווו עס קומט פאָר דער פּראָצעס, איז געפּאַקט מיט מענטשן. אין זאַל געפינען זיך פיל מילכאָמע־וועטעראַנען, די, וואָס האָבן מיט צוואַנ־ציק יאָר צוריק מיט געווער אין די הענט אַנטיילגענומען אין צעגראָמירן דאָס היטלערישע דײַטשלאַנד. אַהער זײַנען אויך געקומען געוועזענע קאַצעטניקעס פון די פאַשיסטישע לאַגערן אַשוועניטשים, בוכענוואַלד, סאַביבאָר און אַנדערע, קעדיי אין נאָמען פון מיליאָנען אומשולדיקע קאָרבאָנעס דעמאַסקירן די בלוטיקע הענקער. איצט זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק בלויז זעקס:

מאַטוויִענקאָ נ. ג. געבוירן אין פּאָלטאַוועך געגנט אין 1922. געפינענדיק זיך אין דער סאָוועטישער אַרמיי, איז ער אין מײַ 1942 אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, ווו ער איז גלײַך אַרײַנגעטראָטן אין די עס־עס־טײלן און געדינט דאָרט. נאָך דער מילכאָמע האָט ער געוווינט אין כוטאָר סאַקאַלאָווסקי פון קראַסנאָדאַרער קאַנט און געאַרבעט אַלס שאָפער אין אַ קאָלווירט.

בעליאַקאָוו וו. אי. געבוירן אין 1921. אין אויגוסט 1941 איז ער געוואָרן אַן עסעסאָוועץ. נאָכן קריג האָט ער לאַנג אויסבאַהאַלטן זײַן פאַרברעכערישע טעטיקײַט, זיך פאַרקליבן קיין סיקטיוווקאַר, באַשעפטיקט זיך מיט טעסלערײַ.

ניקיפאָראָוו אי. געבוירן אין 1920 אין קראַסנאָדאַרער קאַנט. דינענדיק אין אַן עס־עס־טײל, האָט ער אַקטיוו אָנטײלגענומען אין אויסראָטן די ציווילע באַפעלקערונג. נאָך דער מילכאָמע האָט ער געוווינט אין אַ כוטאָר פון קראַסנאָדאַרער קאַנט.

זײַצעוו אי. ס. געבוירן אין 1921, געווען אַ וואַכמאַן אין עס־עס. אין טעמריוק, קראַסנאָדאַרער קאַנט, האָט ער די לעצטע יאָרן געאַרבעט אַלס טרעגער אין אַ קאָנסערוון־זאַוואָד.

פּאַדיאַנאַק וו. געבוירן אין 1919. אַ וואַכמאַן אין עס־עס. ביז דעם אַרעסט געאַרבעט אַלס לערער פון פיזיק אין דער שול פון דער סטאַניצע פּאַדגאַרנאַיאַ, קראַסנאָדאַרער קאַנט.

און צום סאָף טיכאָנאָווסקי פּ. פּ. געבוירן אין 1907. ער האָט זיך פאַרטײַעט אין דער שטאָט קאַראַגאַנדע (געאַרבעט אויף אַ מאַשינבוי־זאַוואָד).

אין איין־און־פערציקסטן זײַנען זיי אַלט אַ יאָר צוואַנציק, בלויז טיכאָנאָווסקין איז שוין געווען פיר און דרײַסיק. אין די אָרעמס פון די פאַשיסטן האָט זיי אַרײַנגעשלײַדערט די כײַישע שרעק, די שרעק פאַרן טויט. אויף זייערע לײַבער זײַנען ניטאָ קיין סימאָנים פון קיין ווונדן. זיי האָבן פאַרהיט דאָס לײַב, נאָר פאַרלוירן די נעשאָמעס.

אין די טעג, ווען די העלדן פון דער בריסקער פעסטונג האָבן געפירט אַן אומגלײַכן קאַמף קעגן די פּאַ־שיסטישע גאָרגלשנײַדער, ווען אונדזערע סאָלדאַטן זײַנען געפאַלן, באַשיצנדיק יעדן שפּאַן פון דער סאָוועטישער ערד, האָבן די פאַרהאַסטע פּאַכדאָנים אויסגעקליבן דעם וועג פון פּאַראַט און מאָרד, אַבי נאָר ראַטעווען די אייגענע פעל. אָבער נאָך דעמלט האָבן זיי אַליין אַרויסגעטראָגן זיך אַ טויט־אורטייל.

דעמלט האָבן זיי נאָך ניט געקענט האַרגענען, נאָר זייערע באַלעבאַטים האָבן זיי אויסגעלערנט די דאָזיקע מעלאָכע. מײַסטערס פון טויט זײַנען זיי געוואָרן אין דער ספּעציעלער עס־עס־שול, וואָס האָט זיך געפונען אין טראַווניקי (ליובלינער וואָיעוואָדסטווע).

די פאַשיסטן, וואָס האָבן געפירט דעם „לימעד" פון מאָרד, האָבן קעסיידער אונטערגעשטראָכן: „איך וועט אויסקומען זײַן טעטיק אין די קאָמאַנדעס, וואָס באַדינען די טויט־לאַגערן, איר זעלבסט וועט דאַרפן אָנטײלנעמען אין די מאַסן־פאַרניכטונגען, דערפאַר דאַרף מען זיך גרייטן דערצו און זיך „פאַרהאַרטעווען".

און די „קורסאַנטן", די וואַכמענער פון עס־עס, האָבן זיך „פאַרהאַרטעוועט", — זיי האָבן געהאַרגעט די ייִדן, וואָס מע האָט אַהער צונויפגעטריבן פון די נאָענטע שטעטלעך און פון די געטאָס.

נאָכן פאַרענדיקן די „שול" זײַנען די פרישגעבאַקענע קוילערס פּאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין פאַרשיידענע טויט־לאַגערן.

די וואַכמענער מאַטוויִענקאָ און בעליאַקאָוו האָבן פון האַרבסט 1942 געדינט אין דער ליובלינער עס־עס־קאָמאַנדע. זיי האָבן פיל מאָל צוזאַמען מיט די היטלעריסטן דורכגעפירט שטראָף־אָפּעראַציעס. אין דער געטאָ פון דער שטאָט לענטשנאָ האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט ניקיפאָראָוון, וועלכער האָט דאָרט שוין געדינט אַלס וואַכמאַן. צוזאַמען האָבן זיי געניטשטערט אין די הײַזער, געזוכט ייִדן, געהאַרגעט קינדער און פרויען. ניקיפאָראָוו פלעגט צונעמען די זאַכן פון די דערהאַרגעטע און זיי פאַרקויפן. אין מײַ 1943 האָט מען די ליובלינער עס־עס־קאָמאַנדע אַריבערגעפירט אין יאַנאָווער לאַגער, ניט ווײַט פון לוואָוו. מאַטוויִענקאָ און בעליאַקאָוו זײַנען דאָ געוואָרן געטרײַע באַהעלפער פון די היטלערישע הענקער.

„ווען מע האָט צעשאָסן אַ קאָלאָנע פאַרורטײלטע, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט צו דעם ריוו און געזען, ווי איבער דעם טאָל זײַנען פון אונטער די דערשאָסענע גערונען ריטשקעס בלוט, די ברייט פון אַ סאַנטימעטער פער־ציק צי עפּשער מערער", — האָט דערציילט פאַרן געריכט דער איידעס פון דער באַשולדיקונג אַ. סערגיִענקאָ וועגן דער ייִדן־אַקציע אין יאַנאָווער לאַגער.

אין דעם „טאָל פון טויט", לעבן דעם ישעיוו פּיאַסקי, זײַנען מיטן אָנטייל פון מאַטוויִענקאָ און בעליאַקאָוו אין מעשעך פון דרײַ טעג דערמאָרדעט געוואָרן פופצן טויזנט מענטשן. דער אײדעס מינאַטשקין האָט באַוויזן: „באַזונדערס דערמאָנט זיך דאָס שוידערלעכע בילד, ווען די פרויען, דול געוואָרענע פון שרעק, האָבן זיך געריסן פון דער גרוב. קינדער מיט דערשראָקענע צעעפנטע אויגן, פולע מיט טרערן, האָבן זיך אָנגעהאַלטן פאַר די מאַמעס... איך האָב דעמלט געזען, ווי מאַטוויִענקאָ און בעליאַקאָוו האָבן דערשאָסן אומשולדיקע מענטשן".

אין מעשעך פון עטלעכע טעג זײַנען פאַרן געריכט אַרויסגעטראָטן אײדעס, וועלכע האָבן אָנגעמאָלט א שרעקלעך בילד וועגן די פאַרברעכנס פון די עסעסישע מערדער.

דער אײדעס ע. זײַדעל: „מיר און נאָך עטלעכע יונגע בעוורע האָט ווילהאַוז און, דאַכט זיך, קאַלענקאָ (זײַן פאַרטרעטער) באַפוילן צונויפנעמען אַלע קינדער אין איין אָרט... די קינדער, וואָס זײַנען געווען צוזאַמען מיט די עלטערן, האָבן ווילהאַוז, קאַלענקאָ און די וואַכמענער אַרויסגעריסן פון די מוטערס הענט. סאַכאַקל האָט מען דעמלט צונויפגענומען באַ 80 קינדער ניט עלטער פון דרײַ יאָר... ווילהאַוז און קאַלענקאָ זײַנען צוגעגאַנגען צו זיי און מיט אווטאָמאַטן צעשאָסן אַלע קינדער".

דער קאָמענדאַנט פונעם יאַנאָווער לאַגער, דער הויפטשטורמפירער גוסטאַוו ווילהאַוז און זײַנע געהילפן פראַנץ וואַרצאָק, ריכאַרד ראָקיטאָ און פיל אַנדערע באַהאַלטן זיך איצט אויס אויפן מײַרעוו. זיי האָבן אויסגעטאָן די עסעסישע מונדירן, אָנגעטאָן ציווילע קליידער, נאָר זיי וועט ניט געלינגען אויסבאַהאַלטן זייערע פאַרברעכנס.

אין קראַסנאָדאַר מישפּעט מען דעם פאַשיזם, מע מישפּעט די מערדער.

דער אײדעס נ. סטאַנקאָוו: „...מיר איז אָפט אויסגעקומען צו זען, ווי באַ ווילהאַוזן פלעגן זיך אין די זונטיק־טעג אָפט צונויפנעמען זײַנע אונטערגעאָרדנטע... שיקערע פלעגן זיי אַרויסגיין אויפן באַלקאָן, פון דאָרט פלעגט ווילהאַוז פון אן אווטאָמאַט שיסן אין די לאַגערניקעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער זאָנע... די בײַוווינדע טשינאָווניקעס, וועלכע זײַנען געקומען צו ווילהאַוזן, האָבן, צוקוקנדיק, זיך געקאַטשעט פון געלעכטער.

אן אַקטיוון אָנטייל אין די דאָזיקע „פאַרווײַלונגען" האָט גענומען די פרוי פון דעם קאָמענדאַנט אָטיליע ווילהאַוז".

די מערדער פון יאַנאָווער לאַגער האָבן אומגעבראַכט באַ 200 טויזנט ייִדן.

וועגן זײַן באַטייליקונג אין פאַרשיידענע אַקציעס האָט מאַטוויִענקאָ דערציילט ווי וועגן א געוויינלעכער זאַך: „אין איינעם א שיינעם טאָג האָב איך אָנטיילגענומען אין אומברענגען צוויי הונדערט מענטשן, דאָס איז געווען ניט ווײַט פון דער שטאָט ליובלין..."

וועלנדיק פאַרלינדערן זײַן שולד, האָט דער בלוטדאָרשטיקער קאַט געמאָלדן, אז געשאָסן האָט ער אין זײַנע קאָרבאָנעס אַף א מעהאַלעך פון 100 מעטער און קלוימערשט ניט געוווּסט, אין וועמען ער שיסט.

אַף דער פראַגע פונעם פּאָרזיצער פון געריכט: פאַרוואָס זשע האָט ער געמאָרדעט אומשולדיקע מענטשן? האָט מאַטוויִענקאָ ניט ווילנדיק א בלענד געטאָן מיט זײַן עסעסישער געשולטקײַט:

— ווײַל זיי זײַנען ניט קיין אַריער. — ער האָט זיך אָבער גלײַך געכאַפּט, אז ער האָט זיך פאַרעדט, און צוגעגעבן: — אַזוי האָבן אונדז געזאָגט די פאַשיסטן.

א גערודער פון פאַראַכטונג און אופגעבראַכטקײַט האָט זיך דורכגעקײַקלט אין זאַל.

אין בלוט פון הונדערטער מענטשן זײַנען אײַנגעטונקען די הענט פון ניקיפּאָראָוון. אין אָנהייב 1943 איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע מערדער געקומען קיין דראָהאָביטש. דאָרט האָט ער דערשאָסן די אַרבעטער פון ציגלזאַוואָד. באַ זײַן אָנטייל זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן העכער 200 מענטשן.

אין האַרבסט האָט מען אים איבערגעפירט אינעם יאַנאָווער לאַגער, ווו ער האָט פּאָרגעזעצט זײַן בלוטיקע אַרבעט.

איצט זיצט ער מיט אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און וויל זיך פאָרשטעלן אַלס א... „באַלטשווע".

פאַר זײַנע „פאַרדינסטן" אין יאַנאָווער לאַגער האָבן די היטלעריסטן אים באַלוינט מיטן טיטל אָבערוואַכמאַן.

איך זיץ אין דער פּרעסע־לאָזשע. פונדאַנען זעט מען גוט דעם זאַל — די אופגערעגטע פּענעמער פון די מענטשן. עס דוכט זיך אויס, אז זיי שטרענגען זיך אָן און ווילן באַנעמען, וויאַזוי זײַנען דאָס מענטשן דערגאַנגען צו א צושטאַנד פון ווילדע כײַעס.

פון מאַרט 1942 ביז מאַרט 1943 איז איוואַן זײַצעוו געווען וואַכמאַן פון דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער סאָביבאָר. צוזאַמען מיט זײַן באַלעבאָס גוסטאַוו וואַגנער און אַנדערע עסעסאָווצעס האָט ער דערשאָסן די מענטשן, וועלכע זײַנען אין אַפּרעל 1943 אָנגעקומען מיט אן עשעלאָן פון בעלזשעץ.

עס זײַנען שוין אַרויסגעטראָטן באַ פערציק אײדעס. איצט דאַרפן אַרויסטרעטן די פאָרשטייער פון דער באַשולדיקונג און פון דער פאַרטיידיקונג.

די זעקס באַנדיטן קאָנען ניט אײַנזיצן אויפן אָרט. דער פּאַכעד צוימט יעדע באַוועגונג זייערע, יעדן זשעסט, יעדעס פינטל מיטן אויג.

אָבער פאַרשיידן איז איצט זייער „טאַקטיק". אויב מאַטוויִענקאָ טוט פון מאָל צו מאָל א „בליץ" מיט זײַן עסעסאָווישער געשולטקײַט און בעליאַקאָוו פלײַסט זיך „דערטרינקען" אין א שטאַמלערײַ זײַנע באַווײַזן, וואַרפט ניקיפּאָראָוו אַרויף זײַן שולד אַף דער דערציִונג, וואָס די עלטערן האָבן אים געגעבן. אויב אַף זײַצעווס פּאָנעם רוט א שמייכל פון א דעגענעראַט, ווען עס קומט א רייד וועגן זײַן אָנטייל אין פאַרניכטן 500 טויזנט מענטשן, און פּאָדיאַנאָק וואַרפט זיך, ווי א פיש, שטרעבנדיק צו לינדערן זײַן שולד, האָט טיכאָנאָווסקי אויסגעקליבן דעם וועג פון לייקענען אַלץ.

פאַרענדיקט די עס־עס־שול אין טראַווניקי, זײַנען ביידע, טיכאָנאָווסקי און פּאָדיאַנאָק, געשיקט געוואָרן אין טויט־לאַגער בעלזשעץ, ווו זיי האָבן אָנטיילגענומען אין אויסמאָרדן די ייִדן.

— איך האָב געזען, — האָט אנערקענט פּאַדיאַנאַק, — ווי טיכאָנאָווסקי... איז אַרײַנגעשפּרונגען אין די וואַגאָנעס און פון דאָרטן אַרויסגעשלײַדערט מענטשן. איך האָב געזען, ווי ער האָט געצוווּנגען מענער און פרויען זיך אויסטאָן נאַקעט, מיימעסנדיק יענע, וואָס האָבן זיך ניט גײַלט, און... צוזאַמען מיט שמידטן, זיבערטן, שניידערן און אַנדערע האָט ער אַרײַנגעטריבן די מענטשן אין די גאַז־וואָגנס.

דער מעלוכע־פּראָקוראָר גענעראַל־מאַיאָר פון יוסטיץ נ. אַפאַנאַסיעוו הייבט זיך פּאַמעלעך אויף פון זײַן אָרט און פרעגט:

— זאָגט אונדז, טיכאָנאָווסקי, צי האָט איר גאָרנישט געלערנט פון דעם פּראָצעס? פאַרוואָס דרייט איר זיך די גאַנצע צײַט אויס פון זאָגן דעם עמעס? מע קאָן אָפּנאַרן איינעם, עטלעכע מענטשן, נאָר דאָס פאָלק אָפּנאַרן קאָן מען ניט. זאָגט דעם עמעס: איר אנערקענט זיך פאַר שולדיק?

טיכאָנאָווסקי קוקט פון אונטן אַרויף אויף די מענטשן און זײַט אַרויס דעם ענטפער דורך די ציין:

— איך האָב קיינעם ניט געטריבן, זיי זײַנען אַליין געגאַנגען...

איבערן זאַל טראָגט זיך דורך, ווי אַ כוואַליע, אַ געמורמל פון צאָרן און אָפּרעגונג.

אין זײַן אַרויסטרעטונג האָט דער מיליטערישער פּראָקוראָר נ. אַפאַנאַסיעוו אויסגעדריקט די געדאַנקען און געפילן פון אַלע סאָוועטישע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם פּראָצעס.

ווי געררעכט איז געווען יוליוס פוטשיק מיט זײַן רוף: „מענטשן, זײַט וואַכזאַם!“

דער פּראָקוראָר פאַרעפנטלעכט די ציפערן פון די דערמאָרדעטע, פאַרפּײַניקטע און פאַרברענטע.

די מענטשן, וואָס זיצן אין זאַל, זײַנען דערשיטערט. עס ציִען זיך באַ זיי צונויף די ברעמען. באַ פיל פרויען גיסן זיך טרערן פון די אויגן. אַנגעשטרענגט הערן זיך אײַן די יוגנטלעכע אין די ווערטער פונעם פּראָקוראָר.

די געזעלשאַפטלעכע באַשולדיקער — דער שאַפער פון קראַסנאָדאַר אַלעקסיי שאַראָוו, געוועזענער אַרעסטאַנט פון אָשוויענטשים, און דער לערער פון יעיסק סערגיי קראַווצאָוו, וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט אין בוכענוואַלד, האָבן געבעטן דעם געריכט אַרויסטראָגן אַ גערעכטן אורטייל.

„יעדערן — זײַנס“, — אַזוי איז געווען אָנגעשריבן אויף די אײַזערנע טויערן פון בוכענוואַלד, אויף דעם אַרײַנגאַנג פונעם לאַגער, וווּ עס זײַנען פאַרפּײַניקט געוואָרן צענדליקער טויזנטער אומשולדיקע. „יעדערן — זײַנס“, — כאַזערן מיר איבער איצט, פאָדערנדיק אַ האַרבע שטראָף פאַר די עסעסישע מערדער.

דער זאַל זאָל האָט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן אונטערגעהאַלטן די אַרויסטרעטונגען פון די באַשולדיקער.

איך קוק אויף די פאַרברעכער און טראַכט וועגן די סאָלדאַטן, וואָס שטייען דאָ אויף דער וואַך באַם הילצערנעם באַריער:

„איר זײַט נאָך זייער יונג, טײַערע, איר זײַט געוויס געבוירן געוואָרן שוין נאָך דער מילכאָמע. איר האָט בלויז געהערט וועגן די פאַשיסטן, וועגן זיי ווייסט איר נאָר פון די ביכער און קינאָ. ווער ווייסט, עס קאָן זײַן, אַז פונקט די, וואָס זיצן איצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, האָבן דערמאָרדעט אײַערע עלטערע ברידער, נאָענטע און אייגענע. זײַט וואַכזאַם! היט אָפּ אונדזער ערד, די פרוכט פון אונדזער מי, אונדזער צוקונפט!“

צוזאַמען מיט מײַנע נײַע באַקאַנטע — מיט די קראַסנאָדאַרער טשעקיסטן — בין איך אַרויס פון זאַל. אין עטלעכע שאָ אַרום וועט אַרויסגעטראָגן ווערן דער אורטייל. דער גרויסער אוילעם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם קולטור־הויז, וואַרט געדולדיק.

אַלע זיבן טעג, וואָס דער געריכט האָט געדויערט, האָט זיך געלאָזט פילן די אויפמערקזאַמקײַט פון די מענטשן צו אים. באַ אַלעמען איז געווען איין פאַרלאַנג — וואָס שטרענגער באַשטראָפן די, וואָס זײַנען שולדיק אין מאַסן־מאָרדן.

די טשעקיסטן האָבן מיר דערציילט, ווי אַזוי עס זײַנען געכאַפּט געוואָרן די זעקס פאַרברעכער, ווי אַזוי עס איז פאַנאַנדערגעפּלאָנטערט געוואָרן דער שלאַנגען־קנויל.

האַרבסט 1943 האָבן צוויי מענטשן אין יאַנאָווער לאַגער — דער לערער, וואָס האָט געלערנט די וואַכמענער די דײַטשישע שפּראַך, און אַן אומבאַוווּסטער פאָטאָגראַף — פאָטאָגראַפירט די וואַכמענער. יענע האָבן געמיינט, אַז מע דאַרף די פאָטאָגראַפיעס פאַר דאָקומענטן.

אויף דעם אַנדערן טאָג האָבן די וואַכמענער זיך דערוווּסט, אַז קיין שום באַפעל צו פאָטאָגראַפירן זיי איז פון קיינעם ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן. נאָר עס איז שוין געווען שפּעט: דער פאָטאָגראַף און דער לערער זײַנען נעלעם געוואָרן.

ווער זײַנען זיי? וואָס איז ווײַטער פאָרגעקומען מיט די דאָזיקע צוויי מענטשן? דאָס ווייסט קיינער ניט. נאָר זייערע פאָטאָ־דאָקומענטן זײַנען דערגאַנגען צום געהעריקן אַדרעס.

שפּעטער האָבן צוויי קראַסנאָדאַרער טשעקיסטן זיך אָנגעשטויסן אין קיִעוו אויף דעם אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס פון די וואַכמענער, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דערמאָרדן די געפאַנגענע פונעם יאַנאָווער לאַגער.

עס איז פאַרבײַ צוואַנציק יאָר. דאָס אויסזען, די געזיכט־שטריכן פון די וואַכמענער האָבן זיך געענדערט, זיי זײַנען זיך צעפאָרן אין פאַרשיידענע ערטער, געביטן די פאַמיליעס. געפינען די פאַרברעכער איז געווען זייער שווער. נאָר זוכן זיי האָט מען ניט אויפגעהערט.

אין קראַסנאָדאַרער קאַנט לעבן אַ סאַך זײַצעווס. ווער פון זיי האָט עס געטראָגן די שוואַרצע עס־עס־אוניפאָרם?

יאָרנלאַנג גייט אָן אָנגעשטרענגטע פאָרשערישע אַרבעט. עס ווערן דערלערנט אַלטע און נײַע געריכט־אינייאַנים. אַלע עס־עס־לײַט האָבן אויף דער לינקער האַנט געהאַט אַ צייכן — אַ שפּור פון אַ בלוט־פּראָבע. אָט אַזאַ שפּור האָט מען געפונען אויף איוואַן זײַצעווס האַנט...

ניט לײַכט איז געווען צו געפינען אויך ניקאָלײַ מאטוויִענקאָן. עס איז אויסגעקומען זיך גריבלען אין ארכיוון, ריידן מיט מענטשן. סאָפקאָלסאָף איז אַלץ קלאָר געוואָרן. אָנהייב פאָריקן ווינטער איז אין קאָלווירטישן גאראזש געקומען א טשעקיסט און באוויזן מאטוויִענקאָן א פאָטאָגראפיע אין א שווארצער עס־עס־אוניפאָרם.

— איר דערקענט?

יענער האָט גלײַך גענומען לייקענען.

— ניין, דאָס בין ניט איך. ס'איז א מיספארשטייעניש. צו מיר האָט עס קיין שײַכעס ניט.

עס זײַנען זיך צונויפגעקומען קאָלווירטניקעס און גענומען באטראכטן די פאָטאָגראפיע.

— ניקאָלײַ, דאָס ביסטו דאָך. נאָר וואָס טראָגסטו עפּעס אזא מיִעסע פאָרמע?

אינגיכן האָט מאטוויִענקאָ געמוזט אנערקענען, אז ער איז געווען אין דער שטראָף־קאָמאנדע פון עס־עס, און אז ער האָט אָנטיילגענומען אין פיל מאָרדן...

— דער געריכט גייט!

עס גייט דער געריכט, וואָס וועט פארעפנטלעכן דעם אורטייל פון פאָלק. אין זאל זײַנען שווײַגנדיק געשטאנען מענער און פרויען און אויסגעהערט די ווערטער, וואָס זײַנען געפאלן אין דער שטילקײַט.

„אין נאָמען פון פארבאנד סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקן...‟ און נאָכאמאָל ווערן איבערגערעכנט די פארברעכנס, וואָס עס זײַנען באגאנגען די באשולדיקטע.

די פענעמער פון די פארמישפּעטע זײַנען בלייך. זיי האָבן פארשטאנען, אז זייער שפּיל האָט זיך געענדיקט.

איך האָב זיך אײַנגעהערט אין די ווערטער פון דעם אורטייל, און פאר די אויגן האָבן אופגעלעבט קאָשמארבילדער פון דער מילכאָמע. דאָס אש פון די פארפּײַניקטע קלאַפּט אין אונדזערע הערצער.

יעדערן — זײַנס!

דער ריכטער האָט פאָרגעזעצט לייענען:

— נעמענדיק אין אכט די שווערע פארברעכנס, האָט דער געריכט פארמישפּעט מאטוויִענקאָן נ. ג., בעליאקאָוון וו. אי., ניקיפאָראָוון אי. ל., זײַצעוון אי. ס., פאָדיאָנאָקן וו. אי., טיכאָנאָווסקין פּ. פּ. צו דער העכסטער שטראָף — צום שיסן און קאָנפיסקירן דאָס פארמעגן.

א ווײַלע האָט דער זאל געשוויגן. און באלד האָט א דונער אפּלאָדיסמענטן צעריסן די שטילקײַט. די מערדער האָבן ניט אויסגעמיטן די פארדינטע שטראָף.

אף דער גאס האָט געשטורעמט א מענטשלעכער יאם. מיט פארבײַלטע פויסטן האָט מען באגלייט די באנדיטן צו די אווטאָבוסן, וועלכע האָבן זיי געדארפט אָפּפירן אין טפיסע.

איך האָב געשפּאנט איבער די קראסנאָדארער גרינע גאסן און געטראכט: מע טאָר ניט פארגעסן די פּרײַז פון פרידלעכן לעבן. אונדזער פרייד האָט געקאָסט זייער טײַער.

און ווידער איז אופגעשווומען פאר די אויגן די ווונדערלעכע זעונג: דער סאָלדאט און דאָס מיידל, וואָס טאנצן אפן פּלאץ דעם אייביקן טאנץ פון לעבן און ליבע.

---

●

פיאַטער באַלאַשאָוו

# איציק פעפער



באַלד אין די ערשטע מילכאָמע־טעג איז איציק פעפער פרײַוויליק אוועק אפן פראָנט. דאָס געצווונגענע פאַרלאָזן די אוקראַיִנישע סטעפּעס האָט ער איבערגעלעבט מיט טיפסטן ווייטעק. אין זײַן „באַלאַדע וועגן צוויי פאָנען" האָט ער באַזונגען די קיִעווער העלדן. דער פּאָעט האָט געגלייבט, אַז דעם גיבער, „די שטאָלץ פון דער אוקראַיִנישער ערד", — דעם פרײַען קיִעוו קאָן מען ניט באַזיגן. „ס'האָט קיִעוו ניט איין מאָל געטרויערט, נאָר קיינמאָל פאַר קיינעם געקניט". און זאָל זײַן, אַז „די סטעזשקעס צו ווי זײַנען ברייטע, די סטעזשקע צו יאָמטעוו — נאָך שמאָל", וועט אָבער דער ניצאָכן סײַווי קומען. מיט אָט דער האָפענונג האָט דער דיכטער געלעבט און ענערגיש געאַרבעט אין יענע גרויזאַמע טעג.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט איציק פעפערן אין קויבישעוו אין 1942, ווען מע האָט אים אָפּגערופן פון פראָנט. ער האָט דאַן געשריבן זײַן „באַלאַדע וועגן צוויי פאָנען". געטראָפן האָבן מיר זיך אף די וואָלגע־ברעגן און געשמועסט וועגן דעם דניעפּער. גראָד אפן ראָג פון ווענצעק־גאַס, פונוואַנען עס זעען זיך די ברייטע ראַכוועסן פון דער וואָלגע, האָט זיך געפונען דער שטאַב פון דער סאָוועטישער אינפאָרמאַציע — די סאָווינפאָרמביוראָ. דאָ איז אויך געווען דער ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט, וווּ איציק פעפער איז געווען איינער פון די אָנפירנדיקע טוער. פונדאַנען זײַנען געפלויגן טעלעגראַמעס אין אַלע עקן וועלט — טעלעגראַמעס וועגן דער שווערער בלוטיקער מילכאָמע, וועגן מוט און אויסגעהאַלטנקײַט פונעם סאָוועטישן מענטשן אפן פראָנט און אין הינטערלאַנד, וועגן זײַן אַנטשלאָסנקײַט אָפּצוהאַלטן אַ זיג איבער די דײַטשישע פאַשיסטן.

אין אויסלאַנד זײַנען דעמאָלט געווען אַ סאַך מענטשן, וואָס האָבן ניט געגלייבט אין אונדזער זיג און האָבן נאָך אַלץ געטײַנעט, אַז דער „ריז אף ליימענע פיס" וועט אומפאַרמײַדלעך אומפאַלן. אין דער זעלבער צײַט אָבער איז דאָרט אופגעקומען אַ נײַער סאָרט לייענער, וואָס האָט געוואָלט וויסן, פונוואַנען שעפּן די סאָוועטישע מענטשן זייער לעגענדאַרע גוווּרע. מיט אַזאַ לייענער האָט מען געמוזט ריידן ערנסט, אופריכטיק. מע האָט אים באַדאַרפט באַפרײַען פון די יאָרנלאַנג אײַנגעוואָרצלטע פאָרורטיילן און פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד, דערציילן אים קלאָר, פרײַנטלעך און צוגענגלעך וועגן די ריזיקע אָנשטרענגונגען פון די סאָוועטישע מענטשן אײַנצוברעכן די היטלעריסטישע קריגס־מאַשין און אויסצולייזן די וועלט פון דער פאַשיסטישער מאַגייפע.

די אַטמאָספער אף ווענצעק־גאַס איז געווען אַ פרײַנטלעכע. מיר האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן.

איציק פעפערס לעבנסלוסטיקײַט, באַוועגלעכקײַט, זײַן אינערלעכע אַקוראַטקײַט און זעלבסטדיסציפּלין האָבן אויסגעצייכנט קאָנטראַסטירט מיט דער רויִקײַט פון דעם מעיושעוודיקן און סאָלידן שאַכנע עפּשטיין. אָט דער הויכער גרײַז־גראָווער אַלטער מאַן, וואָס האָט פאַרהיט די שלאַנקײַט פון דער פיגור, פלעגט געוויינלעך קוקן אף אײַך פון אונטער דיברילן מיט אַ פאַרטראַכטן, אופמערקזאַמען בליק. ער האָט געקאָנט לאַנג זיצן אין רעדאַקציע־צימער איבער מאַנוסקריפּטן, ניט וויסנדיק פון קיין מידקײַט. אין איציק פעפערס אויגן פלעגן שטענדיק אופּבליצן פונקען, פון זײַן מויל פלעגט שטענדיק פאַלן אַ וויץ, אַ כאָכמע. ער פלעגט באַגעגענען אַ מענטשן מיט אַ ברייטן, פרײַנטלעכן שמייכל, אָנשטעלנדיק אף אים דעם פאָרשנדיקן בליק פון זײַנע קלוגע, עטוואָס כיטרע אויגן. נאָר אין יענע טעג האָט מען לײַכט געקאָנט באַמערקן אף זײַן פּאָנעם דעם אויסדרוק פון זאָרג און טרויער — דער סוינע האָט זיך געריסן אין דער טיף פון אונדזער לאַנד, אונדזערע פאַרלוסטן זײַנען געווען גרויס... יאָ, עס איז געווען אי זאָרג, אי אומרו, אָבער ניט ייִעש.

אין פעפערס לידער פון יענע יאָרן האָבן געגומען קלינגען טענער פון צאָרנדיקן האַס צום סוינע, פון מוטיקן רוף צום קאַמף. באַנאַנד דערמיט האָט ער אָפּגעדרוקט אויך אַרטיקלען און פּאָלעמישע פעליעטאָנען. מיט אַ פריילעכן וויץ, מיט איראָנישן סאַרקאַזם פלעגט ער

אַפּוואַרפֿן, אויסלאַכן די אַרגומענטן פֿון די קעגנער, וועלכע האָבן ניט אופֿגעהערט צו זוכן כאַטאָים אַף אונד־זער לאַנד, אַף אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

מיט איציק פֿעפֿערן איז געווען זייער לײַכט צו אַרבעטן, איך וואָלט געזאָגט — אינטערעסאַנט און פֿריילעך. ער האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען מאַמעש אַפֿן ווונק. ער פֿלעגט זייער שנעל רעאַגירן אַף אַ געדאַנק, האָט געקענט אָן שיִעס, קימאַט אינמיטן גאַנג, געפֿינען אַן אויסוועג פֿון קאָמפּליצירטע און פֿאַרפּלאָנטערטע לאַגעס.

אין די באַדינגונגען פֿון מילכאָמע איז די פֿייִקײַט אָנ־צונעמען שנעלע, אָבער ריכטיקע באַשלוסן געווען מאַמעש אַ גרויסער טאַלאַנט. עמאָציִאָנעלקײַט האָט בײַ פֿעפֿערן אַף אַ נאַטירלעכן אויפֿן געהויזט מיט ניכטערן פֿאַר־שטאַנד, מיט לאָגישקײַט. אַ מענטש אַ טעמפּעראַמענטפֿו־לער, האָט ער אויך שטענדיק געקאָנט זיך באַהערשן, רויִק באַטראַכטן און ניכטער אָפּוועגן אַלע מאָטיוון „פֿאַר“ און „קעגן“ און דערנאָך שוין אָננעמען דעם ריכטיקן באַשלוס.

בײַס דער רײַזע מיט מיכאָעלסן אין דער ווײַטער אַמעריקע, וואָס האָט געלעבט, ווי אין פֿרידנס־צײַט, האָט פֿעפֿער געבענקט נאָך זײַן היים, וווּ אַף די פֿעלדער האָט זיך געגאָסן בלוט. די דאָזיקע געפֿילן האָט ער אויסגע־צייכנט איבערגעגעבן אין זײַן ליד „דעם פּאָפּוגע איז קאַלט“:

> אָט דאָ, אין דער ריזיקער ענגשאַפֿט,
> ווּ אַלץ גייט קאַפּויר און פֿאַרקערט,
> האָט שטאַרק זיך צעפֿלאַקערט מײַן
> בענקשאַפֿט
> אַהיים, צו מײַן לאַנד, צו מײַן ערד.

(„אַ פּ ס נ ײַ“, ז. 148).

וואָס מער עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פֿון ניצאָכן, אַלץ אָנגעשטרענגטער האָט פֿעפֿער געאַרבעט, אַלץ ברייטער זײַנען געוואָרן זײַנע שעפֿערישע פּלענער, אַלץ שאַרפֿער זײַן לעבנסדאָרשט, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק דערנאָך געלאָזט פֿילן אין זײַנע נאָכמילכאָמעדיקע לידער.

עס ווילט זיך אָפּמערקן נאָך איין שטריך — פֿעפֿערס אַרטיסטיזם — סײַ אין לעבן, סײַ אין דער שאַפֿונג. ער האָט זייער שיין געזונגען לידער, צומאָל פּאַראָדירנדיק עמעצן, ער פֿלעגט לעבעדיק און קאָמיש נאָכמאַכן מענטשן, זייערע טנועס און האַוויִעס: אַף אַ באַליביקער געשעעניש פֿלעגט ער זיך אַפּרופֿן שנעל, קימאַט אויגנ־בליקלעך, — מיט שפּאַסיקע לידער, מיט אַ פֿרײַנטלעכן שאַרזש.

פֿון זײַנע ערשטע, אָפּט נאָך אומזיכערע שורעס און ביז די לעצטע וווּנדערלעך־רײַפֿע שורעס האָט איציק פֿע־פֿער דורכגעמאַכט אַ גרויסן און רומפֿולן וועג פֿון זוכע־נישן. ער איז געווען אַ הומאַניסט, אַ קעמפֿער, וואָס האָט הייס ליב געהאַט אַלע ערדישע פֿאַרבן און האָט ליידנשאַפֿטלעך געקעמפֿט פֿאַר באַפֿרײַען די מענטשלעכע פֿערזענלעכקײַט, פֿאַר איר פֿולן אויפֿבלי.

אין 1920 האָט אין איינער פֿון די קיִעווער צײַטונגען זיך באַוויזן איציק פֿעפֿערס ערשטע ליד — „רויטע רײַטער“.

דאָס איז געווען אַ גוטער אָנהייב. די ליד האָט געקלונ־גען פֿרײַ און באַגײַסטערט. זי האָט לויט איר ריטם און טעמפּ זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן גאַלאָפּ פֿון רײַטער, וועלכע

וויסן ניט פֿון קיין שטערונגען אַף זייער וועג. די יוגנטלעכע פֿאַרשײַטקײַט, די ראָמאַנטיק פֿון די שלאַכטן אין די גרויזאַמע יאָרן פֿונעם בירגערקריג האָבן אין די לידער פֿונעם יונגן דיכטער געקלונגען נאַטירלעך און פּאַשעט. עס האָט פֿון זיי אַ טראָג געטאָן מיטן פֿרישן ווינט פֿון דער רעוואָליוציע.

דער דיכטער איז געקומען פֿון אַזאַ וועלט, איבער וועלכער עס איז צו יענער צײַט אופֿגעגאַנגען די שײַן פֿון אַ נײַ לעבן. ער איז געבוירן געוואָרן אינעם פֿאַר־וואָרפֿענעם יידישן שטעטל שפּאָלע, זווענעגאָראָדקער אויעזד, קיִעווער גובערניע, דעם 23 סענטיאַבער 1900. זײַן טאַטע איז געווען אַ יידישער לערער. צו נײַן יאָר האָט מען איציק פֿעפֿערן אָנגענומען אין צוגרייטונגס־קלאַס פֿון דער שפּאָלער גימנאַזיע, נאָר זײַן טאַטע האָט ניט געהאַט קיין 25 רובל אַף צו צאָלן סכאַר־לימעד. דאָס יינגל האָט געמוזט פֿאַרנעמען זיך מיט זעלבסטבילדונג. צו צוועלף יאָר איז ער אַוועק אַרבעטן — געווען אַ סטאָ־ליער, אַ זייגערמאַכער און, ענדלעך, אַ זעצער אין אַ דרוקערײַ.

אין יול 1919, ווען די דעניקינישע באַנדעס האָבן גענו־מען אָנגרײַפֿן אַף אוקראַינע, איז איציק פֿעפֿער אַרײַנגע־טראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און געפֿירט אומ־לעגאַלע אַרבעט. אינגיכן האָט אים די דעניקינישע קאָנטר־אויסשפּירונג אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע אונטערערדישע טוער און אָפּגעהאַלטן אין טפּיסע ביז אָקטיאַבער, דה. ביז דעם מאָמענט, ווען די דאַרעם־גרופּע פֿון דער רויטער אַרמיי האָט דורכגעריסן די פֿראָנט־ליניע. די קיִעווער מעטאַליסטן האָבן באַפֿרײַט די פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן זיי אויך איציק פֿעפֿערן.

ווען אוקראַינע איז אָפּגערייניקט געוואָרן פֿון די ווײַס־גוואַרדייער, איז פֿעפֿער געוואָרן רעדאַקטאָר פֿון דער זווענעגאָראָדקער צײַטונג.

אין יענער צײַט איז ער שוין אַרויסגעטראָטן מיט זײַנע „באַרוועסע לידער“. דאַן איז נאָך אין דער יידישער פּאָעזיע, און ניט נאָר אין דער יידישער, געווען שטאַרק די ווירקונג פֿון קאָלערליי „יזמען“ — סימבאָליזם, פֿוטו־ריזם, אַקמעיִזם. ס'האָט דאָמינירט דער קאָסמישער צו־גאַנג צו דער רעוואָליוציע, ווי צו אַ ניט־אָרגאַניזירטער סטיכיי. די צעשוווּמענע „רויטע קאָמעטן“ האָט פֿעפֿער קעגנגעשטעלט זײַנע „רויטע רײַטער“ — פּראָסטע מענטשן, וועלכע מאַכן די רעוואָליוציע. אָנשטאָט די סימ־באָלישע „שטורעמס“ און „ווינטן“ האָט ער געזונגען וועגן „האַמונים“ און „וואָקזאַלן“. די ערשטע זאַמלונג פֿון פֿעפֿערס לידער איז דערשינען אין 1922 און האָט געטראָגן דעם פּאָלעמישן נאָמען „שפּענער“. דער פּאָעט האָט געשריבן וועגן דעם לעבעדיקן לעבן, וועגן זײַנע רעאַלע ווידערשפּרוכן, וועגן דעם בלוטיקן און אָנגע־שטרענגטן קאַמף פֿאַר אויסבויען אַ נײַ לעבן.

אינעם פֿאָרוואָרט צו דער זאַמלונג האָט דאַוויד האָפֿשטיין געשריבן: „אין דעם דאָזיקן בוך זײַנען פֿאַראַן מאָטיוון, וועלכע האָבן נאָך קיינמאָל ניט געגעבטיקט אין דער יידי־שער פּאָעזיע“.

איציק פֿעפֿער לאָזט אַרויס איין בוך נאָכן צווייטן, און מיט יעדן נײַעם בוך זײַנעם רײַסט זיך אַרײַן אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור אַ שטראָם נײַע באַ־גריפֿן און געשטאַלטן. נאָך דער זאַמלונג „שפּענער“ דער־שײַנען: „וועגן זיך און אַזוינע, ווי איך“ (1924), „פּראָסטע טריט“ (1925), „אַ שטיין צו אַ שטיין“ (1925), „בליִנ־דיקע מיסטן“ (1926), „יאַטן“ (1926), „געפֿונענע פֿונקען“

(פאָעמע, 1928), „עליעס טויט" (פאָעמע, 1928), „געזאמלטע ווערק" (1929), „געוועטן" (1930), „גרוזיע" (פאָעמע, 1931), „פלאקאטן אף בראָנזע" (1931), „פלאסטן" (פאָעמע, 1932), „לעבן זאָל דאָס לעבן" (1934), „פייַלן אף מייַלן" (1935), „קראפט" (1937), „פון סוליימאַן סטאַלסקי" (איבערזעצונגען, 1938), „וווּנדערלאַנד" (1940), „פעלקער זינגען" (איבערזעצונגען פון דער שאַפונג פון די דיכטער פון פססר, 1940), „אין א מאַזלדיקער שאָ" (1941), „מילכאָמע־באַלאַדעס" (1943), „רויט־ארמייִש" (1943), „היימלאַנד" (1944).

מיר האָבן אזוי גענוי איבערגערעכנט פעפערס ביכער ניט אזוי צוליב דעם, קעדיי צו געבן א ביבליאָגראפיע פון זייַן שאפונג, נאָר דעריקער, קעדיי צו באַווייַזן די ריכטונג און די פארשיידנארטיקייַט פון זייַן פאָעטישער טעמאטיק. אויסער די דערמאָנטע ביכער, איז דערשינען א ריי פעפערס זאמלונגען, איבערגעזעצט אין רוסיש און אוקראַיִניש. פעפער, פון זייַן זייַט, האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש די לידער פון רוסישע, אוקראַיִנישע און אנדערע סאָוועטישע פאָעטן.

בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט פעפער אָנגעשריבן א בוך „שייַן און אָפּשייַן", די פאָעמע „שאָטנס פון ווארשעווער געטאָ" און א פיעסע אין לידער „די זון פארגייט ניט".

פעפערס מוזע איז דרייסט אריבער די גרענעצן פונעם טכום־האמוישעוו, עס האָט זי באַגייַסטערט דאָס נייַע לעבן אף דער סאָוועטישער ערד. פעפערס פאָעזיע, וואָס מיט אירע געשטאלטן און מאָטיוון רופט זי זיך איבער מיט די לידער פון די דיכטער פון די אנדערע סאָוועטישע פעלקער, פארהיט צוזאמען דערמיט איר נאציאָנאלע אייגנארטיקייַט און קאָלאָריט. פעפער ניצט אויס די רייַכע אויצרעס פון דער פאָלקס־שאפונג, ער זינגט אָבער ניט איבער די אלטע מאָטיוון, ער אנטוויקלט אף זייַן אויפן די בעסטע טראדיציעס פון דער ייִדישער דיכטונג.

אין פעפערס לידער ווערט דאָס פאָעטישע געשטאלט פונעם סאָוועטישן היימלאַנד צונויפגעפלאָכטן פון א סאך עפּישע און לירישע מאָטיוון. איר זעט אין זייַנע ווערק די אופוואכונג פון דער דרעמלענדיקער טייַגע, איר זעט נייַ־בויונגען אין ביראָבידזשאַן און אף דער אוקראַיִנע, די אופוואכונג און דעם אופבלי פון די ייִדישע שטעטלעך, דעם צויבער פון די פרייַע אוקראַיִנישע ראכוועסן. די נייַע אינדוסטריע־גיגאנטן, וועלכע וואקסן אויס אף אונדזער ערד, פארשטעלן ניט אין פעפערס לידער דעם ווארעמען לירישן פייזאזש. אין זיי זעט איר, ווי עס כוואליעט זיך דער ענדלאָזער אָקעאַן פון די הויכע סטעפּגראָזן, איר הערט, ווי עס רוישן די ווערבעס לענגויס די אוקראַיִנישע שליאכן, עס שעמערירן אין דער פינצטערער נאכט די פריילעכע פייַערן פון נייַע עלעקטראָסטאנציעס... די אופוואכונג און באַנייַונג פילט זיך אומעטום — אינעם לעבן פון די מענטשן, אין דער וועלט פון זייערע געפילן, אין דער נאטור, וואָס פארקישעפט דעם מענטשן.

א פאָעט פון שטארקן לאָגישן געדאנק, איז איציק פעפער אין דער זעלבער צייַט א פילבארער און טיפער ליריקער. ווען ער שרייַבט וועגן דער שיינקייַט פון די באַזילבערטע אוקראַיִנישע טאָפּאָלן, וועגן די בושלען, וועלכע פליִען אוועק אין די הארבסטיקע בלויע ווייַטן, וועגן א דערפרישנדיקן גוסרעגן און וועגן דעם „גוסרעגן פון אָנגעפלייצטע געפילן", — שטענדיק שפירן מיר אין זייַן ליריק דעם אופבלי און די גרויסע צוקונפט פונעם היימלאַנד, וואָס מע דארף אָפּהיטן און באַשיצן.

דער פאָעט האָט שטענדיק וואכזאַם געקוקט „אפן פרעמדן ברעג", און דאָס, וואָס ער האָט דאָרט געזען, האָט אים, דעם דיכטער און קעמפער, ניט געקאָנט רופן צו זאָרגלאָזיקייַט און רו. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע און ער האָט זייַנע לידער געשריבן אין די פראָנט־אומשטענדן, פלעגט ער טייקעף, ווי די דאָזיקע לידער זייַנען ארויס פון אונטער דער פעדער, זיי לייענען דורך ראדיאָ, ס'זאָל זיי הערן דאָס גאנצע לאַנד, די, וואָס פארטיידיקן דאָס לאַנד. צוזאמען מיט אלע סאָוועטישע מענטשן האָט ער אף א לאַנגער צייַט אָפּגעריסן זיך פון פרידלעכער מי און פון פרידלעכע טעמעס. אזוי האָט מען באַדארפט, דאָס האָט געפאָדערט די גרויזאמע מילכאָמע־סיטואציע.

פעפערס מילכאָמע־באַלאַדעס באַווייַזן דאָס פרינציפּיעל נייַע אין די פארהעלטענישן צווישן די סאָוועטישע מענטשן. אין דער „באַלאַדע וועגן דעם ברודער־קייוועך" שטעלן זיך ייִדן און ווייַסרוסן קעגן די דייַטשישע פארכאפּערס, וועלכע מאכן אומזיסטע פרוּוון אָנצוהעצן איינע קעגן די אנדערע די מענטשן פון די צוויי פעלקער. אפילע זעענדיק דעם טויט פאר די אויגן, טרעטן ניט אָפּ פון זייערע פּרינציפּן ניט די ייִדן, ניט די ווייַסרוסן, זיי היטן טייַער די פעלקער־פרייַנטשאפט. „מיר האָבן אינייִנעם געלעבט דאָ, געבויט און וועלן אינייִנעם באַגעגענען דעם טויט!" — זאָגן די ווייַסרוסן. „מיר האָבן געהאנדלט מיט אלץ אין דער וועלט, נאָר ניט מיט געוויסן!" — ענטפערן די ייִדן אף דעם סוינעס נידערטרעכטיקן פאָרשלאָג צו פאראטן די ווייַסרוסן. דער זעלבער מאָטיוו פון פרייַנטשאפט צווישן די סאָוועטישע מענטשן ווערט אנטוויקלט אין דער „באַלאַדע וועגן דעם פארטיזאנער גוטניק און זייַנע פרייַנט", ווו א זאָקן א קאָלווירטניק, זייַן טאָכטער און אייניקל, וועלכע האָבן אויסבאהאלטן א ייִדן א פארטיזאנער, באַגעגענען שטאָלץ דעם טויט, נאָר זיי פאראטן ניט.

פארשיידנארטיק זייַנען פעפערס באַלאַדעס: פאראן בא אים טראגיש־דראמאטישע — ווי א פאָרעץ קערט זיך אום אין זייַן געוועזענעם גוט און האָט א טרויעריקן סאָף („א באַלאַדע וועגן א טרויעריקן סאָף און א פרייַלעכן אָנהייב"), הומאָריסטישע („א באַלאַדע וועגן דער שטאָט נ."), לירישע („א באַלאַדע וועגן פאראיאָריקן שניי און זייַן ווייַסקייַט") און ליריש־פילאָסאָפישע („א באַלאַדע וועגן מייַן טאטן"). אין די ליריש־פילאָסאָפישע איז פרעכטיק באַוויזן די גרויסע מענטשלעכע פיקכעס און די מאָראַלישע ריינקייַט פון איידלמוטיקע הערצער.

איציק פעפער זעט קלאָר דעם ציל, ער ווייסט גוט, פאר וואָס און קעגן וועמען ער שלאָגט זיך. אידייִשע קלאָרקייַט און פעסטע צילגעווענדטקייַט זייַנען כאראקטעריסטיש פאר איציק פעפערס טאלאנט.

אין אויסלאַנד האָבן אייניקע פאָעטן און קריטיקער זיך געכידעשט, „ווי קאָן מען שרייַבן פאָליטישע לידער, וועלכע זאָלן אין דער זעלבער צייַט זייַן דיכטונג". איציק פעפער האָט אין די מילכאָמע־יאָרן אָנגעשריבן א ציקל שארף־פאָליטישע לידער („די קלאָלע", „מייַן שטאָט", „דאָס פאשיסטישע דייַטשלאַנד" אא.), וועלכע דריקן אויס די גאנצע קראפט פונעם פאָלקס־צאָרן, און אָט די לידער זייַנע, וואָס גיבן איבער די טיפסטע און אופריכטיקסטע געפילן פון די סאָוועטישע מענטשן, זייַנען עמעסע דיכטונג. קעגן די פרוּוון פונעם היטלעריזם צו אָפּטייטן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייַט — בוכשטעבלעך און פיגוראַל, — דערפירן זי ביז דער לאַגע פון א געהאָרכזאמען און פאראכטן שקלאַף, האָבן די סאָוועטישע מענטשן

ארויסגעשטעלט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אין דעם דאָזיקן אָנגעשטרענגטן און בלוטיקן קאַמף האָט מיט בוילעטסטער קלאָרקייַט זיך אַנטפּלעקט די איידלקייַט פון זייערע הערצער, זייער קראַפט, זייער מאַיעסטעטישקייַט, די איבערגעגעבנקייַט צו זייער זאַך, — און דאָס אַלץ איז געוואָרן אַ טעמע פון עמעסער דיכטונג.

איציק פעפערס פּאָעמע „די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ“ קאָן דינען אַלס בייַשפּיל צו דעם נאָרוואָס געזאָגטן. אין צענטער פון דער פּאָעמע פיגורירט אַ ייִדיש ייִנגל, וואָס איז אין די טעג פונעם אופשטאַנד פאַרבליבן דער לעצטער אין שטוב. ער היט די פאָן, וואָס פלאַטערט איבער דער געטאָ, — די פאָן פון קאַמף און אומבעשאָלעמדיקייַט. אָט דאָס שטאָלצע ייִנגל מיט אַ שטאַרקן גייַסט וויל ניט אַרייַנפאַלן צו די טאַליאַנים אין די הענט. וויקלט ער זיך אַרום מיט דער פאָן און וואַרפט זיך אַרויס פון פענצטער. דער זיג וועט קומען, דער פאַשיזם וועט ווערן פאַרניכטעט — אָט דאָס איז די אידיי פון דער פּאָעמע. די פּאָעמע „די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ“ טיילט זיך אויס מיט איר פּאָליטישער שאַרפקייַט, און צוזאַמען דערמיט איז זי אַן עכט דיכטעריש ווערק, וואָס רעגט די לייענער מיט איר טיפער עמאָציע. זי איז דורכגעדרונגען מיטן גייַסט פון אַנראַכמאָנעסדיקן קאַמף, ווו אַפילו די פיזיש שוואַכע מענטשן געפינען זייער אָרט און ווערן עכטע העלדן. אין דער דאָזיקער פּאָעמע איז אין אַן אַלעגאָרישער פאָרם פאַראַלגעמיינערט די דערפאַרונג, וועלכע באַווייַזט, אַז אינעם פאַרביטערטן קאַמף קעגן דעם פאַשיזם זיגט דער, וואָס קעמפט דרייסט פאַרן לעבן און האָט ניט קיין מוירע פאַרן טויט. דאָס אַלץ קומט אין דער פּאָעמע צום אויסדרוק ניט אין דער פאָרם פון דעקלאַראַציעס, נאָר אין לעבעדיקע געשטאַלטן, וועלכע פאַרגעדענקען זיך, אינעם צוזאַמענשטויס צווישן מענטשן, אינעם לייַדנשאַפטלעכן קאַמף. דער פּאָעט נוצט מייַסטערהאַפט אויס די אוצרעס פונעם נאַציאָנאַלן עפּאָס, און דאָס גיט צו דער פּאָעמע אַן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן קאָלאָריט.

איציק פעפערס פּאָעטישער אַרסענאַל איז פאַרשיידנאַרטיק: לירישער עטיוד, זינגליד, פּאָעמע, באַלאַדע, ראָמאַן אין לידער, ריטמישע הומאָרעסקע, סאַטירע, פאַבל, דיכטערישע דראַמע. די דיאַלאָגישע עלעמענטן, וועלכע זייַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר פעפערס לידער, האָבן באַקומען זייער אַנטוויקלונג אין דער ליריש־דראַמאַטישער פּאָעמע „די זון פאַרגייט ניט“. אין דער דאָזיקער פּיעסע איז בולעט באַוויזן די ציכטיקייַט און די קראַפט פון מענטשלעכער ליבע, וועלכע די העלדן טראָגן דורך דורכן רויך, דורך די אומגליקן פון דער מילכאָמע־צייַט. די קערנער פון סאַטירע און הומאָר, וועלכע זייַנען דאָ און דאָרט צעשפּרייט אין פעפערס באַזונדערע לידער און זאַמלונגען, זייַנען אויסגעוואַקסן אין אַ שאַרף סאַטירישן בוך אונטערן נאָמען „פייַלן אַף מייַלן“, ווו דאָס צענטראַלע אָרט פאַרנעמען די פאַבלען („אַ שטרייַט אין אָרקעסטער“ — וועגן דער שעדלעכקייַט פון קאָוועד־זורכערייַ, „צוויי טייַכלעך“ — וועגן אינדיווידואַליזם, „קאַלטע פיש“ — וועגן גלייַכגילטיקע און האַרצלאָזע מענטשן, „אַ בער אַ כאַזער“ — וועגן גייַווע, „אַ מעלקעדיקע בעהיימע“ — וועגן פּרינציפּלאָזיקייַט, „פייַערלעשער“ — וועגן נאַרישן פלייַס אאַוו.).

פעפערן איז ניט פרעמד געווען אויך דער מייַסעלעךזשאַנער. אין איינעם פון זייַנע לעצטע פּאָעטישע מייַסעלעך — „דער קייסער און די בין“ — ווערט דערציילט וועגן שלוימע־האַמעלעך, וועמען די מאַלקע שוואָ האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ שווערער לאַגע: ער האָט באַדאַרפט טרעפן, וועלכער פון צוויי בלומען־בוקעטן איז אַ לעבעדיקער און וועלכער — אַ קינסטלעכער. אַ בין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די לעבעדיקע בלומען און אַזויאַרום געהאָלפן שלוימען צו געבן אַף דער פראַגע אַ ריכטיקן ענטפער. דער נימשל פון אָט דעם שיינעם און טיפזיניקן קינדער־מייַסעלע איז אַזאַ: די כאָכמע האָט ניט קיין שום קראַפט, ווען זי איז ניט באַלאָדן מיט דער לעבנס־פּראַקטיק, וועלכע מע באַקומט אין דער אַרבעט און מיט וועלכער עס איז באַשאָנקען די בין.

די מוזע פאַרלאָזט קיינמאָל ניט דעם דיכטער, זי איז שטענדיק מיט אים, אין זייַן ברוסט צאַפּלען אָן אופהער נאָך ניט אויסגעזונגענע לידער. ווענדנדיק זיך צו דער מוזע, זאָגט פעפער מיט באַגייַסטערונג:

זינגט אין מיר אַ גאַנצן טאָג,
ווייס איך ניט, פון וואָס.
ס׳טוט די ליד אין מיר אַ יאָג,
ווי פון דר׳ערד דאָס גראָז.

ווו דער דיכטער זאָל ניט זייַן, טרעט פון אים ניט אָפּ די באַגייַסטערונג. ער איז גליקלעך, וואָס אים ווילט זיך זינגען, וואָס ער האָט וועגן וואָס צו זינגען:

עפּשער זינגט עס מייַן געמיט,
פון דער זאָרג באַפרייַט,
וואָס איך בין די קליינע ליד
פון דער גרויסער צייַט...

(„אַ פ ס נ ייַ“, ז. 9).

„זאָל שווייַגן דער, וואָס האָט ניט וואָס צו זאָגן... באַ וועמען ס׳איז די ליד אַ סקריפּענדיקער וואָגן“, — שרייַבט דער דיכטער מיט פּאָלעמישער פאַרשאַרפטקייַט. דורך זייַנע לידער גייען דורך די געשטאַלטן פון יענע דיכטער, וועלכע זייַנען פוסט, „ווי אַ פוסטער זאַנג“. דעם סאָוועטישן דיכטער דראָעט ניט אַזאַ פּרוכטלאָזיקייַט.

איציק פעפערס לירישע לידער פון די נאָכמילכאָמעיאָרן זייַנען איבערפולט מיט גרענעצלאָזן דאָרשט נאָך לעבן און גליק, מיט דער פרייד פון ערדישער עקזיסטענץ („ערדישע פאַרבן“, „אַ שפּאַציר אין וואַלד“, „גליק“, „לעבן איז גוט!“, „צו דער איינציקער“, „די געסט“ אאַ.).

פאַר דעם דיכטער זייַנען ניטאָ קיין בעסערע ווערטער, איידער די ווערטער: לעבן איז גוט! ער שפּירט די פולקייַט פונעם לעבן, זייַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיט דער וועלט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צו באַפרידיקן די באַדערפעניש פונעם מענטשן:

כ׳האָב ליב דעם בליץ, כ׳האָב ליב דעם דונער,
כ׳האָב ליב דעם רעגנדיקן גוס,
ווען טיף אין האַרצן שייַנט די זון נאָר
און ס׳איז די ערד אין דייַן רעשוס.
איך זאָג עס נאָכאַמאָל און ווידער:
ס׳איז גוט צו לעבן אַף דער וועלט!
ווען פון דער הייך און ביז דער נידער
איז אַלץ אין קאָן אַרייַן געשטעלט.

(„אַ פ ס נ ייַ“, ז. 61).

די פרייד פון שפּירן דאָס לעבן, די נאַטור, אַלע אירע פאַרבן באַטייַט לאַכלוטן ניט, אַז דער דיכטער איז זאָרגלאָז. ניין, ער טרעט אַרויס קעגן יענע, וואָס שטעלן אין

סאקאָנע די דאָזיקע פוילקייט פונעם לעבן, די אנטפלעקונג פון די מענטשלעכע געפילן. ער טרעט ארויס קעגן די געפערלעכע און קאלטע ווינטן, וואָס האָבן א בלאָז געטאָן מעייווער־לעיאם. אין זיין גלענצנדיקער ליד „מילכאָמע“, געווידמעט אן אמעריקאנער פריינט, דערמאָנט דער דיכטער ניט נאָר די לעקציעס פון דער פארגאנגענער מילכאָמע, ער וואָרנט קעגן דער געפאר פון א נייער מילכאָמע. ער שאפט א מילכאָמע־בילד, וואָס שניידט זיך איין אין זיקאָרן. ווענדנדיק זיך צו זיין אמעריקאנער פריינט, שרייבט ער:

איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסן שוין! איך ווייס.
די ערד ווערט קאלט פון מייסים,
די הימלען ווערן הייס...

(דאָרט, ז. 66).

מיר טאָרן ניט פארגעסן דאָס, וואָס עס איז געשען. מיר טאָרן אויך ניט זיין גלייכגילטיק צו די געפערלעכע סימפטאָמען פון דער „קאלטער מילכאָמע“:

עס בושעוועט די סינע,
איר הערט ניט, ווי זי שרייט!
איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסט נאָך ניט, האָט צייט!

(דאָרט, ז. 67).

דאָ איז אויסגעדריקט דער רוף פונעם דיכטער צו די פעלקער פון דער וועלט, דער רוף צו זיין וואכזאם, צו קעמפן פאר שאָלעם, פאר עכטן מענטשלעכן גליק.

די דיכטונג קאָן ניט לעבן אָן געשטאלטן, אָן ריטם, מעלאָדיע. איציק פעפערס לידער צייכענען זיך אויס מיט זייער קלאָרקייט און מעלאָדישקייט, זיי זיינען פּאָשעט און אויסדריקלעך לויט דער פאָרם.

פעפערס פּאָעזיע איז ניט אויסגעוואקסן אף א פוסט אָרט. אירע וואָרצלען זיינען אין דער גרויסער פּאָעטישער קולטור פונעם פאָלק. צוזאמען דערמיט איז זי די דיכטונג פון באנייען און פארפעסטיקן דעם רעאליזם אין דער ייִדישער פּאָעזיע. זי איז קעמפעריש און אין דער זעלבער צייט הומאניש.

איציק פעפער האָט אין זיינע לידער באוויזן דעם „פראָסטן ווונדער“ פון דער אופריכטונג פון די מענטשן און פון דער באנייונג פון די מענטשלעכע געפילן. דעם דיכטערס לעבן איז טראגיש איבערגעריסן געוואָרן אין די יאָרן פונעם סטאלין־קולט, אָבער עס לעבן זיינע לידער. אין פעפערס לידער זיינען אָפגעשפיגלט די העראָיִשע אופטוען און דער אומגעצוימטער גייסט פון די סאָוועטישע מענטשן. דער דיכטער פונעם שטעטל שפּאָלע איז געוואָרן דער דיכטער פון קאמף און זיג, דער דיכטער פון סאָציאַליסטישן אופבלי.

**פון רוסיש — מ. איטקאָוויטש.**

## כאַים לויצקער

# אײַזיק זאַרעצקי—דער מענטש און דער געלערנטער

באַם פּינסקער לערער פון מאַטעמאַטיק און אויטאָר פון אַ לערנבוך אַף אַריפמעטיק יִסראָעל זאַרעצקי איז דעם 6 פעוראַל 1892 געבוירן געוואָרן אַ זון אײַזיק.

געלערנט האָט זיך אײַזיק קינדווײַז ניט אין כיידער, ווי עס האָט זיך געפירט אין יענער צײַט, נאָר אין אַ רע־פאָרמירטער יִדישער שול, דערנאָך אין אַ רעאַל־שול. אין די יאָרן 1913—1917 שטודירט ער מאַטעמאַטיק אין דערפּטער (איצט טאַרטוער) אוניווערסיטעט.

אין דער פריִער יוגנט זײַנען זאַרעצקיס קולטור־אינ־טערעסן געווען גאַנץ ברייטע און פאַרשיידנאַרטיקע. ער האָט זיך באַטייליקט אַקטיוו אין דער אַרבעט פונעם „אַקאַ־דעמישן פאַריין פאַר יִדישער געשיכטע און ליטעראַטור", פאַרנומען זיך מיט אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, שטו־דירט און פּראָפּאַגאַנדירט עספּעראַנטאָ. בעשאַס דער ער־שטער וועלט־מילכאָמע האָט ער אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט צו העלפן היימלאָזע.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז אַ. זאַרעצקי גע־ווען פאַרוואַלטער פונעם בילדונג־אָפּטייל אין סאַמאַרע, איינער פון די אָנגעזעענע בויער פון דער נײַער סאָוועטי־שער שול.

פון 1917 פאַרנעמט ער זיך מיט יִדישער פילאָלאָגיע, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זײַן לעבנס־באַרוף. די ערשטע צײַט איז ער גלײַכצײַטיק טעטיק אויך אין אַנ־דערע וויסנשאַפט־געביטן: לייענט אַף די כאַרקאָווער דרײַ־יאָריקע פּעדקורסן לעקציעס וועגן יִדיש און מאַטעמאַ־טיק, איז לעקטאָר פון מאַטעמאַטיק אין מאָסקווער פּראָ־לעטקולט. דערנאָך אָבער טרעט ער פעסט אַרויף אַפן וועג פון לינגוויסטיק. ער ענדיקט אין כאַרקאָוו די אַספּיראַנטור אַף דער פאָרשונג־קאַטעדרע פאַר שפּראַכוויסנשאַפט אונ־טער דער אָנפירונג פונעם אַקאַדעמיקער בולאַכאָווסקי און אַרבעט אַ לענגערע צײַט אַלס וויסנשאַפטלעכער מיטאַר־בעטער פון דער קאַטעדרע.

סאָף 1926 י. איז אַ. זאַרעצקי שוין אין מאָסקווע אַ לעקטאָר פון גראַמאַטיק אַף דער ליטעראַריש־לינגוויסטי־שער אָפּטיילונג פונעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט פונעם צווייטן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט (שפּעטער — פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט אַף לענינס נאָמען).

נאָך אין כאַרקאָווער פעריאָד האָט אַ. זאַרעצקי אויס־געטראַגן זײַנע גראַמאַטישע אידייען. ער האָט אופגע־זאַמלט אַ גרויסן מאַטעריאַל און אָנגעשריבן זײַן גרונט־ווערק „פּראַקטישע יִדישע גראַמאַטיק". שוין דער טער־מין אַליין „פּראַקטישע גראַמאַטיק" איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זאַרעצקיס באַשיידנקײַט און וויסנשאַפטלעכער פּינקט־לעכקײַט. פּראַקטישע גראַמאַטיק קלינגט ווי אַ קעגנשטע־לונג צו טעאָרעטישער גראַמאַטיק. כאָטש אינדערעמעסן



מיינט זאַרעצקי מיטן וואָרט „פּראַקטישע" — נאָרמאַ־טיווע גראַמאַטיק, וואָס דאַרף רעגולירן די שפּראַך־פּראַק־טיק. עס איז אָן עכט וויסנשאַפטלעך ווערק — די ערשטע ברייטע, סיסטעמאַטיזירטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין געביט פון יִדישער גראַמאַטיק, זינט עס עקזיסטירט יִדיש אַלס ליטעראַרישע שפּראַך.

אינעם פאָרוואָרט צו דער „פּראַקטישער גראַמאַטיק" דעקלאַרירט אַ. זאַרעצקי זײַן גראַמאַטישן קרעדאָ. ער שרײַבט: „גראַמאַטיק איז אַ לערע וועגן פאָרמעס, דאָס הייסט זי איז אַ פאָרמאַלע וויסנשאַפט, מיט די מאַטער־יעלע באַטײַטן פון ווערטער און פראַזעס האָט זי ניט צו טאָן". די באַשטימיקע אַרטיקלען (דער, די, דאָס) באַ־טראַכט ער אַלס אַדיעקטיוון דערפאַר, ווײַל זיי האָבן די זעלביקע קלאַנגלעכע סימאָנים, ווי אַדיעקטיוון, כאָטש זייער אינהאַלטלעכע פונקציע איז אינגאַנצן אַן אַנדערע.

זאַרעצקי שליסט זיך אָפיציעל אָן אין דער רוסישער פאָרמעלער ריכטונג. ער איז אָבער ניט קיין עקסטרעמער פאָרמאַליסט. פאָרם איז באַ אים „אַ צווײַזײַטיקע דער־

שייַנונג: פאָרמאַלער סימען (קלאַנג) פליוס פאָרמאַלער באַטייַט".

זינט 1929 הייבט זארעצקי אָן אָפּצוגיין פונעם פאָרמעלן מעטאָד אין דער גראַמאַטישער וויסנשאַפט און רייַסט מיט אים ענדגילטיק איין אין סאָף פון די דרייַסיקער יאָרן. אַלץ מער און מער אָרט פאַרנעמען אין זייַנע לינגוויסטישע אָנשויונגען פראַגן פון סעמאַנטיק (באַטייַט פון וואָרט און וואָרט־באַהעפט). אָבער אויך אין די יאָרן, ווען ער האָט געאַרבעט איבער זייַן גראַמאַטיק, האָט ער זיך באַמיט „ניט מאַקריוו זייַן די לעבעדיקע שפּראַך־פאַקטן דער אַפּריאָרישער סכעמע און אין קיין פאַל ניט אַרייַנשפּאַרן די ייִדישע שפּראַך אין דער פאָרמאַלער סכעמע".

אין דער „פּראַקטישער גראַמאַטיק" האָט א. זארעצקי דער ערשטער אין דער ייִדישער לינגוויסטישער ליטעראַטור געגעבן אַן אויסשעפּנדיקע באַשרייַבונג פון די קאָנקרעטע אויסדרוק־מיטלען פאַר גראַמאַטישע באַטייַטן אין ייִדיש — אין די געביטן פון וואָרט־בילדונג, וואָרט־ענדערונג, זאַץ־באַהעפט.

א. זארעצקי איז ניט געווען בלויז אַן אָנגעזעענער טעאָרעטיקער פון ייִדיש, נאָר אויך — און עפּשער דערי־קער — אַן אַקטיווער, קעמפערישער שפּראַך־בויער. דאָס איז נעגייע קוידעמקאַל זייַן קאָלאָסאַלע ראָליע אינעם שאַפן און ווייַטערדיקן פאַרפולקומען די סיסטעם פונעם ייִדישן סאָוועטישן אויסלייג. ער איז געווען דער טיכטיקסטער אָנטיילנעמער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער ייִדישער אָרטאָגראַפישער רעפאָרם אין סאָוועטנפאַרבאַנד. א ריי אַרטיקלען וועגן דעם ייִדישן אויסלייג האָט ער פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „קולטור און בילדונג". אין 1921 איז דערשינען אין אָדעס זייַן בראָשור „קלאָלים פון דעם ייִדישן אויסלייג". ער איז געווען דער הויפּט־פאָרטרעגער וועגן דעם איינהייַטלעכן ייִדישן אויסלייג אַף דער אָרטאָגראַפישער קאָנפערענץ באַם צווייטן ייִדישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין כאַרקאָוו (1928), אַף וועלכן עס איז אויסגעטיילט געוואָרן די צענטראַלע אָרטאָגראַפישע קאָמיסיע (צאָק) אין שפּיץ מיט מ. ליטוואַקאָוון. אין 1931 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זייַן בראָשור „ייִדישע אָרטאָגראַפיע. קלאָלים פון נייַעם ייִדישן אויסלייג. לויט די באַשלוסן פון דער אָרטאָגראַפישער קאָנפערענץ (1928) און פון דער צענטראַלער אָרטאָגראַפישער קאָמיסיע". אין דער דאָזיקער בראָשור איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן די אויסלייג־סיסטעם פון ייִדיש אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען.

אין דער סיסטעם פון ייִדישער אָרטאָגראַפיע האָט זיך געלאָזט פילן דער אוטיליטאַרער סטיל פון א. זארעצקין. באַזונדערס האָט זיך עס אַרויסגעוויזן אין דער פראַגע וועגן די ענדע־אויסיעס. א סאַך שרייַבער זייַנען געווען קעגן ליקווידירן די ענדע־אויסיעס, דערקלערנדיק דאָס דעריקער מיט דעם, וואָס בא דער אָפּוועזנהייַט פון גרויסאַנטיקע אויסיעס, וועלכע זייַנען פאַראַן אין אַנדערע שפּראַכן, ווערט דער געדרוקטער טעקסט צונויפגעגאָסן. א. זארעצקי האָט זיך אָבער מער גערעכנט מיטן „טאַכלעס"־אַרגומענט — מאַקסימאַל פאַרלייַכטערן דאָס אויסלערנען גראַמאָטע קינדער און דערוואַקסענע, באַזייַטיקן ווי ווייַט מעגלעך איבעריקע קלאָלים, אויסנאַמען און באַגרענעצונגען, און זייַן שטעלונג האָט גענומען די אויבערהאַנט.

א. זארעצקי האָט פאַרמאָגט א מאַטעמאַטישן אַרט דענקען: מע קען בא אים אַפילע טרעפן מאַטעמאַטישע באַגריפן אין זייַנע שפּראַך־אַרבעטן, אַשטייגער: „אַלגעבּרע פון גראַמאַטיק" אדג. ער איז געווען פאַנאַטיש־אומקאָמפּראָמיסלעך באַם דורכפירן זייַנע פּרינציפּן. ער איז אָבער געווען פרייַ פון פאַלשער אַמביציע. קוים האָט ער איינגעזען, אז ער האָט געהאַט א טאָעס אָדער אז דאָס לעבן האָט אומגעוואַלגערט עפּעס א זייַל פון זייַן ראַציאָנאַליסטישן געבייַ, האָט ער זיך ניט געשעמט עס אָנערקענען. ער איז געווען זייער אָביעקטיוו מיט אָן א שיר טאָלעראַנץ בענעגייע קעגנזעצלעכע מייַנונגען. איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד.

בייס דער הערשאַפט פון דער אַזויגערופענער „נייַער לערע וועגן שפּראַך" האָט א. זארעצקי (אין 1928—1938) געהאַט פיל אויסצושטיין. אַף א פאַרזאַמלונג פון אַלע קורסן פון דער ליטעראַריש־לינגוויסטישער אָפּטיילונג באַם מאָסקווער צווייטן מעלוכע־אוניווערסיטעט האָט מען זארעצקין שאַרף קריטיקירט. נאָר ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייַנע לינגוויסטישע איבערצייַגונגען, ער האָט ניט אויסבאַהאַלטן זייַן סקעפּטישע שטעלונג צו דער יאַפעטידאָלאָגיע; דאָס איז געווען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר זייַן פּרינציפּיעלקייַט, וויסנשאַפטלעכער אָרנטלעכקייַט און מוט. אַמשאַרפסטן איז אַף יענער פאַרזאַמלונג אַרויסגעטראָטן קעגן זארעצקין דער באַגאַבטער סטודענט (איצט פּראָפעסאָר פון גערמאַניסטיק) ש. קאַצנעלסאָן, וועלכער איז געווען צווישן זארעצקיס מיטאַרבעטער באַם צונויפשטעלן זייַנע לערנביכער. אַף מאָרגן האָט איינער א סטודענט אויסגעדריקט פאַר זארעצקין זייַן אומגעבראַכטקייַט קעגן קאַצנעלסאָנס אַרויסטרעטונג. זארעצקי האָט געענטפערט:

— איז וואָס, אז ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן מיר? ער האָט אַזאַ מייַנונג, האָט ער זי אַרויסגעזאָגט מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייַט און קאַטעגאָרישקייַט. ווי קאָן איך אַף אים פאַריבל האָבן?

פאַר זארעצקיס ראָליע אין דער ייִדישער שפּראַך־בויונג אין די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן איז כאַראַקטעריסטיש פאָלגנדיקער פאַקט: פון 18 אַרטיקלען און רעצענזיעס אין דער ערשטער זאַמלונג פון דער ייִדישער פילאָלאָגישער קאָמיסיע בא דער צענטראַלער ייִדישער ביוראָ פון פאָלקאָמבילד (כאַרקאָוו, 1923) געהערן א. זארעצקין... 10, אויב ניט רעכענען די 2 אַנאָנימע אַרטיקלען, אויך 2 נאָטיצן כראָניק, אין וועלכע זארעצקי האָט געוויס דעם גרעסטן חיילעק.

א. זארעצקי איז געווען דער פּראָדוקטיווסטער מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל „ייִדישע שפּראַך", וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט א גרויסע צאָל אַרטיקלען ניט בלויז וועגן גראַמאַטיק, אָרטאָגראַפיע, פּונקטואַציע, אָרטאָעפּיע, נאָר אויך וועגן סטיליסטיק און וועגן שפּראַך פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

זארעצקי זאַמלט אָן א גרויסן מאַטעריאַל פון אַלערליי גרייַזן און אָפּווייַכונגען פונעם געוויינלעכן שפּראַך־געברויך און גיט אַרויס זייַן בוך „גרייַזן און ספּייקעס" (קיִעוו, 1927).

זייַענדיק ביכלאַל זייער ראַדיקאַל אין זייַנע לינגוויסטישע אָנשויונגען, ווייַזט זארעצקי אַרויס אין לעקסישן געביט פון לינגוואָטעכניק (שפּראַכבויונג, שפּראַך־רעגולירונג) געוויסע נייגונגען, וועלכע מע פלעגט אין יענע יאָרן רופן „לינקאַטשישע". ער רוקט אַרויס די אידיי וועגן „א נייַער ייִדיש־רוסישער שפּראַך" — ברייט עפענען די טויערן פאַר יענע רוסיציזמען, וואָס זייַנען ביז דאַן ניט געווען אייַנגעבירגערט אין ייִדיש. דעם דאָזיקן געדאַנק אַנטוויקלט ער אויך אין זייַן בוך „פאַר א פּראָלע־

טארישער שפראַך" (1932). ער באקומט אָבער אן ארגומענטירטן ווידערשטאנד מיצאד א ריי אָנגעזעענע פילאָלאָגן און ליטעראטן (מ. ליטוואקאָוו, נ. שטיף, א. ראָזענצווײַג אא.). מיט דער צײַט האָט זארעצקי זיך אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער אידיי.

א. זארעצקי איז געווען א גלענצנדיקער מעטאָדיסט. זײַנע מעטאָדישע געדאנקען זײַנען געווען אייגנארטיק און ראציאָנעל געבויט. ווער פון זײַנע דעמלטיקע סטודענטן געדענקט ניט זײַנע בארימטע „פארגעבונגען" — דירעקטיווישע, לאקאָנישע, דײַטלעך־געגלידערטע, מיט די אומפארמײַדלעכע שלוס־פראגעס: „צי איז עס געווען גענוג גרינג, אינטערעסאנט? וויפל צײַט האָט געדויערט?"

די וויסנשאפטלעך־שעפערישע ארבעט האָט בא זארעצקין געהויזט מיט זײַן אינטענסיווער אָרגאניזיר־ארבעט אין דער צענטראלער אָרטאָגראפישער קאָמיסיע, מיט דער ארבעט איבער לערנביכער, דעריקער מיט זײַן קאָלאָסאלער פעדאגאָגישער ארבעט.

א. זארעצקי איז ניט גרינג זיך צונויפגעגאנגען מיט מענטשן. פון ערשטן בליק האָט זיך אפילע געקאָנט דוכטן, אז אין זײַן כאראקטער איז פאראן עפּעס מיזאנטראָפּישעס. דעם דאָזיקן אײַנדרוק האָט נאָך מיטגעווירקט זײַן אײַנגעשלאָסנקײַט און ניט־בארײדעוודיקײַט. אָבער דאָס איז בלויז אן אויסערלעכער אײַנדרוק. אין טאָך איז זארעצקי געווען זשעדנע צו מענטשן און מענטשלעכער געזעלשאפט. ער איז געווען א טרײַער און זיכערער פרײַנט...

אײַזיק זארעצקי האָט פארמאָגט א פײַן געפיל פאר הומאָר און שארפזין. יאָרנלאנג, ביזן סאָף פון זײַן לעבן, האָט ער געזאמלט מוסטערן פון פאָלקס־כאָכמע, קאָלעקציאָנירט שפאסיקע גלײַכווערטלעך, שארפזיניקע אנעקדאָטן. א באזונדערן אינטערעס האָט ער געהאט צו קאַלאמבוריסטיק — דעם שארפסטן אויסדרוק פון שפראַך־הומאָר.

זינט 1938 גייט איבער א. זארעצקי אף רוסישער לינגוויסטיק. אלס בריק דערצו האָט געדינט א ריי ארטיקלען, וואָס ער האָט געהאט אָנגעשריבן ביז דאן: „צו דער פראגע וועגן אונטעריכט פון רוסיש אין דער יידישער שול", „אייניקע גרונט־באגריפן פון סעמאנטיק", „שטריכן פון זאצבוי" אא. ער איז געווען ברייט באוווּסט צווישן די רוסישע לינגוויסטן, וועלכע האָבן אים הויך געשאצט אלס באגאבטן געלערנטן. אים געהערן אלע ארטיקלען וועגן יידיש אין די רוסישע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס.

אין א. זארעצקיס ליטעראריש־וויסנשאפטלעכער ירושע געפינט זיך א היפש ביסל אינטערעסאנטע, נאָך ניט פובליקירטע וויסנשאפטלעכע ארבעטן. דאָס ווערק אין יידיש „סינטאקס פון דער יידישער שפראַך" האָט ער געהאט פארענדיקט נאָך אין 1938. עס איז געווען צוגעגרייט פארן ווײַסרוסישן נאצמינדפארלאג, נאָר ניט באוויזן אָפּגעדרוקט צו ווערן. אין רוסיש איז פארבליבן 23 ארבעטן, צווישן זיי: „גרונט־באגריפן פון וואָרט־בילדונג", „נײַס אין דער רוסישער מאָרפאָלאָגיע", „בוי פון סטיליסטישן און נאָרמאטיוון סינטאקס", „ענגעלס און די פראגן פון שפראכוויסנשאפט" אא.

ניט לאנג צוריק איז ארויס אין רוסיש זײַן בוך «Материалы по занимательной грамматике русского языка». Учпедгиз. М., 1961. אינעם פאָרוואָרט ווערט געזאָגט: „אין זײַן וויסנשאפטלעכער און פעדאגאָגישער ארבעט האָט א. זארעצקי זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן אָריגינעלן אויפן פון שטעלן פּראָבלעמען, מיט טיפן און געוויסנהאפטן פאנאנדערארבעטן זיי, מיט הויכער פאָדערונג צו זיך".

בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע און נאָך איר האָט זארעצקי געוווינט און דושאנבע (טאדזשיקיסטאן). ער האָט דאָרט געארבעט אין פעדאגאָגישן אינסטיטוט אלס פּראָפעסאָר פון רוסיש און אלגעמיינער שפראַך־וויסנשאפט. צו יענעם פעריִאָד געהערט זארעצקיס ארבעט „וועגן אונטעריכט פון רוסיש אין דער טאדזשיקישער שול".

אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט א. זארעצקי געלעבט אין קורסק, וווּ ער איז געשטאָרבן דעם 27 אווגוסט 1956 אין עלטער פון 64 יאָר.

אף א. זארעצקיס לינגוויסטישע ווערק האָט זיך דערצויגן א גאנצע פאלאנגע סאָוועטישע יידישע שפראכקענער. ער האָט געהאלטן מיט זיי א לעבהאפטיקן קאָנטאקט. אָט די אלע וויסנשאפטלער זײַנען דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון טיפן פּיִעטעט צו זארעצקיס ליכטיקן אָנדענק.

אײַזיק זארעצקי איז געווען א הויך־טאלענטירטער יידישער שפראכפאָרשער, וואָס האָט בעכוש געשפּירט און זייער טרעפלעך פאָרמולירט די פײַנסטע ניואנסן פונעם קאָנקרעטן יידיש און פון זײַנע ברייטע אויסדרוק־מעגלעכקײַטן. אײַזיק זארעצקי האָט זייער א סאך אופגעטאָן פאר דער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג, נאָרמירונג און פארפײַנערונג, ווײַטערדיקער אנטוויקלונג און פארפולקומונג פון דער יידישער ליטערארישער שפראַך.

# פון מוישע כאשטשעוואצקיס ליטערארישן ארכיוו

דער בריוו־אויסטויש פונעם באַוווּסטן ייִדישן דיכטער, איינעם פון די אָנהייבער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, מוישע כאשטשעוואצקי מיט די שרײַבער לייב קוויטקאָ, ארן קושניראָוו, עזראָ פינינבערג און יעכעזקל דאָברושין איז אינטערעסאַנט פאַר דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

פון דער היפשער צאָל בריוו, וואָס געפינען זיך בא אונדז, פובליקירן מיר איצט די, וואָס האָבן מערסטנטייל א שײַכעס צום פעריאָד ביז דער צווייטער העלפט פון די צוואנציקער יאָרן, ווען די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט ערשט אָנגעהויבן אויסשפרייטן אירע פליגל. די בריוו גיבן א באַגריף וועגן די ערשטע דערגרייכונגען פון דער ליטעראַטור, וועגן דעם ליטעראַרישן שטייגער פון יענע יאָרן.

די רעדאַקציע דריקט אויס איר דאַנק דעם דיכטערס פרוי סאָרע כאשטשעוואצקאיא, וואָס האָט אונדז איבערגעגעבן א גרויסן טייל פון דעם דיכטערס עפּיסטאָליאַרישער ירושע.

## בריוו פון לייב קוויטקאָ

ליבער מישאָק!

ווי איך בין א ייִדיש קינד, אז איך האָב ניט געפעלשט אין דיר. נאָר אָט וואָס: דו ביסט מיר צו טײַער, איך זאָל ניט האָבן אן אויג אויף דיר. דו ביסט אַוועקגעפאָרן און זיך ניט געזעגנט מיט מיר. פאַרשטייסטו, כאָכעם מײַנער...

שטעל דיר פאָר א ייִנגל, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט קימאַט, וואָס האָט שוין זײַן לעצטן נאָמען פאַרלוירן, וואָס איז שוין ווידער פון א „הירש" א „לייב" געוואָרן, וואָס האָט שוין פײַנט באַקומען זײַן פריִער טײַערע ליטעראַרישע וועלט, וואָס האָט זײַן ליבע באָבע פאַרלוירן און וואָס האָט נאָך קיין פּעסימיסטיש לידל ניט אָנגעשריבן. שטעל זיך פאָר, אז אַזאַ מין נעפעש באַקומט א בריוו פון זײַן גוטן כאַווער ערגעץ פון אונטער די האָרע־כוישעך, נו? מיינסטו, עפּנט ער אים און לייענט? אָבער גאָר־גאָר לוי — ער טאַנצט!

ווילסטו וויסן — וואָס? ווער? זאָג איך: מישאָק, כ'האָב מוירע, אז דײַן לייבל ווערט פאַרעזרעט[1]: איך בין נאָך צו א גרינער עפּל פאַר דעם ברודיקן קליינשטעטלדיקן קוואַס. איך בין איצט דער זומערדיקער מישאָק, און דו ביסט דער זומערדיקער לייבל. איך האָב מײַן „בונד" צעריסן מיט דער שרײַבערישער וועלט. דעם פאַרגעניגן פון מײַנער א שיינער ליד קאָן איך שוין אַליין אויסטרינקען. מאַטעריעל העלפן זיי מיר גאָרניט. אַליין דאַרף איך האַנדלען סײַ מיט דער מוזע, סײַ מיט דער קאָפּקע. און ווײַזט אויס, איבער מײַן גאָט־געבענטשטער לאַגע האָב איך אָנגעהויבן פאַרלירן (שאַ, ס'איז א שטיקל סאָד...) דעם גלויבן אין זיך. יאָ, טײַערער מישאָק, איך בין גאָר געוואָרן פילאָסאָפיש געשטימט. איך טראַכט וועגן אַבסאָליוטן עמעס, האָב שוין געפונען אן אַבסאָליוטן ליגן אויך... זעסטו, ווו איך קלעטער שוין?

מישאָק, א נײַס! ס'א ליגן די גאַנצע מײַסע, וואָס איך האָב דיר ביז אַהער אָנגעפּלאַפּלט. הער: לייבל דער באַבעס — דער האָלאָסקאָווער פּאָעט, מישאָקס פרײַנט, דער מוזעס „באַהעלפער" האָט זיך פאַרליבט אין א מיידל, א ווילע טײַערע נעשאָמע. און ס'איז מיר גוט און גוט.

איך שיק דיר א צוויי־דרײַ לידלעך מיט א טנײַ — מיר באַלד אָנשרײַבן.

אָט שרײַב איך דיר וועגן דײַנע לידער — נײַ און שטאַרק איז „ווי שימשן", קורץ און בוילעט איז דאָס. די ערשטע ליד פון „אַלטוואַרג" איז לעבעדיק, אָפּגעפרישט, אן אַלטער בוים מיט א נײַער קרעפּטיקער הויט. די ליד הויכט מיט ענערגיע און מוט... די צווייטע פון „אַלטוואַרג" איז האַרמאָניש־באַטלאָניש. קוק זיך צו. „אונדזער מאַרש" שמעקט מיט האַמוין־קראַפט, מיטן שאַלן פון אונטער יעריכע־ווענט. אָט זע איך דיך העלדיש אין אָנהייב פון א מערידע... „דער שטומער" איז א ביסל נעפּלדיק, און „איך—זיך" איז מיר ניט געפעלן אינגאַנצן. אוי, איז שיין דײַן „ווי שימשן". וווּנדערלעך!

הער, עזראָ האָט זיך איבערגעבעטן מיט „מײַן" ראָמאַנטיזם און שרײַבט זייער שיינע לידער. כוץ ראָמאַנטיזם, זאָגט ער, איז קיין זאַך, קיין ליטעראַטור. ער איז דאָ ניט לאַנג געווען בא מיר צוגאַסט, און דו האָסט אַזוי געפעלט און געפעלט! ער איז טויט, אינגאַנצן טויט, ער דאַרף און וויל גאָרניט. שווער מיט אים צו זײַן. זײַן אַדרעס איז פּאַשעט: פינינבערג און שוין. מײַן אַדרעס איז האָלאָוואַנעווסק.

שרײַב באַלד, פאַרשטיי מיך. דײַן לייב.
האָלאָוואַנעווסקער בלאָטע. מיטוואָך פאַרנאַכט.

דאָ איז פאַראַן א פּראָסט מיידל מיט א סקולפּטאָר־טאַלאַנט, וואָס קלעפּט פון פּראָסטער ליים. וואָס זאָל זי טאָן???

איך וויל עמעצן שיקן עפּעס פון מײַנע לעצטע זאַכן. שרײַב ווע מען.

1916

ליבער מישע.

דײַן בריוו האָט מיך געפרייט: ערשטנס, פאַר מײַן האָלאָוואַנעווסקער לעבן איז דאָס א ווילע מאַטאָנע. צווייטנס, דײַן אינערלעכע איבערקערעניש, דײַן ענערגישער קוק אויף אַרבעט, אויף שאַפן האָט מיך געפרייט און איבעראַשט... האָסט אַזאַ שטאַרקן קריי געטאָן וועגן דײַן „אילת השחר"[1], אז כ'האָב אויך די וועלט פאַרגעסן.

[1] געמיינט דעם דיכטער עזראָ פינינבערג.

[1] איעלעס האַשאַכאַר — מאָרגנשטערן.

הער אויס, טײַערער, איך וויל דיר ענטפערן על ראשון — ראשון וועל אחרון — אחרון[1].

איך בין אײַנשטימיק מיט דיר וועגן «приятие мира»[2], נאָר אָט וואָס: בא מיר זעט אויך אויס דאָס לעבן, ווי א כל בוי[3], נאָר די פערלעך, וועלכע זײַנען באהאלטן אין דעם, זײַנען די פערל פון ראָמאַנטיזם. דאָס לעבן וואָלט געווען גרויסאַרטיק, די וועלט ווונדערלעך, ווען מיר זאָלן דאָס ניט געווען באגראָבן אין דער ערד. מיר זײַנען עטוואָס פארקראָכן אין דער זײַט און זײַנען שוין ווײַטער און ווײַטער געגאנגען מיט ווילדע דערשראָקענע אויגן ביז... — און מיר שטעקן אָט דאָ איצט פארכלינעט און האלב פארשפילטע. און אָט אין דעם פאריפעשטן טהאָם, ווּהין מיר האָבן זיך אליין פארוואָרפן, האָבן מיר מיטגענומען איין פערלע פון אונדזער אמאָליקן פארגאנגענעם גליק: קוים איין פערלע פון אונדזער פארפאלענעם אויצער — דעם ראָמאַנטיזם. אים דארפן מיר היטן, ווי אן אויג אין קאָפּ, ווי א גאָלדענעם בעכער, וואָס דערמאָנט אים זײַן גלאנץ און שײַנט פאר אים אלס האָפענונג אף שפּעטער. אן עמעסער קינסטלער זוכט אָפּ אלע ראָמאַנטישע פונקען, שטעלט אוף א ווונדערלעכן טורעם און ווײַזט אונדז, וואָס דאָס לעבן איז געווען און קאָן זײַן. ווער האָט הען באשאפן דעם ראָמאַנטיזם, אויב ניט דאָס לעבן אליין? פּערעך איז אזוינער געווען, וואָס זײַן פּאָעטישע געוויגעס האָט דאָס דערפילט און אונדז דאָס איבערגעגעבן.

איך גלייב, אז דאָס פּאָנעם פון דעם לעבן און דערוועלט איז ניט דאָס עמעסע, ס'איז א פארשטעלטס, א פארשלייערטס, ערגעץ אונטער די כורוועס פון יאָרן און צײַטן ליגט פארוואָרפן טאקע דער אָריגינאַל, טאקע דאָס עמעסע. אויב דער לעבנס־וואָגן וועט אונדז ניט דערשלעפן ביז „טהאָם דעם פארלירער“ און די וועלט וועט זיך דערמאָנען, ווּ זי איז אין דער וועלט, גלייב איך, אז עמעצער א גרויסער וועט באקומען דעם סאָד פון טכיאָס־האמייסים. און ער וועט מיט א שם המפורש[4] ארויסבאקומען פון אונטער די שוועריאַריקע כורוועס דאָס לעבן, דאָס עמעסע לעבן, דאָס ראָמאַנטישע, דאָס פאַנטאַסטישע.

איצט וועגן דעם גראַם און קלאַנג: יאָ, ליבער מישע, איך אליין ווייס, אז די מוזיק פון ליד גיט איבער די שטימונג פונעם דיכטער, און אז די שטימונג איז דער גײַטיקסטער טייל פונעם אינהאַלט. היינע זאָגט אפילע, אז א שיינער גראַם איז א ליבער קוש פון פרישע ליפּלעך (דוכט זיך, אזוי).

דאָך מיין איך, אז אזא פּאָעזיע, וועלכע איז מאקריוו דעם אינהאַלט פאר דער פאָרם, איז קיין פּאָעזיע ניט, נאָר א קאָרטן־שלאָס. א דאנק דעם אייבערשטן, מיר, ייִדן, באזיצן ניט די טעווע צו קוקן אפן קרוג, נאָר אינעם קרוג. אָט נעם אף טשיקאַוועסט אלע אַרטן פון דער ייִדישער ליטעראַטור. צי האָבן זיי זיך ניט אויסגעצייכנט מיט זייער אינהאַלט, און ניט מיט זייער פאָרם? — פון אונדזערע עלטסטע רעליגיעזע ספאָרים ביז דער נײַסטער פּאָעזיע? אפילע אזא ביאַליק איז אין דער פאָרם קימאט

---

[1] אל רישוין — רישוין וועאל אכרוין — אכרוין — צוערשט — אפן ערשטן און צום סאָף — אפן לעצטן, דאָס הייסט — לויטן סיידער פון די געשטעלטע פראגן.

[2] אופאַסונג פון דער וועלט.

[3] א קאָלבוי — א געמיש פון פארשיידענע זאכן.

[4] שעם־האמפוירעש — געמיינט: גאָטס נאָמען.

ווי יל״ג[1]. שנייער[2] איז ניט גלענצנדער. אָט האָסטו א מוסטער פון דער רוסישער נײַער פּאָעזיע, וועלכע דו פארגעטערסט:

Качели, качели, печали, качели,
Печали качали: «Молчи».
И в плаче печали качели качали,
Качали печали в ночи.
(К. Большаков. «Солнце на излете»).

הא, ווונדערלעך? זעסט שוין, צו וואָסער פוסטקײַט דאָס דערגרייכט?

הײַנט, מיין איך, לאָז א ייִדישער פּאָעט זיך לאָזן אף די וועגן, וועט ער אינגאנצן פארגעסן אין אינהאַלט. ס'וועט ארויס א ווײַסער יאַם־שוים, פערל, וואָס וועלן פון איין בלאָז צעגיין.

איך האָב דיר נאָך זייער פיל צו שרײַבן, נאָר עפּעס פויל איך זיך. דאָ האָב איך זיך אף א קינסטלערן אָנגעשלאָגן, קלעפּט זי שוין יאָ אויס זייער שיינע זאכן פון ליים, שפּאַלטן זיי זיך איבער. שרײַב מיר אן אדרעס פון א קינסטלער, זי נייטיקט זיך שטארק אין אן אייצע.

מיר לעבט זיך גאָר ביטער. איך בין א מעטופל מיט צאָרעס, נאָר דערפאר ארבעט איך א סאך. קיין טאָגטעגלעכע לידער שטעלן מיך ניט צופרידן. איך ארבעט אף א גרויסער זאך. דעם ווערט פון א ווערק פארשטיי איך איצט פיל בעסער. אף מײַן ארבעט קוק איך פיל קריטישער. דוכט זיך, אז די צײַט וועט ארויס עפּעס גאָר אן אַנטיקל. דערווײַל שיק איך דיר „מײַן אויצער“, וועלכן איך האָב זייער ליב. דרינג ארײַן אין אים, מישע, און קריג אים אויך ליב.

ביזוואַנען איך וועל מיטאַמאָל ניט ווערן ניסאַשער, וועל איך דיר קיין בריוו ניט שיקן, ווײַל, ווײַל ווייסט דאָך — מאַרקעס!

עזראָ שרײַבט מיר גאָרניט. וועגן בערגעלסאָנען וועל איך זיך די טעג דערוויסן. דאָוויד איינהאָרן גיט ארויס א זשורנאַל אין זשענעווע. וויִאַרום קומט מען צו אים? ערשט דערהאַלטן דײַן לעצטן בריוו, איך פריי זיך. דײַן

לייב קוויטקאָ.

1917

## בריוו פון ארן קושניראָוו

ליבער מישע, ליבער עזראָ.

איך האָב הײַנט צופעליק איבערגעלייענט אין „קאָמפּאָן“ אײַער מעלדונג — איר זײַט ארויסגעטראָטן פון „ווידערוווּקס“[3]. איך ווייס ניט די סיבעס. איך בין געווען ביכלאַל ווינציק באהאַוונט אין די איניאָנים פון „ווידערוווּקס“. דאָך האָט אײַער מעלדונג געמאַכט אף מיר זייער א שווערן אײַנדרוק. מיט „ווידערוווּקס“, אלס גרופּע צונויפגעשמידטע און צונויפגעזונגענע, זײַנען געווען פארבונדן מײַנע בעסטע פאָרשטעלונגען. כאָטש כ'האָב זעלטן געשריבן, נאָר געטראַכט האָב איך טאָמיד וועגן אײַך אלעמען, כאַווײרים (ניט נאָר איך). און אלע פלענער

---

[1] יל״ג — יעהודע־לייב גאָרדאָן. באַוווּסטער העברעיִשער דיכטער.

[2] זאַלמען שנייער — באַוווּסטער העברעיִשער דיכטער. אין ייִדיש געשריבן פּראָזע.

[3] א ליטעראַרישע גרופּע אין אָנהייב 20־ער יאָרן.

האָבן זיך געבונדן מיט אײַערע נעמען. בא אונדז טוט זיך ביכלאַל יעדער זאך זייער לאַנגזאם. נאָר אויב עפּעס װאָלט באדארפט אָפּגעטאָן ווערן, וואָלט אונדזער אַלעמענס אכדעס (איצטער איז דאָס עפּשער אָן אָפּגעפרעגט וואָרט) שטארק מיטגעהאָלפן. מיר דארפן זײַן א צונויפגעשמידטע גרופּע. איך דערלויב זיך ניט געבן איצט קיין אייצעס און אָנווײַזונגען — איך ווייס ניט לאַכלוטן, אין וואָס איז די זאך.

איינס נאָר — מײַדט אומבאדינגט אויס שפּאַלטונגען. מיר דארפן איצט זײַן שטארק.

מישע, דיך בעט איך זייער און זייער — שרײַב מיר אָן. שויכעט וועט דיך וועגן אַלץ אינפאָרמירן.

ליבער עזראָ, שרײַבט אָן. איך ענטפער אײַך טייקעף. פארוואָס לאָזט איר ביכלאַל קיינמאָל ניט הערן וועגן זיך.

אַלעס בעסטע.

אײַער ארקע.

1921

זיי געלייענט נאָר אויסדערווײלטע. אויב מיר וועלן זיך צונויפשרײַבן, וועל איך מיט פארגעניגן שיקן מאטעריאַל פאר די „בלעטלעך“.

איצט וועל איך זיך אומקערן אָף צוריק א ביסל און ארויסזאָגן זיך וועגן די ביכלעך. מישע, דעם גאנצן עמעס — אמערסטן און איבערהויפּט געפעלן מיר פּעפער און שאַפּיראָ.

איך פארשטיי אזוי: אין פּאָעזיע קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן אײַנגעשטעלטע...

נו, פארצײַ, איך האָב אזוי טאקע ניט געענדיקט דעם בריוו. דאָוויד האָט קיין צײַט ניט ווארטן. איך וועל אָנשרײַבן גענוי. מײַן גרוס אַלעמען. עזרען, וועלעדניצ־קין זאָג, אז גאמאראָוו האָט שוין באקומען זײַן פּאָ־סילקע. כאַראָל, שאפּירען, קיפּניסן — אַלעמען מײַן גרוס.

ארקע.

1922

טײַערער מישע.

שוין לאַנג, שוין לאַנג, אז מיר ווילט זיך אָנשרײַבן דיר. לייען איך אמאָל איבער עפּעס א גרוס פון קיִעוו, אזוי װאָלט איך באַלד אפן אָרט אָנגעשריבן אַלץ, וואָס איך טראכט איבער בעשאס־מײַסע. נאָר אפן אָרט שרײַבט מען דאָך ניט. און דערנאָך גייען אוועק טעג, ווען מע שרײַבט ביכלאַל ניט. באזונדערס טעמפּיק בין איך אף שרײַבן בריוו. וואָס טוט מען? מער ווי פאר אַלעמען פיל איך זיך שולדיק פאר דעם פאר מײַן מאמען.

די לעצטע און די לעבעדיקסטע גרוסן פון קיִעוו פון אײַך אַלעמען זײַנען געווען די ליטעראַרישע בלעטלעך[1]. איך שפּיר נאָך נאָך זיי מיט גרויס אינטערעס.

ניט דער גאנצער מאטעריאַל פון די „בלעטלעך“ איז אזעלכער, וואָס זאָל ניט זײַן קאָמפּראָמעטירנדיק פארן אונטערקעפּל: „אונטער דער מיטארבעט פון דער גרופּע „ווידערוווקס“. נאָר אין אַלגעמיין זײַנען די דרײַ „בלעט־לעך“ געווען זייער לעבעדיקע און פרישע. קיפּניסעס מיניאטורן, דוכט זיך אין ערשטן נומער, זײַנען געווען זעלטענע. וויכטיק איז אָבער (נאָך מער פון אַלץ) דער טאָן, וואָס איז גענומען געוואָרן פונעם ערשטן נומער. וויכטיק איז אויך, וואָס די אידעאָלאָגישע אָנפירונג האָט איר ניט איבערגעגעבן אין פרעמדע הענט. לאָזט ניט אויך אף ווײַטער קיין פרעמדע אף יענעם אָרט, ווו א לייטארטיקל ווערט געשטעלט. מיט אייניקע שטעלן פון עזרעס ארטיקעלע בין איך לאַכלוטן ניט מאסקים — ניט אונדזער זאך איז צעפירן אָנשטענדיקײַט אין אונדזער ליטעראטור. אונדזער „שקאָצערײַ“ איז נאָך גענוג גע־זונט און פריש. זאָל בעסער נאָך דויערן אונדזער בוּיונג — אפילע אויב דאָס איז א סימען פון ניט־פולער רײַפקײַט, אפילע אויב ס'שליסט דערווײַל אויס גרויסע אָנשטענדיקײַט.

נאָר דער טאָן פון דעם ארטיקעלע האָט מאמעש גע־פרייט. עזראָ אַליין איז „שקאָצעריש“ און ברויזנד אפילע אין די רעצענזיעס.

האקלאַל, איך וויל זאָגן, אז די בלעטלעך זײַנען זייער לעבעדיקע. שיקט צו קיין מאָסקווע. ווײַל ביז איצט האָבן

[1] אן עפּיזאָדישע ליטעראַרישע אויסגאבע, דערשינען עטלעכע מאָל אין קיִעוו.

מישע טײַערער.

זײַ ניט בארויגעז, וואָס איך האָב ניט געשריבן. אזוי איז דאָס שוין, און מיר אַלע זײַנען טעמפּיק צו שרײַבן בריוו. ערגער פון אַלץ, וואָס איר אַלע, וועלכע געפינען זיך אין קיִעוו, טײַטשן אָפּטמאָל אויס דאָס שווײַגן ווי צום ערגסטן, אָנשטאָט צו פארשטיין, אז ларчик просто открывается.[1]

נו, מיילע, די, וואָס זײַנען שוין זיך דורכגעפאָרן קיין מאָסקווע, האָבן זיך שוין איבערצײַגט, אז אזוי איז דאָס, ניט אנדערש. פאָר זיך אויך דורך (אומבאדינגט). דער־לייגן ווערסטו גאָרניט, און דורכלופטערן קאָן אזא נעסיִע.

מישע, אַלץ איז פּראָסט און איינפאך. און די טײַנעס, וואָס מע האָט צו מאָסקווע (אזוי גיבן איבער די, וואָס קומען צו פאָרן), זײַנען אומזיסטיקע. ס'נעמט זיך נאָר דערפון, וואָס מע ווייסט ניט די היגע באדינגונגען און מעגלעכקײַטן. איך גיי איבער צום קאָנקרעטן: פון דײַנע לידער וועט געדרוקט זײַן דערווײַל אין פערטן „שטראָם“[2] איין ליד. פארוואָס ניט די פּאָעמע? גאנץ פּאָשעט, ווײַל דער „שטראָם“ האלט סאכאקל פינף דרוקבויגן. צוויי דרוקבויגן פארנעמט ניסטערס „נײַ־גײַסט“, איין דרוק־בויגן פּאָעזיע. אָנהייבנדיק פון האָפּשטיינען און פארענ־דיקנדיק מיט שויכעטן (אזוי, דוכט זיך, לויטן אַלעפבייס), באקומט יעדער דיכטער אין פערטן „שטראָם“ העכסטנס צוויי זײַטלעך. אָנעמען עמעצנס א פּאָעמע — הייסט זיך אָפּזאָגן פון פיר אנדערע דיכטער. דאָס וואָלט קיין טערעץ ניט געווען, ווען אַלץ זאָל זײַן אין דער צײַט. ווי איז אָבער, אז דײַנע לידער קומען אָן, ווען דער גאנצער נומער איז שוין צונויפגעשטעלט? און רעזניקס פּאָעמע קומט אָן נאָך שפּעטער? מיר האָבן אומיסטן אויס־גערעכנט — ווען מע באשליסט דרוקן אין פערטן נומער ליפּעס פּאָעמע, מוז מען אויסשליסן זעקס, אויב ניט זיבן אנדערע כאווירים, וועלכע זײַנען שוין איבערגעגעבן צום דרוק. אָט אזוי איז דאָס. אײַערע אולטימאטומס, גלייב מיר, מישע, קאָנט איר שרײַבן נאָר דערפאר, ווײַל איר

[1] געמיינט: די זאך איז גאנץ פּאָשעט.

[2] דער ערשטער יידישער סאָוועטישער ליטעראַרישער זשורנאַל. דערשינען אין די יאָרן 1922—1924.

ווייסט ניט און ווילט זיך ניט פאַרטראַכטן אויף דער לאַגע. אויב דער „שטראָם“ וועט אומקומען, איז נאָר דערפאַר, ווײַל ער גייט אײַן אויף קאָמפּראָמיסן, און אויף קאָמפּראָמיסן מוז ער אָפּטמאָל אײַנגיין, ווײַל צופיל ווערט ער שוין אטאַקירט פון אַלע זײַטן. קיין איין נומער איז נאָך ניט אַרויס אָן אינטריגעס און קאָנפליקטן. א סאַך צו ריידן.

נו, מיילע, דאָס אַלץ וועלן מיר דאָך איבערקומען. דער איקער — עפּעס זאָל געשאַפן ווערן. און דער רעזאָנאַנס, וואָס די דרײַ נומערן האָבן געשאַפן, איז א באַדײַטנדיקער. וועגן דעם האָבן מיר גרוסן. גוטע גרוסן.

מישע, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איך שרײַב ניט איבער פּאַשעטער פאַרטראָגנקייט און צעשרויפטקייט. איך רײַס זיך די אַלע טעג אָנשרײַבן עזרען און אויך נאָך ניט געשריבן. וועגן עזרען אָט וואָס: הײַנט בין איך מיט דאָבּרושינען געווען בא באַגעגנען[1]. באַגען קומט דינסטיק אָדער מיטוואָך קיין קיִעוו, און ער האָט צוגעזאָגט אים פּולקום אײַנאָרדענען. ער וועט אים מיסטאַם אַרויסרופן. אַזוי האָבן מיר אָפּגערעדט. דאָ דאַרף זיך האַנדלען וועגן דעם, אַז עזראַ זאָל זיך אָפּרוען א פּאָר כאָדאָשים אין א גוטער סאַנאַטאָריע. אָרדנט דאָס אײַן און באַוואָרנט דאָס ווי צום בעסטן. איך גלייב, אַז אין מיטלען וועט דאָ שוין קיין מעניִע ניט זײַן. וועגן די רעזולטאַטן זאָלט איר אָנשרײַבן. דערנאָך, אַז עזראַ וועט זיך אָפּרוען, וועלן מיר זיך באַטראַכטן, ווי ער וואָלט געקאָנט זיך דורכפאָרן קיין מאָסקווע. וואָלט ער געהאַט וווהין צו פאָרפאָרן, איז די גאַנצע פּראָבלעם געלייזט.

מישע, שרײַב ענטפער. שרײַב גענוי וועגן אַלע קיִעווער ליטעראַרישע איניאָנים. אַלעמען מײַן גרוס. דאָוויד, ווי דו ווייסט, איז אין בערלין. [איך] באַקום קורצע גרוסן פון אים.

נו, אַלעס בעסטע, גריס סאָרען און דעם בענאָקעלע. אויפן „פּיקטשור“ ווײַזט ער אויס א גאַנץ פײַנער „בויטשיק“. עזרען מײַן גרוס. כאָטש איך וועל אים באַזונדער אָנשרײַבן א פּאָר ווערטער.

1923 דײַן אַרקע.

מישע טײַערער.

א דאַנק א גרויסן פאַר דײַן בריוו. איבערגעלייענט און אַליין דערפילט, אַז דו מעגסט טאַקע מיר גלייבן. אייגנטלעך, איז אַזאַ פראַגע (צי מיר מעגן זיך גלייבן איינער דעם אַנדערן) קיינמאָל פאַר מיר ניט געשטאַנען. ניט געשטאַנען אויף אַזויפיל, אַז נעמענדיק זיך דיר שרײַבן, איין מאָל פאַר א גאַנץ יאָר, האָב איך אָן דער קלענסטער פאָרזיכטיקײַט אויפן אָרט אַרויסגעלייגט מײַן אומיטלבאַרן אײַנדרוק וועגן „ווידערוווקס“. דערבײַ האָב איך נאָר געדענקט, וואָס איך האָב געוואָלט און געטראַכט דיר אָנשרײַבן אין דער רעגע, ווען איך האָב באַקומען דײַן ביכל, און אינגאַנצן שוין ניט גענומען אין אכט, אַז איך האָב דיר ניט געשריבן.

מישע, דײַן ביכל האָב איך באַקומען דאָס ערשטע, און ס'האָט מיך דערפרייט, שטאַרק דערפרייט. מישע, איך מוז זיך דאָך מודע זײַן — ס'האָט מיך דערפרייט פון ערשטן קוק, נאָך איידער איך האָב דאָס געלייענט, גלאַט אַזוי, ווײַל ס'איז דײַן ביכל, און בענעגייע צו אַנדערע ביכלעך, וואָס איך האָב שפּעטער באַקומען, האָב איך שוין אַזאַ געפיל ניט געוווסט. ס'קאָן ניט זײַן קיין רייד, ווי איך באַנעם דײַנע לידער. מיט א פּאָר קאָרעקטיוון נעם איך אינגאַנצן אָן דײַן קורצע „קרעדאָ“ פון לעצטן בריוו. נאָר א ביסל פאַרדראָס האָט נאָכדעם בא מיר אַרויסגערופן דײַן ביכל. איך באַשולדיק דאָווידן פאַרן סאָלאָגובישן[1] שטעמפּל. מײַן טיפסטע איבערצײַגונג — איצטער אויך נאָך, אַז אַזאַ שטעמפּל שוואַכט דאַפקע אָפּ דעם אײַנדרוק. גיט זיך מיר אײַן פאַרגעסן דעם ציקל „נעכטיקע טעג“, ליגט פאַר מיר א ביכל פון הײַנטיקן טאָג, א צאַפּלדיקס און א פרישס. דאָס הייסט ניט, אַז אַלע לידער פון דעם ציקל וואָלטן באַדאַרפט געווען אויסגעשלאָסן ווערן. נאָר איך וויל זאָגן, אַז די לידער וואָלטן אומבאַדינגט באַדאַרפט געווען צעזייט ווערן איבערן גאַנצן ביכל, נאָר בעשום־אויפן שוין ניט אָוועקגעשטעלט ווערן אין אָנהייב.

„דאָרשט“ איז דער הויפּט־מאָטיוו פון דײַן ביכל. און דער מאָטיוו, וואָס האָט זיך בעפיירעש אײַנגעגעבן, האָט ניט געטאָרט פאַרוואַלגערט און פאַרשטעלט ווערן מיט אַנדערס.

ווייסט, איך לייען די ליד „האָבן געשאַלט טרומייטן“, און מיך פאַרדריסט: פאַרוואָס זשע איז נאָך דער ליד ניט אָוועקגעשטעלט געוואָרן די ליד „איז צו וואָס זשע דער צאָרן דער הייסער“? ווו איז די ליד „לאָמיר זײַן, ווי קינדערלעך ביידע“? איך ווײַז אָן אויף דעטאַלן, וואָס האָבן באַדאַרפט, לויט מײַן מיינונג, שאַפן די גאַנצקײַט פון ביכל. אינטערעסאַנט, ווען דאָ איז אויסגעקומען ריידן וועגן „דאָרשט“, האָבן אַלע כעסרוינעס־זאָגער זיך סוימעך געווען אויפן ערשטן ציקל: דה. גוטע לידער, זאָגן זיי, נאָר ניט קיין „הײַנטיקע“. קימאַט אַלץ, וואָס איך שרײַב דיר, זײַנען טעזיסן פון מײַנע ענטפערס. דערפאַר זאָג איך: ס'האָט פּאַשעט ניט געלוינט כאָווערן זיך איצט מיט סאָלאָגובן. און אינעמעסן געזאָגט, וואָס האָסטו דאָרטן ענלעכס מיט סאָלאָגובן, אכוץ א פּאָר, פאַרן ביכל „דאָרשט“ צופעליקע, מאָטיוון.

מישע, גענוג שטאָף וואָלט מיר געקאָנט געבן דײַן ביכל אויף אָנשרײַבן דיר עטלעכע, אפילע זייער אופריכטיקע קאָמפּלימענטן. ניט דאָס דאַרפן מיר ביידע. אין קיין האָסקאָמעס נייטיקן מיר זיך ניט. א דאַנק גאָט, שוין ביידע ניט. אין קיינעמס האַסקאָמעס: דאָס האָב איך אויך אַרויסגעזאָגט אין א געשפּרעך וועגן די ביכלעך. נאָר עפּעס פּאָדערן מיר ביידע פון קונסט און איבערהויפּט פון פּאָעזיע. געוויסע באַשטימטע באַציִונגען האָבן מיר. און די פּאָדערונגען וועלן מיר אָנווענדן (מיר מעגן זיך שוין דערלויבן אַזאַ לוקסוס) איינער צום אַנדערן.

דערמאָן זיך, אַז לויט דײַן אייצע האָב איך פון „ווענט“ אַרויסגעוואָרפן סטראָפעס, שורעס און עפּשער גאַנצע לידער, און דאָך, אַז דאָס ביכל איז דערשינען, ביסטו נאָך ניט געווען אינגאַנצן באַפרידיקט. אייניקע דעמלט אויסגעשלאָסענע סטראָפעס וואָלט איך הײַנט נאָך אויך אַרײַנגעשטעלט אין ביכל.

ווען איך האָב געשריבן וועגן פעפערן און שאַפירען, האָב איך געוואָלט זאָגן: פעפער איז וווּנדערלעך גאַנץ אין זײַן צעבראָקלטקײַט, זעלטן צו געפינען בא אים א גאַנצע ליד. נאָר דאָס גאַנצע ביכעלע איז אַזוי געגעבן געוואָרן, אַז איך פאַרשפּאָר גאָר זוכן גאַנצע לידער אָדער גאַנצע שטימונגען. שאַפּיראָ, פאַרקערט, מאַכט אָן אײַנ־

[1] באַגען — א טוער פון צענטראַלן פעלקער־פאַרלאַג (צענטריזדאַט).

[1] פיאָדאָר סאָלאָגוב — באַוווּסטער רוסישער שרײַבער; דעקאַדענט און סימבאָליקער.

דרוק פון געשטעלטקייט און סאָלידקייט. גוט זיינען צוגעקליבן און צונויפגעשטעלט די לידער.

פון מעטאָדן האָב איך [נישט] גערעדט, ניט דעמלט, ניט איצטער. איך האָב נאָר געדענקט דעם נעשאָמע־ציטער, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין דעם אָדער אין יענעם ביכל.

וועגן מעטאָדן האָב איך א סאך איבערגעטראכט פאר דער לעצטער צייט. איך בין, צום גליק, ניט געקומען צו קיין ווייטערדיקע פאר זיך אויספירן. איך האָב אויסגעמיטן די געפאר — ווערן א קנעכט פון מעטאָדן, ריכטונגען, שולעס. אן אנדערשמאָל וועגן דעם אלץ.

מישע, גריס עזרען. אויב ער וועט ניט אָנשרייבן, שרייב דו גענוי וועגן אים. וואָס טוט ער, וויאַזוי לעבט ער, ווי איז זיין געזונט. פארוואָס שיקט ער גאָרניט אהערצו. וואָס מאכט באָבער[1].

וועגן פיל, פיל זאכן וואָלט איך געקאָנט נאָך שרייבן, נאָר זאָל שוין זיין אף א צווייט מאָל. ענטפער. גריס אלעמען, אלעמען. דאָס הייסט טאקע אלעמען.

סאָרען גריס און דיין בענעלען. וואָס מאכט ער? דיין שוועסטערקינד יאראָסלאווסקאיא[2] האָט מיר דערציילט, אז ער רעדט שוין און איז א גאנצער בעריע.

שרייבט נייס וועגן קיִעוו. זייט אלע געזונט און גליקלעך.

דיין ארקע.

איך בעט נאָכאמאָל דיך און עזרען מיר שרייבן. בא נאָענטע פארבינדונגען וועלן מיר שטענדיק פארשטיין איינער דעם צווייטן.

כ׳בין אף א נייער דירע, נאָר זייער א צעפלאָנטערטער אדרעס.

1923

ליבער מישע.

א גרוס פון מיר דיר און אלעמען. דיין לעצט בריוול האָב איך באקומען. דאָברושינס בריוו, וועגן וועלכן דו שרייבסט מיר, האָב איך אפילע ניט אָנגעקוקט. געשריבן האָב איך דיר פּאָשעט און ארויסגייענדיק פון דער לאגע, ווי איך זע און פארשטיי זי.

אין „טאָג“[3] (דוכט זיך, פון 17 דעקאבער) איז געווען ש. ניגערס אן ארטיקל „די יונגע ייִדישע פּאָעזיע אין רוסלאנד“ — וועגן מיר און וועגן דיר. פריִער נאָך איז געווען אויך אין „טאָג“ זיינס אן ארטיקל „קוילעס פון אונטער דער ערד“ — וועגן דאָווידן און וועגן מיר. ער רופט זיך אָפּ גאנץ פּאָזיטיוו, כאָטש איינגעהאלטן. ליידער, האָב איך ניט די נומערן אף צושיקן דיר. איך האָב זיי בלויז געזען. פּרוּוו זיך, עפשער וועסטו געפינען אין אייער „ייִדגעזקאָם“[4].

וואָס מאכט עזראָ? ווי איז מיט זיין איינאָרדענען זיך? שרייב נייס וועגן זיך און וועגן אלעמען. סאָרען און מאָטלען מיין גרוס. איך בענק קיין קיִעוו און אהין שפּעטער־צו וועל איך זיך דורכפאָרן. „שטראָם“ גייט שוין ארויס אין א טאָג צען ארום.

נו, אלעס בעסטע. דיין

ארקע.

1923

[1] באָבער — א ייִדישער לערער, אין יענע צייטן געשריבן לידער.

[2] די שוועגערן ווערע יאראָסלאווסקאיא, א שוועסטער פון סאָרע כאשטשעוואצקאיא.

[3] א ייִדישע צייטונג אין אויסלאנד.

[4] ייִדישער געזעלשאפטלעכער קאָמיטעט אף מיטהעלפן דער דעקלאסירטער ייִדישער באפעלקערונג אריבערגיין אף פּראָדוקטיווער ארבעט.

# בריוו פון מ. כאשטשעוואצקין צו א. קושניראָוון

ליבער ארקע!

דיינע לעצטע צוויי בריוו [איבערגעגעבן] מיט דאָווידן און מיט שויכעטן, האָב איך באקומען. לאנג־לאנג האָסטו זיך געקליבן, און איך, פארשטייט זיך, האָב געהאט דאָס פולע רעכט צו זיין בא זיך גרויסמוטיק באליידיקט און אויך ניט שרייבן, ווייל ניט אלעמאָל גלוסט זיך דערמאָנען כאוויירים דאָס, וואָס זיי האָבן ווילנדיק ניט ווילנדיק פארגעסן.

נאָר איך גלייב דיר דאָך, און דיינע לעצטע צוויי בריוועלעך באווייזן, אז איך מעג דיר גלייבן.

וועל איך אָנהייבן פונעם סאָף. דער ארויסטריט פון „ווידערוווּקס“ איז געווען, זעט אויס, א נאטירלעכע צעטיילונג פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך צופעליק צונויפגענומען אין איין אָרט און האָבן געוואָלט איינינעם זינגען אין איין קאָנצערט, כאָטש גלייך פון אָנהייב האָט זיך ארויסגעוויזן, אז וועגן איקער האָט מען זיך גאָר פארגעסן צונויפריידן. דאָס הייסט, פּאָשעט, מ׳האָט זיך ניט צונויפגעזונגען. געוויס מיין איך דערמיט ניט, אז פארשיידענע לויטן ארט און אויפן פון אויסדרוק מענטשן קאָנען צוזאמען ניט זיין, נאָר פארשיידענע לויטן צוגאנג [קאָנען געוויס צוזאמען] ניט ארבעטן. דעמלט, ווען ס׳רעדט זיך וועגן געמיינזאמער ארבעט, און, כוץ דעם, פערזענלעכע באציִונגען. דעריקער שיידן זיך קיין דיכטער ניט אונטער פון פּאָשעטע מענטשן, און עפשער זיינען זיי נאָך ערגער. איך גלייב, ס׳זאָל באצייטנס זיין דאָוויד צי עפשער נאָך עמעצער, וואָלט דערצו ניט געקומען, און אזוי איז דאָס גיכער פאָרגעקומען.

איך גלייב, אז דערמיט האָט זיך אין טאָך ארויין גאָרנישט געביטן — ניט געביטן אין זינען פון צוזאמענארבעטן: איז ניט אף דער פּלאטפאָרם, איז אף א צווייטער.

און דאָס זאָלן די פון אויסן טאקע וויסן. אינערלעכע קריגערייען — דאָס האָט ניט צו זיי. אף אויסן זיינען מיר און וועלן טאָמיד זיין איין שטארקער קויעך, וואָס וועט קאָנען סיי צו באשיצן זיך פון אָנפאלן, סיי אליין אָנפאלן, ווו מע וועט דארפן.

מיך וווּנדערט אָבער אן אנדער זאך. כאָטש דו האָסט דיין ערשטן בריוו ניט געענדיקט און וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגן דאָרטן וועגן דיין באציִונג צו דיכטונג, ווייס איך ניט, געפעלט מיר אָבער ניט, ווען דו זאָגסט: פון אלע ביכלעך געפעלט דיר דערווייל דער זאץ...

געוויס, שטאנדפונקטן זיינען דאָ און קאָנען זיין א סאך. אָבער ניט דער אויסערלעכער, קיינמאָל קיין אויסערלעכער סימען פון דיכטונג קאָן ניט דינען אלס א מאָס פון איר.

און דעריבער, אז איך זאָג, מיר געפעלט פעפער, וועל איך זאָגן, אז ניט דערפאר, ווייל ער שיסט פארוואָסן[1], צי א ליד הענגט זיך בא אים, נאָר פאר דער גרינגקייט און נאטירלעכקייט, מיט וועלכער ס׳גיסט זיך אויס בא אים א ליד, האגאם פיל־פיל איז דאָרט בא אים פרעמד.

[1] דער אווטאָר האָט אין זינען אי. פעפערס א ליד.

און דעריבער פרייט מיך (איך מעג דאָך עס זאָגן), ווען מענטשן פילן אין מײַנע לידער א סאך שטימונג און הארציקייט, וועלכע די שטימונג זאָל ניט זײַן. ווײַל נאָר אָט דער אינוויניקסטער מאָטיוו פון הארצן, אויב ער שפירט זיך, — און אים קאָן מען ניט אין עמעסער דיכטונג ניט שפירן, — איז דאָס איינציקע, דאָס דיכטערישע. און אלדאָס איבעריקע איז פון היסטערישן, פון קינסטלעכן, פון געמאכטן, האקלאַל — פון אנדערע מעקוירים.

און מיין ניט, אז דו ביסט אינטערעסאנט צוליב דעם, וואָס דו קענסט צונויפניייען צען — צוואנציק בילדער צוזאמען און מאכן א ליד. גאָר־גאָר ניט דערפאר — ווײַל דאָס איז אויסערלעך, דאָס איז דער „פּאסאָן דע פּארלע", וואָס בײַט זיך אלעמאָל און ס'איז נאטירלעך, אז ער בײַט זיך. נאָר פאר דעם אינוויינקסטן אָטעם („אָטעם" רופט פינינבערג אָן זײַן ביכל), וואָס שלאָגט זיך דורך, וואָס באהעפט די אלע ווערטער, קלאנגען און בילדער און גיט זיי דאָס, וואָס רופן זיך אָן הארמאָניע. אָט האָסטו דיר אָף איין פוס א גאנצע קרעדאָ — געפעלט יאָ, געפעלט ניט: מײַנע וועגן זײַנען פאר מיר אליין ניט קלאָר, גענוג „פלאָנטער איך נאָך גרענעצן" און פרעמדע גרענעצן, אָבער איך ווייס, וואָס איך ווייס, און פון דעם ווערט מען מיך ניט אָפּשלאָגן. זײַ געזונט, ארקע. שרײַב צו מיר. איך גלייב, מיר וועלן זיך מיט דיר צונויפריידן. גריס מאָסקווע, כאציען[1] און אויסלענדערן.

מישע.

טײַערער ארקע.

איך האָב דיר צוריק מיט עטלעכע טעג אנגעשריבן עטלעכע ווערטער — געשיקט מיט דער פּאָטשט. דאָרט האָב איך געשריבן ווערטער ביכלאַל. אצינד פּראט.

די פארשלעפטע קרענק מיט „ווידערוווקס" האָט אצינד, אפּאָנעם, זיך געענדיקט מיט אן אָפּעראציע.

דער כירורג האָפּשטיין האָט גאָרניט געהאָלפן, ניט געהאָלפן האָט אויך א. שויכעט.

איצט האָט „ווידערוווקס" ארויסגעלאָזט דעם „בארגארוך" — א קנאפע קינסטלערישע הייך. און за баркой[2] זײַנען געבליבן נאָך איינינקע. „ווידערוווקס" ווערט אצינד א סעקטע.

שויכעט האָט דאָך טאָמיד פלענער, און גוטע, און אצינד אויך. און זיי געפעלן מיר. איך גלייב, אז עזראָ וועט אויך אײַנגיין דערויף. ס'איז געוועגדט, פארשטייט זיך, אין דעם, ווי ווײַט זיי וועלן פארווירקלעכט ווערן.

א. שויכעט וועט דיר איבערגעבן עזרעס ביכעלע, א שיין ביכעלע. איך ווארט שוין מיט אומגעדולד אָף דעם דריטן „שטראָם". כאָטש ס'שרעקט מיך אזוי „סדאָם", אז איך האָב מוירע, און איך וועל דארפן דעם „שטראָם" באהאלטן אונטערן קישן — מײַן ווײַב און ביכלאַל פּרוּוען זאָלן אים ניט זען. זאָלסט ניט פארגעסן צושיקן. זײַ געזונט. איך גריס אלע אונדזעריקע.

דײַן מישע.

1922

---

1 יעכעזקל דאָבּרושין.

2 געמיינט: פון יענער זײַט באָרט.

## בריוו פון יעכעזקל דאָבּרושינען

טײַערער פרײַנט כאשטשעוואצקי!

קווידעמקאָל, אין מײַן פּערזענלעכן נאָמען. כ'ווייס, אז איר האָט און מוזט אָף מיר פאריבל האָבן. אָבער א סאך אזוינע פאריבלען זײַנען אָפּגעפאלן נאָך פּערזענלעכע שמועסן. און בא דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך אײַך פּרוּוון אָנשרײַבן וועגן מײַנס און אײַערס, און זייערס און אונדזערס. און אזויווי בא די אלע מײַסים בין איך ריין, ווי שאָלעם־אליינעמס ציפּע־דווירע, — וועט איר אראָפּנעמען אײַער ניט־צוטרוי צו מיר.

איצט אין נאָמען פון רעדאקציע.

אײַערע לידער באקומען. קיין „ציקלען" אָבער קאָנען מיר אין דעם נומער בעשום־אויפן ניט געבן. כ'האָב שוין געשריבן רעזניקן, אז איין ליד (אונדז געפעלט די מײַסע מיטן קינד), ריכטיקער איין זײַטל „שטראָם", קאָן זײַן אײַערס. אין דעם נומער מוזן מיר אזוי האנדלען. מיר האָבן ניט קיין אנדער אויסוועג. איז אויב איר ווילט דרוקן איין ליד, טאָ גיט באלד א ידיע. אײַער זײַטל וועט זײַן רעזערווירט.

מיר פּערזענלעך געפעלן פּרינציפּיעל אײַערע לעצטע לידער, אָבער איך האָב צו זיי גרויסע טײַנעס פון שטאנדפּונקט פון טאָן און אופאסונג. זיי זײַנען איצט בא קושניראָוון. קאָן איך ניט שרײַבן.

ווארטן מיר אָף אײַער באלדיקער טשוווע.

און זײַט מיר און אונדז א גוטערפרײַנט און גריסט הערצלעך סאָרען.

אײַער יעכעזקל דאָבּרושין.

1922

ליבער כאשטשעוואצקי.

ס'איז מיר שוין אזוי שווער שרײַבן פון ליטעראטור, מאמעש ווי שפאלטן א יאם. איז זײַט מיר מויכל פאר ניט קלאָרקייט, ניט דײַטלעכקייט. אין פערטן „שטראָם" גייט אײַער „קינד", ניט מער. פיזיש אומעגלעך. אלע קומען מיט די זעלבע טײַנעס, און אלע זײַנען גערעכט, נאָר איך איינער בין אומגערעכט. מיר האָבן באשלאָסן א פּרינציפּ — א זײַטל א מענטשן, נאָר שויכעטס פּאָעמע פארנעמט מער, האָט מען זי אויך געשניטן. קיין כאראקטער פון אויסשטעלונג טראָגט עס ניט, ווײַל אלע נעמען אָנטייל — אלטע און נײַע, זקיינים און יונגע.

איצט עקס פּרינציפּא. אײַערע לעצטע לידער האָבן מיך געשטעלט אָף אײַער צאד, ווײַל איר הייבט אָן אויסגעפינען אן אייגן וועגל, און גראָד א טעמאטיש וויכטיקס און באדײַטנדיק ריטמיש. אָבער די דאָזיקע לידער, וואָס איר האָט געשיקט, זײַנען ניט אָנעמבאר. דאָס ערשטע — די באלאדע „פון פינגער" האָט אן אינוויינקסטע אריכעסדיקײַט, איר טאָרט עס ניט טאָן. מײַלע, ניט דאָס וואָלט אונדז ארן, דער סאָף ארט אונדז. עפּשער טאָר מען איצט ביכלאַל ניט שרײַבן קיין באלאדעס, בעשאס מע גייט צום גראָטעסק. הייב איך ניט אָן צו פארשטיין, ווי צו לערנען דעם פּראט. מע טאָר דאָך ניט גלייבן, און דער גלויבן אָרגאניזירט ניט מער! איז ווי קאָן ווערן די אויסלייזונג פון א שפּאנענדן קנופּ און ביפּראט דער שטורעם, דער זעלבער שטורעם, וואָס אין מידבער בא אײַך, און ס'איז

בעפּיירעש אַ דעוס עקס מאַכינאַ[1] און ניט קיין פּסיכאָלאָ־
גיש־באַרעכטיקטער אויסגאַנג.

איצטער וועגן „געמיט". גוואַלד, פאַרוואָס אַזאַ גרינגער פּעסימיזם? אויב פּעסימיזם, איז לעכאָל־האַפּאָכעס פּיי־ניקן דעם „יונגן גאָט", ווי רעזניק דערשטיקט. „יאַמטעוו" איז עמעסדיק שיין. אָבער פונוואַנען נעמען זיך האַרן און קנעכט — ס'איז דאָך נאָך פונעם ניסטער־סטיל. אָבער פאַר דעם ריין איצטערדיקן סוזשעט איז דאָך עס טויטער וואָרט־אינווענטאַר. איר זינדיקט מיט איבערלויפן פון בילד־מישפּאָכע אין בילד־מישפּאָכע. דערנאָכדעם דעם זיידן מיטן גאַניידן. גלייבט מיר, טייַערער מוישע, אַז איך בין אויסן שטיין פאַרן קאָוועד פון דער רעוואָליוציע, אָבער ס'איז פּאַשעט אַ פּראַגע פון ליטעראַרישן נוסעך. נייַער אָרגאַניזירטער געדאַנק פּאָדערט ניט ניצן בילד־מיטלען, וואָס זייַנען געזעטיקט מיט אָפּגעלעבטע אַסאָציאַציעס, און איר נייט אָרגאַניש, מער ווי פּסיכאָלאָגיש, מיט אַזוינע אַלטע שטעפּ. צוליב וואָס?

איך ווייס ניט, אַמאָל טראַכט איך, אַז איך בין צו פּו־ריטאַניש. נו, דאַן בין איך סוביעקטיוו, איז פּאָלגט מיך ניט. סאַפּקאָלסאָף איז ליטעראַטור אַ געשמאַק־זאַך. אָבער פאַרוואָס זאָלט איר וועלן שאַפן אָרגאַנישע רעטראָספּעק־טיוון. און ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיר, זייַענדיק באַ פּראַק־טישער אַרבעט, לייַדן דערפון, וואָס אונדזערע בעסערע טוען ניט דאָס, וואָס זיי דאַרפן טאָן, קומען ערגערע און טוען דאָס, וואָס זיי טאָרן ניט טאָן. און אָט [האָט] איר אויך געשטעלט זיך אָף אַ גוטן וועג פון מאָטיוון־ליד און שוין גענומען גלעטן פאַרגאַנגענהייַט. גוואַלד, מיר האָבן דאָך ניט ווייניקער געזינדיקט פאַר דער צוקונפט, פאַר־וואָס בעטן אַלע מעכילע באַ זיידעס? מוז קומען דער נוד־ניק גילדין און זייַן גערעכט, און ליטוואַקאָוו שרייַבט פון איסרעכאַג[2], און איר ווילט, אַז דער „שטראָם" זאָל דער־קלערן טישעבאָוו. האָט איר געלייענט ניגערס אַרטיק־לען — זעט איר, ווי ס'זעט אויס פונווייַטן, אַז ס'זייַנען שוין אַלע פּייַערן אויסגעלאָשן. ווער־ווער, אָבער „שטראָם" טאָר ניט העלפן שאַפן אַזאַ שטימונג. איז, ליבער כאַשטשע־וואַצקי, נעמט ניט פאַר אומגוט: „דאָס געמיט" איז בע־כאָל־אויפן ניט פאַר אונדז. שיקט אַנדערס. מיר פּאָדערן ניט קיין רעוואָליוציע־יובילייען, אָבער שפּירונג פון צייַט, ניט קיין געבראָכענע געמיטער. שיקט פאַרן פינפטן „שטראָם" און גיט איבער פּעפּערן און וואָלעדניצקין, אַז זייערע לידער האָבן אונדז ניט געפּאַסט, ס'זייַנען געווען פינף „מעווינים", און גלייבט אונדז איינמאָל פאַר אַלע־מאָל, אַז מער ווי זייַן אופריכטיק זייַנען מיר ניט אויסן, — זאָל פּעפּער שיקן זייַן פּאָעמע, מיר מוזן האָבן צייַט־מאָטיוון, ער איז דער איינציקער. זייַן פּאָעמע וואָלט גע־גאַנגען באַלד אין פינפטן נומער.

ווען מיר וואָלטן פאַרבראַכט מינדלעך, וואָלט איר, גלייב איך, פאַרשטאַנען, אַז עפּשער זייַנען מיר גערעכט. שרייַבן וועגן דעם איז זייער שווער. גריסט האַרציק סאָרען און קומט איינמאָל קיין מאָסקווע דורכשמועסן זיך.

אייַער י. דאָברושין.

1923

[1] אַ פינאַל, וואָס איז געקומען דורך דער אַרייַנמישונג פון אַן אומגעריכטן אומשטאַנד.

[2] געמיינט ליטוואַקאָווס אַרטיקל וועגן „שטראָם": „ערעוו אָדער איסרעכאַג?".

גיט איבער [אַ גרוס] כאַראָל דוווירע אין מייַן נאָמען. איר לעצטן בריוו האָב איך [איצט] באַקומען, פריִער — נישט. כ'וועל איר ענטפערן אינגיכן.

י. ד.

## אַ בריוו פון עזראַ פינינבערגן

טייַערער מוישע!

אַ ליד קאָן מען אַמאָל ניט פאַרשטיין. אָבער אַ פּראָסטן בריוו דאַרף מען יאָ קאָנען פאַרשטיין. איך קלייַב זיך ניט געבן אין „שטערן"[1] קיין לידער, און כ'האָב זיך ניט געקליבן עס טאָן. טאַקע ווייַל איך בין פון דער נאָענט, ווילט זיך מיר ניט. פונווייַטן עפּשער איז לייַכטער. דייַנע לידער וועל איך דערווייַל ניט איבערגעבן, כ'וועל וואַרטן פון דיר אַ בריוו. אַלנפאַלס, די לידער האָב איך נאַרוואָס באַקומען. פאַרשטייט זיך, באַלד דורכגעלייענט. און איך האָב מוירע (אויסלענדער רעכנט אויך אַזוי), ס'קאָנען זייַן סורפּריזן. מע קאָן זיי אַמאָל ניט וועלן דרוקן אויך. וואָלסט וויסן, וואָס מיט מייַנע לידער פון דער „רויטער וועלט"[2] האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן אין פאַרטייִישע קרייַזן: גוט, גוט, נאָר געפּערלעך, געפּערלעך. טאָ, ווי דו פאַר־שטייסט. האַלקינען גיב איבער דאָס זעלבע. געשמאַקן גייען זיך פאַנאַנדער, ביפראַט נאָך, אַז מע איז פונדער־ווייַטן...

אַזוי פּיל איך זיך גוט. צייַטנווייַז גאָר גוט. און צייַטנ־ווייַז גאָר שלעכט. לידער האָב איך נייַע. היפּש. עמעסע לידער. מיר דוכט (אַנדערע אויך), אַז זיי זייַנען ניט ער־גער פון יענע, וועלכע איך האָב יענץ מאָל געבראַכט קיין מאָסקווע. נאָר פונדעסטוועגן פּיל איך זיך עפּעס זייער אָפּגעריסן פון דער וועלט, כאָטש איך ווייס, אין מאָסקווע פּילט מען אויך דאָס זעלבע... אַלץ ווערט פאַרגעבן מיט אַ גוטער ליד אָן אייגענער. צי אפילו אַ פרעמדער. מיר ווילט זיך שוין אוועקפאָרן — די טעג וועל איך מאַכן קלאָר מייַן זייַן און ניט זייַן. דו ביסט באַרויגעז אָף מיר, וואָס איך האָב דיר ניט געשריבן, און איך אָף דיר. איך האָב דיר געשריבן אַ קאַרטל, און דו מאַכסט זיך גאָר ניט וויסנדיק — ווו איז יוישער און מענטשלעכקייַט... וואָס מאַכן אונדזערע כעווירע? ווי פּילט זיך האָפּשטיין? כ'וואָלט אים זייער וועלן זען. נאָך די לידער איז קאָנטיק, אַז ער פּילט זיך שלעכט, איך האָב זיך פון זיי אויך גע־פּילט שלעכט. ווו איז זייַן ווייטעק? זייַן בראָך? ער קאָן דאָך עס געבן, פאַרוואָס טוט ער עס ניט?

זייַ געזונט. גריס סאָרען מיט מאַראַטשקען.

גריס אַלע אונדזעריקע. שרייַב גלייַך אָן, וואָס צו טאָן מיט דייַנע לידער. איך וואַרט.

1926

[1] אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער כוידעש־זשורנאַל, דערשינען אין מינסק אין די יאָרן 1925—1941.

[2] אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער כוידעש־זשורנאַל, דערשינען אין כאַרקאָוו—קיִעוו איז די יאָרן 1924—1933.

## א בריוו פון מ. כאשטשעוואצקין
## צו ע. פינינבערגן

טײַערער עזראָ!

איך האָב געלייענט דײַן ארטיקל אין „עמעס“ און בין
געווען עמעס צופרידן, סײַ מיט דײַן קומען, סײַ מיט
דעם, וואָס ביראָבידזשאן האָט געמאכט אף דיר א גוטן
אײַנדרוק, סײַ מיטן ארטיקעלע גופע און נאָך און נאָך
מיט א סאך זאכן. סאָפקאָלסאָף איז כאווערשאפט דאָך
פאָרט א זאך. און כאָטש לעצטנס (און גאָר־גאָר לעצטנס)
זײַנען אונדזערע באגעגענישן ניט געווען עפשער אזעלכע,
ווי זיי האָבן געדארפט זײַן, און כאָטש מיר האָבן אָפט־
מאָל גענוג טײַנעס און פאריבלען איינער צום צווייטן,
אָבער דאָך פיל איך, אז אונדזער כאווערשאפט ליגט ער־
געץ א סאך טיפער און איז א סאך פעסטער, ווי די אויבנו־
פיקע טײַנעס, רויגעזן און פאריבלען. עפשער איז א
באווײַז אפילע דאָס, וואָס מיר האָבן זיך לעצטנס אזוי
אומגעריכט צונויפגעטראָפן אויך טעמאטיש־דיכטעריש.
ווידליק איך האָב געלייענט אין דער פרעסע, האָסטו פאר־
עפנטלעכט אין „פּאַרפּאָסט“[1] א פּאָעמע „אָשער שווארצ־
מאן“, און דערוווּסט האָב איך זיך פונקט אין דעם טאָג,
ווען איך האָב אין קיִעוו באדארפט פאָרלייענען אף אן
אָוונט מײַן פּאָעמע, אויך „אָשער שווארצמאן“. איך ווייס
ניט, ווי דו ביסט צוגעגאנגען צו דער טעמע. און בין
אפילע פּאָרויס זיכער, אז ביידע האָבן מיר אָנגעשריבן
גאנץ פארשיידענע זאכן, נאָר דאָס איז זייער און זייער
טשיקאווע, וואָס מיר גראָד, און אין איין צײַט, האָבן זיך
גענומען צו איין טעמע. איך דערמאָן שוין ניט די צו־
זאמענטרעפונגען אין אנדערע זאכן, אשטייגער אין אי־
בערזעצן אײנצײַטיק איינע און די זעלבע פּאָעמע פּוש־
קינס („דער קופערנער רײַטער“) אא.

[1] א ליטערארישער זשורנאל, דערשינען אין בירא־
בידזשאן אין די יאָרן 1936—1939.

אגעוו, האָב איך דײַן „פאוסט“, ווי דו ווייסט, מיסטא־
מע, גוט דורכגעשטודירט און אָנגעשריבן וועגן אים, ווי
אויך וועגן אנדערע דראמאטורגישע איבערזעצונגען —
האלקינס, ליפעס[1] („גאָדונאָוו“), האָפשטיינס (פּושקינס
דראמעס) א גרויס ארטיקל, ווו איך האָב צו דיר א סאך
און גרויסע טײַנעס. איך מיין אָבער, אז אויך דאָס ווּעסטו
ניט אָנעמען פאר קיין סימען פון אומפרײַנטשאפט. איך
טראכט, אז קעדיי די איבערזעצונגס־ארבעט זאָל טאקע
שטיין אף דער געהעריקער הייך, דארפן זיך די, וואָס
פארנעמען זיך דערמיט, ארויסזאָגן וועגן דער ארבעט
מיטן פולן מויל, און אויב ס׳וועט אמאָל זײַן אפילע צו
שאנד, וועט דאָס דער ארבעט ניט שטערן, נאָר העלפן.
איך וואָלט זייער וועלן האָבן פון דיר א בריוול. וויסן,
וואָס דו מאכסט און וואָס קלערסטו טאָן. ווּהין קלײַבסטו
זיך אף זומער? וואָס מאכן דײַנע בניי־באָיִס? שרײַב אומ־
באדינגט אָן.

דײַן מישע.

פ.ס. אמאָל, מיט א יאָר 11־12 צוריק, האָבן מיר מיט
דיר שפּאצירט אין מאָסקווע אף טווערסקאָי בולוואר און
דו האָסט מיר געלייענט א ציקל לידער, וועלכע האָבן
עפּעס ארויסגערופן בא מיר געוויסע טײַנעס. דו האָסט
דאן גענומען און צעריסן די לידער און אוועקגעוואָרפן.
איך האָב זיי אָבער צוגענומען און, קומענדיק אהיים, צו־
נויפגעקלעפּט. איך האָב זיי איצט בא זיך צופעליק געפו־
נען. פונעם קליי זײַנען זיי שטארק פארגעלט געוואָרן,
און איך האָב זיי קוים געקאָנט דורכלייענען. נאָר אזויווי
זיי זײַנען קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרן (אזוי ווי זיי
זײַנען), האָב איך באשלאָסן, אז עס איז א שאָד זיי צו
פּאטערן. עפשער וועט דיר אויך זײַן אָנגענעם איבערלייע־
נען זיי באנײַס, האָב איך זיי טאקע איבערגעשריבן און
שיק דיר.

מישע.

[1] ליפע רעזניק.

## א דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון באבי־יאַר

לויטן באשלוס פונעם קיִעווער
שטאָט־סאָוועט וועט אין קינפטיקן יאָר
אופגעשטעלט ווערן א דענקמאָל די
קדוישים פון באבי־יאַר.
דער מאָנומענט וועט שטיין באם
ארײַנגאנג אין פארק, וואָס ווערט
פארפלאנצט אין באבי־יאַר אפן אָרט
פון די מאסן־האריגעס. ער וועט זײַן
א דערמאָנונג פאר די קינפטיקע דוי־
רעס וועגן די ראָצכישע מײַסים פונעם
פאשיזם.
עס איז דערקלערט געוואָרן א קאָנ־
קורס אפן בעסטן פּראָיעקט פון דעם
דענקמאָל.

ארן ראסקין

# שעפערישע רײַפקײַט

„מע קאָן אָפּגעבן א מאזלטאָוו דער ייִדישער ליטעראַטור מיט א נײַעם שרײַבער", — האָט געשריבן הענעך קאזאקעוויטש, ווען ער האָט זיך באקענט מיט דעם ערשטן ווערק פונעם נײַנצניאָריקן יעכיעל פאַליקמאַן אין 1931.

א זון פון א דאָרפס־ייִד, וואָס האָט אלע יאָרן באטראַקעוועט אף פּריצישער ערד און גוט געוווּסט דעם טאַם פון דאַלעס און שווערער האָרעוואַניע, האָט יעכיעל פאַליקמאַן ארײַנגעטראָגן אין דער ליטעראַטור דעם פארביקן פּייזאַזש פונעם אוקראַיִנישן דאָרף, דעם אראָמאַט פון די פעלדער.

עפשער איז אין זײַן ערשטלינג „סטעפּעס שיטן זיך" נאָך ווי־ניט־ווי צו מערקן שפּורן פון אָנפאנגערישער ניט־רײַפקייט. נאָר שוין דאָ פילט זיך דער זיכערער גאנג פון אזא אײנעם, וואָס טרעט אויס זײַן אייגענעם וועג.

דער שרײַבער האָט דאָ דערציילט וועגן די שווערע געבורט־ווייען פון א ייִדישן קאָלווירט אף די ברייטע סטעפּעס פון כערסאָנער געגנט. זאפטיקע נאטור־בילדער צווינגען אונדז מאַמעש צו שפּירן דעם אָטעם פון צײַטיקן ווייץ; „אין סטעפּ האָבן ווייצן געסמאַקעט לעצטן זאפט פון טרוקענער ערד, געשושקעט זיך און אף דער זון געצײַטיקט... ווייצן האָבן מיט שווערע יאָדערדיקע זאנגען צו דער ערד זיך געבויגן". מיר הערן דאָס געבעט פון רײַפן ווייץ: קומט און שנײַדט.

אין בוך „צווישן סאָפּקעס" (1937) פארברייטערט זיך דעם אווטאָרס טעמאטישער שילדערונגס־קרײַז. אין א גרעסערער דערציילונג „דאָס לעבן רופט" מאָלט ער רירנדיקע בילדער פון פארוואָרלאָזטע, קאָרבאָנעס פון מילכאָמע און בירגערקריג. עס איז אויך געקומען די ביראָבידזשאן־טעמע, וועלכע האָט אין יענע יאָרן פארנומען א בעקאָוועדיקן אָרט אינעם שאפן פון א ריי ייִדישע שרײַבער. פאַליקמאַנען האָט אין דער ערשטער ריי פארכאַפּט די ראָמאַנטיק פון באהערשן די ווילדע, נאָך פון מענטשן ניט באטראָטענע טײַגע.

פּאָעטיש איז די דערציילונג „צווישן סאָפּקעס", וואָס דערמאָנט אין די ראָמאַנטישע לײַוונטן פון פּענימאָר קופּער. פאַליקמאַן צייכנט אָן א ריי שטימונגספולע פּייזאַזשן; זיי לאָזן אונדז דערפילן דעם אוראַלטן אומעט, דעם קאַלטן גליווער פון די פּראַסטיקע ווײַטן, וואָס וועקן אינעם מענטשן שרעק, אומרו און בענקשאפט. אלס אָרגאנישער טייל פון דער דאָזיקער אוראַלטער ווילדקייט דערשײַנט פאר אונדז דער יעגער לוקי. ער איז אײַנגעלעבט אינעם אורווילדן פּייזאַזש, אים שרעקט די „ציוויליזאציע", וואָס רײַסט זיך אהער ארײַן. אָבער ניט קיין געלט־גײַציקע רויבער זײַנען אהער געקומען, ווי דאָרט, בא קופּערן, נאָר יונגע סאָוועטישע ענטוזיאַסטן, וועלכע זײַנען אהער אראָפּגעפאָרן צו באלעבן די געגנט, אירע רײַכטימער זאָלן דינען דעם היימלאַנד.

נאָך א לאַנגן געראַנגל מיט זיך באגרײַפט לוקי, אז זײַנע נײַע כאַווײרים, די באהערשער פון דער טײַגע, ווילן ברענגען גליק און פרייד פאר אים און אזוינע, ווי ער. ער לאָזט זיך אוועק אין סטאַיבישטשע נאָך מענטשן פאר דער בויוּנג.

די דערציילונג „אָנהייב פרילינג", וועלכע עפנט פאַליקמאַנס נאָוועלן־זאמלונג אונטערן זעלבן נאָמען (1940), איז א מין ליריש־ראָמאַנטישע פּאָעמע אין פּראָזע, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט פרילינג און יוגנט־צוויט.

דאָ אנטפּלעקט זיך דעם שרײַבערס נייטיִע צו מאָלן שטימונג. עס געלינגט אים פון סאַמע אָנהייב דורך א ריי נאטור־בילדער אײַנצושליסן דעם לייענער אינעם ראָמאַנטישן, קימאַט מײַסעדיקן סוזשעט.

פאַליקמאַנס ליריזם אנטפּלעקט זיך באזונדערס אין דער סעריע דערציילונגען וועגן זײַן קינדהייט. אין די דאָזיקע נאָוועלן („דער פאָטער", „אייגענע", „ערשטע ליבע", „אש" אא.) דערשײַנט פאר אונדז דאָס געשטאַלט פונעם לירישן העלד. „ערשטע ליבע", לעמאָשל, הייבט זיך אָן און פארענדיקט זיך מיט איין און דעם זעלבן בילד:

„ס'איז אָנהייב הארבסט. עס פאַלן פון די ביימער אפן טראַטואַר קאַשטאַנעס, אײַנגעהילטע אין זייער גרינער שטעכיקער שאָלעכץ. די שאָלעכץ צעשפּאַלט זיך מיט א טראַסק, און די קאַשטאַנעס קײַקלען זיך גלאַנציקע, פּײַנטלעכע, שפּרינגען אָפּ אין א זײַט און בלײַבן ליגן אין רינוועלע, פארווּרטיילטע אף קיינמאָל ניט צעוואַקסן זיך".

קינסטלער רופן אָן אזא קאָנדענסירט, קימאַט סימבאָליש בילד, וואָס דריקט אויס דעם טאַמציס פון גאנצן ווערק, — „רעפלעקס". פאַליקמאַן ווייסט דעם סאָד פון אזוינע רעפלעקסן.

די ליבע האָט זיך אָנגעהויבן אף א ביז גאָר אייגנאַרטיקן אויפן. דעם העלד פון דער געשיכטע האָט מען געכאַפּט אף אָן עפּלבוים באַם גאַנוועגען עפּל אין א פרעמדן סאָד. אין דער אָנוועזנהײַט פונעם „פרעמדן" מיידעלע, וואָס איז צופעליק געוואָרן דער איידעס פון זײַן ביזאָיען, האָט ער דאָס ערשטע מאָל פארשטאַנען, אז ער באגייט א פארברעכן. אזוי איז אנטשטאַנען דער באָדן פאר א שיינער, זויבערער ליבע. דער אראָמאַט פון די בלעטלעך פון שאָלעם־אליי־כעמס „שיר־השירים" לאָזט זיך פילן אין די צויבערפולע פּייזאַזשן פון דער פארקלערטער אָזערע, פון דעם פארטרוימטן סאָד, אין די שיינע קינדערשע כאַלוימעס, אינעם ציטער פון זייערע קינדעריש פארליבטע נעשאָמעס...

די ליבע מאַכט ריינער און איידעלער דעם העלד, באגײַסטערט אים, דעם יונגן קינסטלער, צו שאפן לײַוונטן, וואָס זײַנען פארוועבט מיט ראָמאַנטישער סוידעספולקייט. און טאַקע פארטיפט אין מאָלערײַ, באַם אויסטרוימען דעם „שעדעווער" מיט דער גאָלדענער פּאַווע, וואָס האָט געזאָלט געשענקט ווערן דער געליבטער פרינצעסן ראָניע,

האָט דער העלד פאַרלאָרן זײַן גליק: די גאָלדענע פּאַווע איז אַוועקגעפלויגן... די קאַשטאַנעס זײַנען פאַרורטיילט געוואָרן אויף קיינמאָל ניט צעוואַקסן זיך...

„יאָרן זײַנען אַוועק און אַלץ פאַרמעקט, נאָר דעם אָנדענק וועגן יענעם זומער, וועגן ראַניען, איז גאָרנישט בעקויעך צו פאַרמעקן אין מיר. איצט בין איך פּונקט צוויי מאָל אַלט, ווי איך בין דעמלט געווען, און איך גיי אום אין שטאָט, וווהין ראַניע איז אַמאָל אַוועקגעפאָרן... כ׳האָב שוין געקענט אַזויפיל מיידלעך, געליבט... נאָר איך פיל, איך ווייס, ראַניעס אָרט האָט קיינער ניט פאַרנומען, ס׳איז הייליק, און קיינער וואָגט אַהין ניט אַרײַנדרינגען“.

אַ וואַרעם געפיל צום מענטשן, אינערלעכער גלויבן אין זײַן שיינקייט, — „אין יעדן פון אונדזערע מענטשן איז דאָ אַ פּערל, מע דאַרף אים נאָר קענען געפינען“, — אין דעם באַשטייט די ווירקונגס־קראַפט פון פאַליקמאַנס בעסערע ווערק.

דער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט פאַליקמאַן געווידמעט צוויי נאָוועלן־זאַמלונגען — „ליבע און פײַער“ און „מענטשן פון אונדזער לאַנד“ — און דעם ראָמאַן „די שײַן קומט פון מיזרעך“. צו דער דאָזיקער טעמע קערט זיך דער שרײַבער אום ניט איין מאָל, ער אַרבעט איבער איר זייער ערנסט ביז הײַנטיקן טאָג.

פאַליקמאַן איז פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט און האָט אַלס קריגס־קאָרעספּאָנדענט דורכגעמאַכט די גאַנצע מילכאָמע. זײַנע דערציילונגען האָט ער געשריבן אויף די שלאַכט־פעלדער. זײַן וואָרט איז געקומען פון סאַמע פײַער. אים איז דעריבער געלונגען צו דערטראָגן צום לייענער די פרישע פּראָטים פונעם אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער אויפן פראָנט, די ליידן און פריידן פון די, וואָס האָבן אויף טויט און אויף לעבן זיך געראַנגלט מיטן בלוטיקן סוינע.

אין די נײַע נאָוועלן־זאַמלונגען האָבן זיך אין דער פולער מאָס צעוויקלט פאַליקמאַנס שעפערישע אייגנשאַפטן: זײַן פּלאַסטישער טאַלאַנט און באַאָבאַכטערישקייט, זײַן קונסט צו פאַרכאַפּן דעם לייענער מיט געשפּאַנטער דראַמאַטישער סוזשעטיק, די פעיִקייט צו אינדיווידואַליזירן געשטאַלטן, דער אינטערעס צו פּסיכאָלאָגישער דעטאַל.

די העלדן פון די מילכאָמע־נאָוועלן זײַנען געוויינלעכע סאָוועטישע מענטשן. אין פײַער פון די שלאַכטן, ווען עס וואַקסט אַזוי שטאַרק אויס דאָס געפיל פון אַכרײַעס, האָבן זיך באַזונדערס רײַך אַרויסגעוויזן אַלע זייערע בעסטע מײַלעס.

עס פאַרקריצט זיך אין זיכּאָרן דאָס געשטאַלט פון פּאָטאַפּ איגנאַטיטש, דעם אַלטן קינסטלער, וועלכער פאַרשטעלט מיט זײַן קערפּער דעם קונסט־שעדעווער פון אַ יונגן מאָלער, ווען די היטלערישע באַרבאַרן ווילן אים פאַרניכטן („דאָס ייִנגעלע מיטן פײַלנבויגן“). דאָס דאָזיקע געשטאַלט וואַקסט אויס אין אַ סימבאָל פון סאָוועטישן פאָלק, וועמען ס׳איז אָרגאַניש אייגן טיפער אָפּשײַ פאַר קונסט און פאַר באַגאַבונג.

אין דער נאָוועלע „סופרון“ ווערט געשילדערט אַן עפּיזאָד, ווי אויף איינעם אַ פראָנט־באַצירק האָבן די דײַטשן אַרויסגעשיקט פאָרויס פרויען, זקיינים און קינדער און דערמיט פאַראַליזירט די אָנגריף־אַטאַקעס פון די רויט־אַרמייִשע טיילן. אין סאַמע קריטישן מאָמענט האָט פּלוצעם איין רויטאַרמייער „קעציש אַ שפּרונג געטאָן עטלעכע שפּאַן אויף אַלע פיר און אַראָפּגעקײַקלט זיך אין די קוסטעס“. דער רויטאַרמייער האָט אומדערוואַרט גענומען שיסן פון אַ קוילנוואַרפער אויף די דײַטשן, אַרויסגערופן בײַ זיי אַ פּאַניק און דערמיט געשאַפן די מעגלעכקייט, אַז דער רויטאַרמייִשער טייל זאָל זיך אַ ריס טאָן אין אַטאַקע. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער געפאַלענער העלד ערשט אָנגעקומען מיט אַ גרופּע נײַע סאָלדאַטן, מע האָט נאָך אַפילו ניט באַוויזן מיט אים זיך צו באַקענען, און נאָר די אויסגעקריצטע אויפשריפט אויף זײַן צעלעכערטן פון שפּליטערס קעסעלע האָט דערציילט, אַז מע רופט אים סופרון.

אין פאַליקמאַנס דערציילונגען טרעפן מיר אַ גאַנצע גאַלעריי סאָוועטישע קאָמאַנדירן, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער טיפער מענטשלעכקייט, פּראָסטקייט, געפיל פון אַכרײַעס, גרויסער איבערגעגעבנקייט צום פאָלק. אַזאַ איז דער קאַפּיטאַן בען, דער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן („דער דריטער באַטאַליאָן“), דער פאָלק־קאָמאַנדיר סאַווטשענקאָ, וואָס „וואַנדערט“ פון איין נאָוועלע צו דער צווייטער („ווײַנטרויבן“, „פּאַפּאַכע“, „דער דריטער באַטאַליאָן“, „וואָנצעס“). סאַווטשענקאָ איז געוואָרן מאַמעש אַ פאָטער פאַר יעדן זעלנער: „מע האָט אים ליב געהאַט, סאַווטשענקאָ, פאַר זײַן שטענדיקער ניט־אויסגעלאָשענער מונטערקייט, פאַר זײַן רויִקער ניכטערקייט, וואָס האָט ניט איין מאָל געראַטעוועט דעם פאָלק, ניט איין מאָל געזיכערט אים אַ זיג, און די מענטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען נאָך סאַווטשענקאָן, האָבן מיט אַלץ געוואָלט זײַן ענלעך צו אים, אַפילו מיט די וואָנצעס: אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט סאַווטשענקאָ באַמערקט, אַז אַ גוטע העלפט פון זײַן פאָלק פאַרלאָזט זיך וואָנצעס“. אַ שאָד נאָר, וואָס פאַליקמאַן דערציילט אַזוי ווייניק וועגן דער אינערלעכער וועלט פון זײַן העלד, דאָס אינטערעסאַנטע סאַווטשענקאָ־געשטאַלט האָט זיך באַקומען אַ ביסל פאַראָרעמט.

עס טרעפט אויך, אַז פּסיכאָלאָגיע ווערט בײַ פאַליקמאַנען אין זײַן מילכאָמע־בוך אַ זעלבסטציל. פון דעם לײַדט, צום בײַשפּיל, די נאָוועלע „טאַסיע“, וווּ אין דער שילדערונג פון דעם אינטערעסאַנט פאַרטראַכטן הויפּט־געשטאַלט איז דאָ צופיל באַדינגלעכקייט, אַפעקטירונג.

דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דער נאָוועלע „דער סאָד פונעם שפּיגעלע“. דעם שרײַבער געלינגט דאָ אַרײַנצודרינגען אין דער נעשאָמע פונעם זעלנער בײַס די סאַמע אָנגעשטרענגטע מאָמענטן פון דער שלאַכט. נאָר ערטערווײַז גייט אַריבער די פּסיכאָלאָגישע שילדערונג אין נעשאָמע־גריבלערײַ. ניט נאַטירלעך באַקומען זיך ליפּע כאָדאָרענקאָס רעמיניסצענצן וועגן זײַנע עלטערן און אורעלטערן אין מאָמענט, ווען ער פאַרטיידיקט זיך איינער אַליין קעגן אַ מענגע דײַטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן.

אין די מילכאָמע־נאָוועלן האָט באַקומען אַ באַדײַטנדיקע אַנטוויקלונג פאַליקמאַנס מאָלערישער טאַלאַנט. מיט קינסטלערישער גענויקייט זײַנען דאָ געצייכנט מילכאָמע־שטייגער, באַטאַלישע מאַסן־סצענעס, דער העראָיִזם און די טראַגיק פון פראָנט־לעבן. עס איז אויסגעוואַקסן די מײַסטערשאַפט פון פּאָרטרעט, פון אינדיווידואַליזירטער געשטאַלטן־שילדערונג.

די גרויסע דערפאַרונג, וואָס דער שרײַבער האָט אָנגעזאַמלט בײַס דעם קריג, האָט אים באַוועגט אַ פּרוּוו צו טאָן די קויכעס אין געביט פון ראָמאַן. אין 1944 זײַנען אופגעקומען די ערשטע קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן „די שײַן קומט פון מיזרעך“, וואָס איז אין אַ בוך־פאָרם דערשינען אין 1948. אין 1960 איז אַרויס אַ פאַרבעסערטע אופלאַגע פונעם ראָמאַן אין דער רוסישער איבער־

זעצונג („פאַרורטיילטע נעמען געווער"). נײַע קאַפּיטלען זײַנען אָנגעשריבן און טיילווײַז אָפּגעדרוקט אין די לעצטע יאָרן. עס פילט זיך, אז דער שרײַבער האָט אזוי ליב באקומען זײַנע העלדן, אז ער קאָן זיך מיט זיי ניט צעשיידן.

„די שײַן קומט פון מיזרעך" איז א פילפלאַניק ווערק, א ברייט לײַוונט פון דער סאָציאַלער און פּאָליטישער ווירקלעכקײַט אין אָקופּירטן פוילן אין די יאָרן 1939—1944. דער שרײַבער האָט באוויזן פאַרשטייער פון פארשיידענע פעלקער, סאָציאַלע גרופּעס און פארטייען. מיר זעען דאָ טוער פון דער פוילישער ארבעטער־פּארטיי, פאַרשטייער פון דער לאָנדאָנער עמיגראַנטישער פוילישער רעגירונג, סאָלדאטן פון דער פוילישער פאָלקס־ארמיי, קעמפער קעגן פאשיזם אין געטאָ און אין די פוילישע וועלדער, פאשיסטישע הענקער און זייערע מיטהעלפער אדג.

דער ברייטער פארמעסט, די שטרעבונג פילזײַטיק ארומצוכאפּן די וויכטיקסטע לעבנס־פּראָצעסן באשטימען די באזונדערקײַטן פון דער קאָמפּאָזיציע, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט א געשווינדיקן, קימאט קאַלײדאָסקאָפּישן אומבײַט פון געשעענישן, מיט א דינאמישער אנטוויקלונג פון סוזשעט. דאָס מאכט דעם ראָמאן אויסערסט פארכאפּנדיק. בא אזא דינאמישער האנדלונג בלײַבט ניט קיין צײַט און קיין אָרט פאר שטייגער־דעטאלן און אופמערקזאמער אינדיווידואליזירטער פּסיכאָלאָגיע, דער אינטערעס ווערט צוגעשמידט צו די איקערדיקע געשעענישן.

דאָס צענטראלע אָרט אין דער שילדערונג פארנעמט די עפּאָפּיי פון קאמף און אומקום אין קאָדנווער געטאָ. די קאפּיטלען, וועלכע זײַנען געווידמעט דער דאָזיקער טעמע און בילדן דעריקער דעם צווייטן טייל פונעם ראָמאן — „פײַער", זײַנען טאקע קינסטלעריש די שטארקסטע.

דאָס לעבן אין געטאָ ווערט באוויזן אזוי פלאסטישאַנשוילעך, אז עס באקומט זיך דער אײַנדרוק, ווי דער שרײַבער וואָלט דאָס אלץ אליין איבערגעלעבט. דער לייענער ווערט מיטגעריסן, און צוזאמען מיטן דערציילער ווערט ער אן איידעס פון די גרוילן אין געטאָ.

אפן באָדן פון שרעקלעכער אויסזיכטלאָזיקײַט און שטענדיק לויערנדיקער טויט־געפאר איז אופגעקומען דער סאם־פּסיכאָז, וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט אין אן אייגנארטיקער „קידעש־האשעם"־פילאָסאָפיע. אזוי איז געשען מיט דעם אדוואָקאט לעאָן קראוס. ער באזאָרגט זיך מיט סאם, האלט „דעם טויט אין קעשענע" און איז איבערצײַגט, אז קיינער קאָן אים ניט פארווערן זײַן „באלעבאָס איבער זײַן אייגענעם לעבן". דער דאָזיקער אין טאָך עגאָאיסטישער פילאָסאָפיע פון פאסיוון אומקום ווערט קעגנגעשטעלט דער גדאנק פון טײַער אָפּגעבן דאָס לעבן, פון שטארבן מיט ביקס אין האנט.

„הינטער מאָסקווע שלאָגן זיך מענטשן, — דערווידערט קראוסן יערוכעם, — לאָזן ניט ווײַטער דעם דײַטש, איז האָבן זיי דען אין זינען בלויז זיך? אויך וועגן אונדז גערענקען זיי! ווער זשע האָט אונדז געגעבן דאָס רעכט דאָס אייגענע לעבן אזוי וואָלוול שלײַדערן אונטערן שטיוול?"

„ניט אײַלן זיך שטארבן, און אויב שטארבן, איז מיט ווירדע" — אזא איז דער דעוויז פון די שטארקערע און מוטיקערע. די אלטע פרוי נעכע גייט ניט אוועק פונעם לעבן ווי א שטומע שאָף, אירע לעצטע מינוטן ווערן באהעלט מיטן זיכערן גלויבן, אז די זין, וועלכע זי האָט געגעבן דער וועלט, וועלן זיך נויקעם זײַן אינעם בלוטיקן סוינע: „אויב מײַנע זין וועלן נאָך דער מילכאָמע זיך אָפּרופן, איז זאָלן זיי וויסן, אז זייער מאמע האָט זיך פארן טויט ניט געשראָקן... כ'האָב מײַן זאך אָפּגעטאָן — דער וועלט געגעבן זין..."

„— אויסוואורף, — האָט זי מיט קויעך א שפּײַ געטאָן דעם פאשיסט אין פּאָנעם..."

יערוכעם, וועלכער איז בעמעשעך פון זײַן קורצן לעבן פיל מאָל געווען אפן ראנד פון טויט, האָט שטענדיק געדענקט, אז מע דארף דאָס לעבן אָפּגעבן וואָס טײַערער. דער דאָזיקער טראגישער אָפּטימיזם העלפט אים אומדערמידלעך און מעסירעסנעפעשדיק אָנצופירן מיט דער קאמפס־באוועגונג אין געטאָ, גיט אים מוט גויווער צו זײַן אלע שוועריקײַטן און מיט שטאָלצער ווירדע באגעגענען דעם טויט.

די פּראָבלעם פון ווירדיק שטארבן אנטשטייט אין איר גאנצער קאָמפּליצירטקײַט פאר לייזערן, וועלכער טראָגט אף זיך דעם גרעסטן טייל אכרײַעס פאר דער ווידערשטאנד־באוועגונג אין געטאָ. ער שטייט פאר א הארבער דילעמע. עס איז דאָ א מעגלעכקײַט ארויסצופירן פון געטאָ אלע יינגערע און שטארקערע, זיי זאָלן זיך פארייניקן מיט די פארטיזאנער, וועלכע קעמפן אין די פוילישע וועלדער. צי וועט עס אָבער זײַן א ריכטיקע לייזונג פון דער פראגע? צי וועט עס ניט זײַן עגאָאיסטיש? צי וועט עס ניט הייסן פארורטיילן אלע פארבליבענע אין געטאָ אף אומקום אָן ווידערשטאנד, אָן ווירדע, ווי שאָף, וואָס ווערן געבראכט צו דער שכיטע?

און לייזער געפינט די ריכטיקע לייזונג:

„ניט בלויז אין נעקאָמע גייט עס, נאָר אין דעם, אז אויך דער קאמף דאָ, דער קאמף פון די אומגליקלעכע אין געטאָ, זאָל העלפן קומען דעם עמעס אף דער וועלט".

אין שווערע מינוטן פון צווייפל און פארלעגנהײַט שעפּט ער מוט אינעם העראָאישן קאמף פון סאָוועטישן פאָלק. די שלאכטן בא דער וואָלגע און לענינגראד זאָגן אים אונטער, וואָס עס דארף געטאָן ווערן אין געטאָ:

„דאָרט שטייען מענטשן אף א ברעקל ערד באם ברעג און פארלאָזן עס ניט, פול מיט האָפענונג, אז זיי וועלן זיגן. ער האָט געקוקט אף לענינגראד, דער שטאָט פון לייד און העלדנמוט. און אָט דאָ, בא דער ווײַסל, וועלן זיי, די צוועלף טויזנט הערצער, אָנצינדן א פלאם, זאָל זײַן ניט אף לאנג, אף טעג, אָנצינדן אים אין דער סאמע געדיכטער נאכט־פינצטערניש, און זאָל עס אפילע ווי א קליין פינטעלע אופלויכטן אפן ריזיקן שעטעך, ווו דער געראנגל קומט פאָר, נאָר אָנזאָגן וועט עס, אז ניט האכנאָעדיק און געפאלן פארגייען מענטשן פון זײַן פאָלק, נאָר ווי העלדן פארגיסן זיי דעם סוינעס בלוט אף דער ערד, וואָס מוז און וועט באפרײַט ווערן".

און אזוי אנטשטייט די עפּאָפּיי פון „פינף גאסן, וואָס באלײַכטן א שטאָט", די עפּאָפּיי פון אופשטאנד אין קאָדנווער געטאָ.

אין די דאָזיקע קאפּיטלען האָט זיך באזונדערס ארויסגעוויזן פאליקמאנס מײַסטערשאפט פון געשפּאנטער, דראמאטישער שילדערונג. די בילדער פארכאפּן מיט זייער דינאמישקײַט און טיפן דראמאטיזם, מע קאָן זיך פון זיי ניט אָפּרײַסן.

די כאדאָשימלאנג אָנגעזאמלטע, טיף פארבאָרגענע צאר און צאָרן האָבן זיך דורכגעבראָכן אין א שטורעם. די פינף געטאָ־גאסן האָבן געמאָלדן קריג דעם דײַטשישן רײַך, דעם פאשיזם! „עס זײַנען שוין, דוכט זיך, געווען מער טויטע, ווי לעבעדיקע, אין געטאָ, נאָר די פלאמען־

דיקע רויִנען האָבן נאָך געאָטעמט, ארויסגעשיקט פון זיך אַלץ נײַע און נײַע קעמפער. מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל אין די הענט קיין געווער ניט געהאלטן, האָבן אונטערגעכאפּט די ביקסן פון די געפאלענע, געפאָלגט די באפעלן פון מער געשולטע כאווירים, וואָס האָבן זיך טייקעף אפן אָרט פון די אומגעקומענע קאָמאנדירן געשטעלט“.

דער קאמף פון די געטאָ־אופשטענדלער איז ניט געווען איזאָלירט, אים האָבן אונטערשטיצט די פּוילישע ארבעטער פון שטאָט, פּארטיזאנער פון די פּוילישע וועלדער, סאָוועטישע קריגסגעפאנגענע.

פון דער געטאָ זײַנען געבליבן רויִנען און אש. קימאט אַלע אירע העלדן זײַנען אומגעקומען, נאָר קיין איינער פון זיי איז ניט אוועק פונעם לעבן אָן דעם גלויבן, אז דער זיג וועט קומען, אז אויך די קעמפער פון געטאָ האָבן דורכגעלייגט דעם וועג צום ניצאָכן. ווען לייזער קאָרשעווער געפינט זיך אפן ראנד פון טויט, דערמונטערן אים די לעצטע יעדיִעס פון די שלאכטן בא דער וואָלגע. „ניין, זיי זײַנען דאָ, בא דער ווײַסל, ניט באלאגערט, — טראכט איצט לייזער, — אויב דאָרט, בא דער וואָלגע, זײַנען די דײַטשן אין קעסל. און אויב אפילע שטארבן דאָ, — הייסט עס שוין ניט פון דער וועלט פארשווינדן, אזוי שטארבן — הייסט איצט אויך לעבן!“

דער ראָמאן „די שײַן קומט פון מיזרעך“, כאָטש ער איז פול מיט טראגיק, איז ער אָבער דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם, אָנגעפילט מיט הימנישן לויב דעם לעבן, — דאָס איז אן אָפּטימיסטישע טראגעדיע. דער ראָמאן איז אָנגעשריבן פון א סאָוועטישן קינסטלער, וואָס האָט אליין אין די סאמע קריטישע מאָמענטן, וועלכע אים איז אויסגעקומען איבערצולעבן אפן פראָנט, אף קיין איין מינוט ניט פארלאָרן די פּערספּעקטיוו, דעם גלויבן אין ליכטיקן מאָרגן.

אינעם טענדער פונעם לאָקאָמאָטיוו, וועלכן עס האָט געפירט דער מאשיניסט דוזשי, האָט ראשעלע, אן ארויסגעראטעוועטע דורך אים פון געטאָ, „שלינגענדיק קוילנשטויב און רויך און שרײַענדיק אין דער נאכט“, געבוירן א קינד — אן אָנזאָג אף דער צוקונפט, א שאָליִעך פון לעבן. אין שטורעם פון די שלאכטן, ווען לייזער גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער אף מיזרעך, באקומט ער די פריידיקע יעדיִע, אז ער איז געוואָרן א פאָטער...

דער דאָזיקער פײַערלעכער הימן דעם לעבן, וואָס שפּראָצט ארויס אפילע דאָרט, ווו ס'איז, דוכט זיך, דער איינציקער הערשער דער טויט, בילדעט דעם אָפּטימיסטישן גרונט־קערן פונעם ראָמאן.

עמעס, די ראָמאנטיש־לירישע ליניע האָט זיך ערטערווײַז באקומען קינסטלעריש שוואכער, ווי די העראָיִש־עפּישע. מעגלעך, אז די גרויסע אָנגעלאָדנקײַט מיט מאסן־האנדלונג, די מאסשטאבלעכקײַט און דינאמישקײַט האָבן פּאָשעט ניט דערלויבט דעם שרײַבער צו ווענדן מער אופמערקזאמקײַט אף דער פסיכאָלאָגיש פארטיפטער שילדערונג פון געשטאלטן. די געפילן־וועלט פון די העלדן ווערט ניט גענוג אופגעדעקט. אייניקע פערסאָנאזשן זײַנען איבערגעלאָדן מיט ניט־בארעכטיקטער נעשאָמע־גריבלערײַ (נאַיִוו און פסיכאָלאָגיש ניט מאָטיווירט זײַנען, צום בײַשפּיל, אניעלעס אינערלעכע מאָנאָלאָגן־כקירעס אין אָנהייב ראָמאן, צי איז לייזער א העלד אָדער ניט און צי לוינט ליב האָבן אים).

אין דער רוסישער איבערזעצונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א גרינטלעכע איבערארבעטונג פונעם ראָמאן און טראָגט דעם נאָמען „פארורטיילטע נעמען געווער“, זײַנען די דערמאָנטע בלויזן מערסטנטייל באזײַטיקט. די פסיכאָלאָגישע שילדערונג איז מער פארטיפט. עס זײַנען צוגעקומען נײַע עפּיזאָדן און געשטאלטן. נאָר אויך דער רוסישער ווארִיאנט האָט באקומען א ווײַטערע פארפולקומונג. ניט לאנג צוריק האָבן אין „סאָוועטיש היימלאנד“ זיך געדרוקט נײַע קאפּיטלען פונעם ראָמאן, ווו ס'ווערט אנטוויקלט א נײַע סוזשעטישע ליניע און ס'קומט אוף א ריי נײַע געשטאלטן, צווישן זיי דאָס געשטאלט פונעם הענקער אדאָלף אייכמאן.

פאליקמאן האָט א באזונדערע „שוואכקײַט“ איבערצוארבעטן זײַנע פריִער אָנגעשריבענע ווערק. לעצטנס איז דערשינען א זאמלונג דערציילונגען אין רוסיש אונטערן נאָמען „דער ביטערער יאָדער“, אין וועלכער עס זײַנען ארײַן א ריי פריִערדיקע דערציילונגען, נאָר זיי זײַנען באדײַטנדיק געענדערט. אין פאליקמאנס ווערק פון די לעצטע יאָרן שפּירט זיך אויסגעוואקסענע שעפערישע רײַפקײַט. ער האָט זיך באפרײַט פון א באשטימטער נייגונג צו סענסאציע, צו געפילן־אפעקטאציע, צו רעפלעקטירנדיקער נעשאָמע־גריבלערײַ, וואָס האָבן זיך געלאָזט מערקן אין זײַנע פריִערדיקע ווערק. עס איז געשטיגן די קונסט פון אינדיווידואליזירטער שילדערונג, פון שאפן מענטשלעכע כאראקטערס. וועגן דעם זאָגן איידעס פיל קאָלאָריטפולע פיגורן, וואָס זײַנען באוויזן אין זייער גאנצער סאָציִאַל־פסיכאָלאָגישער קאָמפּליצירטקײַט און ווידערשפּרעכלעכקײַט, אזוינע ווי אריע און ליאָליע גיטעליס, זאָפי קאָפּליין, אייכמאן („די מישפּאָכע גיטעליס“); מיראָן איסײַעוויטש אין דער אינטערעסאנטער, פילאָסאָפיש־פארטיפטער נאָוועלע „דער ביטערער יאָדער“; לייבל כאָדאָש, זוסיע און באזונדערס אסיע, וואָס רופט ארויס אי מיטלײַד, אי פארורטיילונג, אין דער גרעסערער דערציילונג „לייב כאָדאָש“, וועלכע בארירט אקטועלע סאָציִאַל־עטישע פּראָבלעמען פונעם הײַנטיקן לעבן.

דאָך פארבלײַבט די מילכאָמע־טעמע די איקערדיקע אין פאליקמאנס שאפן. נאָכאמאָל און ווידעראמאָל קערט ער זיך אום צו איר („דער סוּווּעניר“, „די מישפּאָכע גיטעליס“, „דער שווארצער ווינט“ אא.). ווי פריִער, ציט אים צו דער קינדהײַט, צו דער יוגנט, צו דער ניט ווײַטער פארגאנגענהײַט. נאָר מערקווירדיק, וואָס אין די אַלע ווערק לאָזט זיך הערן דער אָטעם פונעם הײַנטיקן טאָג. דאָס לירישע געמיט פונעם שרײַבער בילדעט א מין בריקל צווישן דעם הײַנט און דעם נעכטן, די היסטאָרישע פארגאנגענהײַט גיסט זיך צונויף מיטן הײַנטצײַטיקן לעבן („געלע מילן“, „דער ביטערער יאָדער“, „דער סוּווּעניר“ אא.). אין זיי אַלע פילט זיך דער דויפעק פון הײַנטצײַטיקײַט.

פאליקמאן געפינט זיך אין סאמע בלי פון זײַן טאַלאנט. מיר דערווארטן פון אים נײַע, אינטערעסאנטע ווערק, צווישן זיי אויך אזוינע, וואָס וועלן זײַן אָנגעזאָפּט מיט די וויכטיקסטע אידייען און פּראָבלעמען פון אונדזער צײַט.

# פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

ראָכל בוימוואָל:

## האַלעמײַ זאָל איך אײַך פאַרפירן...

— ווײַז מיר דײַן ווינונג, — האָט געזאָגט דער שטעכלער צו דעם מוילוואָרף, וועגן וועלכן עס איז אומגעגאַנגען א קלאַנג, אז ער פאַרמאָגט א רײַכע ווינונג מיט אַן א שיר גאַלערייען און לאַבירינטן.

— מיטן גרעסטן קאָוועד! — האָט געענטפערט דער מוילוואָרף און אוועקגעפירט דעם שטעכלער צו זײַן שטוב. — אָט איז עס...

— און דאָס גאָר? — האָט אנטוישט אויסגערופן דער שטעכלער, ארײַנקוקנדיק אין טונקעלן גריבל.

אן ערעך אזוי קאָן זיך באקומען, ווען מע רעדט וועגן דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע: פּרווו, זײַ א בעריע און באווײַז די לאַבירינטן און גאַלערייען.

שרײַבן לידער האָב איך גענומען צו זעקס יאָר און דרוקן זיך — צו נײַן.

וואָס פאר א לאַבאָראַטאָריע, מישטיינסגעזאָגט, האָב איך דעמלט געקאָנט האָבן! אָנגעהויבן האָט זיך פון דעם, וואָס מיר איז געפעלן גראַמען איין וואָרט מיטן צווייטן. דערנאָך איז מיר געפעלן ריידן מיט געמאָסטענע רייד. נאָכדעם איז מיר געפעלן די מעלאָכע פון אויסטראַכטן. נאָר ס'קאָן זײַן, אז אַלץ איז געווען פונקט פאַרקערט: פריִער איז מיר געפעלן אויסטראַכטן, דערנאָך — איבערגעבן עס מיט געמאָסטענע רייד, און ערשט נאָכדעם האָב איך זיך גענומען פאר גראַמען. גיכער פאר אַלץ איז עס פאַרגעקומען איינצײַטיק. אזוי אָדער אנדערש, נאָר אז איך בין צו זעקס יאָר ארײַנגעפאַלן איינמאָל אין א געזעלשאַפט פון הינער, האָב איך צוגעטראַכט אזא לידל:

הענדעלע קריי, קריי,
הינדעלעך צוויי, צוויי.
קינדערלעך אלערליי —
גימל, לאַמעד, פּיי.

איוורע האָב איך צו יענער צײַט געקאָנט שוואַך, האָב איך געבעטן בא דער מאַמען, וואָס האָט מיר דאָס דאָזיקע „ווערק" פאַרשריבן, אז זי זאָל „גימל, לאַמעד, פּיי" פאַרשרײַבן מיט דרײַ אויסיעס: ג, ל, פּ. פאַרוואָס אזוי? מיסטאָמע דערפאַר, ווײַל איך האָב געהאַט ערשט ניט לאַנג אויסגעלערנט דעם אַלעפבייס, און די אויסיעס זײַנען מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. יעדער אָס איז מיר אויסגעקומען ווי א מענטשעלע — מיט זײַן אייגענעם פּאָנעם און מיט זײַנע אייגענע טנועס.

אָבער דאָס געהער שוין ניט אזוי צו לאַבאָראַטאָריע, ווי צו ביִאָגראַפיע. איז עפּשער וועט איר מיר זאָגן, ווו ענדיקט זיך דאָס ערשטע און ווו הייבט זיך אָן דאָס אנדערע? ס'איז ניט גרינג. דערצו נאָך, אויב נעמען אין באַטראַכט, אז פאר די פינף און פערציק יאָר, וואָס איך שרײַב, האָט זיך אין גרונט גאָרנישט ניט געענדערט: מיר געפעלט, פונקט אזוי ווי דעמלט, פאַרגראַמען, ריידן מיט געמאָסטענע רייד (איצט, עמעס, ווייס איך, אז דאָס הייסט ריטם), פונקט אזוי ווי דעמלט, האָב איך ליב אויסטראַכטן. אָט האָב איך, צום בײַשפּיל, נאָרוואָס אויסגעטראַכט, אז דאָס אַלץ איז אזוי פּאָשעט. ס'איז, פאַרשטייט זיך, ווײַט ניט אזוי...

מיר האָבן הײַנט צו טאָן מיט זייער א הויכן אַלגעמיינעם קולטור־ניוואָ, און פאַרגראַמען א ליד אָדער אפילע ארײַנלייגן אין איר א געוויסע עמאָציאָנעלע אָנלאָדונג — דאָס איז שוין ניט קיין קונץ און אוודע ניט קיין קונסט. איינִיקע לאָזן זיך אפּן פון וועג פון אומקלאָרע רייד, פון קינסטלעכער פאַרפּלאָנטערטקײַט און פּסעוודאָ־קאָמפּליצירטקײַט, נאָר דאָס ראַטעוועט אויך ניט. עס איז נייטיק עמעסע טיפקײַט, אָרגאַנישקײַט, וואָס קומט נאָר דאַן, ווען דאָס געפיל און דער געדאַנק זײַנען דורכגעווייטעקט. צווײַגן אָן וואָרצלען פאַרמאָגן בלויז בוטאַפאָרישע ביימער.

אָבער, צום באַדויערן, האָבן מיר אין אונדזער ליטעראַטור אָפט צו טאָן מיט פּאָזע אָנשטאָט לײַדנשאַפט, מיט קונצן אָנשטאָט אָריגינעלקײַט, מיט ווערסיפיקאַציע אָנשטאָט עמעסער דיכטונג. עמעסע דיכטונג איז, פאַרשטייט זיך, ביז גאָר א דעפיציטע זאַך. מע קאָן זי ניט פּראָדוצירן מאַסנווײַז. מע קאָן ניט און מע דאַרף ניט. דוכט זיך, א קלאָרע זאַך? פאַרגעסט מען אָבער אָפטמאָל וועגן דעם. מע יאָגט זיך נאָך דער צאָל: נאָך דער צאָל שורעס, נאָך דער צאָל לידער, נאָך דער צאָל דיכטער, און ניט נאָך דער קוואַליטעט. וואָס זשע באַקומט זיך? גאָרנישט באַקומט זיך ניט! סײַווי בלײַבט אין דער ליטעראַטור סאָפּקאָלסאָף נאָר דאָס, וואָס איז עכט. אַלדאָס איבעריקס שטאַרבט פריִער אָדער שפּעטער אָפּ.

איז אָט, אין אונדזער שרײַבערישער לאַבאָראַטאָריע פאַרנעמט זיך יעדערער פון אונדז, ווײַזט אויס, מיט דעם, וואָס ער פּרוּווט שאַפן אַן עכט ווערק. ס'מעג זײַן באַשיידן לויט דער גרייס און שטיל לויטן קאָל. צו א שטיל טרעפלעך וואָרט שטעלט מען צו א רופאַר. און אז אַן איינזל שרײַט, פאַרשטעקט מען די אויערן. געפינען דאָס אומשטערבלעכע וואָרט — דאָס איז די גרונט־פּראָבלעם, מיט וועלכער שרײַבער פאַרנעמען זיך אין זייערע לאַבאָראַטאָריעס. און ווײַטער — ווײַטער זײַנען שוין די לאַבירינטן, ווי בא יענעם מוילוואָרף, טיף אויסבאַהאַלטן פון נעם אויג. דעריבער קאָן איך וועגן דעם גאָרנישט ניט זאָגן. און דערציילן מיט אַן אָנגעצויגענעם ערנסט וועגן דעם, לעמאָשל, אז איך, ווען איך שאַף, האַלט איך די פיס אין דער רעכטער האַנט, אז איך שרײַב אָפטער אף בויגנס פּאַפּיר און צײַטנווײַז — אין א העפט, אז בא מיר גייט עס בעסער אינדערפרי, אָבער עס טרעפט אויך, אז עס טוט מיך א נעם אין אָוונט אָדער גאָר אינמיטן נאַכט, אז איך סטאַרע זיך שילדערן דאָס לעבן אזא, ווי עס איז, און ווײַך פון באַשרײַבן דאָס לעבן אזוי, ווי עס איז ניט, — דאָס אַלץ, וועט איר מיט מיר מאַסקים זײַן, איז איבעריק, וואָרעם דאָס וואָלט זײַן אָדער טריוויִאַל און דעריבער ניט אינטערעסאַנט, אָדער אף אזויפיל צופעליק, אז עס וואָלט קיין אינטערעס ניט פאַרגעשטעלט. און טאָמער וואָלט עפּעס יאָ געווען אינטערעסאַנט, וואָלט עס זײַן א סימען, אז איך האָב ווידעראַמאָל אויסגעטראַכט...

אָבער — האַלעמײַ זאָל איך אײַך פאַרפירן?..

# ווו און וויפל ייִדן זײַנען פאַראַן אַף דער וועלט?

אַף דער דאָזיקער פראַגע גיט אַן אויספירלעכן ענטפער דער „אַטלאַס פון די פעלקער פון דער וועלט"[1], וועלכן עס האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ גרופּע וויסנשאַפט־טוער פון דער לאַבאָראַטאָריע פאַר עטנישער סטאַטיסטיק און קאַרטאָגראַפיע בא דעם עטנאָגראַפיע־אינסטיטוט פון דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. דער אַטלאַס אַנטהאַלט 70 קאַרטעס, וועלכע שפּיגלען גענוי אָפּ דעם צאָל־באַשטאַנד פון העכער אַנדערהאַלבן טויזנט פעלקער פון דער וועלט.

די כאַראַקטעריסטיק פון דעם, ווו און וויאַזוי די אָדער אַנדערע פעלקער פאַרנעמען זייער אָרט אַף דער ערד, — שרײַבט אין זײַן אַרײַנפיר־אַרטיקל איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן פונעם אַטלאַס, קאַנדידאַט פון געאָגראַפישע וויסנשאַפטן, שטעלפאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר פון עטנאָגראַפישן אינסטיטוט סאָלאָמאָן ברוק, — שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן אינטערעס פאַר דער עטנאָגראַפיע, וועלכע דערלערנט די קולטור און דעם שטייגער פון פאַרשיידענע פעלקער, און פאַר דער שפּראַך־וויסנשאַפט, וועלכע דערלערנט די פילצאָליקע שפּראַכן פון די פעלקער.

אויסער דעם אַטלאַס איז אונטער דער אָנפירונג פונעם דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן פ. טערלעצקי און פון סאָלאָמאָן ברוק צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק אויך אַן אוניקאַלע קאַרטע פון די פעלקער פון דער וועלט. זי גיט אַ בולטע בילד וועגן די וווין־ערטער פון העכער 800 פעלקער.

די שוועריקייטן אין שאַפן אַזעלכע קאַרטעס, — דערציילט ברוק, — באַשטייען אין דעם, וואָס ניט אין אַלע לענדער ווערן דורכגעפירט ציילונגען פון דער באַפעלקערונג, אָדער זיי ווערן דורכגעפירט אָן אַ דיסקאָנט פונעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד. אין אַזאַ פאַל קומט אויס צו באַנוצן זיך מיט פאַרשיידענע ידיעות פון פילצאָליקע קוועלן.

אַ שווערע און קאָמפּליצירטע אַרבעט איז אויסגעקומען דורכצופירן, קעדיי אופצוקלײַבן אויספירלעכע ידיעות וועגן דעם באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין גאָר דער וועלט. אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן און בייס דער מילכאָמע איז געווען גרויס די איבערוואַנדערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין אַזעלכע ערטער, ווו זיי זײַנען פריִער אינגאַנצן ניט געווען.

די ידיעות וועגן דער צאָל ייִדן אַף דער וועלט זײַנען אינעם אַטלאַס קלאַסיפיצירט אין דרײַ גרופּעס. די ערשטע גרופּע — די ייִדן אין די לענדער, וועלכע געהערן צו די אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן; אַהער גייען אַרײַן אַלע ייִדן, וואָס ריידן סײַ ייִדיש, סײַ אַף די שפּראַכן פון די לענדער, ווו זיי וווינען. די צווייטע גרופּע — די ייִדן פון ייִסראָעל. די דריטע גרופּע — די ייִדן אין די אַראַבישע לענדער, וועלכע ריידן מערסטנטייל אַף דער אַראַבישער שפּראַך.

לויט די מאַטעריאַלן פונעם אַטלאַס איז אין 1961 געווען אַזאַ צאָל ייִדן:

א. ראַטנפאַרבאַנד — 2 מיליאָן 384 טויזנט. צו דער צאָל דאַרף מען צוגעבן:

1) די ייִדן פון מיטלאַזיע, די אַזויגערופענע בוכאַרער ייִדן, וואָס ריידן מערסטנטייל אַף טאַדזשיקיש, — 21 טויזנט;

2) די גרוזינער ייִדן, וואָס ריידן מערסטנטייל גרוזיניש, — 37 טויזנט;

3) די באַרג־ייִדן (קאַווקאַז), וואָס ריידן טאַטיש, — 26 טויזנט.

ב. אַמעריקע — 6 מיליאָן 390 טויזנט.

אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער):

| | |
|---|---|
| 1) פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע | 5 500 |
| 2) אַרגענטינע | 380 |
| 3) קאַנאַדע | 250 |
| 4) בראַזיליע | 130 |
| 5) טשילי | 40 |
| 6) אורוגווײַ | 40 |
| 7) מעקסיקע | 30 |
| 8) קובע | 10 |
| 9) קאָלומביע | 10 |

ג. אייראָפּע — 1 מיליאָן 227 טויזנט.

אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער):

| | |
|---|---|
| 1) גרויסבריטאַניע | 450 |
| 2) פראַנקרײַך | 350 |
| 3) אונגאַרן | 100 |
| 4) רומעניע | 100 |
| 5) בעלגיע | 35 |
| 6) פוילן | 30 |
| 7) איטאַליע | 30 |
| 8) נידערלאַנדן | 25 |
| 9) דײַטשישע פעדעראַטיווע רעפּובליק | 25 |
| 10) שווייץ | 20 |
| 11) טשעכאָסלאָוואַקיע | 18 |
| 12) עסטרײַך | 10 |
| 13) שוועדן | 10 |
| 14) בולגאַריע | 7 |
| 15) גריכנלאַנד | 7 |
| 16) אירלאַנד | 5 |
| 17) יוגאָסלאַוויע | 5 |

ד. אַזיע — 155 טויזנט.

אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער):

| | |
|---|---|
| 1) איראַן | 80 |
| 2) טערקײַ | 40 |
| 3) אינדיע | 30 |
| 4) אַפגאַניסטאַן | 5 |

[1] אויסגאַבע פונעם עטנאָגראַפישן אינסטיטוט בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר, מאָסקווע, 1964.

| | |
|---|---|
| ה. אפריקע — 110 טויזנט. | |
| אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער): | |
| 1) דאָרעם־אַפריקאַנער רעפּובליק | 105 |
| 2) דאָרעם־ראָדעזיע | 5 |
| ו. אַוסטראַליע | 65 |
| ז. ייִסראָעל | 1 940 |
| ט. די ייִדן אין די אַראַבישע לענדער | 416 |
| אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער): | |
| אין אַפריקע | 367 |
| דערונטער: | |
| 1) מאַראָקאָ | 180 |
| 2) אַלזשיר | 120 |
| 3) טוניס | 55 |
| 4) פאַראייניקטע אַראַבישע רעפּובליק | 7 |
| 5) אַנדערע אַפריקאַנישע לענדער | 5 |
| אין אַזיע — 49 טויזנט. | |
| אין דער צאָל גייען אַרײַן (אין טויזנטער): | |
| 1) סיריע | 32 |
| 2) ליבאַן | 7 |
| 3) טיימען | 5 |
| 4) איראַק | 5 |

די אַלגעמיינע צאָל ייִדן אין די אַלע דערמאָנטע לענדער באַטרעפט 12 מיליאָן 688 טויזנט.

אין אַטלאַס זײַנען ניט געבראַכט יענע לענדער, וווּ עס לעבן ווייניקער פון 5 טויזנט ייִדן. אַזוי־אַרום קאָן מען רעכענען, אַז די אַלגעמיינע צאָל ייִדן אַף אַלע קאָנטינענטן באַטרעפט אַרום 13 מיליאָן.

ז. קאַהאַן.

---

## ייִדישער פאָלקס־טעאַטער אין ווילנע

באַם ווילנער קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען אַרבעטן דרײַ זעלבסטעטיקע דראַמאַטישע קאָלעקטיוון — אַ ליטווישער, אַ ייִדישער און אַ רוסישער. די דאָזיקע קאָלעקטיוון זײַנען שטאַרק פּאָפּולער צווישן די צושויער.

ווי עס האָט אונדז מיטגעטיילט דער דירעקטאָר פונעם קולטור־פּאַלאַץ הענריקאַס באַראוסקאַס, האָבן אַלע דרײַ דראַמאַטישע קאָלעקטיוון באַקומען דעם ערן־טיטל פאָלקס־טעאַטער.

די שטעלונגען פונעם ייִדישן פאָלקס־טעאַטער זײַנען גוט באַקאַנט אין גאַנץ ליטע און אויך אין אייניקע שטעט פון לעטלאַנד. זײַנע אַרויסטרעטונגען גייען שטענדיק דורך באַ פולגעפּאַקטע זאַלן.

אין סענטיאַבער וועט דער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער צוטרעטן צו דער אַרבעט איבערן ספּעקטאַקל „בלאָנדזשנדע שטערן“ (לויט שאָלעם־אַלייכעמען). רעזשיסער — ל. לוריע. אינעם קומענדיקן סעזאָן וועט דער קאָלעקטיוו באַנײַען דעם ספּעקטאַקל „פריילעכס“.

## סידי טאַל — פאַרדינסטפולע שוישפּילערן פון דער אוקראַאיִנישער ססר

צום 25־טן יאָרטאָג פון דער ווידערפאַרייניקונג פון צאָפן־בוקאָווינע מיט סאָוועטן־אוקראַאיִנע זײַנען לויט אַן אוקאַז פון פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון דער אוקראַאיִנישער ססר אָפּגעמערקט געוואָרן מיט הויכע רעגירונגס־באַלוינונגען פיל טוער פון דערווירטשאַפט, וויסנשאַפט און קולטור.

די באַוווּסטע ייִדישע שוישפּילערין סידי טאַל, וועלכע וווינט אין טשערנאָוויץ, האָט באַקומען דעם טיטל „פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון דער רעפּובליק“.

סידי טאַל איז ברייט באַקאַנט ניט נאָר אין אוקראַאיִנע. דער עסטראַדע־אַנסאַמבל באַ דער טשערנאָוויצער פילהאַרמאָניע, מיט וועלכן זי פירט אָן, פאָרט אָפט אַרויס איבערן לאַנד און זײַנע קאָנצערטן גייען שטענדיק אַדורך באַ פולגעפּאַקטע זאַלן. סידי טאַל צייכנט זיך אויס אַלס אַרטיסטן מיט איר איידעלן געשמאַק און הויכער קינסטלערישער מײַסטערשאַפט.

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסט הייס די טאַלאַנטפולע אַרטיסטן מיטן הויכן טיטל.

## דער 95־יאָריקער סקולפּטאָר ייִצחאָק איטקינד

אין אַלמאַ־אַטאַ לעבט און אַרבעט דער קינסטלער ייִצחאָק איטקינד, וואָס איז הײַיאָר אַלט געוואָרן 95 יאָר.

י. איטקינד איז אַ געבוירענער פון סמאָרגאָן. דער ערשטער, וואָס האָט באַקאַנט געמאַכט די געזעלשאַפטלעכקײַט מיטן נאָמען פונעם קינסטלער, איז געווען דער שרײַבער פּערעץ הירשביין.

אין 1918 האָט מאַקסים גאָרקי אָרגאַניזירט י. איטקינדס ערשטע פּערסאָנעלע אויסשטעלונג, אַף וועלכער עס זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן 42 קינסטלערישע ווערק.

צו איטקינדן אין וואַרשטאַט פלעגן קומען זען זײַנע נײַע אַרבעטן גאָרקי און מאַיאַקאָווסקי, יעסענין און לונאַטשאַרסקי, פּאַוולאָוו און קיראָוו.

איטקינד שניצט די סקולפּטורן פון האָלץ. אַ. לונאַטשאַרסקי האָט אַזוי אָפּגערופן זיך וועגן אָט די ווערק: זיי פאַרמאָגן אין זיך „ניט בלויז איבעראַשנדיקע אויסדריקלעכקײַט פון זשעסט און מימיק, נאָר אויך די קראַפט פון באַוועגונג, וואָס איז פאַרפעסטיקט אין איר דינאַמיק“.

דער גרײַז־גראָווער סקולפּטאָר, העלד פון סאָציאַליסטישער מי ס. קאָניאָנקאָוו האָט געזאָגט וועגן דעם סקולפּטאָר י. איטקינד:

„איטקינד? דאָס איז איינער פון די מערקווירדיקסטע קינסטלער, וועלכע איך קען“.

ניט געקוקט אַף זײַן עלטער, זעצט פאָר ייִצחאָק איטקינד אויך הײַנט זײַן שעפערישע אַרבעט.

## מ. ווײַנבערגס אַכטע סימפאָניע

דער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר מ. ווײַנבערג האָט לעצטנס אָנגעשריבן זײַן אַכטע סימפאָניע אַף דער טעמע פון יוליאַן טווימס פּאָעמע „די בלומען פון פּוילן“.

די סימפאָניע באַשטייט פון אַכט טיילן מיט אַן עפּילאָג.

דער ערשטער טייל („דער פרילינג גייט“) איז אַ ליריש־פּאָעטישער אַרײַנפיר. שוין אינעם צווייטן טייל („די קינדער פון דער הינטערשטאָט“) באַווײַזט זיך דער פינצטערער שאָטן פונעם סאָציאַלן בייז פון דער קאַפּיטאַליסטישער שטאָט: אין די הינטערגעסלעך וואָגלען אַרום הונגעריקע, אָפּגעריסענע, אויסגעצערטע קינדער פון די קעלער־שטיבער. אין זעקסטן און זיבעטן טיילן („די לעקציע“,

„ווארשעווער הינט“) פארנעמען דאָס הויפּט־אָרט די פאשיסטישע רעצייכעס אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, דערונטער די שוידערהאפטע טאָטאַלע אויסראָטונג פון ווארשעווער געטאָ.

די אַכטע סימפּאָניע פון מ. ווייַנבערג איז זייער ווארעם אופגענומען געוואָרן אין די קרייַזן פון דער סאָוועטישער מוזיקאַלער געזעלשאַפטלעכקייַט.

## גאַס אפן נאָמען פון מוישע ספּיוואַק

דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד מוישע ספּיוואַק איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל נאַראַווליע, האָמליער געגנט. לויטן באַשלוס פונעם אָרטיקן סאָוועט איז איינע פון די גאַסן אָנגערופן געוואָרן אפן נאָמען פונעם העלד.

## בער סאַרינס יידישע קינדער־לידער אין ווייַסרוסיש

אין דער צייַט פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, ווען אין ווייַסרוסלאַנד האָבן געווילדעוועט די פאַשיסטישע האָרדעס, איז אין מינסקער געטאָ אומגעקומען דער קינדער־שרייַבער בער סאַרין (מוישע לעווין).

ב. סאַרין איז געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון געטאָ. אין מארט 1942 איז די גרופּע צוואַנג־אַרבעטער, ווו סאַרין האָט געאַרבעט, אָפּגעשיקט געוואָרן צו די אָפענע גריבער אף דערשאָסן צו ווערן. די פאַשיסטן האָבן געמאָלדן סאַרינען, אַז אויב ער וועט גוט אַרבעטן, וועט ער בלייַבן לעבן (ער איז געווען א הויכקוואַליפיצירטער אַרבעטער, און די דייַטשן האָבן זיך געניייטיקט אין אים). נאָר סאַרין האָט געענטפערט, אַז ער וועט זייַן גוירל ניט אָפּטיילן פונעם גוירל פון דער גאַנצער גרופּע: אויב ער בלייַבט לעבן, דאַרפן אַלע אַרבעטער פון דער גרופּע בלייַבן לעבן. דעמלט האָבן די היטלעריסטן אים אָפּגעשיקט צום שיסן צוזאַמען מיט דער גרופּע.

בער סאַרין איז ניט לאַנג צוריק באַלוינט געוואָרן נאָכן טויט מיטן מעדאַל „פאַר געוואַגטקייַט“. דער מעלוכע־פאַרלאַג פון ווייַסרוסלאַנד גיט אַרויס אין ווייַסרוסיש א זאַמלונג פון סאַרינס קינדער־לידער אין דער איבערזעצונג פונעם דיכטער איגאָר באַראַדולין.

## אַן אָוונט פון הומאָר און סאַטירע

אין בערשאַד (וויניצער געגנט) איז פאָרגעקומען א גרויסער אָוונט פון הומאָר און סאַטירע, אף וועלכן עס זייַנען בייַגעווען העכער 600 צושויער.

דער אַלטער יידישער שוישפּילער מאַרק ברוידע איז אַרויסגעטראָטן מיט קינסטלערישע פאַרלעזונגען פון שאָלעם־אַליײכעמס ווערק, פון די לידער פון ש. האַלקין, ל. קוויטקאָ, א. שטיינבאַרג, י. קערלער אאַ.

קאָנפעראַנסיע פונעם אָוונט איז געווען ה. קאַן, וועלכער האָט אויך פאָרגעלייענט ווערק פון שאָלעם־אַליײכעמס און א. שטיינבאַרג.

דער אָוונט האָט געדויערט מער ווי צוויי שאָ און איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג.

ב. כירגע.

## א ליטעראַרישער אָוונט אין מאָלדאַוויע

אין קולטור־הויז פון פאָלעשט (מאָלדאַוויע) איז פאָרגעקומען א יידישער ליטעראַרישער אָוונט.

מיט א פאָרטראָג וועגן דער הייַנטצייַטיקער סאָוועטישער ליטעראַטור איז אַרויסגעטראָטן דער שרייַבער יאַנקל יאַקיר. יעכיעל שרייַבמאַן האָט פאָרגעלייענט זייַנע נייַע דערציילונגען.

## „בלאָנדזשנדע שטערן“ אף דער בינע

דער טעאַטראַליזירטער אַנסאַמבל פון אַנע גוזיק האָט אָנהייב אַווגוסט באַוויזן אין מאָסקווע די פּרעמיערע פונעם נייַעם ספּעקטאַקל־קאָנצערט אין צוויי טיילן „בלאָנדזשנדע שטערן“. די סצעניש קאָמפּאָזיציע (לויט שאָלעם־אַליײכעמס ראָמאַן מיטן זעלבן נאָמען) האָט אָנגעשריבן אַווראָם רובינשטיין.

אַנע גוזיק, וועלכע שפּילט אינעם ספּעקטאַקל די ראָלן פון ברייַנדעלע קאָזאַק און האָצמאַך, האָט זיך ווידעראַמאָל אַרויסגעוויזן אַלס גלענצנדיקער מייַסטער פון דער סצענישער קונסט. ווארעם נעמט אויף דער אוילעם די שפּיל פונעם אַרטיסט טראַקטאָווענקאָ (מוראַווטשיק). דער אַרטיסט טשייקאָווסקי טרעט אַרויס אין דער ראָל פונעם דירעקטאָר פון טעאַטער שטשופּאַק, די אַרטיסטקע אַמוראַוואַ — ריוווקע, הענריעטע שוואַלב און לייע.

## אונדזערע געסט

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט באַזוכט דער אָנגעזעענער אַמעריקאַנער שרייַבער און קריטיקער אַווראָם ביק.

בייס די באַגעגענישן און שמועסן מיט די מיטאַרבעטער פון רעדאַקציע און מיט יידישע סאָוועטישע שרייַבער האָט א. ביק זיך געטיילט מיט זייַנע אייַנדרוקן פונעם אַלוועלטלעכן שאָלעם־קאָנגרעס אין העלסינקי, אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט אַלס מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע. ער האָט אויך דערציילט וועגן דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע.



דער באַוווּסטער יידישער דיכטער פון יסראָעל פּייסעך בינעצקי איז צוזאַמען מיט זייַן פרוי געקומען אף אָפּרו קיין סאָוועטנפאַרבאַנד.

אין וועג איז ער שווער קראַנק געוואָרן און זיך אָפּגעשטעלט אין ווין, ווו ער איז עטלעכע טעג געלעגן אין שפּיטאָל. איצט געפינט ער זיך אין א מאָסקווער שפּיטאָל אף היילונג.

מיר ווינטשן אונדזער ליבן גאַסט וואָס גיכער געזונט ווערן.

## אַן אויסשטעלונג פון קינדער־ליטעראַטור

אין מאָסקווער הויז פון קינדער־בוך האָט צוויי וואָכן פונקציאָנירט אַן אויסשטעלונג פון דער קינדער־ליטעראַטור פון יסראָעל.

די אויסשטעלונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט פאַר פרייַנטשאַפט מיט יסראָעל צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פונעם מאָסקווער הויז פון קינדער־בוך. עס זייַנען עקספּאָנירט געוואָרן אַרום הונדערט ביכער און זשורנאַלן אף איוורית, אַרויסגעגעבן דורך בערעך צען פאַרלאַגן פון יסראָעל. זייער א גוטן אייַנדרוק מאַכט די פּאָליגראַפישע אויספאָרעמונג פון די ביכער — א באַשיידענע און דייַטלעכע.

די אויסשטעלונג איז באַזוכט געוואָרן דורך הונדערטער פּעדאַגאָגן, קינדער־שרייַבער, דערציִער אאַ.

# שרײַבער און ווערק

## נאָטיצן אפן קאַלענדאַר

דעם 24 סעפטיאבער 1885 איז געבוירן געוואָרן דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכער טוער, פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער מוישע קאַץ.

מוישע קאַץ איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין ניקאָלײַעוו בײַ אָרעמע עלטערן (זײַן טאַטע איז געווען א שנײַדער). ער האָט געלערנט אין כיידער, שפּעטער — אין גימנאַזיע און אין אוניווערסיטעט. גאָר פרי האָט ער אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַ-



וועגונג. אין 1905 האָט מען אים ארעסטירט אַלס אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון זעלבשוץ־גרופּן קעגן די פּאָגראָם־באַנדעס פון די שוואַרצמייעניקעס. מוישע קאַץ ווערט אינגיכן אַן אָנגעזעענער טוער אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פון ווילנע, וואַרשע, זשיטאָמיר, אָדעס, מינסק, סאָסנאָוויץ און אַנדערע שטעט, וווּ ער איז געזעסן אין די טורמעס.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז מוישע קאַץ געווען אַן אַקטיווער בויער פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור: ער איז געשטאַנען בעראָש פון דער „קולטור־ליגע" און פונעם ייִדישן אָפּטייל פון קיִעווער מעלוכע־פאַרלאַג. אין די 20־ער יאָרן האָט זיך באַזונדערס רײַך און פילזײַטיק אַנטוויקלט די געזעלשאַפטלעכע און קולטור־שעפערישע טעטיקײַט פון מוישע קאַץ אין אַמעריקע. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער פּראָגרעסיווער צײַטונג „פרײַהײַט" (שפּעטער — „מאָרגן־פרײַהײַט").

אַלס פּובליציסט איז מוישע קאַץ געווען א מיטאַרבעטער פון פיל ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין ווילנע, וואַרשע, קיִעוו. ער האָט רעדאַגירט די פּעריאָדישע אויסגאַבעס „דאָס נײַע לעבן" (1913), „אונדזער וואָרט" (1915—1917), „די נײַע צײַט" (1917), דעם קינדער־זשורנאַל „שרעטעלעך" (1919), די „פרײַע אַרבעטער־שטימע" (1921).

מוישע קאַץ איז איינער פון די באַדײַטנדיקע ייִדישע מאַרקסיסטישע קריטיקער. ער האָט אָפּגעגעבן א סך אויפמערקזאַמקײַט סײַ דער קלאַסישער ליטעראַטור, סײַ דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור אין אויסלאַנד, הויפּטזאַכלעך אין אַמעריקע (די אַרבעטער־דיכטער, די „יונגע", די „אינזיכיסטן" אאַ.). אין זײַנע אַרבעטן טרעט ער אַרויס פאַר רעאַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור, פאַר איר פאָלקסטימלעכן, דעמאָקראַטישן און הומאַניסטישן כאַראַקטער, פאַר אַן ענגער פאַרבינדונג פון דער ליטעראַטור מיטן לעבן פון די מאַסן און מיט זייער קאַמף פאַר א נײַער וועלט. ער פירט א קאַמף קעגן מאָדערניזם און דעקאַדאַנס. פון זײַנע אַרבעטן אין געביט פון ליטעראַטור, וועלכע האָבן א גרעסערע באַדײַטונג ביז איצט, דאַרף אָפּגעמערקט ווערן אין דער ערשטער ריי דאָס אינטערעסאַנטע בוך „אונדזער שאָלעם־אַלייכעם" (ניו־יאָרק, 1941, צווייטע אויפלאַגע) און „ייִצכאָק־לייבוש פּערעץ" (ניו־יאָרק, 1940). א היפּשן אינטערעס שטעלט פאָר אויך זײַן „א דאָר, וואָס האָט פאַרלוירן די מוירע" (ניו־יאָרק, 1956) — א בוך זיכרוינעס וועגן דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד אין 1905.

מוישע קאַץ איז געשטאָרבן אין 1960 אין מאָסקווע, בײַם זײַן לעצטן באַזוך אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

כאַצקל נ[illegible]על — איינער פון די עלטסטע ייִדישע סאָוועטישע ביבליאָגראַפן און ביבליאָטעק־טוער — איז אַלט געוואָרן 60 יאָר.

פון 1925 ביז 1935 האָט כ. נאַדעל אָנגעפירט מיט דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער מעלוכע־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון קאָראָלענקאָ אין כאַרקאָוו. איינצײַטיק האָט ער זיך פאַרנומען מיט וויסנשאַפטלעכער



ביבליאָגראַפיע. אין פיל זשורנאַלן און צײַטונגען האָט נאַדעל פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן ביבליאָטעק־פראַגן, ביבליאָגראַפישע רעשימעס, רעצענזיעס. א טייל פון די ביבליאָגראַפישע אָנווײַזערס, וועלכע האָבן א שײַכעס צו ליטעראַטור און אַנדערע פראַגן, זײַנען דערשינען אין א בוך־פאָרם. נאַדעל האָט צונויפגעשטעלט א ריי אַנטאָלאָגיעס און דעקלאַמאַטאָרס („לענין אין דער ייִדישער פּאָעזיע", „לענין און די קינדער", „ביראָבידזשאַן", „אויף ייִדישע פעלדער", „אַנטירעליגיעזע זאַמלונגען" אאַ.).

כ. נאַדעל פאַרנעמט זיך אויך מיט ליטעראַטור־פאָרשונג, באַזונדערס — מיט דער פאָרשונג פון שאָלעם־אַלייכעמס ליטעראַרישער ירושע. צוזאַמען מיט י. מיטלמאַנען האָט ער צונויפגעשטעלט די זאַמלונג „פאַרגעסענע בלעטלעך" — ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען, וועלכע זײַנען ביז דאַן אין קיין בוך־פאָרם ניט דערשינען און זײַנען געווען ווייניק באַוווּסט. נאַדעל און מיטלמאַן האָבן אויך אויפגעזוכט, קאָמענטירט און פּובליקירט א ריי שאָלעם־אַלייכעמס בריוו אין זאַמלבוך „שאָלעם־אַלייכעם" (קיִעוו, 1940).

אין דעם זעלבן זאַמלבוך האָט כאַצקל נאַדעל פּובליקירט א רעשימע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, דערשינענע אין סאָוועטנפאַרבאַנד פאַר די יאָרן 1921—1929 אין ייִדיש, רוסיש,

אוקראַיִניש און אנדערע שפּראַכן. נאַדעל און מיטלמאַן האָבן צונויפגעשטעלט דעם 15־טן באַנד פון שאָלעם־אַלייכעמס „אויסגעוויילטע ווערק״ (מאָסקווע, „דער עמעס״, 1935—1941), אין וועלכן עס גייען אריין די בריוו פונעם שרייבער, און האָבן אָנגעשריבן צו אים אן אריינפיר.

אין פארשיידענע אוקראַיִנישע און פוילישע פעריאָדישע אויסגאַבעס האָט כאַצקל נאַדעל אָפּגעדרוקט אַרטיקלען, רעצענזיעס, רעשימעס ניט בלויז וועגן דער יִידישער ליטעראַטור, נאָר אויך וועגן די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער. וויכטיק זיינען נאַדעלס ביבליִאָגראַפישע מאַטעריאַלן (וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די אויסגאַבעס פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע) וועגן דער אינדישער און טערקישער ליטעראַטור. א ריי נאַדעלס רעקאָמענדיר־רעשימעס פאַרן ברייטן לייענער („פּאַמיאַטקעס״) וועגן שאָלעם־אַלייכעמען, רוסטאַוועלין, סטאָלסקין, האָפּשטיינען, פּעפערן, דאַניִעלן זיינען דערשינען אין אוקראַיִניש אַלס זעלבשטענדיקע אויסגאַבעס. נאַדעל האָט אויך אָפּגעדרוקט עטלעכע ביבליִאָגראַפישע אַרבעטן וועגן פאָלקלאָר.

די לעצטע צייט האָט כאַצקל נאַדעל פּובליקירט פאַרשיידענע ליטעראַטור־היסטאָרישע, ביבליִאָגראַפישע מאַטעריאַלן אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״.

דעם 2 סעפּטעמבער 1895 איז געבוירן געוואָרן דער סאָוועטישער פילאָלאָג מאָרדכע גיטליץ.

מ. גיטליץ האָט געאַרבעט אַלס לערער פון פאָלקשולן אין ווילנע און אין קאָוונע. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אומלעגאַלער אַרבעט פון דער ליטווישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פאַר זיין רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט איז מ. גיטליץ ניט איין מאָל געווען אַרעסטירט; אין 1926 איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ליטע און אַריבערגעפאָרן קיין פּססר. אין 1928 איז גיטליץ אָנגעקומען אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אַף הערצענס נאָמען. אין 1936 האָט ער פאַרענדיקט די אַספּיראַנטור פון שפּראַך־פאָרשונג בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און באַקומען דעם טיטל קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן.

מאָרדכע גיטליץ האָט איבערגעלאָזט א היפּשע ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע ירושע. פון די פאַרעפנטלעכטע



ווערק דאַרפן אין דער ערשטער ריי דערמאָנט ווערן: „סינטאַקסישער אופגאַבער פאַר שולן פון העכערן טיפּ״, אונטער דער רעדאַקציע פון א. זאַרעצקי; „פּראָזאַיִש־געזעלשאַפטלעכע שפּראַך״, „סלאַוויזמען אין יִידיש פון XVI—XIX יה. לויט שריפטלעכע קוואַלן״ אאַ. מ. גיטליץ האָט צוגעגרייט צום דרוק א קאַפּיטאַלע אַרבעט „די געשיכטע פון דער היינטצייטיקער יִידישער שפּראַך״, וועלכע ער האָט צוגעשטעלט אַלס דיסערטאַציע אַף באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן.

מאָרדכע גיטליץ איז געשטאָרבן דעם 8 אַווגוסט 1945.

דעם 9 סעפּטעמבער 1890 איז אין פּאָלטאַווע געבוירן דער פילאָלאָג מאָרדכע וויינגער.

מ. וויינגער איז אין דער געשיכטע פון דער יִידישער שפּראַך־פאָרשונג באַקאַנט ווי אַן אָנהענגער פון א ראַדיקאַלער רעפאָרם פון דער יִידישער אָרטאָגראַפיע. אין 1913 האָט ער וועגן דער פראַגע פאַרעפנטלעכט אין וואַרשע צוויי אַרבעטן: „מאין אָסלעיג״ און „מאין אלעף בעיז״.



ניט געקוקט אַף זיינע ניט שטענדיק וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטע אויספירן, פאַרנעמט מ. וויִינגער א באַשטימט אָרט אין דער געשיכטע פון דער יִידישער פילאָלאָגיע. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ער אין אינסטיטוט פון דער ווייסרוסלענדישער קולטור אָנגעפירט מיט דער קאָמיסיע פאַר יִידישער שפּראַך־פאָרשונג. אין יענער צייט האָט ער צונויפגעזאַמלט א רייכן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון יִידישע דיִאַלעקטן און געאַרבעט איבער א גרויסן אַקאַדעמישן ווערטערבוך און שפּראַך־אַטלאַס.

פון מ. וויינגערס וויכטיקע אַרבעטן דאַרף מען פאַרצייכענען: „יִידישע דיִאַלעקטאָלאָגיע״ (1912), „העברעיִשע קלאַנגען אין דער יִידישער שפּראַך״ (1913), „יִדישער סינטאַקסיס״ (1913), „לינגוויסטישע קאַרטאָגראַפיע און דער יִידישער שפּראַך־אַטלאַס״ (1928), „יִדישע פאָנעטיק״ (1931) אאַ.

מ. וויינגער איז געשטאָרבן דעם 4 פעברואַל 1929, אין עלטער פון 39 יאָר.

עס איז געוואָרן 70 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער יִידישער דיכטער בער האָראָוויץ (1895—1942).

פון קינדווייז אָן האָט בער האָראָוויץ איינגעזאַפּט אין זיך דעם אייגנאַרטיקן פאָלקלאָר פון די דאָרפסיִדן און פון די אוקראַיִנישע הוצולן פון מיזרעך־גאַליציע. אַפן שויס פון דער נאַטור האָבן ביידע פעלקער אין מעשעך פון יאָרהונדערטער געזונגען לידער און דערציילט מייסעס וועגן פאָלקס־העלדן, וועלכע פלעגן זיך אָנעמען פאַר זייער קריוודע.



דעם רייכן פאָלקלאָר האָט דער דיכטער בער האָראָוויץ ברייט אויסגענוצט אין זיין בוך לידער „פון מיין היים אין די בערג״ (1919) און אין זיינע „װוּנדער־מייסעס״ אין פּראָזע (1923). ער האָט אויך איבערגעזעצט אין יִידיש מוסטערן פון דעם אוקראַיִנישן פאָלקלאָר און לידער פון טאַראַס שעווטשענקאָ.

בער האָראָוויץ איז אומגעקומען ביים דער דייטשישער אָקופּאַציע פון זיין געבוירן־דאָרף מיידאַן דעם 2 אָקטיאַבער 1942.




# אין די בערג

ווערטער פון אווראָם גאָנטאַר. מוזיק פון שמועל סענדעריי.

Largo, con anima

In di berg vel ix zix lo_za un vel dix ge_fi_nen. Ef šer zic_stu cvLšn di gro_zn,

vu di tajx_lex ri_nen. [1.2.] Vo_ne. [3.] 4. Az ix

vel dix sojn der_jo_gn, blajb_stu de_mit maj_ne, un ba_

naxt vet ne_men to_gn, un di zun vet šaj_nen. Un ba_naxt




אין די בערג וועל איך זיך לאָזן
און וועל דיך געפינען,
עפשער זיצסטו צווישן גראָזן,
וווּ די טײַכלעך רינען.

עפשער ביסטו גאָר פארגאנגען
צו די גרינע יעלן,
עפשער האָסטו אופגעהאנגען
אף א צווײַג די קרעלן.

אז איך וועל א הירש דערשפירן,
איז דאָס דײַן מאטאָנע,
אז איך וועל דײַן שטעג פארלירן,
פרעג איך די לעוואָנע.

אז איך וועל דיך שוין דעריאָגן,
בלײַבסטו דעמלט מײַנע,
און באנאכט וועט נעמען טאָגן,
און די זון וועט שײַנען.

---

# כראָניק

## צוגאסט בא די אורוג־ווײַער פרײַנט

פון א רײַזע קיין מאָנטעווידעאָ (אורוגווײַ) האָט זיך אומגעקערט דער הויפט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד“ ארן ווערגעליס.

א. ווערגעליס האָט אָנטיילגענומען אין די יובילײ־פײַערונגען, געווידמעט דעם 30־טן יאָרטאָג פון דער פאָלקס־צײַטונג „אונדזער פרײַנט“, און זיך באקאנט מיטן ייִדישן יישעוו אין אורוגווײַ.

אין דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ איז פאָרגעקומען א באגע־געניש, אף וועלכער א. ווערגעליס האָט זיך געטיילט מיט זײַנע אײַנ־דרוקן וועגן דער רײַזע.

## צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס פון סעמיטאָלאָגן

אין יול איז אין יערושאלאיִם (ייִסראָעל) פאָרגעקומען דער ערשטער צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס פון סעמיטאָלאָגן. אין אים האָבן זיך בא־טייליקט בעערעך 50 געלערנטע פון צוועלף לענדער. צווישן זיי האָבן זיך געפונען די באקאנטע סאָוועטישע סעמיטאָלאָגן — די פראָפעסאָרן גראנדע, וויניקאָוו און צערעטעלי.

## ערע זייער אָנדענק

פארן שליסן דעם נומער איז פון טשערנאָוויץ אָנגעקומען די טרויע־ריקע יעדיִע, אז ס'איז געשטאָרבן בינייאָמין מייעראָוויטש. א טאלאנט־פולער זשורנאליסט, האָט בינייאָמין מייעראָוויטש העכער פערציק יאָר פון זײַן לעבן אָפּגעגעבן דער סאָוועטי־שער פרעסע. לאנגע יאָרן האָט ער מיטגעארבעט אין פארשיידענע ייִדישע פעריִאָדישע אויסגאבן פון אוקראיִנע, געווען איינער פון די רעדאקטאָרן פון דער צײַטונג „שטערן“.

זײַנע ארטיקלען אף צווישנפעלקער־לעכע טעמעס, עסייען און פארציי־כענונגען פלעגן שטענדיק געלייענט ווערן מיט גרויס אינטערעס. בינייאָ־מין מייעראָוויטש איז אויך געווען א באגאבטער דיכטער. אין 1922 איז דערשינען זײַנע א לידער־זאמלונג „רוסלאנד“.

* * *

אין עלטער פון 59 יאָר איז אין מאָסקווע געשטאָרבן דער זשורנא־ליסט זעליק בורגאנסקי.

אן אָנגעזעענער געזעלשאפטלעכער טוער, האָט ז. בורגאנסקי א לענגערע צײַט געארבעט אלס פאראנטוואָרטלע־כער סעקרעטאר פון דער צײַטונג „אייניקײַט“.

## צום 100־טן געבורטסטאָג פון יאניס רײַניס




קינסטלער ע. יאראָוו



א סצענע פון י. רײַניסעס פּיעסע „יוסעף און זײַנע ברידער“.
אין דער אויפפירונג פון מעלוכישן אקאדעמישן
טעאטער פון דער לעטלענדישער סםר (1956).




דער דענקמאָל מ. יו. לערמאָנטאָוון אין מאָסקווע.

סקולפּטאָר י. בראָדסקי



סטעמפעניו. דער ערשטער ניגן (גואש).

קינסטלער ה. אינגער

# לייענט און פאַרשפּרייט
# „סאָוועטיש היימלאַנד"

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַבאָנירונג אויפן ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אויפן 1966 יאָר.

אונדזער זשורנאַל

דערשײַנט 12 מאָל א יאָר.

אַבאָנעמענט־פּרײַז:

אויף א יאָר — 6 רובל.
אויף 6 כאַדאָשים — 3 רובל.
פּרײַז פון איין נומער — 50 קאָפּ.

די אַבאָנירונג אויף „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט אָנגענומען אין באַגרענעצונגען אין אַלע אָפּטיילונגען פון „סאָיוזפּעטשאַט", אין די פּאָסט־אָפּטיילונגען און בא די געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער אין די אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן.

**פאַרגעסט ניט באַצײַטנס**
**אונטערשרײַבן זיך**
**אויף זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".**

טיקן־טאָעס

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 6 פאַר האַיאָר איז אויף דער זײַט 42 אינעם ציקל „העברעיִשע דיכטער פון דער שפּאַנישער טקופע" ארויסגעפאַלן דער נאָמען פונעם מעכאַבער פון די לידער „אָן מאַזל" אַווראָם איבן עזראַ.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания пятый**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 20/VIII 1965 г. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 579

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 9

1965

В НОМЕРЕ: